בראשירט נעב.

**פ. דאָסטאָיעווסקי:**

| | |
|---|---|
| אָרעמע מענשען | 1.00 |
| ערנידעריגטע און באַליידיגטע (אין 2 בענדער) | 3.00 |
| פאַרברעכען און שטראָף (אין 2 בענדער) | 3.50 |
| אידיאָט (אין 3 בענדער, 1,000 זייטען) | 6.00 |

**וויקטאָר הוגאָ:**

| | |
|---|---|
| דער מענש וואָס לאַכט (אין 2 בענדער) | 3.00 |

**אויגוסט סטרינדבערג:**

| | |
|---|---|
| דער רויטער צימער | 1.50 |
| געזאַמעלטע דראַמען (אין 2 בענדער) | 3.00 |

**מארק אָרענשטיין:**

| | |
|---|---|
| מיין ווייב'ס משוגעת | .20 |

**ה זודערמאַן:**

| | |
|---|---|
| יאָהאַנעס פייער | .25 |

**פר. א. פּאָרעל:**

| | |
|---|---|
| די געשלעכטס-פראַגע, קאָמפּליט, אין 2 בענדער | 4.00 |

**סט. פּשיבישעווסקי:**

| | |
|---|---|
| דעם טייפעל'ס קינדער | 1.50 |

**ווינטשענקאָ:**

| | |
|---|---|
| עהרליך צו זיך אליין | 2.00 |

**וואָלטער בראון:**

| | |
|---|---|
| יעדע פרוי ווי זי זוכט ליבע | .30 |

**עממא גאָלדמאַן:**

| | |
|---|---|
| הייראַט און פרייע ליבע | .15 |

# פאַרלאַג מאַקס יאנקאָוויטש

**179 EAST BROADWAY, NEW YORK, N. Y.**

| | בראשירט | געב. |
|---|---|---|
| דער ענגלישער פלירט (The Flirt) | .25 | |
| ליטעראַרישער דעקלאַמאַטאָר און פאָרלעזער | .30 | $ .70 |
| **ברוך שפינאָזא:** | | |
| טעאָלאָגישער פאָליטישער טראַקטאַט | | 2.25 |
| **ארטור שאָפּענהאוער:** | | |
| די חכמות פון לעבען און אַנדערע עסעיס | | 2.25 |
| **טאָמאס פעין:** | | |
| די צייט פון פאַרשטאַנד | | 2.00 |
| **דר. מוזיקאנט:** | | |
| דאָס נייע אָפּערא בוך מיט 40 אָפּעראַס | | 2.25 |
| **מ. ארציבאשעוו:** | | |
| סאַנין | | 1.50 |
| מיליאָנען | | 1.00 |
| פרויען | | .80 |
| אייפערזוכט | .35 | .70 |
| דער לעצטער שטריך (אין 2 בענדער) | | 3.50 |
| **אָסקאר ווײַלד:** | | |
| דאָס בילד פון דאָריאַן גרעי | | 1.50 |
| **איסכילאס:** | | |
| דער געשמידטער פּראָמעטעאוס | .20 | |
| **לעאָניד אַנדרעיעוו:** | | |
| דאָס רויטע געלעכטער | | .70 |

און גיך צו פערשפרייטען איבער ים און יבשה: דאס האבען אונזערע פאר־עלטערן ניט געקאנט טון, און דעריבער איז דעמאלט פערלוירען געגאנגען א סך גאונות, בעת היינט קאן א שוטה אפטמאל א סך מעהר אויפטון איידער פריהער א גאון. 2.) אז אונזערע היינטיגע צוזאצען צו די דאזיגע אלטע קולטור־אוצרות איז בלויז די ארבייט פון א רעלאטיוו קליינער צאל בעזונדערס פעהיגע און ארבייטזאמע מוחות. בעת אונזערע ברייטע פאלקסמאסען בעשטעהען נאך פון וואולגאר אונגעבילדעטע גייסטיג פוילע בארבארען, פערטון אין א גטיעג נאך תענונים, וועלכע וואלטען די קולטור, ווען זי זאל אבהענגען אין זיי, ניט נאר ניט ווייטער ענטוויקעלט, נאר גיכער וואלטען זיי זי שטאפעלווייז געלאזען פערטרוקענען און צוריקגעהען.

ע נ ד ע

בעסערען: מען האט אבער מורא זיך צו צורירען צו דעם ראזיגען פערפוילטען בנין. איך לאז איבער צו מיינע לעזערס און לעזערינס גופא, וועדליג זייער טעמפעראמענט און אנשויונגען צו משפט'ען און זאגען אויב אונזערע „אוטאפיסטישע" געדאנקען זענען באמת ניט מעהר ווי אן אוטאפיע, אבער איך בעט זיי, אז איידער זיי גיבען זייער פסק זאלען זיי ווי ווייט מעגליך קיהל און אהן פארורטיילען אלעס איבערטראכטען.

סוף כל סוף מוזען מיר דאך וועהלען צווישען צוויי ברירות. צווישען א פעסימיסטיש־פאטאליסטישען אונטערגאנג פון אונזער ראַסע (לטובה די מאנגאלען) און א באלדיגער, פרישער און ענערגישער צוכטוואהל, כדי צו ברענגען איהר נייע אויפבליהונג. ווער עס שטעלט זיך אויף דער זייט פון דער לעצטער, מוז זיך פערנעהמען מיט דער סעקסועלער פראגע און דערקלערען אז אפענע מלחמה קעגען דעם אל־קאהאל־געברויך (שכרות) קעגען דער הערשאפט פון קאפיטאל און קעגען אלע פארורטיילען וועלכע האלטען אונז אין זייער נעץ און פערוויגען אונז מיט זייערע אילוזיעס אין א בלינדען צוטרויען.

די טענה, אז די בינעזער זענען גאנץ אנדערע מענשען ווי די יאפאנעזער און, אז זיי וועלען זיי ניט נאכטון, איז אי נאיוו און אי פאלש; זי ווערט שוין איצט אבגעלייקענט מיט פאקטען. מיר זאלען ניט ווארטען און ערשט זיך אויפכאפען ווען 450 מיליאנען געלע וועלען שטעהען קעגען אונז גוט בעוואפענט, פולשטענדיג ציוויליזירט, פערייניגט און מיט גרויסע, קלוגע מוחות.

נאך א פערשפרייטע אילוזיע איז די איבערשאצונג פון די גע'ירש'ענטע אינדיווידועלע ווערטען פון אונזער ראסע, אן אילוזיע וועלכע קומט פון דעם פאקט וואס דער גלאנץ פון אונזערע קולטור־פארט־שריטען האלטען אונז אין אייז פערבלענדעט. דערביי פערגעסען מיר צוויי עיקר־פאקטען: .1) אז דער פונדאמענט פון אונזער וויסען און קענען איז די ארבייט פון אונזערע פאר־עלטערן, די ארבייט וועלכע ליגט גרייט פאר אונז אין די ביבליאטעקען, אין די מוזעומס און אין די טויזענדער אינסטרומענטען און אנדערע געגענשטאנדען; א חוץ דעם, אז בלויז עטליכע טעכנישע ענטדעקונגען (דרוק, אייזענבאן, טע־לעגראף, א. אז. וו.) האבען אונז געגעבען די מעגליכקייט איטליכען בליק פון אונזער גייסט, אפילו דעם קלענסטען, צו פערטויזענדפאכען

האפענונג, אז אין דער ווייטער צוקונפט וועלען פארקומען די גרעסטע איבערקערענישען אהן אז די מענשהייט זאל דערביי ווערען בעפלעקט פון פייער און בלוט. עס וואלט געווען דער שעהנסטער לוין פאר דער שווערער ארבייט פון דעם מענשליכען גייסט, ווען ער וואלט געווען בכח אויף איצט צוצוגרייטען א לייכטען וועג צו יענעם אונפערמיידליכען ציל אין דער צוקונפט, דערביי פערמיידען אלע שרעקליכע קרבנות און אויך אהן א שאדען אריבערראטעווען אין יענער נייער עפאכע אלע אוצרות פון דער ציוויליזאציע“.

„אבער די דאזיגע אויסזיכט איז א שוואכע, און מיר קאנען ניט בעהאלטען דעם פאקט, אז די בלינדע ליידענשאפטען פון די פארטייען האלטען זיך אין פערשארפען, און אז דער ברוטאלער קאמף פון די אינ־טערעסען טרעט אב אליץ ווייטער און ווייטער פון דעם איינפלוס פון די טעארעטישע פארשונגען. פונדעסטוועגען וועלען אונזערע אנ־שטרענגונגען ניט פערלוירען געהען; דער אמת, אפילו צו שפעט, קומט אליץ גענוג פריה, — די מענשהייט שטארבט נאך ניט. גליקליכע נאטורען טרעפען די צייט: דער דענקענדיגער מענש אבער האט קיינמאל ניט דאס רעכט צו שווייגען פשוט ווייל ער ווייסט, אז איצט איז בלויז פאראן א קליינע צאל וואס וועט איהם אויסהע-רען. (אונטערשטראכען פון מיר).

מיט 30 יאהרען צוריק איז לאנגע׳ס פעסימיזם געווען בעגרייפליך. היינט אבער עפענען זיך פאר אונז נייע פערספעקטיוועז וועלכע פילען אונז אן מיט מעהר מוט פאר א סאציאלער ארבייט. אבער זיין לעצטע נביא׳שע פאדערונג, וועלכע מיר האבען ציטירט, גילט אינגאנצען היינט פונקט ווי דעמאלט. אדער דער סאציאליזם וועט זיין עטיש, אדער ער וועט גארניט זיין. זינט 30 יאהרען זענען אויך מיר מיט דער דאזיגער מיינונג.

די אוטאפיסטישע געדאנקען וועלכע מיר האבען אויסגעדריקט האבען ניט קיין שום פרעטענזיע אויף נייקייט. אנאליזירענדיג די פאקטען אין די פערשידענסטע געביטען, האבען מיר בלויז געפריפט צו געפינען יענע, וועלכע קאנען אמבעסטען לייזען דאס סעקסועלע פראבלעם פון דעם מענשליכען מין אונטער די היינטיגע סאציאלע צושטאנדען, די היינטיגע וואונשען און אנשויזונגען. איטליכער איז מודה, אז אין אונזער סעקסועלען לעבען איז דא זעהר א סך צו פער־

צוליב דיזעלביגע אורזאכען וועט די פראסטיטוציע, דער פערקויף פון דעם אייגענעם לייב, ווערען אונמעגליך און אונדערנקבאר. אמת, עס וועלען ניט אויספעהלען פרייע, ניט געצווימטע סעקסועלע פערהעלטניסען ז.ון עקסצעסען, אבער זיי וועלען געהאלטען ווערען אין געוויסע גרעניצען א דאנק דער ארבייט, פון וועלכער קיין מענש וועט זיך ניט קאנען ארויסדרעהען. איך וועל דא ברענגען ווארט נאך ווארט די שלוסזאצען פון פרידריך אלבערט לאנגע'ס געשיכטע פון מאטעריאליזם, ווי ער האט זיי אנגעשריבען אין 1874 (3טע אויפלאגע) א יאהר פאר זיין טויט.

„מיר לעגען אוועק די פעדער און שטעלען אב אונזער קריטיק אין א צייט ווען אייראפא ווערט אויפגערודערט פון דער סאציאלער פראגע: א פראגע, אויף דעם ברייטען געביט פון וועלכער, אלע רעוואלוציאנערע עלעמענטען פון דער וויסענשאפט, פון דער רעליגיע און פון דער פאליטיק שיינען צו האבען געפינען זייער קאמף־פלאץ פאר א גרויסער ענטשיידענדער שלאכט. סיי די דאזיגע שלאכט וועט זיין א בלוטלאזער קאמף פון גייסטער, סיי זי וועט זיין ווי אן ערדציטערניש וואס וועט דונערענדיג אראבווארפען אין שטויב די רואינעם פון א פערגאנגענער וועלט פעריאדע און אונטער דעם חרבן בעגראבען מיליאנען מענשען, — זיכער אבער איז, אז די נייע צייט וועט ניט האבען קיין נצחון, א חוץ אונטער דעם באנער פון א נייער אידעע, וועלכע וועט פעריאגען דעם עגאיזם און וועט איבערגעבען די ארבייט צו פערפולקאמען די מענשליכע ראסע אין די הענד פון א מענשליכער קא־אפעראטיווער געזעלשאפט, אלס א נייער ציל אויף דעם פלאץ פון אונזער פיבערישער ארבייט וועלכע האט בלויז אין אויג דעם פערזענליכען אינטערעס.“

„די אנקומענדיגע שלאכטען וועלען ווערען געמילדערט, אויב די גייסטער וועלכע וועלען אנפירען דעם קאמף זענען דורכגעדרונגען מיט א טיפען אריינבליק אין דער נאטור פון דער מענשליכער עוואלוציע און אין די געשיכטליכע פראצעסען. מיר דארפען ניט אויפגעבען די

לער געהט איין אויף א פרייער פערבינדונג מיט הער מייער, קאן זי הייסען פרוי מילער־מייער און איהר מאן הער מייער־מילער.

וויל איך דען אפשר זאגען, אז אונטער אזוינע פערענדערטע צושטאנדען, בעת אבער די גע'ירש'ענטע קוואליטעט פון די מענשען וועט ניט זיין בעסער איידער זי איז היינט־צוטאג, וועט הערשען אויף דער וועלט דאס גליק פון גן־עדן און לויטער אידעאלען? דער לעזער וועלכער האט מיר אויפמערקזאם נאכגעפאלגט ביז אהער, האף איך, וועט מיך ניט האלטען פאר אזוי נאיוו. דעמאלט, פונקט ווי איצט, וועלען זיין געזונקענקייט, ברוטאליטעט, אינטריגעס, שווינדעל, נאריש־קייט, רייסערייען, שנאה, קנאה, אייפערזוכט, סעקסועלע אונריינקייט, פוילקייט, אונארדענונג, אונריינליכקייט, פליאטקעס, שלומפעריי, קאפ־ריזען, שמאלקעפיגקייט, א. אז. וו., זיי וועלען אבער ניט האבען די מאכט וואס איצט. מען וועט די דאזיגע חסרונות וועניגער קאנען ענט־שולדיגען מיט די היינטיגע געוועגליכע תרוצים, און די מענשען וועלכע וועלען זיי פערמאגען וועט מען כסדר מעהר און מעהר בעטראכטען פאר מינדערווערטיגע און פאטהאלאגישע אינדיווידועז, וועלכע מען וועט שטאפּעלווייז מוזען אבשאפען דורך א צוועקמעסיגער צוכט־וואהל פערבונדען מיט א ראציאנאלער היגיענע און ערציהונג.

אבער געטרייע, אונאבהענגיגע און העכער שטעהענדיגע מענשען וועלען זיך קאנען ענטוויקלען א סך פרייער און נאטירליכער איידער איצט. זיי וועלען מעהר ניט שפּילען די ראלע פון שקלאפען, און דינען צו דער מאכט, צום געלד, צו פארורטיילען און צו דער טיראניי פון סדות און מנהגים. זיי וועלען ניט דארפען זיין רעליגיעזע און סאציאלע צבוע'אקעס, נאר זיי וועלען לעבען, ד. ה. רעדען און האנדלען לויט זייערע איבערציינונגען. מענשען מיט עגאיסטישע שטרעבונגען ווע־לען מעהר ניט קאנען אריינקריגען די גאנצע מאכט. די הייראט, און דער געשלעכטס־פערקער בכלל, וועט מעהר ניט זיין קיין קאנוועני־אנעלע פאלשקייט און א ליגען. די געפיהלען, ווערענדיג ניט מעהר אונטערדריקט, וועלען בלויז דעמאלט אננעהמען איבערגערייצטע און קרענקליכע פארמען ווען זייער יסוד וועט זיין א פאטהאלאגישע דיס־פאזיציע, מחמת דער תרוץ און בעזונדערס דער פינאנציעלער אינטע־רעס צו בענעהען שלעכטע האנדלונגען און דערווערבען מאוס'ע גע־וואוינהייטען וועלען אזוי ווייט ווי מעגליך זיין אבגעשאפט.

געפינען אז אבקלאנג ביי דער איצט הערשענדיגער מאיאריטעט מענשען, און נאך ווייניגער, אז זיי זאלען ווערען אויסגעפירט פון די קערפערשאפטען וועלכע האלטען די רעגירונג אין זייערע הענד, ווען מיר נעהמען אין בעטראכט זייערע אלטע און קאנזערוואטיווע נייגונגען, זייערע טענדענצען, זייער אינערציע. פון דער אנדערער זייט פרעגט זיך אבער, אויב די היינטיגע געזעצען גיבען אונז ניט שוין היינט די מיטלען און וועגען, אין און אויסער דער הייראט, צו פערווירקליכען אזוינע אידעאלען. איך זעה שוין צוויי.

ערשטענס, ווי מיר האבען שוין אנגעוויזען אין קאפיטעל 13, קאן מען שליסען א הייראטס-אבמאך, וועלכער זאל פולשטענדיג צוטיילען דאס פערמעגען, און ווענדליג די עקזיסטירענדיגע לאקאלע געזעצען וואלט מען נאך דערביי געקאנט ערפילען א טייל פון די אויביגע פאסטולאטען. א פרוי קאן צ. ב. דורך אן אבמאך צו זיך צושרייבען דאס פערמעגען און די פירונג פון דער היים, א. דגל.

צווייטענס, איבעראל ווערען די אונגעזעצליכע קינדער גערופען נאך דער מוטער; דאס דאזיגע איז דאך גראד וואס מיר ווילען! אין די לענדער וואו דאס קאנקובינאט ווערט ניט בעשטראפט, קאן מען איינגעהען אויף א פרייער הייראט מיט דער הילף פון פריוואטע קאנטראקטען, האלטענדיג זיך ביי די אויביגע בעדינגען. אמת, דערצו דארף מען האבען מוט, מחמת ניט איטליכער אנשטענדיגער מענש קאן זיך שטעלען אנטקעגען דער עפענטליכער מיינונג, בפרט ווען דערביי שטעהט אין קאן זיין גוטער נאמען. א חוץ דעם ווערען אזוינע פערבינדונגען ניט געניסען די שטאאטליכע בעשיצונג. מיט אביסעל ענערגיע און אויסגעהאלטענקייט קאן מען אין אזוינע פאלען ביסלעכווייז פירען דערצו, אז די פרוי זאל גערופען ווערען „פרוי“ און ניט „פרוילייןְ“. עס איז אויך ניט קיין אונמעגליכע זאך, אז אזוינע פערבינדונגען צווישען ערליכע און אנשטענדיגע מענשען זאלען ביסלעכווייז ווערען אלץ אן אפטערע ערשיינונג, און שטאפעלווייז צווינגען די געזעלשאפט צו אנערקענען די פרייע הייראטס-פערבינדונגען גלייכווערטיג און גלייכבערעכטיגט מיט די טראדיציאנעלע. אזוי-גערופענע געזעצליכע הייראטען, און דעם פארפאלק מיט זייערע קינדער אנצוגעבען דעמזעלביגען כבוד. רופען קאן מען דאס פארפאלק פערבינדענדיג ביידע פאמיליען-נעמען; צ. ב. ווען פרויליין מי־

גאנציעלער בייזשטייערונג כדי צו דעקען די הוצאות פון ביידע.

5.) א חוץ דעם חלק וועלכען ער גיט פאר דער בעל־הבית'ישקייט און פאר דער ערציהונג און ערנעהרונג פון די קינדער, זאל דער איבע־ריגער פערדינסט און דאס פערמעגען פון דעם מאן געהערען צו איהם אליין, פונקט ווי דער פערדינסט און דאס פערמעגען פון דער פרוי זאל געהערען צו איהר אליין. אין פאל פון א גט וועלען אויף די פערמעגענס זיין צושיידט. מיט דער אויסנאהם פון די אויבען־דערמאנטע פאלען, מכח וועלכע דאס געריכט וועט דארפען פסק'ענען, וועלען די קינדער געהערען צו דער מוטער. אבער דער פאטער, כל־זמן ער לעבט און איז פעהיג צו ארבייטען, איז פערפליכט בייצושטייערען זיין חלק פאר דער ערנעהרונג און ערציהונג פון די קינדער וועלכע ער האט בעשאפען, אזוי לאנג זיי זענען מינדעריאהריג, — כל־זמן זיי זענען נאך ניט פולשטענ־דיג ערצויגען.

עס פערשטעהט זיך, אז די פארשלאגען 2 ביז 5 האבען נאר דע־מאלט דעם בעדייט פון געזעצליכע נארמעס ווען מאן און ווייב קאנען זיך ניט איינפערשטעהען אויף א פרידליכען אופן. זיי האבען אבער ניט קיין שליטה אויף אזוינע פארפעלקער, וועלכע ליבען זיך און פער־שטעהען זיך נעגענזייטיג, און אויף קיין שום אופן זאלען זיי ניט גע־שטערט ווערען זייער צוזאמענלעבען צו פירען ווערדיג זייער אייגענעם שכל און פרייוויליגען אבמאך. א שוואכע און פרידליכע פרוי וועט ממילא זיך צוהערען צו די מיינונגען און צו די עצות פון איהר שטאר־קערען און קלוגערען מאן. עס פערשטעהט זיך אויך, אז ביי א גוט אדער ביי א צוגעהען־זיך וועט ניט אלעמאל אלעס זיך ענדיגען פשוט און גלאט, הגם לייכטער איידער היינט. דער מאן וועט אלעמאל הא־בען דאס רעכט צו שטעלען געוויסע פאדערונגען און דאס געריכט וועט דארפען פסק'ענען אין איטליכען בעזונדערען פאל. דעמאלט, ווען דאס געזעץ וועט ניט זיין אויסשליסליך אין מענליכע הענד, וועלען די רעכטען פון די פרויען ממילא זיין בעסער בעשיצט. ניט אזוי זעלטען קאן מען בעגעגענען א מוטער וועלכע איז שלעכט און אונפעהיג צו ערציהען איהרע אייגענע קינדער און, פערקערט, א פאטער וועלכער איז פעהיג צו דער טיפסטער איבערגעבענקייט און דער גרעסטער אויפאפפערונג, אבער די דאזיגע פאלען זענען א יוצא מן הכלל.

מען קאן ניט ערווארטען, אז די אויביגע פארשלאגען זאלען באלד

ריארכיזם, מיינען מיר דערמיט, א חוץ דאס געבען א נאמען נאך דער מוטער־ליניע, אז די פאמיליען־היים און איהר פירונג זאל געזעצליך געהערען בלויז צו דער פרוי, מחמת פאקטיש איז זי דער צענטער פון דער פאמיליע. פון דעם צושטאנד דארפען ניט ענטשטעהען מעהר פאנטאפעל־הייראטען איידער איצט; דער מאן איז און ער וועט זיין דער שטארקערער און ער האט ניט וואס מורא צו האבען פאר דער הערשאפט פון דער פרוי אין דער פאמיליע. אין פאל ער וועט ניט זיין צופרידען וועט איהם דאך קיין שום מאכט ניט צווינגען, ביי פריי איינגעפירטע הייראטס־פערהעלטניסען, צו מוזען וואוינען אין הויז; און די פרוי וועט דאך אנווענדען איהר גאנצע מיה די היים צו מאכען פאר איהם וואס מעהר אנגענעם, אניט איז דא די געפאר איהם צו פערטרייבען. פון זיין זייט וועט זיך דער מאן אויך מוזען אונטער־גארטלען; ער וועט אויפהערען צו זיין האר און הערשער אין הויז, און פונדעסטוועגען וועט ער דארפען מיט דעם פערדינסט פון זיין ארבייט אויפהאלטען די קינדער און די בעל־הבת׳ישקייט.

אין די פאלגענדע פארשלאגען וועל איך דא מאכען א סך־הכל פון דאס וואס מיר שיינט צו זיין נויטיג:

1.) די קינדער דארף מען רופען נאך דער מוטער־ליניע.

2.) א חוץ אין די פאלען וואו די פרוי פערלירט איהרע מוטער־רעכטען צוליב אונפעהיגקייט, מיסהאנדלונג, משוגעת, א. אז. וו., אדער מען מוז איהר די דאזיגע רעכטען געזעצליך מבטל־זיין, זאל זי אליין לויט רעכט האבען די גרעסטע דעה אין דער פירערשאפט איבער די קינדער, כל זמן זיי זענען מינדעריאהריג.

3.) די פרוי זאל זיין די בעזיצערין און די הויפט־פערוואלטערין פון דער היים. איהר ארבייט, פירענדיג די בעל־הבת׳ישקייט און ער־פילענדיג איהרע מוטערליכע פליכטען, זאל ווערען געשאצט לויט א גלייכען ערך, ד. ה. די פרוי זאל האבען דאס רעכט צו ווערען בעלוינט פאר איהר ארבייט פונקט אזוי און לויט דעמזעלביגען ערך ווי דער מאן פאר זיין ארבייט.

4.) כל־זמן די הייראט בעשטעהט, האט דער מאן דאס רעכט אויף וואוינונג, עסען און הויז־בעדינונג ביי זיין פרוי, פאר זיין בע־שיצונג פון דער פאמיליע, פאר דער הילף וואס ער גיט אין דער בעל־הבת׳ישקייט און ביי דער קינדער־ערציהונג, אזוי גוט ווי פאר זיין פי־

ניט דאס שלאפצימער, איז לכל הפחות דאס בעט צווישען מאן און ווייב.

דער מאטריארכיזם. — אין שייכות צו די פאמיליען־פערהעל־טניסען בלייבט אונז נאך איבער צו בעהאנדלען א וויכטיגען פונקט, וועלכען מיר האבען שוין אנגערירט אין קאפיטעל 13. די מאכט פון דעם מאן און דער פאטריארכיזם האבען געפירט דערצו וואס די פא־מיליע ווערט גערופען נאך דעם פאטער. דאס דאזיגע סיסטעם איז ניט בלויז ניט נאטירליך, נאר עס ברענגט אויך גאנץ טרויריגע רעזולטא־טען. אויב עס איז אמת, אז די זאמען־פלאזמע פון דעם מענש ירש׳־ענט דורכשניטליך פונקט אזוי פיל פון דעם פאטער ווי פון דער מו־טער, איז דאך די מוטער א סך נעהענטער נאך צום קינד איז אלע אנ־דערע פרטים. יענע פעלקער, ביי וועלכע די מוטער האט די גרעסטע דעה (נים בלויז בנוגע דעם נאמען־געבען, נאר אויך אין אנדערע בע־ציהונגען), ד. ה. ביי וועלכע עס הערשט דער מאטריארכיזם, יענע פעלקער האבען דעריבער בעסער פערשטאנען די שטים פון דער נא־טור.

קודם כל דער פאקט וואס די מוטער טראגט דאס קינד אין איהר לייב ניין חדשים, און וואס נאך דער געבורט איז זי נאך יאהרענלאנג מיט דעם קינד א סך נעהענטער פערבונדען איידער דער פאטער, גיט איהר א נאטירליך רעכט, א רעכט וועלכעס דעם פאטער קומט ניט. דע־ריבער האבען מיר נאך פריהער געזאגט, אז די קינדער זאלען טראגען דער מוטער׳ס נאמען, נאך מעהר, עס זאל זיין א כלל, אז אין פאל פון א גט זאלען די קינדער אריבערגעהען צו דער מוטער, כיבא דאס געריכט איז געצוואונגען צוליב בעזונדערע ערענסטע אורזאכען ארויס־צוגעבען אן אנדערען פסק.

עס איז קלאר פון אויבען אויף, אז אונטער די בעדינגען פון דער מאדערנער ציוויליזאציע קאנען מיר זיך מעהר ניט צוריקקערען צו א מאטריארכיזם אין דעם פרימיטיווען זין. פונקט אזוי וועניג ווי אז אלטער פאטריארך קאן ניט זיין א זעלבסט־הערשער איבער אלע זיינע קינדער און קינדס־קינדער אהן ניט צו פירען צו די מיריגסטע מיס־ברויכען, פונקט אזוי וועניג דארף מען די דאזיגע מאכט איבערגעבען צו אן אלטער באבע׳ן אדער עלטער־באבע׳ן. רעדענדיג פון דעם מאט־

מיט דער רייצבארקייט פון יענער, וועלכע סטראשעט איהם צו פער־פירען. מיט אביסעל גוטען ווילען וועט איהם דאס אין א סך פאלען אפטמאל פולשטענדיג געלונגען: דורך דעם ווערט שפעטער פער־שטארקט זיין סעקסועלער בעגער צו זיין אייגענער פרוי און, אויב זי האט א נאטור וואס ענטפערט צוריק, ווערט אויך פערשטארקט איהר בעגער. אויף אזא אופן קאן טיילמאל א פלאס, וועלכער האט געסטראשעט צו פערצערען דאס גליק פון א פערהייראט צוזאמענ־לעבען, אדרבה ערשט דערווארעמען די געגענזייטיגע געפיהלען פון ליבע, און זיי פון דאס ניי בעפעסטיגען. אין דעם ערשטען טייל פון זיין „וואהלפערוואנדשאפטען" האט געיטהע דאס דאזיגע אנגערופען גייסטיגער הייראטס־ברוך: מיר אדרבה זענען מיט דער מיינונג אז דאס איז גיכער דער סמן פון דער גייסטיגער הייראטס־טרייקייט, וועלכע מען בעמיהט זיך צו פערשטארקען דורך א זינליכער סובסטיטוציע.

אויב אויףביידע זייטען איז די ליבע אן אמת'דיגע, און אויב אויף ביידע זייטען איז אויך דער ווילען א גוטער, דעמאלט קאנען אזוינע דורכלעבונגען אפטמאל שטאפעלווייז פירען צו אן ענגער זיך־פערבינדען פון די הייראטס־פערהעלטניסען. אויף דעם אופן ווערט ניט בלויז א פערבלאנדזעטע ליבעס־ליידענשאפט צוריק אריינגע־ברענגט אין דעם פאמיליען־בעט, נאר געוויסע דיסהארמאניעס אין דער פאמיליע ווערען אויך אבגעשטעלט און מאן און ווייב קומען זיך אנטקעגען מיט נייע און העכערע ליבעס־פערלאנגען.

אויף דעם דאזיגען אופן קאן א פערהייראט צוזאמענלעבען, טראץ געוויסע שוואכקייטען, אויך ווערען אן אייביגער פריהלינג פון ליבע, און איטליכער טאג קאן ברענגען פרישע זריעה, קנאספען און בלומען, בעת ווילד גראז און דערנער ווערען אויסגעשניטען און אויסגעבראכען. דערצו איז אבער נויטיג ניט בלויז א כסדר'דיגע אונטערדריקונג פון די אייגענע שוואכקייטען און פעהלערס, נאר א בעשטענדיגע עסטע־טישע ארבייט אין דער הייראט, אין וועלכער דער קולט פון דער געטין וענוס טאר קיינמאל ניט אראבזינקען. אהן ספק, די אבוועקסלונג רייצט דעם געשלעכטס־טריב, און די געוואוינהייט טעמפט איהם אב. דעריבער דארף עפעס געטון ווערען כדי צו פערהיטען א צו גרויסע אבטעמפונג; און דעריבער איז די בעסטע עצה אבצושיידען, אויב

בכדי מאן און ווייב זאלען אין דער הייראט באמת אייביג געפינען דאס פולע גליק, מוז די גייסטיגע ליבע זיין און בלייבען בעגלייט פון דער סעקסועלער ליבע. דער מאן זאל די פרוי, וועלכע ער שאצט און וועלכע איז צו איהם פערבונדען דורך דער הייראט, ניט בלויז רעספעקטירען אלס א פערקערפערונג פון אלע היימישע און ווייבליכע טוגענדען, נאר זי זאל אויך מעהר אדער ווייניגער פאר איהם בלייבען די געטין פון זיין יוגענדליכער ליבע, דעמאלט ווען אויף איהר האט געשטראלט דער שיין פון איהר יוגענד און האט אנגעצונדען זיי־נע חושים. אט פונקט אזוי זאל ער אויך שפעטער צו איהר ווערען קערפערליך צוגעצויגען און זיך פיהלען גליקליך אין איהר לעבענס־ווארימער אומארמונג.

דאס דאזיגע אבער קאן און וועט מקיום ווערען אפילו נאכדעם ווי איהר יוגענד איז שוין פארביי, אויב נאר עס האבען באמת עקזיס־טירט די סימפאטיע־געפיהלען פון אן עדלערער און העכערער ליבע, און אויב מען האט זיי אויפגעהאלטען. דעמאלט וועט דער מאן פער־הערליכען די גאנצע פערזענליכקייט און אויך די דרויסענדיגע געשטאלט פון א געליבטער פרוי, און זי וועט בלייבען פאר איהר מאן די געטין וועלכע זי איז שטענדיג געוועזען.

אבער די פרוי גופא מוז דאס אויך וועלען, און מיט דער אויפפי־רונג וועלכע מיר האבען אויבען אנגעוויזען מוז זי פון איהר זייט ביי־טראגען די פשוט'ע און בערעכטיגטע עסטעטישע פאדערונגען פון דעם מאן בנוגע צו איהר פערזאן. טאמער אבער פערשטעהט זי דאס ניט אדער וויל דאס ניט, וועט דעמאלט דעם מאן, מיט זיינע פאליגאמישע דיספאזיציעס, ניט אלעמאל זיין לייכט צו בלייבען גלייכגילטיג אנט־קעגען א פרעמדער ווייבליכער שעהנקייט, און ער וועט ניט אלעמאל זיין בכח גובר צו זיין דעם רייץ, בעזונדערס דארט, וואו ער געפינט א לייכטען צוטריט. פונדעסטוועגען קאנען אויך דא א סך העלפען די געוואוינהייט און די פאנטאזיע.

איך גלויב אז די פאלגענדע עצה איז ניצליך בעזונדערס פאר דעם מאן (טיילמאל קאן דאסזעלביגע אויך פארקומען ביי דער פרוי):

אין פאל זיין געשלעכטליכע לײדענשאפט ווערט אויפגערעגט דורך א פרעמדער פרוי און ער איז אין א געפאר זיך אונטערצוגעבען, זאל ער אין זיין פאנטאזיע זיך בעמיהען אנצוטון זיין אייגענע פרוי

יענע אינסטינקטען פאר בעשיידענקייט ווי זיי ווייזען זיך אין זייער העכסטער ענטוויקלונג בלויז אלס א בלום פון דער העכסטער און עדעל־סטער ווייבליכקייט; דאס איז מעהר א ירושה פון דער ווייבליכער נאטור איידער פון דער מענליכער נאטור.

דער מאן ווידער זאל זיך בעמיהען אויף א פריינדליכען און גוטען וועג צו טון זיין חלק אין דעם דאזיגען שפיל פון ליבע און פון לעבען אין דער הייראט, וועלכער געהט אן צווישען די פיער ווענד פון דעם הויז. ער זאל זיין העלדישקייט, וועלכע ער ווייזט ארויס מיט אזא חשק אנטקעגען אנדערע פרויען, ניט בעהאלטען פאר זייז אייגענער פרוי; אויך זאל ער אין דער היים צוריקהאלטען זייגע שלעכטע גע־וואוינהייטען וועלכע קאנען לייכט ארויסרופען מחלוקות. אין דער היים פאר זיין פרוי זאל ער זיין גייסטיג און קערפערליך מעהר ווי אן אנגעכמורעטע פיגור אין א שלאפראק און פאנטאפעל, און האלטען אין איין גענייצען; ער זאל זיין פרוי ניט בעטראכטען פאר דעם בליץ־אבלייטער פון זיין כעס, וועלכער צינדט זיך אפטמאל אן אין איהם ביי זיין ארבייט, אין דרויסען, און וואו ער טאר איהם מייגסטענס ניט ארויסווייזען. די אלע זאכען קאן ער אויסמיידען אויב ער וועט זיך ניט געוואוינען צו בעטראכטען זיין פרוי בלויז אלס א הויז־היטערקע, אלס א מאשין וואס טראגט און האט קינדער, און אלס א בעשעפעניש וואס איז „גוט פאר'ן בעט", ד. ה. וואס קאן שטילען זיין רייז חיה'־שען געשלעכטס־טריב. אין אזא פאל וואלט א פראסטיטוטקע איהם פונקט אזוי גוט, און אפשר נאך בעסער, געקאנט בעפרידיגען, און טאקע גאנץ אפט בעטראכט ער דאס פאר ערלויבט און גאר ניט אויס'ן וועג.

אט פונקט ווי דער דאזיגער בליק מכח דער פאזיציע און דעם בעדייט פון דער פרוי איז מאוס און נידעריג, הגם ער איז ליידער גאר ניט אזא זעלטענקייט, אט פונקט אזוי מוז מען ווידער און אבער בעטא־נען, אז עס איז אויך ניט גענוג ווען דער מאן האט מכח זיין פרוי די העכסטע געדאנקען, ווען ער קוקט אויף איהר ווי אויף א גוטער, גע־טרייער לעבענס־בעגלייטערין, אבער אין דערזעלביגער צייט פיהלט ער זיך צו איהר פערקניפט בלויז דורך דעם באנד פון א ריין גייסטיגער הארמאניע.

ניגט זיך און פוצט זיך נאָר פאַר דער גאַס, פאַר געסט, פאַר בעלער, א. אז. וו.

מיר גיבען צו באַלד פון אנהויב, אז דער מענש איז ניט בכח לאַנג צו פערלייקענען זיין אמת'ע נאַטור: מיר זענען דאָס וואָס מיר קאָנען זיין דורך ירושה. פונדעסטוועגען זענען פאַראַן אין לעבען געוויסע קליינע, ליבליכע קונסטען, וועלכע מען קאָן דערווערבען דורך געוואוינ־הייט און ערציהונג, און וועלכע אפילו די אָרימע פאַרפעלקער קאָנען מאַכען פאַר זייער געגענזייטיגער פליכט. ד י ע ר צ י ה ו נ ג און די ז ע ל ב ס ט ־ ע ר צ י ה ו נ ג זאָלען זיך קיינמאָל ניט אָבשטעלען אין לעבען.

דאָס אויבען דערמאָנטע שרעקבילד פון „סימפּליציססימוס" זאָל מען פערטויזענדפאַכען און איטליכען יונגען פּאָרעל געבען א מתנה צו זייער חתונה. איינינעם מיט די העכערע געפיהלען פון ליבע און א געגענזייטיגען דרך־ארץ, איז די סעקסועלע אָנציהונג א באַנד, דעם ווערט פון וועלכען, צוזאַמענהאַלטענדיג א גליקליך און לאַנג ביינאַנד־לעבען פון מאַן און וויב, מען קאָן גאָרניט דערשאַצען. א פערהייראַט פּאָרפאָלק זאָל דעריבער אויסמיידען אלצדינג וואָס קאָן דעם דאָזיגען באַנד לויז מאַכען אָדער צורייסען. אנשטאָט איהר דרויסענדיג אויס־זעהען צו פערנאַכלעסיגען, פער'מאוס'ען און פערשלומפּערען, זאָל די פרוי אדרבה אָנווענדען איהר גאַנצע קונסט פאַר שעהנקייט און גראַציע, וועלכע די סימפּאַטיע־געפיהלען פאַר איהר מאַן און אַן אונשולדיגע ווייבליכע קאָקעטסטווע לערענען זי. זי זאָל אלעמאָל אין זין האַבען, אז איבעראל אין דער היים, יא אויך אין איהר הויזקלייד, זאָל זי אין איהר מאַנ'ס אויגען אויסזעהען ווי א שעהנער, אָנציהענ־גער מיטעל־פּונקט פון א פריינדליך און פרידליך הויז; זי זאָל ארויסווייזען איהר שעהנקייט און רייץ אין איהרע אַלע האַנדלונגען, אין אלעס, יא ביז אין די סאַמע אינטימסטע ווינקלען פון הויז און אין איהר אינטימען גענוס פון ליבע. נאָר אזוי וועט זי איהר מאַן יעדען טאָג פון דאָס ניי צוציהען צו זיך.

נאַטירליך, ניט אויף א ברוטאַלען זינליכען אופן און ניט מיט דער קונסט פון א פערדאָרבענער ליידענשאַפט צו געפעלען דאַרף די פרוי געהען צו איהר ציל: זי דאַרף איהם דערגרייכען מיט דער הילף פון יענעם געזונדען און פיינעם געפיהל פון טאַקט און צאַרטקייט, מיט

שטעהט: „אט אזוי קליידט זי זיך פאר איהר מאן“.

אין צווייטען בילד שטעהט די אייגענע פרוי אויסגעפוצט פון קאפ ביז פיס, מיט א קינסטליך אויפגעהויבענעם בוזים, שיניאן און מיט אלע איבעריגע קינסטליכע מיטלען וועלכע די פרוי ווענדט אן כדי צו פערגרעסערען איהר שעהנקייט, סיי אבזיכטליך און סיי ניט אבזיכטליך. דאס קינד שטעהט אויסגעפוצט פונקט ווי די מאמע. זיי שטעהען ביי דער טיר, און א פרעמדע פרוי קומט אן. אונטער דעם בילד לעזען מיר: „און אט אזוי ווען געסט קומען“.

אין די דאזיגע צוויי בילדער זעהען מיר ווידער סאטיריש בעלייכט א וויכטיגען טייל פון דער ליבעס-פסיכאלאגיע אין דער מאנאגאמיע. מיר האבען שוין פריהער געזאגט, אז די אידעאלע אמת'ע ליבע ווייזט זיך ערשט ארויס נאכדעם ווי דער ערשטער ליבעס-רויש איז אריבער. מיר האבען אויך געזעהען, אז בכדי די ליבע זאל בלייבען הארמאניש זענען נויטיג קודם כל די העכערע פסיכישע אויסשטראלונגען פון די אינטימע סימפאטיע-געפיהלען, אבער דערצו איז אויך נויטיג דער געשלעכטס-טריב, מיט וועלכען זיי זאלען בלייבען ענג פערבונדען וועניגסטענס כל-זמן אין דעם מענש דויערט דאס אקטיווע געשלעכטס-לעבען. שפעטער זענען גענוג די ערשטע אליין.

דער שווערסטער פעהלער וועלכען די מייסטע מענשען בעגעהען ווען זיי האבען חתונה איז דער, וואס אזוי גיך ווי די רעליגיע און דאס געזעץ האט זיי פעראייניגט, און די טיר ווערט פערמאכט, פערלאזען זיי זיך אויף דעם דאזיגען באנד, ערציהען זיך ניט ווייטער און לאזען איבער אהן א ווידערשטאנד אלע זייערע מאוס'ע געוואוינהייטען, קאפריזען, נייגונגען, שוואכקייטען און טריבען. איטליכער צד ערוואַרט א סך פון אנדערען און גיט איהם וואס וועניגער. איטליכער טראכט ביי זיך „איצט האב איך איהם (אדער זי)“, מיט דעם שטעלט מען זיך צופרידען, אוז מען הויבט אן פערוועגדען אלע פעהיגקייטען אויסער דער היים. נאכדעם ווי דער סעקסועלער ליבעס-רויש איז אריבער געפינט דער מאן מעהר ניט קיין חן אין זיין פרוי, ער פערליבט זיך אין אן אנדערער פרוי, שענקט דער לעצטער אלע זיינע צערטליכקייטען, און צו זיין אייגענער פרוי ברענגט ער זיין כעס און זיינע קאפריזען; בעת די פרוי האט מעהר ניט אין זין צו ווייזען איהר שעהנקייט אין איהר הויז, זי טוט מעהר גארניט כדי צו געפעלען איהר מאן, און זי רייי־

גולירט דעם פאטער׳ס און דער מוטער׳ס פליכטען וועלכע זיי האבען צו ערפילען אנטקעגען זייערע קינדער. ביידע צדדים זענען דערנאך פריי נאך אמאל צו הייראטען. דאס דאזיגע וועט מסתמא ניט פאר־קומען אפטער איידער איצט, און אפשר טאקע זעלטענער, בעזונדערס ווען דערביי וועלען זיין קינדער, מחמת דער גט איז שטענדיג פיינ־ליך ווען עס זענען פאראן קינדער.

די ארבייט און די שטרעבונג צו די סאציאלע לעבענס-אידעא־לען זענען און בלייבען די געזונדסטע אבווענדונג פון דעם געשלעכטס־טריב. דער מענש זאל תמיד טראכטען מעהר וועגען זיינע פליכטען איידער וועגען זיינע רעכטען און ער זאל קיינמאל ניט מורא האבען אויף זיך אליין ארויפצולעגען וואס מעהר פליכטען. ממש צוזעהענדיג וועט זיך דורך דעם פערשטארקען זיין כאראקטער, פערגרעסערען זיין פעהיגקייט און זיין לעבענס-ענערגיע. דאס פוסט און פאסעווען, דער לוקסוס און די גרויס-שטאדטישע קארופציע זענען מיינסטענס די אור־זאך פון דער איינזייטיגער ענטוויקלונג פון זיין געשלעכטס-טריב, און וועלכע פירען צו זיין דעגענעראציע. דאס קאן מען זעהען ביי די העל־דען פון ביידע געשלעכטער אין די מאדערנע ראמאנען. א חוץ דעם וועקט אויף די ארבייט די ליבע און לאזט איבער ווייניג צייט פאר פאמיליען-מחלוקות.

עס וואלט געווען בעסער צו פריפען אונזער אוטאפיע פראקטיש צו פערווירקליכען, אנשטאט צו קוקען אויף איהר מיט גאוה און פאררור־טייל, און שמייכלען. מיט אביסעל אן אונאבהענגיגען כאראקטער קאן מען זי ביז א הויכען שטאפעל שוין היינט אפילו דורכפירען.

די קונסט צו ליבען לאנג. — אין 7טען יאהרגאנג, נר. 30, זייט 240 פון „סימפליציססימוס“ געפינען מיר אונטער דעם קעפעל „די הויזפרוי“ צוויי קאריקאטורען פון דעם פאמיליען-לעבען. אין דעם ערשטען בילד זעהען מיר די פרוי אבגעריסען, פערשלומפערט, מיט א בעזים אין דער האנד, שמוציג און פערוואָרלייזט; זי קושט איהר מאן, וועלכער פיהלט זיך קענטיג דוקא ניט זעהר שטארק געהויבען דערפון: ער מאכט א פנים ווי איינער וואס האלט זיך איין מיט אלע כחות אראבצושלינגענדיג עפעס אן עקעלדיגען ביסען. דאס קינד נעבען זיי זעהט אויס פונקט אזוי פערבלאטיגט ווי די מוטער. אונטער דעם בילד

אויב צוליב א געוויסער בעשעפטיגונג פון דעם פארפאלק, אדער צוליב דער צאל פון זייערע קינדער, וועט מען מוזען אנקומען צו דער הילף פון פרעמדע מענשען, — ד.ה. דינסטען ווי מיר רופען עס איצט, — וועלען די לעצטע ניט פערנעהמען דיזעלביגע פאזיציע אין דער בעל־הבת'ישקייט ווי אונזערע היינטיגע דינסטען. שטעהענדיג סאציאל און וועדליג זייער ערציהונג אויף דעמזעלביגען שטאפעל וואס די פא־מיליע, וועלען זיי אין דער בעל־הבת'ישקייט פערנעהמען א פלאץ א שטייגער ווי היינט א שוועסטער אדער א טאנטע. זיי וועלען ניט בלויז עסען ביי איין טיש מיט דעם פארפאלק און זייערע קינדער, נאר גע־הערענדיג צו איין קלאס וועלען זיי זיך אויך טיילען מיט זייער פרייד, מיט זייער טרויער און מיט זייער ארבייט. קיין שום ארבייט אין הויז וועט ניט בעטראכט ווערען פאר נידעריגער איידער וואסערע ניט איז אנדערע ארבייט, און זי וועט אויך ניט דערנידעריגען.

אין פאל די הייראט וועט זיין ניט פרוכטבאר, וועט דאס פאר־פאלק אדאפטירען פרעמדע קינדער פון גרויסע פאמיליעס אדער ער־ציהען יתומים. אין געוויסע פאלען, מכח וועלכע מיר האבען פריהער גערעדט, וועט צוליב סאציאלע געפיהלען פוןביידע זייטען גיכער פאר־געצויגען ווערען א קאנקוביאט, וועלכעס וועט אונטער אזוינע געגנ־דערטע פערהעלטניסען זיין כמעט דאסזעלביגע וואס ביגאמיע. אבער אלצדינג וועט דא בעשלאסען ווערען פריי און איינשטימיג, נעהמענדיג דערביי אין בעטראכט די געגענזייטיגע בעקוועמליכקייטען. ווער עס וועט ניט בכח זיין גובר צו זיין די אייפערזוכט, וועט זיך דארפען גט'ען.

מיר דארפען ניט פערגעסען, אז אן אור־אלטע פילאגענעטישע צופאסונג פון איין געשלעכט צום אנדערען האט צוגעגרייט אין דער הייראט א גייסטיגע און סעקסועלע אויספילונג פון דעם מאן דורך דער פרוי, און פערקערט. דעריבער, טראץ זייער זיך פאנאנדערגעהען אין א סך פרטים אין דער הייראט, קומט די דאזיגע אויספילונג צונויף און העלפט צופאסען זייערע כאראקטערס. אבער איז פאל א הייראט איז ניט קוקענדיג אויף אלצדינג, דאך ניט גליקליך, אין פאל נאך א לאנגער צייט שטעלט זיך דאך ארויס, אז זייערע כאראקטערס קאנען זיך ניט פעראייניגען, דעמאלט וועט ווערען די הייראט (די סעקסועלע פעראייניגונג) אויפגעלעזט, און דערביי וועלען ווערען געזעצליך רע־

שטודירען ביז זעקס־און־צוואנציג. דאס וועט ניט זיין שווער אויס־צופירען, מחמת די איינפאכע געוואוינהייטען פון לעבען פירען צו אן איינפאכער בעל־הבת'ישקייט און מען וועט זיך לייכט קאנען אויס־היטען ניט צו האבען קיין קינדער אין די ערשטע עטליכע יאהרען א דאנק די מיטלען קעגען שוואנגערשאפט.

ווי אזוי וועט זיך דאמאלט פארמירען די הייראט גופא? קודם כל וועט מען דעם גאנצען ניט נויטיגען לוקסוס, אלע קאנווענציאנעלע אויסערליכקייטען אראבברענגען צו א מינימום. ביידע, אי דער מאן אי דאס ווייב, וועלען ארבייטען, — אדער איטליכער פאר זיך אדער ביידע צוזאמען ווערליג די אומשטאנדען. א חלק פון דער ארבייט, פערשטעהט זיך, וועט געווידמעט ווערען פאר די קינדער. פונקט ווי היינט וועט דער מאן זיך אויף פערזענליך קאנען אבגעבען מיט דער ערציהונג פון זיינע קינדער, אויב ער וועט דערצו האבען בעסערע פע־היגקייטען איידער די פרוי; דאס דאזיגע טרעפט ניט זעלטען.

די גלייכבערעכטיגונג פון דער פרוי און דער מאטריארכיזם (זעה קאפיטעל 13) וועלען אויף קיין שום אופן ניט מאכען ווייניגער אינטים די הייראטס־פערהעלטניסען; אדרבה, צוליב די טיפע ווארצלען וועט דאס נאך אויפהויבען דעם מאראלישען שטאפעל. מען וועט האבען ווייניגער צייט פאר דעם דרויסענדיגען גלאנץ; פאמפ, אפיציעלע איינ־לאדונגען, צערעמאניעס, סעודות, כל המינים כבודים, חניפה, א. אז. וו. — פון דעם וועט מען מעהר ניט וויסען; דאס זענען זאכען וואס פאסען נאר פאר רייכע פוילענצער, וועלכע זוכען צו בעגראבען זייער געלד און זייער צייט. קומט א חבר, אז אנגענעמער בעקענטער, ווערט ער פריינדליך און פשוט פערבעטען צום געוועהנליכען פאמיליען־טיש. אויב אין הויז איז נאר דא גענוג עסען פאר איהם.

די קליידער וועלען זיין בעקוועם, פשוט און היגיעניש. פונדעסט־וועגען קאנען איבעראל הערשען א קונסט־געשמאק און עסטעטיק צו־זאמען מיט דער גרעסטער ריינליכקייט. פאמפ און לוקסוס זענען ניט קיין קונסט, נאר א בלענדענדיגער גלאנץ און אפטמאל אפילו פונקט דער הפוך פון דער קונסט, עקעלדיג. איך האב געזעהען זעהר בעשיי־דענע, קליינע היימען פון ארבייטער, און אין זיי אויך געוואוינט, אין וועלכע די ריינליכקייט און דער קונסט־געשמאק האבען פערנומען זייער נויטיגען און ריכטיגען פלאץ.

ליי בעהאלטענע חשבונות בנוגע צו געלד, יחוס, א. אז. וו., וואס מיר טון היינט־צוטאג: אנשטאט צו פערבארגען די געדאנקען אונטער אלערליי פארמען פון קאנווענציאנעלע העפליכקייטען: אנשטאט זיך ארויסצודרעהען פון אן ערליכער דערקלערונג מכח דער עיקר־זאך, און, אין בעסטען פאל, דעם ענין בלויז ארומשמעקען פונקט ווי די קאץ די הייסע יויך: אנשטאט מעהר פון אלעס אין זין צו האבען ווי אזוי אמ־בעסטען אויסצופוצען די מעלות בכדי צו פערבלענדען דעם (אדער די) וועמען מען וויל ארייןקריגען, — אנשטאט דעם וועט מען זיין דורכ־שניטליך מעהר אפענהערציג, מחמת עס וועלען זיין א סך וועניגער אורזאכען צו זיין פערשטעלט. מען וועט זיך אויסטוישען מיט די צו־קונפטס־פלענער און מען וועט קאנען געגענזייטיג אויספריפען די בעש־טענדיגקייט און די אויפריכטיגקייט אהן דערביי מורא צו האבען צו ווערען בערעדט אדער צו קריגען א שלעכטען נאמען.

ביידע געשלעכטער וועלען קאנען פריי און אהן א געפאר צווי־שען זיך פערקערען, ערשטענס ווייל ביידע וועלען זיין אויפגעקלערט מכח דעם געשלעכטס־לעבען און, צווייטענס, ווייל די מדות און די מנהגים וועלען זיין מעהר פריי. אפילו אהן אן אייגענטליכען געש־לעכטס־פערקער וועט זיך באלד ארויסווייזען אויב ביידע טעמפערא־מענטען פאסען זיך געשלעכטליך אדער ניט.

ווייטער וועט בעת דער חתן־כלה־צייט זיין מעגליך פאר ביידע צדדים אויף א פרייען שטייגער אויסצובייטען זייערע געגענזייטיגע לעבענס־בעגריפען, נעהענטער זיך צו בעקענען מיט זייערע כאראקטערס, א. אז. וו., אזוי אז שטאפעלווייז און געוויס בעצייטענס וועט זיך ווייזען אויב מען איז יא אדער ניט צוגעפאסט צו א לאנג צוזאמענלעבען. צו דער פראגע פון ירושה, אזוי גוט ווי צו דער קינדער בעשאפונג און קינדער־ערציהונג וועט מען זיך פערהאלטען רוהיג און אהן בושה. דאס וועט זיכער זיין מעהר מאראליש איידער די געשפרעכען פון די היינטיגע „פיין ערצויגענע“ חתן־כלה, זייערע געשפרעכען, וועלכע, א חוץ אלע נואנסען פון די קאנווענציאנעלע העפליך־זיסע ליבעס־רייד, דרעהען זיך מייסטענס ארום פוסטע זאכען. אויב א בעגאבטער יונגער מאן וועט דעמאלט וועלען ווייטער שטודירען וועט דאס איהם אויף קיין שום אופן ניט שטערען צו הייראטען. ער קאן אפילו הייראטען ביי פיער־און־צוואנציג יאהרען מיט א מיידעל פון אכטצען און ווייטער

איטליכען יחיד; מיידלעך און אינגלעך וועלען ערצויגען ווערען געמיינ־שאפטליך מיט אבסאלוט גלייכע רעכטען, אבער זיי וועלען קלאר פער־שטעהען דעם חלוק פון זייערע אויפגאבען אין לעבען, וועדליג די פער־שידענקייט פון די געשלעכטער און פון דער אינדיווידואליטעט. אין דער פאלקס־שול זענען זיי ביז צו זייער 16טען יאהר, און אפשר נאך לענגער, ערצויגען געווארען הארמאניש אינטעלעקטועל, קערפערליך־טעכניש, עס־טעטיש און סאציאל. אהן זיי צו סטראשען מיט די אייביגע שטרא־פען פון גיהנום, און אהן זיי צו פערשפרעכען דאס גן־עדן נאך דעם טויט האט מען זיי געגעבען צו פערשטעהען, אז דער צוועק פון לעבען איז דאס שטרעבען נאך ריין מענשליכע אידעאלען. מען האט זיי גע־לערענט, אז די אמת'ע און העכסטע בעפרידיגונג קאנען זיי געפינען בלויז אין דער ערפילונג פון זייערע פערשידענסטע אויפגאבען, וועד־ליג זייערע דיספאזיציעס, און אין דער געמיינשאפטליכער ארבייט פאר דעם וואוילזיין פון דער געזעלשאפט און פון זייערע מיטמענשען. מען האט זיי אויך געלערענט צו פעראכטען פוסטע און נוצלאזע שפילע־רייען, פיינד צו האבען צאצקעס און צירונג, לוקסוס, ניט צו האלטען וויכטיג דאס פערזענליכע אייגענטום; דערפאר אבער האט מען אויפ־געוועקט זייער גאנצע אמביציע בלויז בנוגע דער קוואנטיטעט און דער קוואליטעט פון זייער ארבייט.

אט אזוי צוגעגרייט, וועלען זיי זיין צוגעוואוינט צו פערדינען אלעס דאס וואס זיי געניסען און ניט צו פאדערען עסען און טרינקען אהן דערפאר צו ארבייטען.

ביי זיי וועט זיך דער געשלעכטס־טריב מאניפעסטירען אין פער־שידענע יאהרען, וועדליג די פערשידענע אינדיווידוען. זייענדיג אויס־געלערענט פון קינדווייז אן ניט נאכצוגעבען יעדען טריב, נאר זייערע בעגערען אונטערצואורדענען צו דעם וואויל־זיין פון דער געזעלשאפט, וועלען זיי פון זיך אליין באלד ניט נאכגעבען יעדען טריב. נאך מעהר, זיי וועלען וויסען דעם בעדייט פון זייער בעגער. זיי וועלען אויך ווי־סען, אז זייער געדולד וועט ניט ווערען געפריפט צו לאנג, אז מכח דער זאך קאנען זיי אפען רעדען מיט זייערע לעהרערס, מיט זייערע עלטערן און אפילו מיט זייערע פריינד פון אנדערען געשלעכט.

נו, איצט, וואס וועט זיין די פעולה פון אזא צושטאנד? נייגונ־גען וועלען זיך פריה ענטוויקלען. אבער אנשטאט צו מאכען כל'ער־

סאמע בעסטען אופן דעם שוין בעשאפענעם, איצט עקזיסטירענדיגען מענשען-מאטעריאל; אבער אליין פאר זיך איז זי אויף א האר ניט בכח צו פערבעסערען די קוואליטעט פון דער זריעה פון דער צוקונפט. אבער אויפקלערענדיג די יוגענד מכח דעם סאציאלען ווערט פון דער צוכטוואהל קאן זי צוגרייטען איהר פראקטישע דורכפירונג.

# אוטאפיסטישע געדאנקען וועגען דער אידעאלער הייראט פון דער צוקונפט.

דאס דרויסענדיגע לעבען פון די מענשען ווערט ביז א הויכען גראד בעיינפלוסט פון די געשעהענישען פון דער געגענווארט; אבער זייער אינערליך לעבען בעשטעהט פון די זכרונות פון דער פערגאנגענהייט פערבונדען מיט דער ירושה. פון ביידע הויבען זיך אויף די שטרעבונגען פאר דער צוקונפט. די פערגאנגענהייט זאל אבער קיינמאל ניט זיין דער טיראנישער און שטרענגער וועכטער איבער אונזער אינערליך לעבען, נאר זי זאל בלויז צונוץ קומען אלס א שוין אויפגעבויטע און בעקוועמע רעפערענץ-ביבליאטעק פון די ערפארונגען פון דער מענשהייט און דעם אייגענעם איך, כדי צו קאנען העלפען בויען נייע געדאנקען און פרוכטבארע ענטשלוסען.

די הייראט פון דער צוקונפט שטעלט פארויס די השערה, אז די מענשען זענען געווארען פון קינדרוייז אן פולשטענדיג אויפגעקלערט מכח די נאטירליכע סעקסועלע פערהעלטניסען און זייערע מעגליכע געפארען. ווייטער שטעלט זי פארויס די השערה, אז די מענשען זענען ערצויגען געווארען אהן אלקאהאל און אנדערע נארקאטישע גענוס-מיטלען; אז די מענשען האבען דאס רעכט צו בענוצען די פולע פרוכט פון זייער ארבייט פאר זייער אייגען לעבען און פאר דעם לעבען און אויפהאלטונג פון זייער פאמיליע, אבער זיי האבען ניט דאס רעכט זייער הכנסה צו קאפיטאליזירען פאר זיך אדער פאר זייערע קינדער, ד. ה. ציהען פון איהר צינזען און איבערלאזען ירושה פאר אנדערע — פון דעם פערמעגען, הייסט עס, אויפצובויען א מאכט עקספלואטירענדיג פרעמדע ארבייט פאר עגאיסטישע צוועקען. די מענשען וועלען וויסען פון קינדרוייז אן, אז די ארבייט איז א לעבענס-בעדינג פאר

אפילו פרומע גלחים האבן דעמאלט פערטייטיגט די לייב־שקלאפעריי, אט פונקט ווי זיי בעשיצען היינט די שכרות.

לסוף מוז איך נאך זאגן, בקצור, אז נעבען דער מענשליכער צוכטוואהל האלט איך די פעדאגאגישע רעפארם אי אין סעקסועלען געביט און אי אין אנדערע געביטען פאר די וויכטיגסטע און פאזיטיווע רעפארמען. (זעה קאפיטעל 17). איך בעט דעם לעזער צו האלטען אין אויג דאס קאפיטעל 17 אין פערבינדונג מיט קאפיטעל 13. הגם די גוטע קוואליטעט פון דער מענשליכער זריעה איז אן עיקר־בעדינג פאר דעם מענשליכען גליק סיי אין סעקסועלען געביט און סיי אויסער איהם, איז זי פונדעסטוועגען נאך ניט גענוג. פונקט אזוי גוט ווי מען קאן פון א רעלאטיוו שלעכטער זריעה ערציהען רעלאטיוו בעסערע און ניצליכערע אינדיווידועןן, פונקט אזוי גוט קאן מען פערקערט, פילאגענעטיש גוטע זריעה נאך א סך גרינגער פערדארבען דורך שלעכטע איינפלוסען בעת זייער אנטאגעניע.

די געזעלשאפט מוז ווידמען אלע איהרע כחות פאר א ריכטיגער, אלזייטיגער קערפערליכער און גייסטיגער ערציהונג פון די קינדער. אינטעלעקט, געפיהלען און ווילען, כאראקטער, אלטרואיזם און עסטעטיק מוזען ווי ווייט מעגליך הארמאניש ענטוויקעלט ווערען, ווערליג די פרינציפען וועלכע מיר האבען דערמאנט רעדענדיג מכח די „לאנדערציהונגסהיימע" אין קאפיטעל 17. איטליכער בירושה גוטער טיפ מוז דערגרייכען צו זיין פולסטער בליהונג דורך א ראציאנאלער ערציהונג און ארבייט.

ביי א טיפ וועלכער האט ירושה־פעהלערס קאן מען לכל הפחות די ניצליכערע דיספאזיציעס ביז א געוויסען שטאפעל ענטוויקלען און זיי מאכען ארבייטען, בכדי אין זיין געהירן זאלען זיך וועניגער קאנען ענטוויקלען די שלעכטע דיספאזיציעס. איך בעגניגען זיך מיט דער דאזיגער אלגעמיינער בעמערקונג און וועיז אן אויף קאפיטעל 17.

לאמיר האפען אז אין גיכען וועלען אלע שולען געהען אויף די וועגען וועלכע עס האבען אנגעוויזען אזוינע מענער ווי רוססא, פעסטאלאצצי, רעדדי און ליעטץ. אבער ביי דער גאנצער התפעלות פאר א ראציאנאלער ערציהונג טארען מיר קיינמאל ניט פערגעסען, אז זי קאן בשום אופן ניט פערנעהמען דעם פלאץ פון דער צוכטוואהל. זי דינט פאר די באלדיגע און נאהענסטע צילען, פאר דעם אויסניצען אויף דעם

וואלטען די דעמאלטדיגע דורות אונז געקאנט שענקען עטליכע קרענץ אויס דאנקבארקייט פאר זייער גליק. זיי וואלטען זיך אין דערזעלביגער צייט געוואונדערט, וואס זיי שטאמען אב פון אזוינע בארבארען ווי מיר זענען, און וואס צווישען זייערע אור־עלטערן האבען זיך געפינען אזוי פיל שכורים, פערברעכערס און אידיאטען; אז דער מיסטיציזם, אונטער דעם נאמען „רעליגיע", האט זיך אזוי ווייט געקאנט אריינרייסען אין אונזער געשלעכטס־לעבען, וואלט דעמאלט פאר זיי אויסגעזעהען אן ערך אזוי ווי היינט זעהט פאר אונז אויס דער גרעסטער געצענדינסט אדער די לעהרען און די פראקטיק פון מכשפים ביי ווילדע פעלקער.

אונזער שכרות און איהרע פאלגען, און אונזער היינטיגע פראסטיטוציע וואלט אויף זיי געמאכט אן ענליכען איינדרוק צו דעם, וואס מיר קריגען בעת מיר בעטראכטען אין א מוזעום א פייניגונגס־קאמער פון מיטעל־אלטער אדער בעת מיר הערען מכח די שוידערליכקייטען פון דער אינקוויזיציע, מכח די מכשפים־פראצעסען און זייערע שייטערהויפענס.

דער דאזיגער פערגלייך וועט פאר די מיינסטע פון מיינע לעזער אויסקומען פאנאטיש און איבערגעטריבען, מחמת זייענדיג ארומגענומען מיט אונזער מאדערנעם דענקונגס־אופן, קאן מען זיך, אהן א גרויסער אנשטרענגונג פון דער פאנטאזיע און אהן דער הילף פון א ברייטער ערפארונג און א סך פערגלייכס־אביעקטען, ניט אריינגריבלען אין דעם דענקונגס־אופן פון דער פערגאנגענהייט אדער פון דער צוקונפט. איך בעט דעריבער יענע, וועלכע קאנען דאס ניט גלויבען, צו לעזען דעם „שליסעל צו אנקעל טאם'ס קעבין" פון האריעט ביטשער־סטאו (ניט דעם ראמאן אליין). דאס דאזיגע בוך ענטהאלט א סך דאקומענטען בנוגע צו דער צייט פון דער נעגער־שקלאפעריי איידער דער אמעריקאנישער בעפרייונגס־מלחמה. ווער עס וועט היינט לעזען ווענען די דאמאלטדיגע פאסירונגען און זעהן צ. ב. ווי מען האט אנאנסירט אין די צייטונגען שפירהינט צו כאפען אנטלאפענע שקלאפען, און ווי די אנאנסען זענען אילוסטרירט מיט א לויפענדיגער נעגערין און ווי א שפיר־הונט לויפט איהר נאך, דער וועט מיר סוף כל סוף מוזען געבען רעכט. דאס וואס זעהט היינט פאר אונז אויס שרעקליך און מאוס, האט דעמאלט איטליכען אויסגעזעהען געוועהנליך און נאטירליך.

טוט דאס נאך עד היום הזה, בעת פראנקרייך האט עס פונקט אויף אזוי פיעל געשאדט.

שטענדיג וועקען זיך אין מיר אויך טרויריגע געפיהלען ווען איך זעה גוטע, פעהיגע און ארבייטזאמע מענשען, וועלכע זענען זעהר ניצליך פון א סאציאלען שטאנדפונקט, בלייבען אונפרוכטבאר צוליב אונזערע סאציאלע פארורטיילען און מנהגים. אזוינע מענשען דארפען וואס פריהער הייראטען און האבען א סך קינדער. אין פאל אין א פעהייראט צוזאמענלעבען די סטעריליטעט פון איין צד (מיינסטענס זענען סטעריל די פרויען) מאכט אונגילקליכערוויז אויך ניט מעגליך די פארטפלאנצונג פון דעם צווייטען צד, דעמאלט זאל די ביגאמיע אדער דאס קאנקובינאט געזעצליך און דורך די מנהגים ווערען אנערקענט. בכדי אויף דעם אופן צוריק גוט צו מאכען דעם שאדען (זעה אנדרע קואוורור׳ס „לא גרעין“). איך האב נאך אלץ ניט גענוג שטארק בעטאנט ווי נויטיג עס איז צו העלפען מיט אלע אונזערע כחות דאס פערמעהרען־זיך פון פעהיגע, געזונדע און ניצליכע מענשען, און אזוי ארום אויסגלייכען דעם פערזאג צו האבען קינדער אלע קראנקע און אונניצליכע מענשען, אזוי גוט ווי די אברוה־צייט וועלכע מען איז שולדיג די פרויען צווישען זייערע שוואנגערשאפטען.

פונקט אזוי טרויעריג איז צו זעהען אזוי פיל געזונדע, פלייסיגע און ניצליכע מיידלעך צו פערזיצען אין זייער גראהען צאפ בלויז נאר דערפאר וואס זיי האבען ניט קיין געלד און ווייל זיי ווילען זיך ניט אריינוואַרפען אין די ארימס פון דעם ערשטען בעסטען לומפ. באמת, אנשטאט עס זאל ווערען א תל פון אזוי פיל גוטע זריעת, וואלט געווען א סך בעסער צו ערלויבען אביסעל א פרייע פאליגאמיע ביי א גלייכבערעכטיגונג פון ביידע געשלעכטער. איך ווייז דא אן דעם לעזער אויף דעם וואס איך האב שוין געזאגט אין קאפיטעל 13 מכח די פליכטען פון די עלטערן אנטקעגען זייערע בעשאפענע קינדער און מכח די פליכטען פון דעם שטאאט אנטקעגען די בעשאפערס פון א גוטער קוואליטעט קינדער.

ווען די זאך וואלט געווארען א מנהג און וואלט געווארען קאנסעקווענט דורכגעפירט, וואלט מען אויף דעם דאזיגען אופן גאנץ זיכער שוין איז משך פון איין יאהרהונדערט דערגרייכט צו אן אויסבעסערונג פון דער קוואליטעט פון פאלק, און נאך עטליכע יאהרהונדערטען

אין א לעקציע מכח די מיטלען ווי אזוי צו פערבעסערען די מענשליכע געזעלשאפט אונטער די היינטיגע בעדינגען, צושטאנדען און געפיהלס־שטראמען (סמיטהסאניען אינסטיטיושאן, 1902) האט פראנסיז גאלטאן בעהאנדעלט די פראקטישע פראגע פון יודזשעניק און האט דערביי צוגלידערט דאס געזעץ פון וואריאציעס מיט דער הילף פון דער ווארשיינליכקייטס־רעכענונג. דאס דאזיגע געזעץ, וועלכעס מען געפינט איבעראל, האט בלויז צו טון מיט אזוי־גערופענע צופעליגע עלעמענטען, ד. ה. מיט טויזענדער קליינע ביז א הויכען גראד אנטקעגען זיך ווירקענדיגע אורזאכען, וועלכע ווערען גענענזייטיג אויסגעגליכען אין זייער לעצטער סך־הכל ווירקונג, אזוי אז לסוף ווערען די ביידע עקסטרעמען אלעמאל פערטראטען דורך קליינע צאלען, און דער מיטעלער דורכשניט דורך גרויסע צאלען. אזוי גיך אבער עס הויבען זיך אויף גרעסערע כחות וואס ווירקען אין איין זייט, ווערט דער גאנצער סך־הכל, דאס גאנצע אוועקגעבויגען אין איין אדער איז דער אנדערער ריכטונג.

גאלטאן ווייזט, אז דאס דאזיגע געזעץ גילט פאר דער גרויס פון דעם קערפער, פאר די סאציאלע פערהעלטניסען אזוי גוט ווי פאר דעם פסיכישען ווערט פון דעם מענש. אין יעדער אנגעוויזענער געזעלשאפט וועלען מיר אלמאל געפינען עטליכע זעהר גוטע מענשען, עטליכע זעהר שלעכטע און זעהר א סך מיטעלווערטיגע. ווען אבער איין בעשטימטער שטארקער, אלגעמיינער פאקטאר, ווי צ. ב. שכרות אדער די געלד קארופציע, פערקלענערט מעהר אדער וועניגער דעם גאנצען אינדיווידועלען ווערט, וועט דערמאלט אראבזינקען דאס גאנצע — דער גאנצער סך־הכל־ווערט — פון דער גאנצער רייה פעהיגקייטען, און פערקערט. גאלטאן ווייזט דא, אז מען קאן די דורכשניטס־ווערטען ממשות'דיג אויפהויבען דערמיט, וואס מען וועט די קלאסען פון א העכערען ווערט צורעדען צו א סעקסועלער פערמעהרונג, און די קלאסען פון א נידעריגען ווערט אבהאלטען דערפון. פראפ. זשול אמאנן האט מיט רעכט אנגעוויזען ווי די אויסוואנדערונג פון דעם בעסטען טייל הוגענאטען נאך דער שווייץ און דייטשלאנד, נאכדעם ווי לואי דער פערצענטער האט מבטל־געווען דעם עדיקט פון נאנטעס (1685), האט געהאלפען אויפבויען דעם גייסטיגען שטאפעל פון יענע לענדער און

מעהר איידער א פעהיגער אדער שטארקער מענש האט געקאנט אויפ־טון פריהער. פשוט, זיי פערבייטען די פארטיגע קולטור־שאפונגען. א דאנק וועלכע אונזער ארבייט ווערט אזוי אהן א שעור פערגרינגערט, מיט דעם גע'ירש'ענטען אינדיווידועלען ווערט פון איטליכען בעזונ־דערען מענש. זיי האלטען אלקאהאלישע די אויפגעלאפענע בייכער און די רויטע פנימ'ער פאר סמנים פון קראפט און געזונדקייט. זיי זעהען ניט ווי די צאל פון די מיליטער־פעהיגע ווערט קלענער און ווי די צאל פון נייראפאטען, פסיכאפאטען, משוגעים, שווינדזיכטיגע, א. אז. וו. ווערט גרעסער; זיי זעהען ניט דעם אלעמאל ערגערען צושטאנד פון אונזערע ציין און אונזער סקעלעט, די אלעמאל גרעסערע אונפע־היגקייט פון אונזערע פרויען צו זויגען זייערע קינדער, א. אז. וו. מיר האבען אהן ספק בעוויזען אז אין דעם דאזיגען צושטאנד זענען שולדיג ניט די סעקסועלע עקסצעסען אין זיך גופא, נאר די שכרות און אלע אנדערע נארקאטישע מיטלען, די פאלשע צוכטוואהל, דאס אונגליק־ליכע פאבריק־לעבען, סיפילים, א. אז. וו. אבער קעגען א שטרויס־פויגעל־פאליטיק. וועלכע וויל פשוט דאס גאנצע אונגליק פערדעקען אדער פערלייקענען, מוזען מיט ענערגיש ארויסטרעטען. יעדענפאלס, מיר דעגענערירען ניט דורך דער ציוויליזאציע אין זיך גופא, אבער אהן ספק דורך איהרע פאראזיטען.

קעגען דער בערעכטיגונג פון א מענשליכער צוכטוואהל האט מען געברענגט אלס אן ארגומענט די שוואכקייט פון די קינסטליך געציכטע וואריעטעטען פון פלאנצען און הויז־חיות. אבער זייער שוואכקייט קומט דערפון, וואס ביי זייער קינסטליכער צוכטוואהל האבען מיר בשום אופן ניט אין זין זייערע אינטערעסען אין א פרייען קאמף פאר זייער לעבען, נאר אונזערע אינטערעסען האבען מיר דערביי אין אויג: נאר פאר אונזער אייגענעם צוועק אליין הארעווען מיר צ. ב. פעטע, שווערע ענגלישע חזירים וועלכע קאנען שוין כמעט ניט געהען, א. אז. וו. פער־קערט, די מענשליכע צוכטוואהל וועט זיך בלויז פערנעהמען מיט אינ־טערעסען לטובה דעם מענש, סיי אינדיווידועל און סיי סאציאל. דא האנדעלט זיך ניט מכח אן אוטאפיסטישע השערה, נאר מכח פאקטען, די פאלגען פון וועלכע מיר קאנען טאג־טעגליך בעאבאכטען אין אונ־זער געזעלשאפט. אויב מיר ווילען נאר אהן פארורטיילען עפענען אונ־זערע אויגען.

אבער ווי מיר האבען געזאגט, ווערט אפילו די אינטעליגענץ פאלש אבגעשאצט אויב מען מעסט זי לויט די רעזולטאטען פון עקזא־מענס, ווייל דער כח הדמיון, די פעהיגקייט קריטיש צו אורטיילען און די קאמבינאציאנס־פעהיגקייט האבען א סך א גרעסערען אינטעלעקטו־עלען ווערט איידער דער כח צו געדענקען און די פשוט'ע פעהיגקייט אויפצונעהמען און צו בעגרייפען. מענשען חדוש'ען זיך דערנאך פאר־וואס דער שילער וואס האט געהאט א „גילדענעם קעפעל" און איז געווען דער ערשטער אין זיין קלאס ווערט שפעטער אפטמאל א דורכפאל, און פארוואס דער געוועזענער „שוטה" ווערט טיילמאל גאר א גאון אדער וועניגסטענס א זעהר פעהיגער און ניצליכער מענש. און מען זאגט דעמאלט ארוים פאטאליסטיש, אז „מען קאן קיינמאל ניט וויסען וואס פון א מענש קאן נאך אמאל ווערען". דאס איז א פאלשער שלוס, א פועל־יוצא פון דעם פאלשען קריטעריום וועדליג וועלכען מען האט געשאצט די יוגענד.

אהן ספק, קראנקהייטען און אנדערע צופאלען קאנען טיילמאל ברענגען צו א שטילשטאנד א סך גוטע דיספאזיציעס אדער אפילו ארויסרופען פונקט דעם הפוך. מיר וועלען אבער טראצדעם א סך זעלטענער מאכען א טעות אין אונזער נביאות־זאגען ווען מיר וועלען באלד ביים אנהויב אויסמיידען די אנגעוויזענע גראבע פעהלערס וועל־כע ווערען בעגאנגען אין דעם אופן ווי אזוי עס ווערט אבגעשאצט א יונגער מענש. ווייטער דארף מען ברייט און ארומפאסענדיג פסי־כאלאגיש אויספארשען די ענטוויקלונג פון די בעזונדערע אינדיווידועז. און זייערע שאפונגען בעת זייערע רייפע יאהרען דארף מען פערגלייכען מיט די אייגענטימליכקייטען פון זייער קינדהייט. מען וואלט ידע־מאלט מיט א פולשטענדיגער זיכערקייט אלעמאל פון פאריוס געקאנט אויסרעכענען דעם סאציאלען ווערט פון א יונגען מענש, און בכלל פון איטליכען מענש.

א סך מענשען, אפילו וויסענשאפטס־מענער, זייענדיג פערבלענדט פון דער צוויליזאציע און פון דעם וואוילשטאנד, לייקענען אב די פאק־טישע דעגענעראציע פון אונזער ראסע. זיי זעהען ניט אז מיר פאלען אונטער דעם קולטור־שטאפעל פון אונזערע פאר־עלטערן און, אז א דאנק דעם קאן א דומקאפ אדער א שוואכלינג היינט־צוטאג אויפטון

פאלען קאן מען יא פערקוקען געוויסע ניט צו שווערע קערפערליכע מעהלערס.

די אמת'ע ווילענס-ענערגיע, איך מיין דערמיט די אויסדויער-קראפט בעת דעם דורכפירען פון אייגענע ענטשלוסען, און ניט די טיראנישע ליידענשאפט צו הערשען, איז אויך איינע פון די בעסטע אייגענשאפטען וועלכע מען דארף ענטוויקלען. די ווילענס-קראפט טאר ניט פערביטען ווערען מיט אימפולסיוויקייט, וועלכע איז מעהר איהר הפוך, אבער דער שטורמדיגער אופן אויף וועלכען אן אימפול-סיווער מענש נעהמט זיך דורכפירען זיינע מאמענטאנע ענטשלוסען, מאכט אויף אויבערפלעכליכע בעאבאכטערס ניט זעלטען דעם איינדרוק פון א ווילען.

א דאנק אן אלטער טראדיציאנעלער רוטין ווערען ליידער די פע-היגקייטען און דער גייסטיגער ווערט פון א יונגען מענש היינט-צוטאג נאך מיינסטענס געשאצט לויט די רעזולטאטען פון זיינע שול-עקזא-מענס — און דערמיט געמאכט דעם שווערסטען טעות: מחמת בכדי אויסצוהאלטען אזוינע עקזאמענס, ווי מיר האבען געזעהען, זענען כמעט בלויז נויטיג א גוטער זכרון און א ניט איבעריג שטארקע אויפפאסונגס-קראפט, און דעריבער האבען זיי ניט קיין ברעקעל ממשות. דער פועל-יוצא איז, אז דער אבקלאנג פון די לעהרערס, ד. ה. ניט מעהר ווי קלייניגקייטען פערנעהמען דעם סאמע אויבען-אן אין דער געזעלשאפט. בעת די אמת'ע חכמה, אריגינאליטעט, שאפונגס-קראפט, אויסדויער-קראפט, ערליכקייט, פעראנטווארטליכקייט און פליכט-געפיהל ווערען פערשטויסען אויף די אונטערשטע פלעצער. פאר דער ריכטיגער סא-ציאלער אבשאצונג פון א מענש זאל מען — פונקט ווי מען טוט אין די פריהערע ארומגערעדטע „לאנדערציהונגסהיימע“ — העכער אבשא-צען די אייגענשאפטען פון זיין ווילען (ענערגיע און אויסדויערקראפט), פון זיין געפיהל (סימפאטיע און פליכט-געפיהלען), זיין שאפענדיגע פאנטאזיע, א. אז. וו., איידער די קראפט פון זכרון און אויפפאסונגס-קראפט: און אפילו העכער איידער א טאלענט צו מוזיק, האנדעל, ספארט א. ד. גל., מחמת אין שפעטערדיגען לעבען זענען יענע צוערשט דערמאנ-טע אייגענשאפטען א סך וויכטיגער פון דעם שטאנדפונקט פון א מענש'ס ניצליכקייט.

יעדער רגע ברענגט דער *אטאוויזם* ארויס די עקפאריע פון בעסערע קינדער קומענדיג פון שלעכטע עלטערן, און די עקפאריע פון שלעכטע קינדער קומענדיג פון גוטע עלטערן. אין קאפיטעל 1 (מנעמע א. אז. וו.) האבען מיר קלאר געמאכט דעם צוזאמענהאנג פון די דאזיגע ערשיינונגען. זייער דרויסענדיגער און פאלשער שיין זאל אונז, ביי אן אויבערפלאכליכער בעאבאכטונג, ניט פירען צו א טעות.

וואסערע מענשען־טיפען זאלען מיר זיך בעמיהען צו פראדוצירען?

עס איז בעסער פריהער צו זיין נעגאטיוו און אנצואווייזען יענע טיפען וועלכע זאלען זיך ניט פערמעהרען. די דאזיגע זענען, ראשית כל, אלע פערברעכערס, משוגעים, שוואכזיניגע, און אלע מענשען וועלכע זענען אונפעראנטווארטליך, בייזוויליג, צאנקזיכטיג און וואס האבען מאראלישע פעהלערס. די דאזיגע מענשען ברענגען דעם סאמע גרעסטען שאדען פאר דער געזעלשאפט און שטעקען זי אן מיט דעם ערגסטען זאמען. אויך יענע וואס האבען א ליידענשאפט צו נארקאטישע מיטלען (אלקאהאל, אפיום, א. אז. וו.) שאדען דורך בלאסטאפטהאריע, הגם אין אנדערע בעציהונגען זענען זיי אפטמאל פעהיגע און נוצליכע מענשען. אין דעם דאזיגען פרט אבער זאל מען מעהר ענדערען די מנהגים און אבשאפען דעם געברויך פון די נארקאטישע מיטלען איידער די נארקאטיזירטע גופא.

א צווייטע קאטעגאריע זענען יענע וועלכע האבען בירושה א פרעדיספאזיציע צו טובערקולאזים, די כראנישע אינוואלידען, ראכיטיקער, העמאפילען, און אלע יענע מענשען וועלכע זענען ניט פעהיג צו בעשאפען א געזונדען דור צוליב גע'ירש'ענטע קראנקהייטען אדער צוליב א שוואכער קאנסטיטוציע.

פון דער אנדערערע זייט ווידער זענען יענע מענשען נויטיג פאר א יוגענישער פערמעהרונג, וועלכע זענען ניצליך פון א סאציאלען שטאנדפונקט, דאס הייסט יענע, וועלכע פיהלען א טיפע פרייד צו ארבייטען, האבען א גלייכמאסיגען טעמפעראמענט, זענען גוטמוטיג און פרידליך. אויב זיי פערמאגען נאך א חוץ דעם א קלארען שכל און אן אויפגעוועקטען גייסט, אדער זיי זענען בעשאנקען מיט א קינסטלערישער אדער אין אן אנדערער ריכטונג שאפענדיגער פאנטאזיע, טראגען זיי אודאי די גליקליכע און גוטע זריעה פאר דער צוקונפט! אין אזוינע

געקלערט וועלען העלפען דער מענשליכער צוכטוואהל מיט אלע זייערע כחות און זיי וועלען ברענגען דעם גרעסטען ערפאלג.

איך זאג נאך אמאל, אז אונזער צוועק איז דא ניט צו בעשאפען א נייע מענשליכע ראסע, צו בעשאפען איבער־מענשען, נאר שטאפעל־וויז אבצושאפען די קראנקע און אונפעהיגע אונטער־מענשען. דורך דעם וואס מיר וועלען אונטערדריקען די אורזאכען פון בלאסטאפטהאריע און דורך דעם וואס מיר וועלען ווילקירליך סטעריליזירען יענע וואס טראגען בירושה שלעכטע זאמען; און אין דערזעלביגער צייט צורעדען און איבערצייגען אלע בעסערע, סאציאלערע, געזונדערע און גליקליכערע מענשען צו האבען וואס א גרעסערע צאל קינדער.

ווען מען שטודירט גרינדליך די בלאסטאפטהאריע און אויך אלע ערשיינונגען פון דער געוועגליכער ירושה, בלייבט מעהר ניט איבער קיין שום ספק אז אונזער ציל איז מעגליך צו דערגרייכען. האט זיך דען ניט פערבעסערט די קוואליטעט פון הינט זינט מען בעמיהט זיך צו ציכטען די גוטע ראסען און צו אונטערדריקען די שלעכטע? זעהען מיר דען ניט ווי געוויסע פאמיליעס און אפילו גרעסערע מענשען־גרופען צייכענען זיך אויס מיט דער מילדקייט פון זייער כאראקטער, זייער ארבייטזאמקייט, זייער אינטעליגענץ און זייערע אידעאלע שטרעבונ־גען, מחמת אין א משך פון א סך דורות, יאהרהונדערטען לאנג, זענען די דאזיגע אייגענשאפטען כסדר אויפגעהאלטען געווארען, און דורך א פארזיכטיגער וואהל אין דער הייראט איז געהאלטען געווארען ריין זייער פאמיליען אדער ראסען־טיפ? און פערקערט, זעהען מיר דען ניט פונקט מיט אזא עקשנות בירושה זיך פארטפלאנצען פאלשקייט, נידער־טרעכטיגקייט, פוילקייט און געזונקענקייט אין אנדערע פאמיליעס? ווער עס וויל דערצו האבען א קלארען און צופערלעסיגען דאקומענט, דעם ווייז איך אז דר. יערגער׳ס בעשרייבונג פון א פאמיליע וואגאבונ־דען „פאמיליע זירא“ (זעה קאפיטעל 11). די שעדליכע פאלגען פון בלאס־טאפטהאריע און פון דער שלעכטער ירושה ווערען דא נאכגעפאלגט ביי דער גרויסער צאל מיטגלידער פון דער דאזיגער פאמיליע בעת א משך פון כמעט צוויי יאהרהונדערטען.

באמת, מען מוז זיין פערבלענדט פון רעליגיעזע פארורטיילען כדי אבצולייקענען די דאזיגע ווארהייטען. געוויס, אונזערע קרייצונגען און אונזערע פאטהאלאגישע דעגענעראציעס זענען אזוי קאמפליצירט, אז

סדר אין דער נאטור. מיר פארמולירען דערנאך א געזעץ, פון וועל־כען מיר מאכען אפטמאל אן אבגאט, אנשטאט וואס מיר זאלען די ריכ־טיגקייט פון אזוינע „געזעצען“ כסדר האלטען אויף דעם פריפשטיין פון ניידערגאנגענע ווארהייטען. די פאקטען זענען אבער דא און זיי שרייען הויך: די רעטונג ליגט אין אונזערע הענד אין דער פארם פון מיטלען צו פערהיטען און צו קאנטראלירען די שוואנגערשאפט.

מיר מוזען בענוצען די דאזיגע מיטלען, מיט דער קלוגסטער פאר־זיכטיגקייט פערשטעהט זיך, בלויז דארט וואו זיי זענען נויטיג, בעת פון דער אנדערער זייט מוזען מיר בעטאנען מיט אלע אונזערע כחות די נויטיגקייט צו האבען א ס ך ק י נ ד ע ר דארט וואו די גייסטיגע און מאראלישע קראפט איז פערבונדען מיט דער קערפערלי־כער געזונדקייט. דאס איז וואס פראנסיז גאלטאן האט אנגערופען י ו ד ז ש ע נ י ק — בעשאפונג פון די גוטע אדער גוטע בעשאפונג. די יודזשעניק איז א נייע קונסט, וועלכע מיר מוזען זיך אויסלערנען אויף א וויסענשאפטליכען פונדאמענט. דא אין דעם דאזיגען פרט זענען מיר דורכוים קענען די נעא־מאלטהוזיאנער, וועלכע ווילען אהן וואסערען ניט איז אונטערשיד פערקלענערען די צאל פון געבורטען.

ווי מיר האבען געזעהען אין קאפיטעל 14, איז די מענשליכע צוכטוואהל דאס פרינציפ וועלכעס מוז אונז פירען צו א נאך ווייטען ציל. דעם דאזיגען פרינציפ מוזען מיר שטאפעלוויין אויפנעהמען, ניט דורך א געזעצליכער צוואנג, נאר מיט דער הילף פון אן אלגעמיינער אויפקלערונג. אין שייכות צו דער געשלעכטליכער צוכטוואהל האבען מיר אין קאפיטעל 6 בעוויזען, אז סעקסועל איז די פרוי א סך מעהר וועהלעריש איידער דער מאן, און אז ביי די ווילדע פעלקער ציהט זי פאר פיזישע קראפט און מוט. היינט־צו־טאג, אלס פעולה פון די פערענדערטע מנהגים, קאן מען מערקען, אז אונזערע אינטעליגענטערע קולטור־פרויען ווערען, אדרבה, ווייניגער צוגעצויגען פון דעם מאנ׳ס קערפערליכע קראפט איידער פון זיין גייסטיגע פעהיגקייט, און הויכ־קייט אדער גאונות. דער דאזיגער פאקט גיט אונז א זעהר וויכטיגען יזאונק לטובה דער צוכטוואהל וועלכע איז אונזער וואונש און ער בעש־טעטיגט די נויטיגקייט פון א גרינדליכער אויפקלערונג פון די פרויען מכח די סעקסועלע פערהעלטניסען. די פרויען וועלען זיין אויפ־

באקטעריעס און ענליכע אונענדליך קליינע בעשעפענישען. דער קאמף צווישען מענש און מענש, דאס הייסט דער קאמף צווישען די בעזונדערע כסדר גרעסער ווערענדיגע נאציעס, געהט אויך צו זיין סוף, ווערענדיג געפירט אד אבסורדום. זאלען מיר איצט איבערלאזען די קוואנטיטאטיווע און קוואליטאטיווע רעגולאציע פון אונזער צוקינפטיגער קינדער־בעשאפונג צו דער „נארישער נאטירליכער צוכטוואהל“ — וועלכע איז ביים מענש א דאנק דער קולטור געווארען אן אוננאטירליכער ריקשריטס־פאקטאר — דאס הייסט, איבערלאזען צו דעם ברוטאלען צופאל, קראנקהייט, הונגער, מלחמה אדער קינדער־מארד, אין א צייט פון דער מענשליכער עוואלוציע ווען, אדרבה, די וויסענשאפט און די טעכניק בעקעמפען מיט אלץ מעהר און מעהר ערפאלג אלע צופאלס־אונגליקען, קראנקהייטען, קינדער־שטערבליכקייט און הונגער?

אונזער שטארקער געשלעכטס־טריב שטעהט מעהר ניט אין ערך מיט דער נויטיגקייט פון דער בעשאפונג, ניט מיט דער מעגליכקייט צו ערנעהרען אונזערע קינדער, און דער עיקר ניט מיט זייער רעכט אויף אן אנשטענדיג און מענשענווירדיג לעבען, מחמת זיי געהען מעהר ניט אונטער ווי ביי די פריהערדיגע נאטורפעלקער אלס קרבנות פון קינדער־מארד, עפידעמיעס, ווילדע חיות, פערוואהרלאזונג אדער מלחמות. אבער עס איז איבער אונזערע כחות צו ענדערען דעם געשלעכטס־טריב גופא, בעת די רעגולאציע און די קוואליטאטיווע אויסבעסערונג פון דער בעשאפונג ליגט ממש אין אונזערע הענד.

קעגען די דאזיגע פשוט’ע און עלעמענטארע ווארהייטען קאן מען ניט אוועקשטעלען קיין פארורטיילען, קיין דאגמעס און קיין אלטע שפרוכען מכח אזוי־גערופענע ניט פערענדערליכע נאטור־געזעצען. דאס וואט מיר האבען ליב צו רופען „נאטור־געזעצען“ איז בלויז יענעם וואס פאר אונזער בעגרעניצטער השגה שיינט צו געהען מיט א

ווערט. פונקט אזוי זאלען פארזיכטיג געפריפט ווערען די קינדער פון געמישטע הייראטען צווישען מאנגאלען און אריער.

## ב. פאזיטיווע אויפגאבען.

די אבשאפונג פון די איבלען און געפארען וועלכע מיר האבען אנגעוויזען אונטער דעם קעפעל א. נעגאטיווע אויפ־גאבען, וועט צוגרייטען דעם באדען פאר אן אידעאלער און געזונדער ענטוויקלונג פון די סעקסועלע פערהעלטניסען אין דער צוקונפט. צו דעם איז נויטיג צו פערהיטען די בלאסטאפטהארישע דעגענעראציע פון די זאמען־צעלען, און בכלל די פאטהאלאגישע דעגענעראציע פון דעם סעקסועלען לעבען. צו דעם זענען אויך נויטיג אמת'ע און נאטירליכע ליבעס־געפיהלען, פריי פון דעם איינפלוס פון געלד און פארורטיילען, וועלכע זאלען זיין בכח אריבערצולעבען דעם סוגעסטיווען ליבעס־רויש. און לסוף איז צו דעם נויטיג א נאטירליך־מענשליכע רעגולאציע פון די רעכטען און פליכטען פון פאטער און מוטער אנטקעגען זייערע בעשאפענע קינדער, א רעגולאציע וועלכע זאל זיין צוגעפאסט צו דעם וואוילזיין פון דער געזעלשאפט.

מיר האבען געזעהען, אז די דאזיגע צושטאנדען קאנען ניט ווערען דערגרייכט אהן דער הילף פון א קינסטליך מיטעל וועלכעס איז ביז איצט געווארען אדער כמעט פולשטענדיג פערדאמט אדער אניט איז עס געווארען אנגעווענדט פאר שלעכטע קארופטע צוועקען. איך האב דא אין זין די פרינציפיעלע און פראקטיש דורכגעפירטע אונטערשיידונג צווישען דער בעפרידיגונג פון דעם געשלעכטס־טריב און דער בעשאפונג פון קינדער.

הגם עס איז אמת, אז די דאזיגע ביידע זאכען זענען ניט צוטייל־באר פערבונדען ביי חיות און פלאנצען, איז עס אבער פונקט אזוי אהן שום ספק אז די קולטור און די געוואלדיגע סאציאלע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט האט איבעראל אויף אונזער קליין וועלטעל ארויסגערופען אנדערע בעדינגען און נויטען איידער די ביז איצטיגע, וועלכע טרעטען היינט קלאר ארויס פאר יעדענס אויגען.

דער ברוטאלער קאמף פאר דעם דאזיין, ווי ער הערשט צווישען די פערשידענע מינים חיות, עקזיסטירט כמעט ניט מעהר ביי די מענשען. דער מענש האט בלויז איצט ערגענסט נאך צו קעמפען מיט

אהן זיי ביסלעכווייז און אויף א פרידליכען אופן ניט צו פערדרענגען און צו פערניכטען, — איז נאך א פראגע וועלכע, אמת, איך קאן שטעלען אבער אויף וועלכער איך בין ניט אימשטאנד צו געבען אן ענטפער. וואלט עס זיך בלויז געהאנדעלט מכח די יאפאנעזער, וואל־טען מיר דעמאלט ניט געהאט קיין שוועריגקייטען; אבער בעזונדערס די כינעזער און עטליכע אנדערע מאנגאלישע ראסען זענען א געפאר פאר דעם קיום פון אונזער ווייסער ראסע, א געפאר וועלכע נאר א בלינדער קאן ניט זעהען. זיי לעבען מיט צוויי אדער דריי מאל וועי־ניגער נאהרונג און לופטרוים איידער מיר, און דערביי איז ביי זיי ליב צו האבען וועניגסטענס צוויי מאל אזוי פיל קינדער, און שווערער צו ארבייטען. עס איז ניט שווער צו זעהען דעם צוזאמענהאנג פון דער דאזיגער פראגע מיט דער סעקסועלער פראגע.

עס קאן זיין אז מען וואלט בעצייטענס געקאנט קומען צו אן אבמאך, א מאדוס וויוועדי, מיט די מאנגאלען, בעזונדערס מיט די כינעזער. מיר האבען יעדענפאלס מעהר מורא צו האבען פאר זייער בלוט איידער פאר זייערע וואפען. אהן ספק, די כינעזער בעזיצען א הויכע אלטע קולטור און א סך טוגענדען וועלכע פעהלען אונז. אין א סך פרטים שטעהען זיי העכער פון אונז. אבער זייער טענדענץ צו פערשלאפענקייט, צו גרויזאמקייט און צו א שרעקליכער פערמעה־רונג, זענען זייערע טרויריגע אייגענשאפטען, וועלכעווארפען א אומ־מעדיג ליכט אויף דער צוקונפט פון דער מענשהייט, אויב די דאזיגע פרידליכע און פלייסיגע ראסע וואלט דורך הונגער אויף א פרידליכען אופן פערטיליגט אלע אנדערע ראסען.

בכדי די דאזיגע גאנצע פראגע ריכטיג צו לייזען דארף מען ניט, ווי דאס טוט דער פראנצויז לע באן, ארייננווארפען אין דער וואג־שאל אלס פאטאליסטיש פארויסבעשטימט בלויז די גע׳ירש׳ענטע ראסען־אייגענשאפטען, און דער עיקר, פערקערט ווידער, ניט ערווארטען די גאנצע ישועה פון דער ערציהונג און פון דער סאציאלער ארגאניזא־ציע.ביידע גרופען פאקטארען מוזען פארזיכטיג ווערען בעטראכט און אבגעוואויגען. מען מוז אויך, און דאס איז דער עיקר, עקספערי־מענטירען: ניי־געבוירענע מאנגאלישע קינדער געבען אן אייראפעישע ערציהונג אין אייראפא און זיי שפעטער פריפען אויף זייער קולטור־

אוים ווייל זיי זענען ניט פרוכטבאר. די איירא־פּעער האבען צווישען זיי איינגעפירט אזוי פיל אויסגעלאסענקייט, שכרות און ווענערישע קראנקהייטען, אז פון זיי ווערט א תל ניט האבענדיג די קראפט די דאזיגע פלאגען בייצוקומען און זיך צו פערטייטיגען קעגען זיי: אזוי איז עס מיט די וועדאס, די רויט־הויטיגע פון נארד־אמעריקא, אפילו מיט די מאלייער א. אז. וו.

אבער גאנץ אנדערש שטעלט זיך אוועק דער ענין בנוגע צו די נעגערס, וועלכע זענען זעהר ווידערשטאנדס־פעהיג, זענען שטארק פרוכטבאר און פאסען זיך צו איבעראל צו דער ציוויליזאציע. יענע אבער וועלכע גלויבען אז די נעגערס קאנען ווערען א העכערע קולטור־ראסע אהן א פילאנטראפישער אומוואנדלונג, וועלכע וועט פערנעהמען א משך פון אונצעליגע טויזענדער יאהרען, זענען אוטאפּיסטען. איך וויל זיך דא אין דער דאזיגער דיסקוסיע ווייטער ניט פערברייטען, אבער איך מיין, אז אין דער לאנגער צייט, בעת וועלכער די נעגערס אין אמעריקא זענען געשטאנען אונטער דעם איינפלוס פון אונזער קולטור, האבען זיי געדארפט פון לאנג שוין בעווייזען זייער פעהיגקייט די דאזיגע קולטור זעלבסשטענדיג אויפצוהאלטען און ווייטער אויפצובויען. אנשטאט דעם זעהען מיר, ווי די פריהער ציוויליזירטע נעגערס פון האיטי, נאכדעם ווי מען האט זיי איבערגעלאזען צו זיך, זענען ווידער צוריקגעפאלען אין דער ערגסטער בארבאריי און האבען אפילו בארבאריזירט דאס קריסטענטום וועלכעס זיי האבען דעמאלט איבערגענומען. אין פערגלייך צו דעם זעהען מיר, מיט וועלכער שנעלקייט, אויף דעם יסוד פון זיין איצטיגער איינגעבוירענער ענער־גיע אליין, א קולטור־פעהיג פאלק, ווי די יאפּאנעזער, האט אהן דעם קריסטענטום אסימילירט אונזער קולטור, און אויך ווי די זיד־סלאווען ציוויליזירען זיך רעלאטיוו גיך נאכדעם ווי זיי זענען פריי געווארען פון דעם פאנאטיש פאראליזירענדיגען טערקישען יאך.

דעם ווערט פון א בוים דערקענט מען אין זיינע פרות. די יאפּא־נעזער זענען א קולטור־פאלק און זיי מוזען בעהאנדעלט ווערען אלס אזא פאלק; די נעגערס אבער זענען דאס ניט, דאס הייסט, זיי זענען פון זיך גופא פעהיג נאר צו א נידעריגען קולטור־שטאפּעל.

אויף ווי ווייט די מאנגאלישע ראסע, און אפילו די אידישע רא־סע, קאן זיך אויסמישען מיט די אינדא־גערמאנישע קולטור־פעלקער.

בעזונדערס יעדער אנגריף, יעדע אוננויטיגע אריינמישונג פון דעם שטאאט אין דעם געשלעכטס־לעבען מיט חער הילף פון ניט גערעכטע געזעצען און רעגולאציעס, און אויך אלע ענליכע געוואלט־אקטען קע־גען די נאטירליכע סעקסועלע בעדערפענישען פון דעם מענש (אין דער הייראט, א. אז. וו.), — אז דאס אלעס מוז בעקעמפט ווערען.

7. **געשלעכטס-קראנקהייטען.** — ווייטער מוז געפירט ווע־רען א שווערער קאמף קעגען די פאטהאלאגישע דעגענעראציעס פון דעם געשלעכטס־טריב און קעגען די ווענערישע קראנקהייטען. מיט די דאזיגע ענינים האבען מיר זיך ברייטער פערנומען אין די קאפיט־לען 8, 10, 13 און 14. צוזאמען מיט דער פאטהאלאגיע פון דעם גע־שלעכטס־טריב מוז מען בעהאנדלען די סעקסועלע פערברעכענס. מחמת כמעט איבעראל האנדעלט זיך דא מכח אבנארמאליטעטען פון דעם מענשליכען געהירן, וועלכע מען קאן ניט אויסבעסערען אדער אבשאפען מיט געווענליכע שטראפען אדער אנדערע מאסרעגלען פון דעם שטראף־געזעץ. וו ימיר האבען שוין געזאגט, קאנען פאר דער געגענווארט העלפען בלויז מעדיצינישע און אדמיניסטראטיווע בע־שרענקונגען, וועלכע וועלען בעשיצען די געזעלשאפט קעגען געפער־ליכע און דעגענערירטע מענשען; בעת פאר דער צוקונפט מוז מען די דאזיגע מענשען מעדיציניש בעהאנדלען, ווי ווייט מעגליך פערהיטען זייער פארטפלאנצונג און אונטערדריקען די אורזאכען פון בלאסטאפ־טהאריע דורך דעם וואס מיר וועלען ערפילען אונזער צווייטען פאס־טולאט.

8. **דער קאנפליקט פון די מענשליכע ראסען.** — לסוף קומען מיר צו אן אויסערגעווענליך ערנסטען ענין, אן ענין וועלכען מיר האבען שוין בערירט:—ווי אזוי זאל אונזער ציוויליזירטע מענש־הייט בעגעגענען די געפאר ניט איבערגעשוואומען צו ווערען פון נידע־ריגערע מענשען־ראסען א דאנק זייער גרויסער פרוכטבארקייט? די דאזיגע געפאר טאר ניט פערזעהען ווערען. כדי אבער די דאזיגע געפאר ריכטיג אבצושאצען קאן מען ניט פשוט און אהן א חלוק אלע "ווילדע" און „בארבארען" אוועקשטעלען אויף איין זייט, און אלע „ציוויליזירטע" אוועקשטעלען אויף דער אנדערער זייט. דער ענין איז א סך מעהר קאמפליצירט. א סך ווילדע פעלקער שטארבען גיך

לירען דעם חוש פאר דאָס וואָס איז און וועט אייביג זיין מענשליך.

די פאָלגענדע פאָסטולאַטען האָבען א שייכות מעהר צו טיילווייזע אדער לאָקאלע געפאַרען אדער אויסוואוקסען.

.5 פּאָרנאָגראַפיע. — אין די קאַפּיטלען 5, 10 און 18 האָבען מיר בעהאַנדעלט די פּאָרנאָגראַפיע, און אין קאַפּיטעל 17 האָבען מיר גערעדט מכח איהר גרויסער געפאַר פאר דער ענטוויקלונג פון א נאָר־מאַל געשלעכטס־לעבען איז דער יוגענד. הגם די פּאָרנאָגראַפיע פער־דאַנקט איהר קיום און איהר ענטוויקלונג ביז א הויכען שטאַפּעל צו דער מענשליכער זשעדנעקייט, דאַרף מען אָבער פון דער אַנדערער זייט ניט פערגעסען, אַז איהרע וואָרצלען ליגען אין דעם נאַטירליכען עראָטיזם, און אַז בעזונדערס דער מענליכער עראָטיזם העלפט איהר קאָמערציעלע ענטוויקלונג .עס איז דעריבער, ווי מיר האָבען געזאָגט, א סאָציאַלע פליכט צו בעקעמפען די פּאָרנאָגראַפישע שאַפונגען פון אַן אונגעזונדען, נידעריגען און שמוציגען עראָטיזם, אַזוי גוט ווי דעם עראָטיזם גופא אָהן דערביי אויף וועלכען ניט איז אופן אויפצושטעלען א צוים קעגען דער אמת׳ער קונסט. דער מענשליכער געשלעכטס־טריב איז דורכשניטליך סיי ווי סיי גענוג שטאַרק, יאָ מיר קאָנען אפילו זאָגען צו שטאַרק, אין פערגלייך צו די סאָציאַלע בעדערפּע־נישען פון בעשאַפונג; מען דאַרף איהם ניט נאָך קיצלען און איהם סטימולירען און אויפהויבען דורך אַלערליי קינסטליכע מיטלען. דער קאַמף קעגען דער פּאָרנאָגראַפיע מוז דעריבער אויך אויפגענומען ווע־רען אַלס א פּאָסטולאַט. מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען, אַז די פּאָר־נאָגראַפיע וועלען מיר גובר־זיין מיט מעהר ערפאָלג אינדירעקט, דורך דער ערפילונג פון די פיער אויבען־דערמאָנטע פּאָסטולאַטען, און דורך דער אויפהויבונג פון די אידעאַלען און פון דעם קונסט־געפיהל אין מענש, איידער דורך דירעקטע אונטערדריקונגס־מיטלען. די לעצטע זאָל מען נאָר אַנווענדען קעגען די ערגסטע אויסוואוקסען פון דער פּאָרנאָגראַפיע.

.6 פּאָליטיק און דאָס געשלעכטס-לעבען. — איך וויל בלויז בקצור נאָך אַמאָל דערמאָנען, אַז אַלע פּאָליטישע מיסברויכען מצד דעם געשלעכטס־לעבען. אַזוי גוט ווי דער מיסברויך פון דעם איינ־פלוס פון די סעקסועלע פאַקטאָרען אין דעם פּאָליטישען געביט, אַז

טיגט, פערהייליגט און אפילו פערגעטערט. איך וועל קיינמאל ניט פערגעסען די דיסקוסיע וועלכע איך האב געהאט אויף א טראנסאט־לאנטישער שיף מיט קאטאלישע ארעלליט, פראנצויזען, א דיסקוסיע וועלכע האט זיך געצויגען עטליכע טעג נאכאנאנד. מיט אן אונגלויב־ליכער עקשנות האבען די דאזיגע מענשען פערטייטיגט די שענדליכ־סטע סעקסועלע עקסצעסען און אויסגלאסענקייטען, די גרעסטע פא־ראדאקסען, אונגערעכטיגקייטען און אבסורדען. א זייטיגער מענש אהן פארורטיילען וואלט זיך פון אנהויב געקאנט פרעגען אויב זיי מאכען ניט קיין שפאס. אבער ביי זיי איז דאס געווען א הייליגער ערענסט, פונקט אזוי ערענסט ווי די אנהענגער פון דועל פערטייטיגען זייער נארישען כבוד.

איך ביז איבערצייגט אז בלויז די איינפירונג פון א וויסענשאפט־ליכען גייסט, פון א געזונד אינדוקטיוו און פילאזאפיש דענקען אין די שולען און בכלל צווישען די מאסען פון פאלק, אז נאר און נאר דאס אליין וועט קאנען ביז א געוויסען שטאפעל גובר־זיין די פוסטע פלוי־דערייען און די נארישע איבער'חזר'ונגען און רוטינעס, וועלכע זענען איינגעווארצעלט אין דעם יראת הכבוד פאר פארורטיילען און אלטע הייליגע פסוקים.

מיר האבען שוין גענוג ארומגערעדט די פארורטיילען און די אב־געלעבטע מדות און מנהגים וועלכע מען דארף בעקעמפען אין דעם סעקסועלען געביט, און מיר ווענלען זיך צו דעם דאזיגען ענין ניט צוריקקערען. די דאזיגע גאנצע קאטעגאריע פון אורזאכען פון דעם איבעל, א קאטעגאריע וועלכע שפילט א חוץ דא, אויך א געוואלדיגע ראלע אין אלע איבעריגע געביטען פון דעם מענשליכען לעבען, קאן חעריבער נאר בעקעמפט ווערען מיט די וואפען פון דער אמת'ער וויסענשאפט און פון א פרייער אלזייטיגער ערציהונג פון דעם כאראק־טער פון דער יוגענד. איך וויל דא נאך אמאל בעטאנען די נויטיג־קייט פון אזא קאמף. עס איז דעריבער נויטיג, אז די וויסענשאפטס־מענער און געלעהרטע זאלען אלעמאל ארויסקומען פון זייער קדשי־קדשים און מיט זייער לאטערנע ארייגלייכטען אין די נאך אזוי טונ־קעלע ווירבעל־שטראמען פון דער מענשליכער געזעלשאפט. זיי מוזען טון זייער חלק ארבייט אין דעם סאציאלען קאמף שוין דערפאר אליין בכדי צוליב לויטער פראפעסיאנעלער געלעהרזאמקייט ניט צו פער־

דאַזיגען אופן צו ענטוויקלען זיין פּערזענליכקייט, כדי ניט צו ווערען פערוועלקט ווי א חיה אין א שטאַל. נאר דאס רעכט פון דעם שטאַרקערען, וועלכער האָט זיך געהאַדעוועט אויף נארישע אונבע־וואוסטע פאָרורטיילען, קאָן דאָס דאַזיגע אבלייקענען אדער ניט בע־גרייפען. די געזעצליכע בעשרענקונגען וועלכע מיר צווינגען ארויף אויף דער פרוי, די פרוי וועלכע טוט אונז ניט קיין שאָדען, האָבען אין דער אמת׳ן קיין שייכות ניט מיט די גערעכטע בעשרענקונגען וועלכע דאָס געזעץ מוז אויפשטעלען קעגען די אַנגריפען פון דעם אינדיווי־דועלען עגאָיזם, אויף אזוי ווייט ווי די דאַזיגע אַנגריפען זענען להפוך די רעכטען פון אנדערע מענשען אדער פון דער געזעלשאַפט.

4. פּאָרורטייל און טראַדיציע. — נאָך אַן אנדערער שונא הויבט זיך אויף קעגען אלע רעפאָרמען. דער דאַזיגער שונא ליגט אָבער אזוי טיף אין דער מענשליכער נאַטור, אז מען קאָן נאר האָפען אויף זיין שטאַפּעלדיגער אָבשוואַכונג בלויז דורך א כסדר׳דיגער אויפ־הויבונג פון דער מענשליכער קוואַליטעט. איך האָב דאַ אין זין די בערג פון טראַדיציאָנעלע מנהגים, פּאָרורטיילען, מיסטישע אָבער־גלויבענס, רעליגיעזע דאָגמעס און דגל. מיר וואָלטען געמוזט אויספּי־לען א ספר, א סך זייטען מיט מאָראַלישע דרשות ווען מיר וואָלטען געוואָלט אויסרעכענען די אלע אויסגעלאַסענקייטען וועלכע ווערען אָהן אַן אויפהער בעשאַפען און אויפגעהאַלטען פון דער אונגליקליכער מענשליכער טבע יעדען אַלטען מנהג צו האַלטען פאַר הייליג און ניט בערירבאַר.

דער פּאָרורטייל און דער גלויבען אין אויטאָריטעט, דאָס „איי־ביג נעכטיגע", דער מיסטיציזם, א. אז. וו., גיבען זייער הילף, אין אַ בעוואוסטער אדער אונבעוואוסטער היפּאָקריטסטווע און מיט מעהר אדער ווייניגער דורכזיכטיגע סאָפיזמען, צו אלע נידעריגע מענשליכע ליידענשאַפטען — קנאה, שנאה, פּוסטע גאוה, קאַרגשאַפט, סעקסו־עלע אויסגעלאַסענקייט, בערעדעריי, הערשזוכט, פוילקייט, א. אז. וו. — כדי אויף זיי אַרויפצוציהען דאָס ווירדיגע געוואַנד פון הייליגע אַלטע מנהגים און צו סאַנקציאָנירען זייער געזונקענקייט שטיצענדיג זיך אויף אלטע אויטאָריטעטען. עס איז ניט פאַראַן קיין שענדליכ־קייט וועלכע איז ניט אויף דעם דאַזיגען וועג געוואָרען גערעכטפער־

זיי צו ברוטאַליזירען ווי לאַסט־חיות פאר די מענער. זיי זאָלען קרי־
גען די זעלבסטשטענדיגע פּאָזיציע וועלכע שטעהט איין זעלביגען ערד
צו זייער נאַטירליכער אויפגאַבע אין דער געזעלשאַפט.

גראד זייער סעקסועלע ראָלע איז אזוי אמת ערענסט, אזוי בעצם
וויכטיג, אז זי גיט זיי דאָס רעכט צו גרויסע פּאָדערונגען איז סאָצי־
אַלען לעבען. איך וויל דאָ ניט איבער'חזר'ען וואָס איך האָב געזאָגט
אין קאַפּיטעל 13. נאר איך וויל דערקלערען קורץ און שאַרף אז, ווען
די פרויען וועלען אין דער געזעלשאַפט האָבען געווינען זייערע רעכ־
טען און פליכטען (עס פערשטעהט זיך ווערליג דעם געשלעכטס־אונטער־
שיד) גלייך צו די רעכטען און פליכטען פון די מענער, ד. ה. ווען זיי
וועלען אויף זייער אופן און לויט זייער ווייבליכען געניוס פונקט אזוי
בעשטימענדיג ווירקען אויף דעם גאַנג, אויף דער ענטוויקלונג פון דער
געזעלשאַפט ווי די מענער, וועט דעמאָלט זיין אויסגעריסען נאָך א
הויפּטווארצעל פון די היינטיגע סעקסועלע איבלען. די פולשטענדיגע
עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי איז דעריבער אונזער דריטער וויכטיגער
פּאָסטולאַט: דעריין זענען מיר פולשטענדיג איינפערשטאַנען מיט
אזוינע מענער ווי צ. ב. וועסטערמארק און סעקרעטאַן.

ווי מיר האָבען שוין געזאָגט אין די קאַפּיטלען 13 און 17,
איז דער אונטערשיד צווישעןביידע געשלעכטער ניט קיין אורזאַך,
אז דער מאַן זאָל אליין פאַר זיך צונעהמען די סאָציאַלע און פּאָלי־
טישע רעכטען. די דרויסענדיגע וועלט און אונזערע מיטמענשען,
דאָס הייסט די געגענשטאַנדען פון פאר וועלכע און פאר וועלכע, א חוץ פאַר
זיך, מיר לעבען גייסטיג און קערפּערליך, זענען פאר ביידע געש־
לעכטער די אייגענע. אפילו ווען די גייסטיגע פעהיגקייט פון איין
געשלעכט איז דורכשניטליך אביסעל העכער איידער פון אנדערען,
גיט דאָס דעם ערשטען ניט קיין רעכט דעם צווייטען אבצוזאָגען די
פרייהייט צו לעבען פון דעם סאָציאַלען שטאַנדפּונקט ווערליג זיינע
אייגענע פעהיגקייטען. אז עס איז דאָ א חלוק צווישען ביידע געש־
לעכטער איז זיכער אמת; אָבער יעדע געזעצליכע און דעריבער
קינסטליכע בעשרענקונג פון איין געשלעכט דורך דעם אנדערען, מיינט
אַ שטערונג אין דער פרייער ענטוויקלונג פון ביידע, מחמת יעדעם
געשלעכט האָט דאָס הייליגע נאַטור־רעכט אויפצופּאַסען די וועלט
פריי און זי צו פערדייען לויט זיין אייגענעם גייסט, און אויף דעם

רייצט צוערשט אלעמאל דעם געשלעכטס־טריב, אפטמאל אויף א בעס־טיאלישען אופן, און פירט איהם צו די שמוציגסטע און ווידערליכס־טע עקסצעסען, טראץ דער אבגעשוואכטער פאטענץ. זייער גענוס האט ניט קיין אמת׳ן נוצען, אדרבה, ער פירט בלויז צו די שרעקליכסטע אינדיווידועלע און סאציאלע שאדענס.

די אבסטינענץ פעריינען האבען אונטערגענומען א פערניכ־טונגס - קאמף קעגען דעם געברויך פון אלע גענוס - מיטלען, אויף וויפיל די ערפארונג האט בעוויזען אז זיי זענען א סאציאלע געפאר. לאמיר האפען, אז זיי וועט געלונגען אין די קומענדיגע יאהרען דעם דאזיגען קאמף צו קרוינען מיט ערפאלג, ווי דאס איז זיי שוין געלונ־גען אין עטליכע צפון־לענדער. דעמאלט וועט מען האבען ארויסגע־ריסען א צווייטען הויפטווארצעל פון דער דעגענעראציע פון דעם געשלעכטס־טריב און פון דעם געשלעכטס־לעבען.

3. די בעפרייונג פון דער פרוי. — א דריטער קוואל פון די סעקסועלע אבנארמאליטעטען און אוננאטירליכקייטען קאן נאר דעמאלט אויסגעטרוקענט ווערען ווען די פרוי וועט קריגען דיזעלביגע רעכטען ווי ס׳ דער מאן. ביי קיין חיה איז די זי א געגענשטאנד וועל־כען דער מאן בעזיצט. אין ערגיץ ניט אין דער נאטור געפינען מיר דאס שקלאפישע געזעץ וועלכעס אונטערווארפט איין געשלעכט קעגען זיין ווילען צום אנדערען. אפילו ביי די מוראזשקעס איז דער ער, וועלכער איז זעהר א סך אבהענגיג, צוליב זיין גרויסער פיזיאלא־גישער מינדערווערטקייט, פון דעם ארבייטער, ניט אונטערגעווארפען צו קיין שום צוואנג און וואלט זיך באלד געקאנט בעפרייען ווען ער וואלט עס נאר געקאנט וועלען. די טענה אז דער מאן שטעהט גייס־טיג העכער פון דער פרוי, האבען מיר שוין פריהער בעוויזען אלס פויל און נישטיג.

די עמאנציפאציע פון די פרויען וויל ניט פון די פרויען מאכען מענער, נאר זי וויל זיי צוריקגעבען זייערע מענשליכע, איך וואלט אפילו געזאגט, זייערע חיה׳שע נאטור־רעכטען. זי וועט די פרויען אויף קיין שום אופן ניט אוועקנעהמען פון דער ארבייט אדער זיי פון איהר אבגעוואוינען. פונקט ווי די פרויען זאלען ניט פערצויגען ווערען ווי שווים־הינטלעך, פונקט אזוי זאלען זיי ניט געהאדעוועט ווערען כדי

גער קאמף איז די ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאבע כדי אויסצורייניגען, הגם אויף אן אינדירעקטען וועג, אונזערע סעקסועלע פערהעלטניסען.

2. **דער געברויך פון נארקאטישע מיטלען.** — די געוואוינהייט צו געניסען נארקאטישע גיפטען, בעזונדערס אלקאהאל, פירט, ווי מיר האבען דאס געזעהען אין קאפיטעל 8 און אין די קאפיטלען 10 און 11, צו א שווערער פיזישער און מארא׳לישער דעגענעראציע פון די מענשען, און ניט בלויז פון זיי אליין, נאר אויך צו א דעגענעראציע פון זייערע זאמען־צעלען און דורך דעם פון זייערע קינדער. איך האב דאס אנגערופען בלאסטאפטהאריע. די בלאסטאפטהאריע איז אבער וועדליג איהר נאטור ענג פערקניפט מיט דעם סעקסועלען פערנאמען, און דעריבער קאן די ווירקונג פון די דאזיגע גיפטען דורך איין אינדיווידיום אריבערגעהען אויף א סך דורות.

דא איז בלויז פאראן איין ראדיקאלע רפואה וועלכע מען וואלט לייכט געקאנט בענוצען ווען די מענשען וואלטען ניט געווען אזוינע בלינדע שקלאפען, פון איין זייט צו זייערע געוואוינהייטען און פארורטיילען, און פון דער אנדערער זייט צום געלד און צו זייער גענוס־זוכט. אלע נארקאטישע מיטלען, קודם כל דער אלקאהאל, זאלען אבגעשאפט ווערען אלס גענוס־מיטלען, און מען זאל זיי בלויז ערלויבען אין דער אפטייק וואו זיי זאלען נאר געברויכט ווערען אלס רפואה. דער אלקאהאל קאן אויך געברויכט ווערען פאר אינדוסטריעלע צוועקען. דער נארקאז פאראליזירט דאס געהירן, אפילו ווען מען געברויכט איהם אין א בכבוד׳דיגער פארם און אין די שוואכסטע גראדען: תחלת מאכט ער לויז די צונג, אבער ווי עס איז בעוויזען געווארען, צושטערט ער די פערבינדונגען פון די געדאנקען און מאכט זיי אויבערפלאכליכער, אהן אז דער מענש זאל דאס בעמערקען; מאמענטאן רופט ער ארויס אן אנגענעמע שטימונג צו וועלכער דער מענש געוואוינט זיך גיך צו, און וועלכע בעשאפט אין איהם א שוואכערען אדער שטארקערען אפעטיט צו דעם ביטערען טראפען און טרייבט איהם אין זיין פערבלענדעניש און שוואכקייט אלעמאל מעהר און מעהר צו דעם דאזיגען בערוישונגס־מיטעל.

די מייגסטע פון יענע מיטלען, ווידער בעזונדערס דער אלקאהאל

דעם הפוך. געניאלע פארשערס, דענקערס, ערפינדערס און קינסטלערס ווערען געטריבען צו ארבייטען דורך זייער ליבע צום אמת, דורך זייערע אידעאלע אינסטינקטען. דערנאך אבער קריכען ארויס די כהנים פון דעם גאט מאמאן פון זייערע שווארצע בעהעלטענישען, פון וואנען זיי האבען געלויערט אויף זייערע ענטדעקונגען און שאפונגען, און רויבען פון זיי אוועק ניט בלויז די פרוכט פון זייער ארבייט, כדי זיך אליין צו בעלאדען מיט עשירות, נאר אפטמאל אויך זייער פערדינטען כבוד, און בעפוצען זיך אליין מיט איהם. די גייסטיגע גנבה איז אן הוספה צו דער געלד־גנבה; דאס זענען די העלדישקייטען פון „מאמאניזם".

און וואסערע חריפות, וואסערע ראפינירטקייט ער בעווייזט דער־ביי! דאס הייסט עס זאל זיין דער איינציגער סטימולאנט צו דער מענשליכער ארבייט און צו דער קולטור! ניין, עס לעגט זיך ניט אויפ'ן שכל. אמת, די שארפע קאנקורענץ צוליב דער מענשליכער זשעדנע־קייט טרייבט צו א פיבערהאפטער ארבייט. אבער דאס דאזיגע פי־בער, וועלכעס איז מייגסטענס פערבונדען מיט דער ליידענשאפט פאר גענוס, און ארבייט כמעט נאר בכדי צו קריגען די מיטלען פאר דער בעפרידיגונג פון די דאזיגע ליידענשאפטען, איז א קרענקליך שטרע־בען. אנדערע טרייב־כחות מוזען אנקומען און סטימולירען די מענש־ליכע ארבייט, און צום גליק זענען פאראן אזוינע כחות. מען מוז זיי נאר זוכען, מחמת אהן ארבייט עקזיסטירט ניט קיין קולטור, קיין סא־ציאלער פארטשריט און קיין גליק.

דער קולט פון דעם גאלדענעם קאלב, דאס בענוצען די אנגעזא־מעלטע עשירות אלס א מיטעל כדי צו עקספלואטירען די ארבייט פון אנדערע מענשען פאר עגאיסטישע אינדיווידועלע צוועקען, איז דע־ריבער דער ערשטער הויפטווארצעל פון דער סעקסועלער דעגענערא־ציע, פון דער קויף־הייראט, געלד־הייראט, פראסטיטוציע און די גאנצע קארופציע פון אלעם און אלע וואס זענען מיט זיי פערבונדען. אויב דער דאזיגער ווארצעל וועט ניט זיין אויסגעריסען, וועט די מענשהייט קיינמאל ניט זיין בכח צו בעשאפען א געזונד סעקסועל לעבען. דער קאמף קעגען דעם מאדערנעם מאנטשעסטערטום, ד. ה. קעגען דעם איבערגעטריבענעם געזעצליכען רעכט פון דעם קאפיטא־ליסט, דאס רעכט וועלכעס פירט צו אלע מיסברויכען, — דער דאזי

ארויסלאזען פון אויג קיינעם פון די ביידע פאקטארען פון דער סאָ־ציאַלער רעטונג.

מיר האָבען זיך בעקענט מיט די וויכטיגסטע וואָרצלען פון דער סעקסועלער דעגענעראַציע, וועלכע די דאָזיגע האַלבע ציוויליזאַציע האָט אונז בעשערט. מיר זאָגען „האַלבע ציוויליזאַציע“ מחמת אין דער אמת'ן איז אונזער היינטיגע ציוויליזאַציע נאָך גאָר ניש'קשה'דיג ניט פערענדיגט, און האָט אייגענטליך ניט מעהר ווי אויבערפלאַכליך אַנגערירט די ברייטע פאָלקמאַסען. אמת העכערע קולטור־מענשען זענען א סך בעסער איבערגעקומען די קינדער־קראַנקהייטען פון דער ציוויליזאַציע איידער די ניט־געבילדעטע מאַסען. און דער דאָזיגער פאַקט דאַרף אין אונז אויפוועקען מוט און צוטרויען פאַר א צוקונפט אין וועלכער די אמת'ע העכערע קולטור וועט זיין א מתנה פאר אלע־מען. די אויפגעדעקטע וואָרצלען פון דער סעקסועלער דעגענעראַציע זענען טיילווייז דירעקט און טיילווייז אינדירעקט פערבונדען מיט דעם געשלעכטס־לעבען. מיר מוזען קענען אלע דערקלערען א מלחמה פון פערניכטונג, און דעם דאָזיגען קאמף ניט אויפהערען, ביז מיר וועלען זיי לכל הפחות רעדוצירען צו זייער פרימיטיוו און אַנטירליך מינימום. די פאָלגענדע זענען די וויכטיגסטע:

1. דער קולט פון געלד. — מיט דעם ערשטען קוואַל פון דער סעקסועלער דעגענעראַציע האָבען מיר זיך בעקענט אין דער היסטאָ־רישער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט און איהר געשלעכטס־לעבען (קאַפּיטעל 6 און 10). ער בעשטעהט אין דער עקספּלואַטאַציע פון איין מענש דורך דעם אנדערען, אין דעם בעגער אָהן שווערע מיה צו דערגרייכען צו עשירות און מאַכט, וועלכע ווערען די אורזאַך פון דער רויב־הייראַט, פון דער קייף־הייראַט, פון דער פּראָסטיטוציע און פון אלע היינטיגע ראַפינירטקייטען, מיט וועלכע ווידער עס ווערט גע־האָדעוועט און געציכט די ליידענשאַפט פאר סעקסועלע פערגעניגענס. מיט דער הילף פון די אלע מיטלען וועלכע די מאַכט פון געלד קאָן נאָר קריגען.

עס איז ניט אמת וואָס די כהנים פון מאַמאָן זאָגען, אז זייער גאָט, דאָס גאָלדענע קאַלב, איז די שטאַרקסטע טרייבקראַפט צו דער ארבייט און, דער עיקר־אויפבויער פון דער קולטור. מיר זעהען גראָד

5.) אין די קאפיטלען 9 ביז 18, האבען מיר בעלויכטען דאס שייכות פון דעם געזעלשאפטס-לעבען צו די וויכטיגסטע מענשליכע ספערען פון געפיהל און אינטערעסען, צו דער סוגעסציע, צום געלד און אייגענטום, צו די דרויסענדיגע בעדינגען פון לעבען, צו דער רעליגיע, צום געזעץ, צו דער מעדיצין, דער עטיק, פאליטיק און דער פאליטישער עקאנאמיע, פעדאגאגיק און קונסט, און מיר האבען געהאלטען אין אויג די געזעלשאפטליכע איינריכטונגען און מנהגים וועלכע שטעהען מיט זיי אין א צוזאמענהאנג.

אויב מיר מאכען א סך-הכל פון אונזערע רעזולטאטען, קאנען מיר פון זיי צוזאמענשטעלען א רייה פון שלוסען וועלכע מיר וועלען צוטיילען אין צוויי גרופען:

## א. נעגאטיווע אויפגאבען.

**דירעקטע אדער אינדירעקטע אורזאכען פון סעקסועלע איבלען, און זייערע ענטשפרעכענדע סאציאלע אויסגעלאסענקייטען, די אבשאפונג פון וועלכע איז א נויטיגקייט.**

דער זומפ, אין וועלכען א האלב-ציוויליזירטער צושטאנד האט אריינגעווארפען די מענשהייט, דערמיט וואס ער האט אהן א ערך פערגרינגערט דאס דערגרייכען פון די מיטלען צו בעפרידיגען איהרע לייכטזיניגע און ניט בעגרעניצטע ליידענשאפטען פאר פערגעניגענס, ווערט טאקע אויפגעהאלטען פון די דאזיגע ליידענשאפטען גופא, און אין דערזעלביגער צייט ווערט ער אויסגענוצט פון מעכטיגע געלד אינטערעסען. כסדר אבער קאן דאס ניט-בעגרעניצטע איבערגעבען זיך פון דעם יחיד צו כל'ערליי תענוגים זיך ניט פערטראגען מיט דעם וואוילזיין און בעשטאנד פון דער געזעלשאפט. אט דא ליגט דער קנופ פון דער גאנצער שוועריגקייט. קעגען יענע ליידענשאפטען פאר פערגעניגענס מוז מען אויפשטעלען קינסטליכע צוימען, דורך א בעסערער סאציאלער ארגאניזאציע, און עס מוז אויפגעהויבען ווערען די סאציאלע קוואליטעט, ד. ה. דער אלטרואיזם אדער דער סאציאלער אינסטינקט פון די מענשען. אט שוין באלד קאנען מיר בלויז דערגרייכען דאס ערשטע. דאס צווייטע אבער, ווי מיר האבען געזעהען, קאן צוגעגרייט ווערען פאר דער צוקונפט: מיר טארען ניט

טיגער סעקסועלער געטריישאפט. 15% פון די הייראטען פערנעהמען זיך מיט בארדעל-געשעפטען.

די זאך איז אהן ספק ניט איבעראל דורכוים אזוי שלעכט. פון-דעסטוועגען פאר די גרויסע שטעדט טרעפט דאס בילד ליידער מיינס-טענס דעם נאגעל אויף דעם קאפ. אט אזוי זעהט אוים די צבוע'אצקע מאראל פון אונזער מאנאגאמישער קריסטליכער הייראט, און ווער עס וויל זיין ערליך מוז זעהען די נויטיגקייט פון א גרינדליכער רעפארם; עס קאן שוין כמעט ניט ווערען א סך ערגער ווי עס איז.

סך-הכל. — לאמיר איצט איבערבליקען די ערשטע אכטצען קאפיטלען פון דעם בוך:

1.) אין די ערשטע פינף קאפיטלען האבען מיר זיך בעקענט מיט דער נאטור-געשיכטע, מיט דער אנאטאמיע און פיזיאלאגיע פון די געשלעכטס-ארגאנען און מיט דער נארמאלער פסיכאלאגיע פון דעם געשלעכטס-לעבען.

2.) אין קאפיטעל 6 האבען מיר געגעבען (הויפטזעכליך לוים וועסטערמארק) דעם סך-הכל פון דער עטהנאגראפיע און פון דער געשיכטע פון די סעקסועלע פערהעלטניסען פון די פערשידענע מענשליכע פעלקער.

3.) אין קאפיטעל 7 האבען מיר געפרופט פון איין זייט אנצו-ווייזען די זאאלאגישע עוואלוציע פון דעם געשלעכטס-לעבען (פילא-געניע) דורכגעהענדיג די רייה פון אונזערע חיה'שע אור-עלטערן, און פון דער אנדערער זייט בקצור בעשרייבען דעם אינדיווידועלען ענט-וויקלונגס-גאנג פון דעם מענשליכען געשלעכטס-לעבען, פון געבוירען ווערען ביז צום אבשטארבען. דערמיט האבען מיר געוואלט בעקענען דעם לעזער מיט די צוויי ווארצעל-גרופען פון אונזערע אלע סעקסועלע געפיהלען — די גע'ירש'ענטע אדער פילאגענעטישע, און די אינדי-ווידועל דערווארבענע און צוגעפאסטע.

4.) אין קאפיטעל 8 האבען מיר געשילדערט די קרענקליכע אויסוואוקסען פון דעם געשלעכטס-לעבען, מחמת זיי רייסען זיך אריין א סך טיפער אין אונזערע סאציאלע פערהעלטניסען ווי מען דענקט געוועהנליך און מחמת, אויב מען וויל זיי ערפאלגרייך בעקעמפען, מוזען זייערע גרענצען און זייערע אורזאכען ליגען קלאר פאר אונזערע אויגען.

קינסטליכע צייז, פונקט אזוי גוט קאנען מענער וואס זענען קראנק בירושה אנטון א קאנדאם ביים געשלעכטס־פערקער, כדי צו פערהיטען דאס געבוירען־ווערען פון קינדער, און מיט דעמזעלביגען מיטעל געבען דער פרוי די נויטיגע צייט צו קומען צו איהר געזונד צווישען איהרע ענטבינדונגען.

אין "דאס סעקסואללעבען אונזערער צייט", 6טע און 7טע אויפלאגע, זייט 247, גיט איבער י. בלאך א זעהר אינטערעסאנטע און פינקטליך צוזאמענגעשטעלטע סטאטיסטיק פון איבער 100 הייראטען פון אלע שטאנדען אין וויען, וועלכע זענען אונטערזוכט געווארען פון דר. אנטאן י. העפפינגער („די שיקזאלע דער פרויען אונד די פראסטיטוציאן אים צוזאמענהאנג מיט דעם פרינציפ דער אונויפלעזבארקייט דער קאטאלישען עהע עטצ.", לייפציג 1847). צווישען זיי האבען זיך געפינען:

48 אונגליקליכע הייראטען,
36 גלייכגילטיגע הייראטען,
15 אהן ספק גליקליכע הייראטען,
1 טוגענדהאפטע הייראט,
0 טוגענהאפטע און ארטאדאקסישע הייראט.

30 פון די פרויען זענען געווען אונגליקליך צוליב זייערע מענער.
12 זענען אליין געווען שולדיג אין זייער אונגליק.
א חוץ דעם זענען פון די אייגענע 100 הייראטען געווען:
14 אבזיכטליך אונמאראלשע הייראטען,
51 אויסגעלאסענע און לייכטזיניגע הייראטען,
2 פולשטענדיג פערטרויענסווערטע הייראטען.

גראסס־העפפינגער האט שפעטער אויף דעמזעלביגען אופן ווי דער אונטערזוכט 200 פאלען (צוזאמען 300) און די רעזולטאטען זענען כמעט דיזעלביגע. די ליסט פון איטליכען בעזונדערען פאל זעהט אויס נאך טרויעריגער, אפטמאל פשוט צו פערצווייפלען, און פונדעסטוועגען זענען די פאדערונגען פון דעם מחבר זעהר בעשיידען, ארום א העלפט פון אלע הייראטען איז אבסאלוט אונגליקליך, א סך מעהר ווי א העלפט איז ביזשיינפערליך דעמאראליזירט. די מאראליטעט פון דער קלענערער העלפט בעשטעהט אבער ניט אין א גענצלי־

פאַרבייגעשוועבט פאַר דער מענשהייט, ווער שמועס'ט שוין פון שיינע אלס דורכפירבאַר. היינט, פאַרוואָס זאָלען צ. ב. אַ וועלט־שפּראַך און די אַבשאַפונג פון מלחמות צווישען ציוויליזירטע פעלקער זיין אוטאָפּיעס? די פערשידענסטע ראַסען רעדען ענגליש און אַלע וואָלטען זיך געקאָנט אויסלערנען עספּעראַנטאָ. אין די גרעניצען פון אַזוינע גרעסערע לענדער ווי דייטשלאַנד און פראַנקרייך האָבען שוין פון לאַנג אויפגעהערט די פריהערדיגע לאָקאַלע מלחמות צווישען בעזונדערע טעריטאָריעס, די פעאָדאַלע מלחמות, א. אז. וו. (און אין דער שווייץ אפילו צווישען שטעדט און קאַנטאָנען). פאַרוואָס זאָל אָבער זיין אונמעגליך נאָך אַ ברייטערע פעראייניגונג צווישען די מענשען? נאָר דער פאָרורטייל קאָן אויפשטעלען אַזוינע בעהויפּטונגען.

פאַרוואָס זאָל, אויף דעם סאָציאַלען געביט, זיין אַן אוטאָפּיע די אַבשאַפונג פון די נאַרקאָטישע טובסטאַנצען, די גענוסמיטלען, יענע וועלכע פערגיפטען גאַנצע פעלקער, ווי דער אַלקאָהאָל, דער אָפּיום, האשיש, א. אז. וו.? און פאַרוואָס איז אַן אוטאָפּיע די סאָציאַליסטישע פאָדערונג פון אַן עקאָנאָמישער רעפאָרם, צ. ב. פון אַ קאָ־אָפּעראַטיווען סיסטעם, ד. ה. אַ גערעכטערע, פולע בעלוינונג פאַר דער ארבייט? איך קאָן דאָס ניט זעהען. דאָס זענען אַבסאָלוט מענשען־מעגליכע זאַכען. נאָך מעהר, נויטיגע איינפירונגען פאַר דער נאַטירליכער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. בלויז דער פאָרורטייל פון די אַלטע מנהגים, וועלכער האַלט זיך אויף דעם יסוד פון פער'עקשנ'טע און בלינדע געפיהלען, שטעלט זיך דאָ אַנטקעגען די דאָזיגע אידעאַלען און לאַכט זיי אָב אלס אוטאָפּיעס: אין זיין אייגענער קורצזיכטיגקייט זעהט ער ניט די ענדערונגען פון דעם סאָציאַלען לעבען פון די מענשען איבער דער גאַנצער וועלט, אדער ער אונטערשאַצט זייער ווערט, און ער קאָן זיך ניט אָברייסען פון זיינע אַלטע אָבגעטער.

און לסוף, פאַרוואָס זאָלען ראַציאָנאַלע רעפאָרמען אין דעם סעקסועלען געביט זיין גרעסערע אוטאָפּיעס איידער די שוין אַזוי ערפאָלגרייך דורכגעפירטע קינסטליכע ערנעהרונג פון ניי־געבוירענע קינדער וועלכע די מוטערס קאָנען ניט זייגען, איידער די היינטיגע טריומפען פון דער כירורגישער קונסט, איידער די סעראָטהעראַפּיע, דאָס פּאָקען שטעלען, א. אז. וו.? אַזוי גוט ווי קורצזיכטיגע און ווייטזיכטיגע טראַגען ברילען, ווי מענשען וואָס האָבען פערלוירען זייערע ציין נוצען

## קאפיטעל XIX.

# א בליק אויף צוריק און די צוקונפטס־אויסזיכטען.

אוטאפיעס קאן מען אנרופען אזוינע אידעאלע פלענער, וועלכע די מענשליכע פאנטאזיע האט אויסגעוועבט פאר דעם צוקונפטיגען וואוילזיין פון דער מענשהייט, וועלכע האבען ניט קיין ממשות׳דיגען און געזונדען פונדאמענט, זענען אין הפוך צו דער מענשליכער נאטור און צו די רעזולטאטען פון די מענשליכע ערפארונגען, און דעריבער האבען זיי ניט קיין אויסזיכט צו האבען ערפאלג. מענשען מיט א קאנזערוואטיווען פיליסטער גייסט, וועלכע לעבען אין פארורטיילען און אין א גלויבען אין אויטאריטעטען, רופען יעדעס אידעאל וועלכעס איז ניט געווארען בעגלויביגט און פערהייליגט דורך דער געוואוינהייט, מנהגים און אויטאריטעטען, אן אוטאפיע. דאס איז א שווערער טעות וועלכער, אויב מען וואלט שטענדיג געפאלגט אין זיינע וועגען, וואלט ער פון פארויס אבגעהאקט יעדען סאציאלען פארטשריט.

עס זענען פאראן צוקונפטס־אידעאלען וועלכע קאנען מקוים־ווע־רען און פון וועלכע די פערגאנגענהייט האט ניט געוואוסט. אין דעם דאזיגען פרט האט בן עקיבא ניט געהאט רעכט ווען ער האט געזאגט: „אין חדש תחת השמש“ (עס איז ניט דא קיין נייעס אונטער דער זון). דער אינטערנאציאנאלער וועלט־פערקער, די פעריייניגונג פון דער פאסט איבער דער גאנצער וועלט, די אבשאפונג פון דער לייב־שקלא־פעריי, די קינסטליכע ערנעהרונג פון ניי־געבוירענע קינדער, דער טע־לעפאן, דער דראטלאזער טעלעגראף, די לופט שיף, א. אז. וו. זענען שוין פערווירקליכטע פארטשריטען, וועלכע האבען פריהער אפילו ניט

איז דאָס אויסטון זיך פאַר דעם געשלעכטס־פערקער סיי ווי סיי א קינסטליך צוגרייטען־זיך. און אזא קליינער צוזאַץ צו דעם צוגרייטען־זיך שטערט ניט די געפיהלען נאָכדעם ווי מען געוואוינט זיך דערצו. מיט מיין בעסטען ווילען קאָן איך דעריבער ניט זעהען די ממשות׳דיגקייט אין אזוינע טענות, וועלכע איך שרייב צו דער עיקר צו דעם פאָרורטייל קעגען אלעם צו וואָס מען איז ניט געוואוינט.

טור און אפילו אין דער נאטור פון אונז גופא. א חוץ דעם געהערט אונזער „קינסטליך" אריינרייסען־זיך, אלס א טייל פון אונזער גע־הירן־לעבען, אויך צו דער נאטור, אזוי אז דער הפוך צווישען נאטיר־ליך און קינסטליך איז בלויז א זעהר רעלאטיווער.

איך וויל זיך דא ניט צוריקקערען צו דעם ענין פון עטיק. אין קאפיטעל 15 האב איך גענוג געוויזען אויף וואסערע פערבלאנדזעטע וועגען אונזער איצטיגע סעקסועלע מאראל געפינט זיך, און אין שייכות מיט קאפיטעל 14, האב איך בעוויזען אז היינט־צוטאג נויטיגען מיר זיך אונבעדינגט אין די אנטי־קאנצעפציאנעלע מיטלען צו רעגולירען די שוואנגערשאפט און אויף דעם אופן צו בעשאפען אן אמת'ע סא־ציאלע סעקסועלע מאראל.

וואס איז שייך דער עסטעטישער טענה, שיינט זי ביים ערשטען בל'ק צו האבען אביסעל ממשות. אבער מכח געשמאק־זאכען דארף מען זיך ניט צופיל האמפערען. ברילען זענען זיכער ניט איבעריג עס־טעטיש; פונדעסטוועגען קאן מען ניט זאגען, אז די פאעזיע פון דער ליבע האב זעהר א סך געליטען פון דעם וואס מען טראגט ברילען. און אין פאל מען איז קוצזיכטיג אדער ווייטזיכטיג קאן מען אהן די ברי־לען היינט מעהר ניט אויסקומען. אויך גרויסע קינסטלער טראגען ברילען. דאס אייגענע איז מיט קליידער, מיט פאלשע ציין, מיט דעם ביציקעל און מיט הונדעטער אנדערע קינסטליכע הילפסמיטלען, וועל־כע דער מענש נויטיגט. כל זמן זיי זענען ניי און מען איז צו זיי ניט צוגעוואוינט פערוואונדען זיי אונזער עסטעטיש געפיהל. ווערט מען אבער מיט זיי געוואוינט, טראכט מען פון זיי מעהר ניט. אפילו דעם קארסעט, וועלכער צוקריפעלט דעם ברוסטקאסטען, און די שפיציגע שיך, וועלכע צ'דרעהען דעם פוס, בעטראכט מען פאר עסטעטיש ! ! איך בין זיכער, אז דער ערשטער מענש, וועלכער האט זיך אויפגעזעצט רייטען אויף א פערד, האבען זיינע מיטמענשען בעשולדיגט איז בע־געהען אן אונעסטעטישע האנדלונג !

פון אן עסטעטישען שטאנדפונקט קאן מען סיי ווי סיי איז די דעטאלען פון דעם געשלעכטס־פערקער עפעס נאך געפינען וואס איז ניט צופיל עסטעטיש, און אזא באמת אונבעדייטענדער צוזאץ ווי א קאנדאם קאן שווערליך פערגרעסערען די עברה קעגען דער עסטעטיק. אז עס זאל אזש ארויסרופען אזא ערענסט. ביים ציוויליזירטען מענש

ליש מוז זיין קונסטלאז. די דאזיגע מענשען בעגעהען דעם שווערען טעות און ניט ווילענדיג העלפען זיי די פארנאגראפיע, מחמת אבשטויסענדיג פון זיך די מענשהייט מיט זייער טרוקענקייט און הארבקייט טרייבען זיי זי פונקט צום אנטקעגענגעזעצטען פאל. בכדי דעם מענש אויפצוהויבען מוזען די עסטעטישע און עטישע געפיהלען זיך הארמאניש פערייניגען מיט דעם אינטעלעקט און מיט דעם ווילען.

צום סוף וועט מען מיר ערלויבען דא צו מאכען א בעמערקונג וועלכע קאן זיין דארף ניט אריין אין דעם דאזיגען קאפיטעל. די מיטלען קעגען שוואנגערשאפט כדי צו קאנטראלירען די צאל קינדער, וועלכע איך און אויך אנדערע רעקאמענדירען צוליב סאציאל היגיענישע און עטישע אורזאכען, ווערען אפטמאל פערדאמט טיילמאל אלס אונמאראליש און טיילמאל אלס אונעסטעטיש. דער דאזיגער אופן פון אריינמישען זיך אין דעם דרך הטבע, זאגט מען, צושטערט די פאעזיע פון דער ליבע און דאס מאראלישע געפיהל; און א חוץ דעם איז עס קעגען דער נאטירליכער צוכטוואהל.

אויף דעם האב איך צו געבען עטליכע ענטפערס:

ערשטענס איז פאלש די טענה, אז די קינסטליכע אנגריפען פון דעם מענש אויף דעם לעבען פון דער נאטור האט ניט קיין קיום. ווען דאס וואלט געוועזען אמת וואלט די ערד היינט־צוטאג נאך געוועזען אן אורוואלד און א גרויסער טייל פון דער חיות־און פלאנצען־וועלט וואלט זיך ניט געקאנט צופאסען צו די נויטען און וואונשען פון דעם מענש. אונזערע לאנקעס און פעלדער, אונזערע גערטנער און הויז־חיות וואלטען אויסגעטרוקענט און אויסגעשטארבען, אנשטאט צו געבען פרות און זיך פערמעהרען ווי זיי טוען דאס איצט. דער נאטור־פארשער איז איצט אמת פערזארגט פאר דער צוקונפט פון די זעלטענע און אינטערעסאנטע ווילדע חיות און פויגלען, וועלכע ווערען מין נאך מין, פוינא נאך פוינא און פלארא נאך פלארא כסדר פערטיליגט פון דער אונ׳־רחמנות׳דיגער און עגאיסטישער מענשליכער האנד און, אז זיי זאלען ניט פערשווינדען פון דער ערד. אומזיסט זוכט ער מיטלען כדי אויף וויפיל ניט איז איינצוהאלטען די דאזיגע ארבייט פון צושטערונג.

מיר האבען בעוויזען, אפטמאל אפילו מיט א ברוטאלער, קאלטער האנד צום שאדען פון דער קונסט און דער פאעזיע, אז מיר זענען בכח מי טערפאלג זיך אריינצורייסען אין דער מאשינעריע פון דעם נאַ־

וואו דאס איז קינסטלעריש נויטיג, אבער זי זאל זיך ניט פראסטי־טואירען דינענדיג דעם שמוץ און דער דעגענעראציע. אויף וועלכען אופן זי דארף דערגרייכען איהר ציל, איז איהר אייגענע זאך, ד. ה. די זאך פון דעם אמת׳ען קינסטלער. איהם האבען מיר ניט וואס אנצואווייזען.

איך קאן זיך פונדעסטוועגען ניט אבהאלטען צו געבען אן עצה געוויסע מאדערנע קינסטלער: אויב זיי ווילען בעהאנדלען אין זייערע ווערק א סאציאל־עטישע, מעדיצינישע אדער וויסענשאפטליכע טעמע, זאלען זיי זיך היטען צו שטודירען די דאזיגע ענינים אין וויסענשאפט־ליכע פאך־ביכער; זיי זאלען בעסער פאלגען דעם ביישפיל פון מאפא־ססאן און צוערשט מיטלעבען די סיטואציעס וועלכע זיי ווילען שיל־דערען איידער זיי נעהמען זיך קינסטלעריש פארמירען זייער ווערק; אניט וועלען זיי לגמרי פערפעהלען צו בעשאפען די קינסטלערישע ווירקונג, און זיי וועלען בלויז ווערען טענדענץ טעארעטיקער, שלעכטע וויסענשאפטס־מענער, שלעכטע מאראליסטען און שלעכטע סאציאל־פאליטיקער, — און זיי הערען אויף צו זיין גוטע קינסטלער. מע־טערלינק׳ס „בין“ איז ניט בלויז דערפאר א קונסטווערק, ווייל מעטער־לינק איז א טאלענטפולער שריפטשטעלער, נאר ווייל ער גופא קען דאס לעבען פון די בינען, און דער פונדאמענט פון זיין ריכטונג איז ניט א פשוט׳ע זאמלונג פון אויסצוגען פון פערשידענע ביכער, נאר זיין איי־גענע אנשויונג.

א חוץ דער בעקעמפונג פון דעם דעמאראליזירענדיגען איינפלוס פון נעלד און אלקאהאל, וועט די דערהויבונג פון דעם עסטעטישען געפיהל אין דעם פאלק ממשות׳דיג העלפען גובר־זיין די פארנאגרא־פישע "עסטעטיק". די נארישע, ליגנערישע, אוננאטירליכע סענטי־מענטאליטעט מיט דעם ריח פון דער עראטישער געזונקענקייט, וועלכע ליגט זיך ברייט צולעגט אין די ביליגע „קונץ־ווערק“, און וועלכע מען דערלאנגט דעם פאלק אלס „קונסט“, פילט אן איטליכען מענש, וועל־כער האט נאר א פונק פאר שעהנקייט אין זיך, מיט א טיפען עקעל. דער עקעל איז אין דעם פרט קענטיג א גוטע גייסטיגע מעדיצין, און מיר קאנען ניט זיין איינפערשטאנען מיט דער מיינונג פון די שטרענגע אסקעטישע גייסטער וועלכע מיינען, אז די אמת׳ע מאראל האט גאר־ניט צו טון מיט דער קונסט אדער גאר, אז אלצדינג וואס איז מארא־

שפּיטאָל פאַר סעקסועלע פּערווערזען און קראַנקע, און זי זאָל ניט אין די דאָזיגע קראַנקע, מאַכענדיג זיי פאַר די העלדען און האַלטענדיג זיי אין סאַמע צענטער פון זייערע ווערק, ענטוויקלען די איבערצייגונג, אַז זיי זענען גאָר געוואַלדיג אינטערעסאַנטע און ווערטפולע מאָדעלען פון דעם מענשליכען מין. דערמיט פערשטאַרקט זי נאָך אין זיי זייער אַבנאָרמאַליטעט און שטעקט טיילמאָל אויך אָן די געזונדע.

א גרויסע צאָל מאָדערנע ראָמאַנען און אפילו מאָדערנע בילדער פערדינען אָהן שום ספק גערופען צו ווערען פּאַטהאָלאָגיש. אין זיי ווערען געשילדערט, אָדער געמאָלען, אלס טיפּען פאַר דער ליבע און פאַר דעם געשלעכטס־לעבען און זיינע פּסיכישע אויסשטראַלונגען אַזוינע בעשעפּענישען, וועלכע מיר טרעפען אין א סאַנאַטאָריום פאַר נערווען־קראַנקע אָדער גאָר אין א משוגעים־הויז, יא אפילו אַזוינע וועלכע עקזיסטירען בלויז אין דעם פּאַטהאָלאָגישען קאָפּ פון דעם פערפאַסער גופא. פּונקט אַזוי ווייניג ווי די קונסט דאַרף זיך ניט לאָזען פירען אין חדר אריין און מיט זיך לאָזען קנעלען מאָראַל, פּונקט אַזוי ווייניג, פון דער אַנדערער זייט ווידער, דאַרפען די קינסטלער ניט פערזעהען אָדער פערגעסען די הויכע עטיש־סאָציאַלע מיסיע פון זייער קונסט, א מיסיע וועלכע בעשטעהט דעריין, די מענשען צו דערהויבען און זיי צו בעגייסטערען פאַר אידעאַלען, און ניט זיי אריינצופירען אין א שמוציגען זומפּ. גראָד די גרויסע קינסטלער האָבען בעגריפען די דאָזיגע מיסיע און זייערע מייסטערווערק טראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון איהר.

די קונסט האָט א געוואַלדיגע קראַפט, מחמת דער מענש ווערט נעפירט פון די געפיהלען א סך שטאַרקער, א סך מעכטיגער איידער פון די אויסרעכענונגען פון זיין שכל, — א פאַקט, וועלכען מיר מוזען כסדר בעטאָנען. די קונסט מוז זיין געזונד. אויב זי דאַרף אויך זיך ניט לאָזען פאַלען דעם מאָראַלישען קאַנטשיק, האָט זי אָבער דערפאַר די פליכט זיך הויך אויפצוהויבען און ווייזען דעם פאָלק, וועלכעס הערט זיך צו צו איהר, דעם וועג צום הימעל, — צום הימעל ניט פון אָבערגלויבענס און פאַנאַטיזם, נאָר צום הימעל פון א בעסערער און א גליקליכערער מענשהייט. איהר אונשטערבליך טעמע — די ליבע — דאַרף זי דעריבער ניט בעשאַפען אָהן זאַפט און אָהן קראַפט, און זי זאָל אויך ניט ארויסוואַרפען די בשמים פון דעם עראָטיזם. דאָרט

שער פערשפרייטונג פון דער צולאָזענקייט און מכח איהרע פערשידענע
מינדליכע, מימישע, גראַפישע און פלאַסטישע פאָרמען. זי האָט ניט
נעפעהלט ביי קיין שום פאָלק אין קיין שום צייט, מחמת זי ליגט אין
דער נאַטור פון דעם מענשליכען עראָטיזם.

נו, ווער זאָל משפט'ען: ווער זאָל פסק'ענען וואו די קונסט הערט
אויף און וואו די פאָרנאָגראַפיע הויבט זיך אָן, אָדער ווי ווייט דאַרף
דער עראָטיזם עפענטליך געהען אין דער קונסט? די דאָזיגע פראַגע
איז אזוי פערוויקעלט און אזוי דעליקאַט, אז צוליב דוחק אין בעהאַ־
ווענטקייט קאָן איך מיר ניט ערלויבען אויף איהר צו געבען א בעש־
טימטען ענטפער. איך גלויב נאָר, אז ווען עס וועט קומען א סוף צו
דער הערשאַפט פון געלד און שכרות, וועט די סאָציאַלע געפאַר פון
פאָרנאָגראַפיע אָהן אן ערך זיך פערקלענערען, יא כמעט אראָבפאַלען
ביז צו דעם נול־פונקט. פון דער אַנדער זייט גלויב איך, אז דאָ דאַר־
פען מיר זיך היטען פאַר עקסטרעמען אין ביידע ריכטונגען. דאָרט,
וואו די פאָרנאָגראַפיע בעווייזט זיך אין איהר נאַקעטען ציניזם. אויס־
געטון פון איטליכען שאָטען פון קונסט, קאָן און מוז די געזעלשאַפט
זי אונבעדינגט אונטערדריקען. בעווייזט זי זיך אָבער אין א קינסט־
לערישען שלייער, מוז מען אין איטליכען בעזונדערען פאַל אבוועגען
דעם אַרטיסטישען ווערט פון דעם ווערק אין פערגלייך צו זיינע מעהר
אָדער ווייניגער פערהילטע ניט ריינע טענדענצען, נעהמענדיג איז בע־
טראַכט אלע איבעריגע אומשטאַנדען, און אויף אזא אופן דערגעהען
די רעלאַטיווע וואָג און מאָס פון ביידע עלעמענטען. ווייטער מוז מען
פאָרזיכטיג האַלטען אין אויג געוויסע כלומרשט'ע קונסטווערק אדער
„קינסטלערישע" טעאַטער פאָרשטעלונגען, ווי צ. ב. כל המינים קאָ־
מישע, לייכטע, א. אז. וו. שווישפּילען, וועלכע די ע ר פ א ר ו נ ג
וועט בעווייזען, אז זיי האָבען א פערדאָרבענדיגע ווירקונג אויף דעם
פאָלק.

פאַטהאָלאָגישע קונסט. — נאָך א שאָדען פון אונזער מאָדער־
נער קונסט איז דער שטאַרקער פאַטהאָלאָגישער שטריך אין איהר.
גראַד אין דעם סעקסועלען געביט איז דער דאָזיגער פאַקט זעהר וויכ־
טיג. דערמאָנט אייך וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען דעם פראַנצוי־
זישען דיכטער באָדלעיר. די עראָטישע קונסט זאָל ניט ווערען א

אונזער עניז וועט אפשר פונקט אזוי גוט אילוסטרירט ווערען פון נאך אן אנדערען פערגלייך. היינע'ס עראטישע פאעזיע קאן מען פער־גלייכען מיט מאפאססאנ'ס ראמאנען. איטליכער מוז דא באלד מער־קען, אז ביי היינע'ן איז דער פארנאגראפישער שטריך. טראץ דער פיינקייט פון זיין קונסט, אונפערגלייכליך שטארקער, מחמת דאס מא־ראלישע פיהלען, וועלכעס דרינגט דורך די הויפטווערק פון מאפאססאן, פערלירט זיך יעדע רגע ביי היינע'ן.

אין דער הויכער און פיינער קונסט פון די גריכען איז פאראן זעהר א סך עראטיזם און זעהר א סך נאקעטקייט, וועלכע אבער האט ניט קיין אונמאראלישע ווירקונג; טיילווייז איז דאס דערפאר. ווייל זי איז נאיוו און אונשולדיג, און טיילווייז, ווייל (דאס דאזיגע דער עיקר אין דער בילדענדער קונסט) זי איז געבויט אויף דער ריינער שעהנקייט וועלכע איז נאך פערקניפט מיט דער אורשפרינגליכקייט. בכדי זיך אין דעם צו איבערצייגען דארף מען בלויז בעטראכטען די אלטע, בעז־זונדערס די שטאטוען פון די גיכישע סקולפטארען; דארף מען בלויז לעזען האמער'ן, בעזונדערס די געשיכטע פון ארעס און אפראדיטע; דארף מען בלויז לעזען די פאסטוך־אידיליע פון דאפנים און קלאע פון לאנגוס. ניט די נאקעטקייט, ניט די נאטירליכע שילדערונג פון דעם געשלעכטס־לעבען האבען א דעמאראליזירענדיגע ווירקונג, נאר די שמוציגע אבזיכט פון דעם וואס שילדערט, זיינע בעהאלטענע, דונקעלע און אפטמאל קאמערציעלע צילען.

צום סוף, איך זאג דא נאך אמאל, קאן די ריינסטע קונסט־שאפונג ווערען א פארנאגראפישער עניז ביי אלע יענע מענשען, וועלכע זענען געוואוינט אין איטליכער זאך ארייננצולעגען זייער אייגענע געזונקענ־קייט, זייער אונמאראליטעט און זייערע נידעריגע און שמוציגע גע־דאנקען. איך וויל דא איבעריגענס ניט אבלייקענען, אז אין אלטער־טום, בעזונדערס אין דעם שפעטערדיגען רוים, האט אפטמאל געהערשט די פארנאגראפיע און די ציניש רוהקייט אין דעם סעקסועלען גע־ביט. די רואינעס פון פאמפעי און די געשיכטע גיבען אונז איבער־גענוג בעווייזען דערפאר. אבער אזוינע ערשיינונגען זענען שטענדיג געגאנגען צוזאמען מיט דעם אונטערגאנג פון די פעלקער. לעהררייך און אינטערעסאנט זענען די אויספירונגען פון שטאל („דאס געש־שלעכטסלעבען אין דער פעלקערפסיכאלאגיע") מכח דער עטהאלאגיע

אריסטאקראטישע בעלער, אדער אפילו איידער געוויסע ליבעס־סצענעס פון א רעליגיעזן עקסטאז אין ווארט און בילד (זעה קאפיטעל 11). אזוי ווי אבער דעם "בויך־טאנץ" האט מען פארגעשטעלט כלומרשט אלס „עטהנאלאגיע“, האבען זיך אנשטענדיגע פרויען צוגעקוקט צו דעם דאזיגען טאנץ אהן דערביי ניט צו ווערען בעליידיגט אין זייער געפיהל פון בושה.

איך וויל נאך געבען איין ביישפיל און ווייזען ווי שווער עס איז גענוי צו ציהען די גרעניצען צווישען קונסט און פארנאגראפיע. איך האב שוין עטליכע מאל דערמאנט די ראמאנען און בעזונדערס די נאוועלען פון דע מאפאססאן, וועלכער האט אפשר אמגעטרייעסטען געשילדערט די פיינע פסיכאלאגיע פון דער ליבע און פון דעם געשלעכטס־טריב איך בעהויפט אז, הגם ער האט געשילדערט די געוואגטסטע סעקסועלע סיטואציעס, קאנען זיינע שילדערונגען (מיט עטליכע אויסנאהמען) ניט געהאלטען ווערען פאר פארנאגראפיע. זיי זענען דערפאר ניט פארנאגראפיש, מחמת זיי זענען טיף מענשליך און אמת. און מחמת דאס מאוס'ע און אונמאראלישע ווערט אין זיי מייסטענס ניט פער־שעהנערט, הגם אויך ניט געשטראפט און מאראליזירט.

דער אלטער אנשטעל פון דעם לפנים פרומען עראטיזם איז בע־שטאנען גראד אין דעם, אונטער דער דורכזיכטיגער מאסקע פון גריס־צארנדיגע ווערטער אדער פרומע פראזען צו שילדערן די פערבאטענע סעקסועלע פרוכט אויף אזא אופן, אז זי זאל זיין וואס מעהר רייצענ־דיג און בעגערענדיג. מען פערדאמט טאקע די אויסגעלאסענקייט. אבער זי ווערט אזוי געשילדערט, אז דעם לעזער קומט אזש די סלינע אין מויל. ניט אזוינע שילדערונגען געפינען מיר ביי גיו דע מאפא־ססאן, און אויך ניט ביי זאלא. דורך זייערע שילדערונגען פון דער סעקסועלער אויסגעלאסענקייט רופען זיי ארויס גיכער דעם עקעל און די טרויעריגקייט פון דעם לעזער, און ניט זיין סעקסועלע תאוה. גאנץ אנדערש אבער האט די זאך .ערשטאנען דער פערלעגער פון גיו דע מאפאססאן, וועלכער האט קודם כל געטראכט פון רעקלאמע און פון א גרויסען אבזאץ; ער האט זיינע קונסטווערק אילוסטרירט מיט אמת פארנאגראפישע בילדער און דעם מחבר דערמיט געטון די גרעסטע עולה.

זיי גופא זענען אַפּטמאָל די קרבנות. דאַרף מען ניט פערבייטען מיט דער קונסט פון לעבען און מיט איהרע שאַפונגען, און דער עיקר דאַרף מען דאָס ניט בעטראַכטען אלס א מוסטער פון לעבען און עס אויפ־הויבען צו א מדה.

פון דער אנדערער זייט געפינען מיר אָפּטמאָל דעם עראָטיזם פער־שטעקט אין אזוינע ערטער וואו מען האָט איהם אַמווענינגסטען ער־וואַרט, א שטייגער אין געוויסע פרומע אויסבעסערונגס־ביכער און אין די אזוי־גערופענע רויזענוואסער־ראָמאַנען. און אויך דא פערפעהלט ער ניט זיין ווירקונג, הגם אַלטע מיידלעך און פרומע פאַמיליעס האַל־טען די דאָזיגע ביכער אין זייער ביכער־שאַפע און רעקאָמענדירען זיי מיט א יראת־הכבוד אלס ערענסטע ספרים.

א וויציגער קאָפּ האָט צו מיר בעמערקט מיט רעכט אז: „דאס וואָס עס איז ניט אַנשטענדיג אין א נאַקעטער שטאַטוע איז דאָס פיי־גענבלאַט און ניט דאָס וואָס עס פערדעקט”. אָט פונקט יענע געשניצ־טע, אויסגעהאַקטע, געמאָלטע, געשריבענע אדער גערעדטע פייגענבלע־טער זענען עס וועלכע. אפילו ווען מען לעגט זיי צו מיט א גוטער און פרומער אבזיכט, וועקען א סך מעהר די תאוה איידער זיי שוואכען זי אב: פונקט ווי די נאַזע,—די שפּיצען—און טריקאָט־קליידער וועלכע. אנשטאַט כלומרשט צו וועלען פערהילען עפּעס, לאָזען זיי דאָס דוקא נענוג דייטליך דורכקוקען און דורכבליאסקען, און אויף דעם אופן אָנצינ־דענדיג די ליידענשאַפט א סך מעהר איידער די ריינע, ברוטאלע נאַ־קעטקייט. בקצור, דער עראָטיזם, וועלכער שפּילט זיך אין בעהעלטער־לעך, ווירקט אַמשטאַרקסטען, און וועדליג דעם, ווי מיר זעהען, פערשטע־הען שוין די דירעקטאָרען פון באַלעטען און ענליכע ספּעקטאַקלען ניש'־קשה'דיג אויפצופירען זייערע פאָרשטעלונגען מיט גענוג פון די דאָזיגע גאַזע און טריקאָט־עפעקטען. ביי דער פאַריזער וועלט אויסשטעלונג האָב איך געזעהען דעם עראָטישען טאַנץ, פאָרגעשטעלט פון אז אראַבערין, דעם אזוי־גערופענעם „בויך־טאַנץ” ביי וועלכען די דאָזיגע פרוי האָט אזוי שטארק אימיטירט די פערשידענע בעוועגונגען פון געשלעכטס־פערקער מיט איהר בויך, היפטען און לענדען, אז זי האָט זיך שיער אויסגעלענקט דעם בויך. פונדעסטוועגען גלויב איך ניט, אז די דאָ־זיגע רויהע און ציניש פאַנטאָמינע האָט געווירקט מעהר עראָטיש איידער די פיינע דעקאָלטירטע קליידער פון אונזערע דאַמען אויף די

טיף בעליידיגט אין זייער בושה, מחמת אין דער פארשטעלונג פון דעם נאקעטען מענשליכען קערפער האבען זיי געזעהען א געוואלדיגע אויפרייצונג צו אויסגעלאסענקייט, האבען די דאזיגע שטאטוען באלד צוברא͏כען. (זעה קאפיטעל 8.) פאר זיי האט באמת געפאסט די ווער־טער: „איהר געהערט צו יענע גייסטער, וועלכע שעמען זיך מיט זייער אייגענער נאטור, ווייל זיי פיטערען זיך נאך מיט דעם איבערנאטיר־ליכען“. דיזעלביגע ווערטער האט מען אויך געמעגט אויסשרייען צו דעם פאליציי־הויפטמאן פון צוריך, וועלכער האט זיך געמאכט בערימט פאר הייסען ארויסנעהמען פון שויפענסטער בעקלינ׳ס „דער שפיל פון די כוואליעס“, ווייל אין די צוויי זיך באדעגדיגע ים־פרויען האט ער דערבליקט א סכנה פאר דער טוגענד און דער מאראל פון די בירגער פון צוריך!

פון דער אנדערער זייט איז אבער קיין שום ספק, אז א באל פון נאקעטע און האלב־נאקעטע, וועלכער איז געווען דער אויפטו פון די יונגע פאריזער קינסטלער מיט זייערע מאדעלען, צו וועלכען זיי האבען פערבעטען זייערע פריינד, און וועלכער האט זיך טיילווייז געענ־דיגט מיט סעקסועלע ארגיעס, — אז דאס איז שוין ניט קיין קונסט־שאפונג, נאר א פערדארבליכער סעקסועלער ציניזם, קעגען וועלכען מען דארף זיכער אויפשטעלען געוויסע צוימען.

צו וועלען בעשעהנען אדער פערדעקען מיט דעם ווארט קונסט יעדע פארנאגראפיע, אפטמאל אפילו די פערווערזע און פאטהאלאגישע, רוף איך אן בקצור — שווינדעל. די מענשען מיט א קינסטלערישער נאטור, וועלכע זענען בעהערשט פון שטארקע געפיהלען, זייענדיג זעהר אפט אפילו פאטהאלאגיש איבערגערייצט, וועלכע מאכען אין דעם סעקסועלען לעבען מערקווירדיגע שפרונגען, און זענען איז דער ליבע ניט אויסגעהאלטען, קאפריזנע און איבערגעטריבען קאן מען און מען מוז ענטשולדיגען. דאס געהערט צום קינסטלער טעמפעראמענט. אבער די סיסטעמאטיש־ענטוויקעלטע פארנאגראפיע, און די פשוט׳ע סעקסועלע ארגיעס וועלכע ווערען אויף א ברייטען שטייגער ציניש פערעפענטליכט, געהערען שוין ניט אהער. נאך וועניגער פערדינט דאס אלעס דעם נאמען קונסט. די אינדיווידועלע און פאטהאלאגישע שוואכקייטען פון די קינסטלער, זייער עקסצענטריש לעבען פון וועלכען

שמאַק פון דעם פאָלק אַזוי ווייט, אַז אין איהם שטאַרבט אָב יעדער חוש פאַר דער אמת'ער און העכערער קונסט.

אפילו ווען איך שטעה אין א סכנה בעטראַכט צו ווערען אַלס א מאָנאָמאַניאַק (א „קרענק") מוז איך דאָ ווידער זאָגען און בעטאָנען, אַז ווען מען קוקט זיך צו נעהענטער, זעהט מען ווידער און אָבער אַז די געלד־קאָרופּציע און דער אַלקאָהאָלישער זומפּ זענען די זאַפּטען וואָס שפּייזען די דאָזיגע דעגענעראַציעס פון דעם קונסט־געפיהל און פון די קונסט־שאַפונגען אין דעם סעקסועלען געביט. איך זאָג בכוון פון דעם קונסט־געפיהל און פון די קונסט־שאַפונגען, מחמת עס איז ניט גענוג וואָס די אמת'ע קינסטלער שאַפען זייערע ווערק, ניין, זיי מוזען אויך געפינען אַן אָבקלאַנג אין דעם פאָלק, אין דעם פּובּליקום, ד.ה. פון זיי פערשטאַנען ווערען. די דאָזיגעביידע ערשיינונגען געהען האַנד אין האַנד פונקט ווי נאָכפראַגע און אָנבאָט. דאָ, וואו אין דעם פאָלק זינקט דאָס געפיהל פאַר דער קונסט, דאָ מוז אויך זינקען די קוואַליטעט פון די קינסטלערישע שאַפונגען, און פערקערט. פּראָפעסאָר בעהרענס, דירעקטאָר פון דער קונסט געווערב־שול איז דיססעלדאָרף, האָט אין א פּאָרטראַג ארויסגעזאָגט זיין פולסטע איינשטימיגקייט מיט אונז בנוגע דער שעדליכער ווירקונג פון אַלקאָהאָל אויף דער קונסט („אַלקאָהאָל און קונסט").

איצט, האָבענדיג פעסטגעשטעלט דעם דאָזיגען פאַקט, מוזען מיר צוקומען צו דער וויכטיגער און אין דערזעלביגער צייט דער צאַרטסטער און דעליקאַטסטער פראַגע: וואו איז דער חלוק צווישען דער אמת'ער ערָאָטישער קונסט און דער נידעריגער פּאָרנאָגראַפישער קונסט? בעת געוויסע פאַנאַטישע און אַסקעטישע מאָראַל־שרייערס וואָלטען אין זייער פרומקייט צובראָכען און פערברענט אַלע עראָטישע קונסטווערק אַלס פּאָרנאָגראַפיע, זעהען מיר ווידער פון דער אַנדערער זייט ווי די כהנים פון דער דעגענעראַציע בעשיצען און פערטייטיגען יעדע, אפילו די שמוציגסטע פּאָרנאָגראַפיע אונטער דער פאָהן פון קונסט. היינט, וועלכער קונסט־קריטיקער זאָל דאָ פּסק'ענען?

איך וויל דאָ געבען בלויז צוויי ביישפּילען. אין א זעהר פּרימיטיווער און פאַנאַטישער געגענד אין טיראָל זענען אויפגעשטעלט געוואָרען עטליכע נאַקעטע, אָבער אַבסאָלוט אונשולדיגע שטאַטועז פון פרויען. די פויערים פון יענער געגענד, פיהלענדיג זיך דורך דעם

געז, נאר די נאטור און די אייגענארטיגקייט פון דער אויפפאסונג פון איטליכען בעזונדערען מענש, און אויף דעם אופן קאנען די שעהנסטע קונסטווערק ארויסרופען אין א שמוציגער עראטישער נאטור נידעריגע געפיהלען, בעת בעסערע מענשען פיהלען פונקט דער הפוך.

קונסט און פארנאגראפיע. — נאכדם ווי מיר האבען אוועקגעשטעלט די דאזיגע פונדאמענטאלע פרינציפען, מוזען מיר בעהאנדלען די פאלגענדע פאקטען, וועלכע האבען א בעזונדערע וויכטיגקייט פאר אונזער ענין. אונטער דער פאהן פון קונסט זעגעלט א מענגע פון מענשליכע שאפונגען, וועלכע פערדינען אסור יענעם נאמען. עס זענען פאראן ווענינ אמת'ע גרויסע קינסטלער, אבער טויזענדער קונסט-פושערס און פליאגיאטען; דאס איז אהן שום ספק. א סך, ווען די מוזע האט קיינמאל ניט געקושט דעם שטערען, וועלכע האבען ניט קיין ברעקעל געפיהל און קיין אידעע מכח דער ווירדע און דער ערענסטקייט פון דער קונסט, און וועלכע בעטראכטען זי העכסטענס אלס א מילך-קוה, בעשאפען אנשטאט קונסט, וועלכע קלעפט זיך ניט צו זיי, „קונצווערק“ מיט וועלכע, בכדי צו קריגען אפלאדיסמענטען און געלד, ווענדען זיי זיך, ניט צו די עדלערע געפיהלען פון די בעסערע מענשען, נאר אדרבה, צו די נידעריגע אינסטינקטען פון די מאסען.

אט אין דעם דאזיגען געביט שפילט די עראטיק אן אונגעהייערע און טרויריגע ראלע, קיין שום מיטעל איז ניט שמוציג מיט וועלכען מען פרופט ניט צו קיצלען די נידעריגע געפיהלען פון דער מאסע. פוסטע לידלעך, קיצלדיגע ראמאנען און טעאטער פארשטעלונגען. שמוציגע טענץ און ענליכע בעפליטערטע מאכלים, פארנאגראפישע בילדער, א. אז. וו., אלעס אהן א שאטען פון א קינסטלערישען ווערט, שפרינגען איינס איבער דעם אנדערען און שפעקולירען אויף די נידעריגע עראטישע אינסטינקטען פון די מאסען, כדי אויף דעם אופן ארויסצופישען דאס געלד פון זייערע קעשענעס.

דאס אלעס רופט מען מיט א גדלות "קונסט". די דאזיגע „קונסטווערק“ פערהערליכען די שמוציגסטע אויסגעלאסענקייט. אפילו איהרע פאטהאלאגישע אויסוואוקסען. דאס טרויעריגסטע דערביי איז, וואס דער ריח פון דער דאזיגער באדרעל-קונסט פערדארבט דעם גע-

וואַגנער, שומאַן, לעווע, א. אז. וו. מאַלער ווי טישיאַן, מאַרילא אָדער בעקלין; און סקולפּטאָרען ווי די גריכען אָדער ווי די מאָדערנע פראַנ־צויזישע שול (ראָדין, א. אז. וו.).

קונסט און אינטעלעקט זענען ניט קיין געגענזאַצען: זיי זענען צווישען זיך פערבונדען גראָד ווי דאָס דענקען און פיהלען אין דעם מענשליכען געהירן, הגם איטליכס האַלט אויף א געוויסע זעלבסט־שטענדיגקייט. יעדע קינסטלערישע פאָרשטעלונג דאַרף האָבען אַן אינטעלעקטועלען יסוד, פּונקט ווי יעדעס געפיהל איז צוגעקניפּט צו אידעען.

דער קינסטלער נעהמט זיין מאַטעריאַל פון דער דרויסענדיגער וועלט, פון דעם לעבען און פון די געשעהענישען פון אַלע צייטען: די גייסטיגע שטראָמען, אנשויונגען און טריומפען פון זיין אייגענער צייט וועלען תמיד אָבקלינגען אין זיינע ווערק; די וויסענשאַפטליכע און מעסיגע פאָרטשריטען קומען אודאי און אודאי צונוץ פאַר דעם דרויסענדיגען ארומגעהען ארום דער קונסט; אָבער פון דעם דאָזיגען מאַטעריאַל צו בעשאַפען דעם אייגענטליכען פאַרטיגען בנין, צו בעשאַפען דאָס געשלאָסענע, האַרמאָנישע שטימונגס־בילד, מיט זיין איינהייטליכער האַנדלונג; די קונסט, פון דעם דאָזיגען מאַטעריאַל אויסצוטון דאָס צופעליגע, דאָס זייטיגע און, פערקערט, צו דערקענען און ארויסהויבען דאָס ממשות׳דיגע, דאָס נויטיגע, דאָס טיפערע אין איהם, אַזוי אז פון דעם איינציגען געשעהעניש, פון דעם בעזונדערען פאַל זאָל ווערען א קונסטווערק — א סימבאָל פון עפּעס וואָס איז אַלגע־מיין מענשליך און אַלגעמיין ממשות׳דיג — וואָס זאָל רעדען צו יע־דען וואָס קאָן נאָר בעגרייפען, און איהם געווינען, — אַלעס דאָס איז די אַרבייט פון דעם שאַפענדיגען קינסטלער, פון דעם גאון, — פון דער פּלאַסטישער פאַנטאַזיע־קראַפט פון זיינע געפיהלען.

קונסט און מאָראַל. — אין זיך גופא איז די אמת׳ע קונסט ניט מאָראַליש און ניט אונמאָראַליש. דאָ קאָנען מיר זאָגען — פאַר דעם ריינעם איז אַלעס ריין. אין דעם שפּיגעל פון אַן אונריינער נשמה קאָן יעדעס קונסטווערק, אַזוי גוט ווי אַלע הויכע עטישע שאַפונגען אויסזעהען ווי צוקרומטע פּאָרנאָגראַפישע קאַריקאַטורען, בעת ריינע גייסטער זעהען אין זיי די פערקערפּערונג פון די נאָבעלסטע אידעאַ־לען. אין דעם איז אָבער ניט שולדיג די קונסט און איהרע שאַפונ־

א מיסט־ווארים איז א בארג מיסט און זיין ריח אהן ספק גאנץ גע־שמאק, אבער פאר אונז איז ער מאוס. אבער צווישען די מענשען זענען אויך פאראן מיסט־ווערים, סעקסועלע מיסט־ווערים, וועלכע האבען ליב די עקעלדיגסטע ריחות (סעקסועלע פערווערזען). ביי א האמא־סעקסואליסט, א מאן, איז דער מאן שעהנער פון דער פרוי. ביי א ווילדען אדער א פויער איז אפטמאל דאס שעהן, וואס א קול־טור־מענש אדער א פערפיינערטער שטאדט־מענש בעטראכט אלס עקעלדיג, א. אז. וו.

ערא̇טישע קונסט. — עס איז דעריבער גאר קיין חדוש ניט וואס די סטרונע, וועלכע בעיינפלוסט מיט איהר קלאנג אזוי געוואלדיג דאס מענשליכע געפיהלס־לעבען — די סעקסועלע ליבע — ווערט אויף אזוי פיל אופנים אנגעשלאגען אין אלע פארמען פון דער קונסט. די מוזיק דריקט אוים די סעקסועלע געפיהלען און זייערע פסיכישע אויסשטרא־לונגען דורך טענער פון בענקשאפט, פון ליידענשאפט, פון פרייד, פון טרויער, פון ענטוישונג, פון פערצווייפלונג, פון עקסטאז, פון התלהבות, פון מקריב זיין זיך, א. אז. וו.

אין דער סקולפטור און אין דער מאלעריי ניט דאך די ליבע אין אלע איהרע נואנסען די טעמעס, וועלכע וועלען זיך קיינמאל, קיינמאל ניט אויסשעפען. אין דער שעהן־ליטעראטור פייערט די סעקסועלע ליבע ערשט אמת׳דיג איהרע טריומפען, און אויך ניט זעלטען איהרע ארגיעס. די ראמאנען און די דראמעס, אין וועלכע זי שפילט ניט קיין ראלע, קאן מען פשוט איבערצעלען. מיר האבען דא ניט אין זין בלויז יענע באנאלע ליבעס־געשיכטעס און דראמעס וועלכע קייען איבער ביז צום עקעל די סענטימענטאלע און אויסגעדראשענע מאטי־ווען, אבער וועלכע עס געלינגט טראצדעם כסדר ארויפצוטרייבען ביז התפעלות די געפיהלען פון די ברייטע מאסען פון פאלק, וועלכע זע־נען בלינד צו א קינסטלערישער קולטור. די העכערע קונסט שיל־דערט די העכסטע און שווערסטע, און אויך די צארטסטע און קאמפ־ליצירטסטע קאנפליקטען פון די מענשליכע סעקסועלע געפיהלען און זייערע אויסשטראלונגען, און דורך דעם רירט זי אן די טיפסטע און פערבארגענסטע סטרונעס אין די בעסערע מענשליכע נשמות. דער־מאנט זיך אין אזוינע דיכטערס ווי שעקספיער, געטהע, מוססעי, היינע, בייראן, שיללער און מאפאססאן; מוזיקער ווי בעטהאווען,

עקסטאַז און צו דעם עקסטאַז בכלל. „אז די קונסט, דער צוועק פון וועלכער עס איז דאָך צו ווירקען אויף די געפיהלען, נוצט אויס פון אַנהויב אָן יענעם געביט וועלכעס איז אַמרייכסטען איז געפיהלען (דאָס סעקסועלע געביט), איז זעלבסטפערשטענדליך", שרייבט גראַסס. „אַבער אין דערזעלביגער צייט ווייזט ער, „אַז איז דער העכער ענטוויקעלטער קונסט האָט דער עראָטיזם אַסך אַ גרעסערען, אַ מעהר אַרומנעהמענדיגען בעדייט, איידער אין דער אונז בעקענטער פּרימיטיווער קונסט".

אין דעם דאָזיגען פּרט האָט גראַאַס זיכער רעכט. מחמת די פּרימיטיווע עראָטיק איז געווען צו נאַקעט, צו אָפען, צו זינליך. צו פיל אַ זאַך צום אַנטאַפּען, בכדי צו קאָנען אַזוי טיף און אַזוי פערשידענאַרטיג רירען דאָס געמיהט, ווי ביי די ציוויליזירטע העכער שטעהענדיגע מענשען. צוליב דער דאָזיגער אורזאַך אַלייז מוז איך זיין איינשטימיג מיט גראַאַס'ן, מחמת די פאַקטען, — איך מייז דער אינהאַלט פון דער פּרימיטיווער קונסט, — זאָגען עדות: די פּרימי־טיווע קונסט האָט אין זיך זעהר ווייניג עראָטיזם.

וואָס צאַרטער די קונסט ענטוויקעלט זיך אַלץ העכער ווערט זי און אַלץ בעסער ווירקט זי, אָבער די קראַפט פון איהר ווירקונג העננט בעזונדערס אָב פון דער געוואַלט מיט וועלכער זי טרייבט אונזערע געפיהלען. די קונסט דאַרף אויך דיסאָנאַנסען — ניט בלויז אין דער מוזיק, — כדי דורך קאָנטראַסטען שאַרפער ארויסצובריינ־גען די האַרמאָניע פון איהרע געפיהלס־טענער, און אין דערזעלביגער צייט שטאַרקער און פערשידענאַרטיגער צו ווירקען אויף דעם מענש־ליכען געמיהט. דורך אַ שאַרפער שילדערונג פון דעם מאוס'ען וועקט זי אויף אַ בענקשאַפט פאַר דעם שעהנעם. די קונסט מוז אָבער זיין ספּאָנטאַן און אין איהר סאַמער טיפקייט מוז זי זיין אמת'דיג. זי דאַרף ניט זיין געמאַכט, מאַנירירט און מען דאַרף מיט איהר ניט קנעלען קיין שום דאָגמאַטיזם, סיי אינטעלעקטועלען און סיי מאָראַ־לישען. דאָס פּאָזיטיווע עסטעטישע געפיהל אָדער דאָס געפיהל פאַר שעהנקייט איז איבערינענס זעהר רעלאַטיוו און ווענדט זיך ביז אַ גאַנץ הויכען שטאַפּעל אין דער פילאָגענעטישער צופּאַסונג פון די מענשליכע געפיהלען און פון די געוואוינהייטען און מנהגים. פאַר

# קאַפּיטעל XVIII

## דאָס געשלעכטס־לעבען און די קונסט.

די קונסט שטעלט מיט זיך פאָר אין אַ הארמאָנישער פאָרם די בעוועגונגען פון אונזער געפיהלס־לעבען. די פילאָגעניע פון דער קונסט איז דערווייל נאָך זעהר ניט קלאָר; די מיינונג פון דאַרווינ׳ן, וועדליג וועלכער די קונסט זאָל הייסט עס האָבען איהרע ווארצלען אין דער סעקסועלער שטרעבונג צו געפעלען, איז, אין הפוך צו דעם שאַרפזין פון דעם בערימטען פאָרשער, ממש מיט געוואלט געשלעפּט געוואָרען ביי די האָר, און זי האָט מיך דע־ריבער קיינמאָל ניט געקאָנט איבערצייגען.

שוין אַריסטאָטעל האָט געזעהען אין דער קונסט די פּרינציפּען פון דער פאָרשטעלונג פון דאָס וואָס איז שעהן און פון דער נאָכאַ־מונג אָדער אימיטירונג. פּראָפעסאָר קאַרל גראָאָס, אין גיעססען, בעווייזט די פאַלשקייט פון דאַרווינ׳ס מיינונג, און האַלט אויף נאָך שטאַרקער דעם פּרינציפּ פון דער פאָרשטעלונג פון דעם אייגענעם איך, פון דער אָביעקטיווירונג פון די אייגענע אינוועניגסטע געפיה־לען (ביי חיות צ. ב. די פרייד צו הערען דאָס אייגענע קול). („די אנפענגע דער קונסט אונד די טהעאָריע דאַרווינס" העססישע בלע־טער פיר פאָלקסקונדע, באַנד 3, העפט 2 און 3.)

די מאַטאַרישע אינסטינקטען און די בעוועגונגען וועלכע מען מאַכט בשעת דעם שפּילען־זיך (אַזוינע שפּילען געפינען מיר שוין אפילו ביי די מוראַזשקעס) געהערען צו די ערשטע אויטאָנאָמע בע־שאַפערס פון דער קונסט. אין דער ענטשטעהונג פון דער קונסט ביים מענש, שרייבט גראָאָס צו אַ געוואַלדיגע ראָלע צו דעם רעליגיעזען

די סעקסועלע פראגע, א זאך וואס שיינט נאך צו ליגען גאנץ ווייט פון אונז, קאן, ווי אונז דאכט זיך, בכלל ניט דורכגעפירט ווערען א ראציאנאלע סעקסועלע ערציהונג. דערוויל אבער מוז זיך איטליכער העלפען מיט דעם וואס ער קאן. די עלטערן אזוי גוט ווי א טייל לעהרערס קאנען א סך דערגרייכען דורך א פרייען ענטשלוס. דער עיקר אבער זאלען די יונגע מענשען, ביי וועמען די סאציאלע רעפאר־מען זענען א מיפער ערענסט, זיך ניט צופרידענשטעלען מיט א פום־טער מליצה, מיט אננעהמען א פאזע און ארויסרופען א שושקעריי; זיי מוזען פון זייער טיפסטער איבערצייגונג ווייזען א ביישפיל מיט זייערע אייגענע סעקסועלע פערהעלטניסען; זיי מוזען פערדאמען מיט האנדלונגען אלע אלטע מנהגים וועלכע שטעהען אין הפוך צו אן אמת'ער מענשליכער מאראל, און זיי מוזען פאקטיש צושטימען און העלפען אלע סעקסועלע רעפארמען, ד. ה. דורך זייערע אייגענע האנד־לונגען מוזען זיי אננעהמען א שטעלונג קעגען הייראט צוליב געלד, קעגען דעם פארמאליזם פון דער הייראט, קעגען דער געמיינשאפטליכ־קייט פון פערמעגען אין דער הייראט, קעגען דער פראסטיטוציע, א. דגל., און פערקערט, פאר א געזונדע צוכטוואהל און פאר אן ערציהונג פון קינדער וועדליג מיר האבען אויבען אנגעוויזען.

שלאגען קעגען אלע יענע עלטערן און אפעקונעס, וועלכע בעגעהען שטראפבארע האנדלונגען קעגען זייערע קינדער אדער קעגען פרעמדע קינדער, פערפירען זיי צו בעגעהען פערברעכענס, אדער וועלכע זענען נים אימשטאנד זיי צו בעשיצען קעגען אנדערע מענשען פון וועלכע זיי ווערען מיסברויכט אויף דעם אויבען אנגעוויזענעם אופן (דאס לעצטע קומט מיינסטענס פאר ביי קאנקובינעס, אלמנות, א. אז. וו.):

1.) דאס מבטל־זיין פון דעם רשות פון פאטער, מוטער אדער אפעקון און צו בעשטימען אן אנדערען אויפזעהער.

2.) אין ערענסטע פאלען פולשטענדיג צונעהמען די קינדער.

3.) אין אלע פאלען, וואו דער איבערגעבליבענער פאטער (אדער מוטער) האט נאך יונגע קינדער, און געהט נאך אמאל חתונה האבען אדער לעבט אין א קאנקוביגאט, זאל מען בעשטימען א „מיט־אויפזעהער".

4.) דאס צונעהמען דעם עלטערליכען און בעזונדערס די פא־טערליכען רשות פון אלע יענע פאטערס (טיילמאל אויך מוטערס) וועלכע לעגען ארויף די לאסט פון דער ערציהונג פון זייערע קינדער אויף דער פריוואטער אדער עפענטליכער צדקה, נים זייענדיג גע־צוואונגען דערצו צוליב ארימקייט.

הגם די דאזיגע פארשלאגען האבען נים קיין דירעקטען שייכות צו אונזער ענין, גיבען זיי אבער אינדירעקט א גרויסע בעשיצונג קע־גען דעם סעקסועלען מיסברויך פון קינדער: מען דארף בלויז אין זין האבען ווי געוויסענלאזע עלטערן פערפירען זייערע קינדער צו דער פראסטיטוציע. וואס איז שייך דעם פארשלאג 4, וויל איך דערמא־נען דעם לעזער דאס, וואס איך האב מכח דעם ענין געזאגט אין קא־פיטעל 8. טראץ דעם מבטל־זיין זייער רשות מוזען אזוינע עלטערן שפעטער געזעצליך געצוואונגען ווערען צו ארבייטען כדי אויפצו־האלטען זייערע קינדער.

איך מוז מודה זיין, אז דער פלאן פון א סעקסועלער פעדאגאגיק פאר דער צוקונפט, וועלכען מיר האבען דא אנגעצייכענט, איז ליידער נאך זעהר ווייט פון פערווירקליכט צו ווערען. די „לאנדערציהונגס־היימע", וועלכע דארפען זיין דאס מאדעל פון דער צוקונפטיגער שטאאטס־שול, זענען נאך גאנץ ווייניג פערשפרייט, און ביז דער שטאאט און דאס פאלק וועלען קלאר און אהן פארורטיילען אויפפאסען

פען און אריינזועצען אין געפענגענים. ענדליך אבער האט א מעהר מוטיג אינגעל אלעם אויסגעזאגט און די זאך איז ענטדעקט געווארען.

דעריבער, ווי מיר זעהען, דארף זיך דער סאדיזם ניט אלעמאל דוקא אויסדריקען אין א לוסט־מארד. עס איז אהן ספק, אז די מיל־דערע פארמען פון סאדיזם, ווי שלאגען, מיסהאנדלען און דערנידע־ריגען גייסטיג און קערפערליך אויף אלערליי אופנים, זענען א סך מעהר פערשפרייט. זיי זענען אזוי־צוזאגען א מין דערפילונג צו דער סעקסועלער תאוה ביי פאטהאלאגישע מענשען, ועמעס געשלעכטס־טריב איז בלויז טיילוויז פערדארבען. דער דאזיגער ביז אהער כמעט ניט בעמערקטער פאקט דארף זיין נאך אן אורזאך פאר דער אבשא־פונג פון דער קערפערליכער בעשטראפונג אין אלע שולען, מחמת די ראפינירטקייט און די קונסט פון פערשטעלען־זיך האט קיין גרעניץ ניט ביי די סעקסועלע פערווערזען. זייער פערווערזיע בעהאלט זיך אונטער הונדערטערליי צבוע׳אצקע תרוצים, און די ערפארונג האט געוויזען, אז אפילו די סאמע טיכטיגסטע מענשען קאנען ווערען א זעהר לאנגע צייט אבגענארט, ווי דאס האט מען געקאנט זעהען אין דעם פאל מיט דעם לעהרער דיפפאלד און א סך אנדערע.

די קערפערליכע בעשטראפונג פון שול־קינדער איז א נוצלאזע און א דירעקט שעדליכע ברוטאליטעט. עס איז א שאנד פאר דער ציוויליזאציע וואס זי ווערט נאך איצט אויפגעהאלטען, איצט ווען די קערפערליכע בעשטראפונג איז אפילו אבגעשאפט געווארען אין די געפענגעניסען.

אבער קינדער, בעזונדערס שטיפקינדער און אונגעזעצליכע קינ־דער,זענען אפטמאל אויסגעזעצט צו די שרעקליכסטע מיסהאנדלונגען מצד זייערע ברוטאלע עלטערן אדער אפעקונעס, אין וועלכע עס שפי־לען א גרויסע ראלע די סעסועלע ליידענשאפטען און שכרות.

איך וויל דא דעם לעזער אויפמערקזאם מאכען, צוליב קורצ־קייט, אויף די שריפטען פון לידיא פאן וואלפרינג: „דאס רעכט דער קינדער: פארשלעגע פיר איינע געזעצליכע רעגעלונג“. (אלגעמיינע עסטרייכישע געריכטסציימונג, 1904.), און „די קינדער־מיסהאנד־לונגען, איהרע אורזאכען אונד די מיטעל צו דערער אבהילפע“ (וויען, 1907). די פערפאסעריז, וועלכע האט ספעציעל שטודירט די פראגע פון א געזעצליכער בעשיצונג פון קינדער, מאכט די פאלגענדע פאר־

הויך־מאראלישען געוועזענעם קאטאלישען גלח, שיניקווי, מכח וועמען מיר האבען גערעדט אין קאפיטעל 12.

די פאלגענדע פאסירונג איז זעהר כאראקטעריסטיש: א פרומער בעשיידענער מאן האט געזעהען קליינע קינדער פוןביידע געשלעכטער זיך באדען צוזאמען, און ער זאגט צו זיי, אז דאס איז ניט אנשטענדיג. אויף דעם ענטפערט איהם א נאיוו קליין אינגעל: „מיר וויסען דאך ניט ווער פון אונז איז א אינגעל און ווער א מיידעל. מיר זענען דאך ניט אנגעטון.“ פון אט אזוינע צוגעטראפענע ענטפערס זעהט מען פון אויבען אויף, אז געוויסע ווארנונגען וועלכע האבען א מאראלישען צוועק ציהען דוקא ערשט די אויפמערקזאמקייט פון דער יונגענד אויף עראטישע געגענשטאנדען און, אז זיי זענען געאיינעגט אויפצואוועקען די ליידענשאפטען.

צוליב בעגאנגענע שרעקליכע פערברעכענס, האט ניט לאנג צוריק א וויכטיגער פאקט אויף זיך געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון דער גאנצער וועלט; עס איז קיין ספק, אז אין געוויסע פאלען זוכען און געפינען לעהרערס און ערציהערס א בעפרידיגונג פאר זייערע סאדיסטישע טריבען בעת זיי לעגען ארויף קערפערליכע שטראפען אויף די קינדער וועלכע מען האט זיי אנפערטרויט צו לערנען. מען האט נאך ניט פערגעסען דעם פאל מיט דעם הויזלעהרער דיפפאלד וועלכער, כדי צו בעפרידיגען זיין סאדיסטישען טריב, האט שרעקליך געשלאגען זיינע צוויי יונגע שילערס, וועלכע מען האט צו איהם אבגעגעבען צו ערציהען, און איינעם אפילו פערמאטערט צום טויט.

די „ארבייטער צייטונג“ אין וויען, איינע פון די געוויסענהאפטסטע צייטונגען, האט פערעפענטליכט דעם פאקט, אז (אנרופענדיג דעם נאמען) א פירסט פון א קליינעם דייטשען שטאאט האט איטליכס מאל ווען א לעהרער האט בעשטראפט א קינד מיט קלעפ זיך אנגעבאטען דאס קינד אליין אנצושמייסען. די “ארבייטער צייטונג“ שרייבט צו די דאזיגע אייגענטימליכע ליב־בארבאריי פון דער „האהייט“ צו א סאדיסטישער תאוה.

ערגיץ אנדערש ווידער זענען א סך קינדער עטליכע יאהרען כסדר אלעמאל געשלאגען געווארען פון א מאן, וועלכער האט כלומרשט געשפילט די ראלע פון א פאליציי־אגענט און האט די קינדער געשראקען, אז אין פאל זיי וועלען זיך בעקלאגען וועט ער זיי בעשטרא־

דער די שטרענג רעאַליסטישע שילדערונגען פון א זאָלא, א בריעו און אפילו פון א ניו דע מאָפאַססאַן (ניט רעכענענדיג די בילדער אין טייל אילוסטרירטע אויסגאַבען פון זאָלאַ און מאָפאַססאַן).

אן ערפאַרענער דאָקטאָר האָט מיר אמאָל דערצעלט, אז אין זיין געגענד האָבען די פויערים־קינדער, וועלכע האָבען בעאָבאַכט דעם געשלעכטס־פערקער צווישען די חיות, אָפטמאָל געפריפט דאַסזעלביגע נאָכצוטון צווישען זיך ביים באָדען־זיך אָדער וואו ניט איז. די זאַך איז אליין פאַר זיך געווים ניט לויבענסווערט און זי זאָל בעקעמפט ווערען. פונדעסטוועגען זענען צוליב דעם די דאָזיגע פויערים ניט דעגענערירטער און פערדאָרבענער איידער די איינוואוינער פון שטעדט: פונקט פערקערט. א בעצייטיגע אויפקלערונג און א פריינדליכע וואָרנונג, בפרט פון די מיידלעך, וועט אויך דאָ זיין די בעסטע רפואה, בעזונדערס נאָך ווען די אויסריינינגונג פון אלקאָהאָל און קלאַסען־אויסבייטונג פון אונזער ציוויליזאַציע וועט דערגרייכען ביז אין דעם דאָרף

א חוץ דעם, גראַד פון אזוינע פערזוכען פון די אינגלעך, לערנען זיך אויס די מיידלעך צו היטען. וואָס וועט מען אָבער זאָגען וועגען יענע עסטרייכישע ריכטערס, וועלכע בעשטראָפען 14 יאָהריגע אינגלעך מיט געפענגענים פאַר האָבען א געשלעכטס־פערקער מיט מיידלעך אין דיזעלביגע יאָהרען אדער פאַר מאַכען זיי שוואַנגער? האָבען זיי דאָ בעשטראָפט דעם אמת׳ען פערברעכער? אָדער גלויבט מען אויף אזא אופן די דאָזיגע קינדער צו פערבעסערען?

פון א פעדאַגאָגישען שטאַנדפונקט שפּילט אין דעם סעקסועלען געביט א זעהר טרויריגע ראָלע דאס מתודה־זיין־זיך פון די קאַטאָליקען. הגם געוויסע גלחים מיט צאַרטע געפיהלען מעגען זיך די פריהער דערמאָנטע ליגואָרי׳שע פאָרשריפטען אזוי מילדערען און פערטייטשען, אז זיי טון גאָר קיין אָדער העכסטענס א גאַנץ קליינעם שאָדען די ניט פערדאָרבענע יונגע מענשען, מוז אָבער אפילו דער פרומסטער קאַטאָליק מודה זיין, אז די גלחים זענען מענשען און, אז בשום אופן ניט אלע זענען הויכמוטיג און טאַקטפול. דאָס דאָזיגע אָבער איז שוין גענוג צו מאַכען פון דעם מתודה־זיין־זיך א סעקסועל דערנידערענדיגע אינסטיטוציע, לכל הפחות אין זעהר א סך פאַלען. העכסט לעהררייך זענען אין דעם דאָזיגען פרט די ערפאַרונגען פון דעם געניאַלען און

מיט זיינע פריינד, דארף האבען א העלדישען מוט זיך צו ענטשליסען זיין סוד צו פערטרויען פאר א דאקטאר אדער גאר פאר זיין פאטער. אזא צושטאנד קאן, בעזונדערס ביי נערוועזע, אביסעל מעלאנכאלישע אדער היפאכאנדרישע נאטורען, פירען צו זעלבסטמארד.

בפרט ביי נערוועזע קינדער ווערט מען נאך מוזען האלטען אן אויג אויף דעם פאראן־זיין פון קרענקליכע וואונדען, ד. ה. אויף דער פאטאגענער ווירקונג פון א קרענקליך געמיהט, בעזונדערס פון אנגסט און פון סעקסועלע רייצונגען אדער אנגריפען, בבדי ווי ווייט מעגליך צו פערהיטען זייערע שלעכטע פאלגען, א שטייגער פאביעס, צוואנגס־אידעען, שטאמלען, היסטערישע צופאלען, א. אז. וו. אין די דאזיגע אלע פאלען מוז איך שטארק ווארענען קעגען דאגמעס און שאבלאנען. און יעדען פאל מוז מען בעהאנדלען אינדיווידועל. איטליכס קינד איז אנדערש, און דאס וואס איז גוט פאר איין קינד, קאן זיין גיפט פאר אן אנדער קינד.

נאך א נוצען פון דער אויפקלערונג פון קינדער מכח די סעקסועלע פערהעלטניסען איז דער, וואס אין איין צייט קאן מען זיי אויך אויפקלערען מכח דער ירושה־פראגע און מכח די געפארען פון די נארקאטישע מיטלען, אזוי גוט ווי פון די וועגערישע קראנקהייטען. דערביי מוז מען אבער זעהר שטארק אין זין האבען מיט די דאזיגע אויפקלערונגען ניט אויפצוואוועקען אי דעם אייגענעם עראטיזם און אי דעם עראטיזם פון דעם קינד, און וועגען די געשלעכטס־פראגען זיך ניט צו פערברייטען מעהר וויפיל עס איז באמת נויטיג. אט פונקט ווי אויפקלערונג קאן זיין ניצליך, אט פונקט אזוי קאן זי זיין שעדליך אויב מען פערנעהמט זיך כסדר מיט דעם ענין. אדרבה, מען מוז דורך אנדערע אינטערעסען און ארבייטען אזוי ווייט ווי מעגליך אבציהען די אויפמערקזאמקייט פון דער יונגענד פון די סעקסועלע פראגען, ביז זי דערגרייכט די יאהרען צו הייראטען.

דא נאטירליך קומט נאך צו די בעקעמפונג פון דער עראטישער ליטעראטור, בעזונדערס די פארנאגראפיע א. אז. וו. ליידער אבער זענען אפילו אפטמאל גאנץ פרומע ביכער, אזוי־גערופענע גוטע ראמאנען און דראמעס וועלכע, א דאנק זייער דרויסענדיגער זיטליכקייט, געוויינען זיי די הסכמה אפילו פון אנשטענדיגע פרויען, פול מיט א האלב־פערדעקטען עראטיזם, און זיי רייצען דעם געשלעכטס־טריב מעהר איי־

זעלשאפט אליין איז ניט אויפגעקלערט מכח דעם דאזיגען ענין, און כל זמן די יוגענד ווערט ניט אויסגעפארשט און בעלערענט אויף דעם אופן ווי מיר האבען דא אנגעוויזען.

אין פאל מען ענטדעקט געפערליכע פערווערזיעס, ווי צ.ב. דעם מאדיזם אדער די מיטגעבוירענע געשלעכטליכע ליבע צו קינדער (פע־דעראזיס), זענען דערצו נויטיג די שארפסטע בעשיצונגס־מיטלען, וועלכע מוזען טיילמאל דערגעהען ביז צו דער שטענדיגער אינטער־נירונג.

א חוץ דער סוגעסציע איז ניט פאראן קיין שום בעסער מיטעל קעגען דעם אנאניזם ווי גראד אזא ערציהונג וועלכע הערשט אין די "לאנדערציהונגסהיימע", דער עיקר א כסדר׳דיגע קערפערליכע ארבייט צוזאמען מיט א נוצליכע גייסטיגע בעשעפטיגונג. אויב אזא ערציהונג ווערט קאנסעקווענט דורכגעפיהרט זינט דער קינדהייט אן, ענטוויקעלט זיך דער געשלעכטס־טריב בכלל שפעטער, מעסיגער און רוהיגער, און דאס גאנצע שפעטערדיגע געשלעכטס־לעבען פון דעם מענש נעהמט אן א מעהר נארמאלע און געזונדע פארם.

רעדענדיג מכח אנאניזם אין קאפיטעל 8, האבען מיר געזעהען, אז ער קאן זיין דער אויסדרוק פון פערשידענערליי צושטאנדען, און מיר דארפען זיך ריכטען וועדליג דעם.

נאך א מעלה פון דער בעצייטיגער סעקסועלער אויפקלערונג פון קינדער איז, זייער בערוהיגונג. א סך אינגלעך און מיידלעך ווערען ממש פערצווייפעלט, פערזארגט אדער מעלאנכאליש און צוריקגעצויגען צו־ליב די פער׳טעות׳טע געדאנקען מיט וועלכע זיי טראגען זיך ארום מכח דעם געשלעכטס־לעבען. פון איין זייט הערען זיי פארנאגראפישע ווערטלעך און נביל־פה, וועלכע רופען ביי זיי ארויס אן עקעל, בעת זייערע עלטערן שווייגען וועגען דעם גרויסען סוד; און פון דער אנדערער זייט פלאמט אין זיי אויף דער סעקסועלער בעגער און פאדערט א בע־פרידיגונג. אויב דאס אינגעל קריגט א זאמען־אויספלוס, צי פון זיך אליין אדער צוליב א קינסטליכער אויפרעגונג, בעפאלט איהם נאכדעם אן אנגסט און א בושה און אפטמאל אלע שרעקליכע געשפענסטער פון קראנקהייטען, פון מאראלישער געזונקענקייט און גאט ווייסט וואס נאך. דאס אינגעל, וועלכעס שטעהט אט אזוי אליין אין דער וועלט, און שעמט זיך און קאן מכח דעם ניט רעדען מיט זיינע עלטערן אדער

געשלעכטס־טריב. ביי ביידע געשלעכטער דאַרף מען בעזונדערס ניט ארויסלאָזען פון אויג דעם אָנאַניזם. און אויפמערקזאמער בעאָבאַכטער וועט גאַרניט אזוי זעלטען זיך אויף אָנשטויסען אויף האָמאָ־סעקסועלע טריבען, מחמת זיי זענען רעלאַטיוו פערשפּרייט צווישען אינגלעך; זעל־טענער אָבער וועט ער בעגעגענען אלערליי אנדערע פּערווערזיעס, א שטייגער סאַדיזם, מאַזאָכיזם, פעטישיזם, א. אז. וו.

דער געוואלדיגער נוצען פון אזוינע ענטדעקונגען איז דער, וואָס קינדער וועלכע ליידען פון אַ סעקסועלער פּערווערזיע קאָן מען האַלטען אונטער אַ בעזונדערער אויפזיכט, און דער עיקר ניט אריינגעבען אין קיין אינטערנאַטען, מחמת דאָ בעגעגענען זיי מיינסטענס די שווערסטע נסיונות. א האָמאָ־סעקסואַליסט, וועלכער וואוינט אין אן אינטער־נאַט, איז געגליכען, ווי מיר האָבען געזאָגט, צו אַ נאָרמאַלען יונגען מאַן וועמען מען לאָזט שלאָפען אין איין צימער צוזאמען מיט מיידלעך; און מיינסטענס דערנקט קיינער ניט מכח דער דאָזיגער געפאַר.

אָבער אין פאַל מען דערקענט אין עמיצען א סעקסועלע פּערווער־זיע, זאָל מען איהם ניט בעהאַנדלען אלס אַ פערברעכער אדער אלס אן אויסגעלאַסענעם, שלעכטען מענש, נאָר ער מוז בעהאַנדעלט ווערען אלס אַן אַבנאָרמאַלער נערוועז־קראַנקער, וועלכער איז אַ געפאַר אי פאַר זיך און אי פאַר אנדערע. מען מוז אויף איהם אכטונג געבען און איהם היטען, אז ער זאָל ניט ווערען אַ צענטער פון אָנשטעקונג פאַר אנדערע. וואָס איז שייך האָמאָ־סעקסואַליסטען, מוז מען זיי בעזונדערס היטען און בעהאַנדלען ביז זיי וואַקסען אויף. ווען זיי דערגרייכען זייער'ע רייפע יאָהרען מעגען זיי, לויט מיין מיינונג, זיך בויען זייערע איינענע שטעדט, ווערען צווישען זיך „חתן־כלה„ און חתונה האָבען מיט זייער־איינען געשלעכט, וואָס זיי וואָלטען אזוי גערן געטהון. דאָס וואָלט גע־ווען אַ גאַנץ אונשעדליכע זאַך און מען זאָל זיי דאָס ערלויבען. דער־וואַקסענע נאָרמאַלע מענשען קאָנען זיך בכלל גאַנץ לייכט שיצען קעגען זיי. אויב זיי זענען נאָר מיט דער סעקסועלער פראַגע ממשות'דיג בע־קענט.

דאָס קינד אָבער האָט דאָס רעכט געשיצט צו ווערען קעגען אלע סעקסועלע פּערווערזיעס און קעגען וואָסערע ניט איז סעקסועלע אָנ־גריפען, און די געזעלשאַפט האָט די פליכט די דאָזיגע בעשיצונג צו אָרגאַניזירען. אָבער דאָס קאָן ניט אויסגעפירט ווערען כל זמן די גע־

נאך ווען ער ענטדעקט ווילינגע אביעקטען פאר זיין טריב אדער גאר אנדערע פערווערזע חברים פונקט ווי ער אליין.

אט אזוי בעגעגענען מיר אפטמאל שוין אין די מיטעל־שולען גרופען פון יונגע האמא־סעקסואליסטען, וועלכע פערפירען מיינסטענס די אנדערע נארמאלע שילערס; אט אזוי געלינגט עס האמא־סעקסועלע מיידלעך צו פערפירען זייערע חבר'טעס אין די אדער יענע אנשטאלטען, א. אז. וו. עס איז בלויז געגוג אנצואווייזען אויף די דאזיגע ערשיינונגען, וועלכע שפרינגען ארויס דא אין דארט און פירען צו שולסקאנדאלען, בכדי פאר א מענש מיט שכל, פאר א מענש אהן פארורטיילען, זאל ווערען קלאר, אז שוין צוליב דער דאזיגער אורזאך אליין, איז א בעצייטיגע, פערטרויליכע אויפקלערונג פון די קינדער מכח דער סעקסועלער פראגע, א געבאט סיי פון דער היגיענע און סיי פון דער קלוגשאפט און פון דער מאראל.

עס איז דאך קלאר ווי דער טאג, אז ווען עלטערן און לעהרערס זאלען אויף א ניט געצוואונגענעם און געמיטליכען אופן, אבער צורגעפאסט און אנשטענדיג, אויסטוישען זייערע געדאנקען מכח דעם דאזיגען ענין מיט די קינדער, וואלטען זיי דאך באלד געמוזט דערגעהען זייער סעקסועלען כאראקטער. זיי וועלען ענטדעקען סעקסועל קאלטע און גלייכגילטיגע מיידלעך, און פערקערט אזוינע, וועלכע ווייזען ארויס גאנץ פריה עראטישע געפיהלען און נייגונגען. עס פערשטעהט זיך, אז מיט די דאזיגע צוויי מיידלעך דארף מען אנדערש רעדען און זיי אנדערש בעהאנדלען: דעם ערשטען דארף מען גאנץ פריי און אפען אלעס דערצעלען און אויפקלערען, מיט דעם צווייטען אבער דארף מען זיין פארזיכטיג; מען דארף עס וואַרנען קעגען וואסערער ניט איז אויפרייצונג פון דעם געשלעכטס־טריב, און בעזונדערס דארף מען עס אויפמערקזאם מאכען אויף ווענערישע קראנקהייטען, אויף אונגעזעצליכע קינדער און אויף דער פערפירונג.

טיילמאל ועט מען אויך געפינען מיידלעך מיט היסטערישע נאטורען, מיט האמא־סעקסועלע נייגונגען, וועלכע פערליבען זיך אין אנדערע מיידלעך און, פערקערט, האבען אן אבשיי פאר מענער; אמאל בעגעגענט מען אויך א סאדיסטין.

ביי אינגלעך וועט מען ענטדעקען ענליכע אונטערשידען אין דער שטארקקייט און אין דער פריהער אדער שפעטער ענטוויקלונג פון זייער

פערווערזיעס. די טראדיציע זעהט אין יעדער סעקסועלער אבנארמא־ליטעט א דערווארבענע אויסגעלאסענקייט, וועלכע מען דארף בעגע־גענען מיט דער גרעסטער מאראלישער ענטריסטונג און שטראף, און די דאזיגע בעהאנדלונג פירט צו די טרויריגסטע פאלגען. זי בעשאפט אין דער יוגענד אבסאלוט פאלשע בעגריפען און מאכט אי די עלטערן און אי די לעהרערס בלינד צו דעם אמת.

ניט אומזיסט האבען מיר אין קאפיטעל 8 באריכות געשילדערט די אבשטויסענדיגע ערשיינונגען פון דער געשלעכטליכער פאטהאלאגיע. אלע ערציהערס און אלע עלטערן דארפען זיין גרינדליך בעקענט מיט דעם דאזיגען ענין. דאס איז אבער ניט גענוג, מחמת די דאזיגע ערשיי־נונגען בעווייזען זיך אין דער קינדהייט און אפטמאל אונגלויבליך פריה. עס נעהמט א לאנגע צייט ביז דאס סעקסועל פערווערזע קינד הויבט ענדליך אן צו קריגען א חשד, אז זיינע וואונשען אדער זיינע טריבען ווערען פון אנדערע בעטראכט אלס אבנארמאל אדער אוננאטירליך. יענע פסיכישע אויסשטראלונגען פון זיין אבנארמאלען טריב זענען אפטמאל זיינע הייליגסטע, אונבעשטימטע אידעאלען און סענטימענ־טען, זיינע אינווענינסטע דונקעלע האפענונגען און קאמפען, וועלכע זענען אין הפוך מיט דער נאטור און מיט די נייגונגען פון זיינע חברים. און דעריבער בענרייפט עס ניט אין דעם פרט ניט זיך אליין און ניט די ארומיגע וועלט. זיינע נייגונגען ווערען אבגעלאכט, מיספערשטאַ־נען אדער זיי רופען ארויס אן עקעל. אנגסט און בושה בייטען זיך אב מיט פערווערזע בעגערען. ביסלעכווייז, און ערשט שפעטער ווען עס דערגרייכט זיין געשלעכטליכע רייפקייט, ווערט דעם פערווערזען מענש קלאר זיין בעזונדערע, זיין אויסערגעוועהנליכע פאזיציע אין דער וועלט. ער דערפיהלט זיך דעמאלט צוריקגעשטויסען, פערלאזען און אהן א צוקונפט: זיינע געפיהלס־אידעאלען ווערען קאריקאטורען אין זיינע אויגען, זיי ווערען מאוס'ע פערזעהענישען וועלכע מען דארף בעשטרא־פען און וועלכע ווערען פון איטליכען געטראטען מיט די פיס, און ער מוז זיינע ליידענשאפטען בעהאלטען ווי א פערברעכער. אזוי ווי אבער זיין כאראקטער איז מיינסטענס שוואך און אימפולסיוו, און אזוי ווי ער איז אפטמאל פערבונדען מיט א שטארקען און פריהצייטיגען געשלעכטס־טריב, פערגעהט ער זעהר לייכט אויף קרומע וועגען, בפרט

„בעת די רוסישע אוניווערזיטעטס־פראפעסארען האבען נאך מיט 30 יאהרען צוריק ווי איין מאן געפאדערט פון דער רעגי־רונג צוצולאזען די פרויען צו די למודים אין די העכערע שולען, און דערמיט זיי פערשפארט די גאנצע מיה און מאטערניש פון פעטיציעס, האבען די פרויען פון דייטשלאנד און עסטרייך געמוזט שריט נאך שריט יעדע אוניווערזיטעט, יעדע פאקולטעט, יא, אפטמאל אפילו יעדען פראפעסאר בעזונדערס איינגעהמען ווי א פיינדליכע פעסטונג.“

„די רוסישע מענער האבען פשוט ניט געקאנט פערשטעהען פאר־וואס די מיידלעך, וועלכע האבען אין דער מיטעל־שול געהאט צו מא־כען דיזעלביגע אויפגאבען וואס זיי, זאלען פלוצלונג ווערען אונפעהיג ווייטער צו שטודירען. די פרויען פון וועסט־איירופא, וועלכע האבען בלויז אין אויג אויפצועפענען די הויך־שולען פאר די פרויען, בעת דער־ביי גיבען זיי ניט קיין טראכט אפילו צו בעשאפען אן אויסוואהל פון א ווי ווייט מעגליך צוגעפאסטען פרויען־מאטעריאל דורך אן אלגעמיינע איינפירונג פון ביליגע און גוטע מיטעל־שולען פאר מיידלעך, פונקט ווי אין רוסלאנד, אדער דורך דעם וואס מען זאל צולאזען די מיידלעך אין די מיטעל־שולען פון דער מענליכער יוגענד, — די דאזיגע וועסט־אייראפעישע פרויען מאכען אויף אונז דעם איינדרוק פון מענשען וועל־כע ווילען אנהויבען בויען א הויז פון דעם דאך. — דער שכר־למוד אין א גימנאזיע פאר מיידלעך קאסט בלויז 30 ביז 40 רובעל א יאהר.“

די דאזיגע בעמערקונגען פון פרוי פראפעסאר פוקס־וואלפרינג פערדינען מיין הארציגסטע בעגריסונג און מיין צושטימונג. יא, אויך פון רוסלאנד האבען מיר זיך וואס צו לערנען. אונזערע גימנאזיעס און די אנדערע מיטעל־שולען נויטיגען זיך אין א גרינדליכער רעפארם. לויט מיין מיינונג איז אין די דאזיגע שולען דאס צוזאמענלערנען פון ביידע געשלעכטער איינער פון די הויפט־עקרים פון דער דאזיגער רע־פארם; דער אונטעריכט דארף זיין נאך צוועקמעסיגער און דער שכר־למוד נאך ביליגער איידער אין די גימנאזיעס פאר מיידלעך אין רוס־לאנד.

**די געפאר פון סעקסועלע פערווערזיעס.** — א זעהר וויכטיגע זייט פון דער סעקסועלער ערציהונג, וועלכע ווערט ליידער עד־היום נאך זעהר שלעכט פערשטאנען, זענען די מיטגעבוירענע סעקסועלע

טרוקציע קאן מען, טראץ דער ביינאנדיגער ערציהונג, געוויסע צווייגען פון למוד מאכען פאר איין געשלעכט א פליכט צו לערנען, בעת פאר דעם אנדערען געשלעכט זאל מען דאס איבערלאזען צום פרייען ווילען: צ. ב. געהען אין אלגעבריע. אלע למודים אבער וואס שטעהען אויסער דעם אבליגאטארישען שול־אונטעריכט, בלייבען פריי און אויף אזא אופן וועט יעדעס געשלעכט קאנען וועהלען זיין למוד, אזוי ווי עס איז היינט אין די העכערע שולען. פונקט ווי אין דער פרייער נאטור וועט דער־מאלט יעדער מענש פון זיך אליין דארפען זוכען זיין וועג, איהם גע־פינען און די געגענשטאנדען פון וויסען בעארבייטען ווערדיג זיינע פעהיגקייטען.

פרוי פראפעסאר פוקס־וואלפרינג, וועלכע איז גוט בעקענט מיט רוסלאנד, שרייבט מיר דאס פאלגענדע:

„אין רוסלאנד (און אין רוסיש־פוילען), וואו די מיטעל־שולען פאר מיידלעך שטעהען שוין ארום 40 יאהרען אויף דעמזעלביגען שטא־פעל ווי די גימנאזיעס פאר אינגלעך, קאן מען מערקען צוויי ערשיינונ־גען, וועלכע זענען א געוואלדיגער קאנטראסט מיט די ערשיינונגען אין וועסט־אייראפא. ראשית, די ב י ל י ג ע און גוטע מיטעל־שול פירט דערצו, אז די מיינסטע פרויען פון דער מיטעל־קלאס האבען א סך אן ערענסטערען בליק אויף דעם לעבען, האבען א סך מעהר אידע־אלע שטרעבונגען בנוגע די סאציאלע און וויסענשאפטליכע געביטען. און ווייזען א שטארקערען א י נ י צ י א ט י ו ו איידער מיר קאנען דאס זעהען היינט־צוטאג אין וועסט־אייראפא, און טיילמאל אפילו ביי זייערע אייגענע מענער. והשנית, און דאס איז דאס מערקווירדיגסטע, ו ו י י ס ע ן ד א ר ט ג א ר נ י ט די מענער פון דער גערינג־שאצונג פאר פרויען, די גערינגשאצונג וועלכע איז אזא געוועהנליכע ערשיינונג אין וועסט־אייראפא".

"די גימנאזיסטען זעהען אין די גימנאזיום־שילערינס גלייכע (אפטמאל העכערע) קאלעגינס, בעת אין וועסט־אייראפא האלט זיך שוין א צען־יאהריג שילערעל פון אן עלעמענטאר־שול העכער פון א מיידעל, מחמת ער ווייסט, אז זי דארף א סך וועניגער לערנען איידער ער. ביים וועסט־אייראפעישען אינגעל פרעסט זיך די דאזיגע גערינג־שאצונג אזוי טיף אריין אין זיין מוח, אז ער קאן פון איהר אפטמאל ניט לויז ווערען אין משך פון זיין גאנץ לעבען."

טענה ענטפערען מיר דאס פאלגענדע: די גענגענשטאנדען פון דער וועלט, די צווייגען פון מענשליכען וויסען און קענען, בקצור די געגענ־שטאנדען פאר למוד און אינסטרוקציע, זענען גלייך פאר ביידע געש־לעכטער. פונקט ווי עס עקזיסטירט ניט קיין קאטאלישע אדער פראַ־טעסטאנטישע כעמיע, קאטאלישע אדער פראטעסטאנטישע פלאנצען, חיות, בערג און ימים, פונקט אזוי קאן מען ניט די דאזיגע למודים איינ־טיילען „פאר מיידלעך" אדער „פאר אינגלעך". וואו עס איז יא פאַ־ראן א חלוק איז, אין דעם אופן ווי אזוי דער מענש נעהמט זיי אויף, בעגרייפט זיי און נוצט זיי אויס. נאר אין אזא זין קאן מען רעדען צ.ב. פון א קאטאלישער אדער א פראנצויזישער קונסט, פון א פראטעסטאַ־נטישער ליטעראטור א. אז. וו. אויך די שפראכען זענען געגענשטאנ־דען פאר למוד: אין דייטשלאנד וועט א געבוירענער פראנצויז אויפ־נעהמען די דייטשע ליטעראטור, פערקערט, אין פאריז וועט א געבוי־רענער דייטש אויפנעהמען די פראנצויזישע ליטעראטור. אלזא, דער לערענשטאף קאן גלייך אויסגענוצט ווערען פון ביידע געשלעכטער. עס איז דעריבער אי א פערשווענדונג פון כחות און אי אן אונגערעכ־טיגקייט צו בענרעניצען די דאזיגע למודים און צו ארגאניזירען א מינ־דערווערטיגע ערציהונג פון דעם ווייבליכען געשלעכט.

פאר איטליכען למוד מוז דאס לערנען דורכגעפירט ווערען אויף א וואס מעהר נוטען און צוגעפאסטען אופן, ניט נעהמענדיג אין בעט־ראכט דעם אונטערשיד פון די געשלעכטער. דער דאזיגער כלל גילט אויך פאר יענע למודים וועלכע ווערען בעטראכט פאר ספעציפיש ווייב־ליכע, א שטייגער נעהען, שניידעריי, קאכען, פירען די בעל־הבת'ישקייט אין הויז א. ד.ג. יעדעס געשלעכט וועט אויף אזא אופן אויסקלויבען, בעארבייטען און אויסנוצען יענע למודים, וועלכע פאסען זיך פאר זייערע ספעציפישע פעהיגקייטען, פאר זייער נאונות.

איין טייל פון אונטעריכט — דאס סאציאלע מינימום — זאל שטענדיג זיין א חוב פאר אלע, בעת דער אנדערער טייל וואס איז נוגע די ווייטערדיגע אינדיווידועלע אויסבילדונג, זאל מען איבערלאזען צו דער ברירה פון דעם שילער (וועדליג זיין פעהיגקייט און זיין ווילען). אפילו אין דעם אבלינאטארישען טייל פון דער אינס־

שעדליך, נאר אדרבה, זי איז זעהר נוצליך סיי פון א סעקסועלען און
סיי פון אן עטישען שטאנדפונקט. אין די העכערע שולען איז דאס שוין
איינגעפירט; אין די שולען פאר גאר קליינע קינדער און אין א סך
עלעמענטאר־שולען איז דאס שוין פון לאנג איינגעפירט; אממיינסטען
אבער זענען אין דעם פרט איינגע׳עקשנ׳ט די מיטעל־שולען.

אין האללאנד, אין איטאליען און אין ווינטערטהור (שווייץ) איז
דאס לערענען צוזאמען אינגלעך מיט מיידלעך דורכגעפירט געווארען
אין טייל גימנאזיעס אהן דער מינדסטער אונבעקוועמליכקייט; אדרבה,
עס האט געברענגט דעם בעסטען ערפאלג. אין דער לעצטער צייט האט
פרל. מאיקקי פריבערג פון פינלאנד, שטיצענדיג זיך אויף די דארטיגע
גוטע רעזולטאטען, ווידער ווארים פערטייטיגט די קא־עדיוקאציע (גע־
מיינשאפטליכע ערציהונג) פון ביידע געשלעכטער. טייל האבען מורא
דאס זאל ניט פירען צו א סעקסועלער אויפרעגונג· אבער דאס איז א
טעות, מחמת גראד דאס זיין צוגעוואוינט טאג־טעגליך צו קומען אין
בערירונג, צו זיצען איינס נעבען אנדערען, שוואכט אב דעם געשלעכטס־
טריב, ווי מיר האבען דאס פריהער געזעהען. די פערבאטענע פרוכט
פערלירט איהר רייץ אזוי גיך ווי זי שיינט צו זיין ניט פערבאטען און
ווען מען זעהט זי כסדר אזוי נאהענט.

עס פערשטעהט זיך אז דערמיט ווילען מיר ניט זאגען, אז אין
אינטערנאטען זאל מען אינגלעך און מיידלעך לאזען שלאפען אין דיזעל־
בינגע שלאף־צימערן אדער. אז זיי זאלען זיך נאקעט באדען צוזאמען.
אזוי ווייט דערגרייכען נאך ניט אונזערע זיטען, אז מיר זאלען האבען
דערגאנגען צו דעם שטאנדפונקט פון יענער יונגער אינדיאנערקע, וועל־
כע האט בעטראכט פאר ניט אנשטענדיג צו טראגען קליידער ווען
פרעמדע מענשען זענען געקומען ווייל זי איז געווען געוואוינט ארומ־
צוגעהען נאקעט. מכח דעם האבען מיר גערעדט אין קאפיטעל 6. דא
אבער האנדעלט זיך ניט וועגען אינטערנאטען. וועגען שולען אין וועל־
כע די קינדער וואוינען, נאר וועגען דער צוזאמען־ערציהונג פון אינג־
לעך און מיידלעך אין איין קלאס אין די פאלקס־שולען.

ווען מען רעדט פון קא־עדיוקאציע בעגעגענט מען געוועגליך דעם
ענטפער, אז אזוי ווי די נאטור און די בעשעפטיגונג פון דער פרוי זיי־
נען אנדערש פון דער נאטור און פון דער בעשעפטיגונג פון דעם מאן,
דעריבער מוז אויך זיין א חלוק אין זייער ערציהונג. אויף דער דאזיגער

ניט פאַר קיין עקזאַמענס אדער פריפונגען, מחמת דאָס גאַנצע לעבען דאָרט איז א כסדר'דיגע פריפונג.

**ערשט אויף דעם יסוד פון אַ ריכטיגער אַבשאַצונג פון די מענשען וועט מען קאָנען אויפבויען אַ ריכטיגע בעגיזאַומטע מענשליכע צוכטוואַהל.**

עטליכע היסטאָרישע ביישפילען וועלען אונז אמבעסטען ווייזען ווי שלעכט די אַלטע טראַדיציאַנעלע שול האָט אָבגעשאַצט דעם מענשליכען ווערט. אין זיין „סעלף העלפּ", וואָס איך רעקאָמענדיר איטליכען צו לעזען, דערצעלט אונז סעמיועל סמיילס, אז אין דער יוגענד האָט מען דעם מאַלער פיעטראַ די קאָרטאָנאַ גערופען „חמור-קאָפּ", און טהאָמאַס גואידי "טהאָמאַס דער קריכער"; ניוטאָן איז געווען איינער פון די ערגסטע שילערס אין זיין קלאַס; סוויפט איז דורכגעפאַלען ביי זיין עקזאַמען אין דער הויך-שול אין דובלין, און שערידאַן איז געווען אין דער שול אַ „ניט פערבעסערליכער פוילענצער". וועגען וואַלטער סקאָטט האָט פּראָפעסאָר דאַלצעל פון דער אוניווערזיטעט פון עדינבורג געזאָגט: „ער איז א שוטה, און א שוטה וועט ער בלייבען!" טשעטערטאָן איז צוריקגעשיקט געוואָרען צו זיין מוטער אלס א „דום-קאָפּ וועלכער וועט קיינמאָל קיין לייט ניט זיין". דער דיכטער בוירנס און דער ערפינדער פון לאָקאָמאָטיוו, סטעפענסאָן, האָבען געגלאַנצט אין דער שול „נאָר אלס אַטהלעטען". נאַפּאָלעאָן און וועלינגטאָן זענען געווען „גאַנץ טרויעריגע שילערס". יוליססעס גרענט האָט מען אלס קינד גערופען „יוזלעס גרענט". דזשעימס וואַטט איז געווען א שלעכטער שילער, א. א. ז. וו. די דאָזיגע פאַקטען, ווי סמיילס גלויבט, קאָן מען דערקלערען ניט אזוי פיל דורך א פערשפּעטיגטער ענטוויקלונג, ווי דורך דעם עקעל וועלכען אונזער שול-ערציהונג רופט ארויס אין מוחות וועלכע דענקען אליין פאַר זיך, וועלכע קאָמבינירען און וועלכע זאָגען זיך אָב ווען מען וויל זיי אָנלאָדעווען מיט א באַרג אָבגעלעבטע, פערטרוקענטע שאַר-ירקות, כל המינים פאָרמולעס וועלכע מען מוז האַלטען אין זכרון, און וועלכע זענען נאָך דערצו אָפטמאָל ניט פערשטענדליך אדער ווידערשפּרוכיג.

מען הויבט איצט אָן איבעראַל צו בעגרייפען, אז די געמיינשאַפטליכע ערציהונג פוןביידע געשלעכטער אין אַלע שולען איז ניט נאָר ניט

2.) אויפירונג: ארדנונג, ריינליכקייט, פינקטליכקייט, זויבערקייט פון די שול־העפטען; אויפירונג אין דרויסען, א. אז. וו.

3.) מאראלישע און רעליגיעזע רעזול־טאטען:

א) אויפירונג אנטקעגען 1.) די עלטערן (קארעספאנדענץ), 2.) די לעהרערס, 3.) די איבעריגע שילערס, 4.) דרויסיגע מענשען, 5.) זיך אליין.

ב) אמת'דיגקייט: איבערגעבענקייט און פליכט־געפיהל; טריי־קייט אין אכטונג־געבען אויף אייגענע זאכען און אויף זאכען וועלכע מען האט איהם אנפערטרויט; געפיהלען פון סאלידאריטעט און אונ־ייגענוציגקייט; קאן מען איהם טרויען? איז ער געוויסענהאפט?

ג) די קראפט: 1.) פון די מאראלישע געפיהלען, 2.) פון דעם מאראלישען בעגריף. 3.) פון דעם מאראלישען ווילען.

4.) גייסטיגע רעזולטאטען:

א) פראקטישע ארבייט: גערטנעריי, אגריקולטור, סטאלעריי שלאסעריי, טאקעריי, שמידעריי.

ב) קונסט: מאדעליר־ארבייט, צייכענען, שרייבען, רעדען, דעק־לאמירען, מוזיק.

ג) קענטנישען: 1.) ליטעראריש־הומאניסטישע, 2.) פיזיק, מא־טעמאטיק און נאטור־וויסענשאפט.

5. אלגעמיינע רעזולטאטען:

א) קראפט: 1.) פון דעם כאראקטער, 2.) פון דעם קערפער, 3.) פון דער אינטעליגענץ, 4.) פון דער בעאבאכטונג, 5.) פון דער פאנ־טאזיע, 6.) פון דעם אורטייל.

ב) ווערט פון דער ארבייט: 1.) פראקטישער, 2.) קינסטלערי־שער, 3.) וויסענשאפטליכער.

געמאסטען מיט אזא מין מאס קריגט דער מענשליכער ווערט פון א שילער אן אבסאלוט אנדער אויסזעהען איידער מען מעסט איהם מיט דעם סך־הכל פון די געוועהנליכע שול־עקזאמענס. נאך אזא אב־שאצען קאן מען אויך מיט מעהר, הגם נאך אלץ רעלאטיווער, זיכער־קייט וואורויסזאגען וואס פאר א מענש פון דעם שילער וועט ווערען, אפילו ווען מען זאל דר. ליעטץ'ס סיסטעם אביסעל ענדערען אין געווי־סע פונקטען. איך דארף דאך ניט זאגען. אז אין די דאזיגע שולען סומען

און מיט דער פעהיגקייט זיך אויפצופאסען קאן מען איבעראל דער־גרייכען אפילו אהן דער פראטעקציע פון דעם סעגיארען־קאנווענט, פון גלחים אדער פון דעם פריימוירער־ארדען! אהן די דערמאנטע פעהיג־קייטען ווערען די טאלאנטפולסטע מענשען און אפטמאל אפילו געני־אלע מענשען אוועקגערוקט אויף א זייט, אדער זיי שלאגען זיך דורך דורך זייטיגע וועגען פערלירענדיג כח, געזונד און צייט.

די שטרענגע, דאגמאטישע, אויסוועניג אויסגעלערענטע כללים, מיט וועלכע מען שטאפט אן דאס קינדישע געהירן, זענען א חוץ דעם מיינסטענס פאלש, ניט קלאר אדער ניט פינקטליך. אבער פונקט ווי א שווערע משא גראבט זיך דאס אלעס אריין אין דעם זכרון; מען האט שפעטער א סך מעהר מיה די דאזיגע פוסטע פארמולעם פון דארט ארויסצו׳פטר׳ען אדער אויסצובעסערען, איידער מען וואלט געהאט בדי באלד פון אנהויב צו בעשאפען א פרוכטבארען און נאיווען בליק אויף אלעס אין דער וועלט. מיך אליין האט געקאסט מעהר מיה לויז צו ווערען פון דער פאלשער סטרוקטור פון געהירן וועלכע מען האט אין מיר איינשטודירט מיט דער געהירן־אנאטאמיע, איידער צו דער־לערנען די אמת׳ע סטרוקטור פון געהירן אויף דעם געהירן גופא. אין די "לאנדערציהוגנסהיימע" האט דר. הערמאן ליעטץ איינגעפירט אן אמת מוסטערהאפט סיסטעם ווי אזוי אבצושאצען דעם סאציאלען און פסיכאלאגישען ווערט פון די שילערס. צוערשט ווערען אלע רעזול־טאטען געשאצט לויט צוויי מאסשטאבען:

א) אינדיווידועל: איז די ארבייט פון דעם שילער שטענדיג און פולקאמען אין גלייכען ערך מיט זיינע פעהיגקייטען?

ב) אביעקטיוו: איז זיין ארבייט זעהר גוט, גוט, מיט־טעלמעסיג אדער שלעכט — ווערדליג דער נארמאלער מענשליכער דורכ־שניטס־מאס?

שפעטער אבער ווערען אבגעשאצט אלע געביטען פון דער פסיכא־לאגיע און פון דער מענשליכער טעטיגקייט — זאכען וועלכע זענען מעגליך בלויז אין אזוינע שולען, מחמת דא ווערט ערצויגען דער גאנצער מענש:

1.) קערפערליכע רעזולטאטען: געזונדקייט, קראנקהייטען, וואג פון קערפער, געשיקטקייט, געהען, לויפען, שווימען, פארען אויף א צוויי־ראד (ביציקעל), שפיל, סקי, גימנאסטיק.

ירש׳ענטע דיספאזיציעס (גייסטיגע און קערפערליכע), און פון די ערצויגענע אדער דערלערענטע פעהיגקייטען. אהן א גענייגענדיגע, גע׳ירש׳ענטע דיספאזיציע אין א געוויסען געביט, וועט דא דער גאנצער למוד און אלע אנשטרענגונגען מיינסטענס זיין אן אומזיסטע ארבייט, אהן דעם נויטיגען למוד און איבונג פערוועלקען אפטמאל די בעסטע דיספאזיציעס, אדער זיי גיבען ניט יענע פרות וועלכע זיי וואלטען געקאנט געבען. די גע׳ירש׳ענטע דיספאזיציעס זענען אבער נוגע ניט בלויז די אזוי־גערופענע געביטען פון וויסען, ווי די טראדיציאנעלע פעראנגען פון אונזערע שולען שיינען אפטמאל צו דענקען, נאר זיי זענען נוגע אלע געביטען פון דעם מענשליכען לעבען, דער עיקר די נשמה. גוטע דיספאזיציעס אין דעם געביט פון ווילען, פון אורטיל, פון דער פארשטעלונגס־קראפט, און דער עיקר אין דעם געביט פון אויסדויערקראפט, פון פליכט־געפיהל, געוויסענהאפטיגקייט, שטרענגקייט צו זיך אליין, די פעהיגקייט צו דענקען לאגיש און צו קאנען אבשיידען דאס גוטע פון דעם שלעכטען, די פעהיגקייט צו קאמבינירען דאס דענקען מיט עסטעטישע געפיהלען, — דאס זענען העכערע מענשליכע ווערטען איידער די פעהיגקייט גיך אויפצונעהמען און אויפצופאסען, און א גוטער קאפ פאר ווערטער און פראזען.

פונדעסטוועגען זענען די לעצטע כמעט די איינציגע פעהיגקייטען, וועלכע ווערען גענומען אין בעטראכט ביי די שול־עקזאמענס אין אלע אונזערע שולען, פון דער קלענסטער ביז דער גרעסטער, און אין וואס אלעס ווענדט זיך. היינט, איז זיך דא וואס צו חדוש׳ען, ווען ביי אזא בעצם פאלשען און איינזייטיגען מאסשטאב דראפען זיך ארויף די טרוקענסטע פרות, די געוועהנליכסטע קאריעריסטען, וועמעס מוחות זענען בלויז דאס עכא פון זייערע לעהרערס, און וועלכע פאלען אויף די קניע פאר אויטאריטעטען. — איז דען א חדוש וואס די דאזיגע דערגרייכען צו אלע הויכע אפיציעלע, און אויך צו די מיינסטע הויכע ניט אפיציעלע פאזיציעס אין אונזער געזעלשאפטליך לעבען!? מיט א גוטען זכרון

גאַבעז, און אונטער דער שטענדיגער מורא פאַר די פּריפונגען און עקזאַמענס, נאַר זייער ווערט פערגרעסערט זיך דורך דעם וואָס מען לאָזט זיי, ווי ווייט מען קאַן נאַר, צוזאַמענלעבען מיט אַלעם מכח וואָס זיי דאַרפען לערנען. אויף דעם אופן ווערט דאָס געלערענטע באמת זייער אייגענס און א לעבעדיגער טייל פון זייער פּערזענליכקייט, און זייער געהירן און זייער זכרון ווערט ניט אָנגעפּאַקט מיט טויטע למודים, וועלכע ליגען דאָרט ווי א פרעמדער קערפּער אנשטאָט צו זיין א ניצליכער, אַסימילירטער בעזיץ. אין די „לאַנדערציהונגסהיימע" קומען נאַר פאַר אַזוינע שטראָפען וועלכע זענען א נאַטירליכער פּועל־יוצא פון דעם בעגאַנגענעם פעהלער.

די שילערס און די לעהרערס באָדען זיך נאַקעט צוזאַמען. די סעקסועלע פראַגע ווערט דאָרט בעהאַנדעלט אויף אַן אַנשטענדיגען, אָפענעם אופן אַלס א נאַטירליכע, זעלבסטפערשטענדליכע זאַך. דער צוטרויען און די אָפענקייט צווישען שילער און לעהרער, צוזאַמען מיט א ניט־געצוואונגענער קערפּערליכער און גייסטיגער אַרבייט און א פולשטענדיגע אויסגעשלאָסענקייט פון אַלע אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, זענען דאָס בעסטע און ראַדיקאַלסטע הייל־מיטעל און פערהיטונגס־מיטעל קעגען אָנאַניזם, קעגען סעקסועלע צו פריהע ליידענשאַפטען און קעגען אַלע סעקסועלע פּערווערזיעס, אויב זיי זענען נאָר ניט גע'ירש'ענטע.

עס פערשטעהט זיך, אַז אַזוינע שולען קאָנען ניט קורירען גע'ירש'ענטע, פּאַטהאָלאָגישע געשלעכטס־טריבען, און קאָנען ניט פערהיטען א מיטגעבוירענע סעקסועלע פריה־רייפקייט. פונדעסטוועגען זענען ניט פאַראַן קיין אַנדערע אַזוינע שולען וועלכע קאָנען אין דעם דאָזיגען פּרט ווייזען דעמזעלביגען לויבענסווערטען צושטאַנד, מחמת אַזוי גיך ווי א אינגעל לאָזט מערקען וואָסערע ניט איז סעקסועלע פּערווערזיע, ווערט מען דערפון באַלד געוואָר. — איך ווייז דאָ אָן אויף דעם בוך פון ווילהעלם פּריי: „לאַנדערציהונגסהיים" (לייפּציג 1902), און אויף מיין בוך אין וועלכען איך האָב בעהאַנדעלט דעמזעלביגען ענין: „היגיענע דער נערווען אונד דעס גייסטעס„ (שטוטגאַרט 1903).

וואָס אונזער פּעדאַגאָגיק האָט ביז אַהער ניט פערשטאַנען איז, דעם מענש ריכטיג אָבצושאַצען. ד ע ר ס אַ צ י אַ ל ע ר ו ו ע ר ט פ ו ן א מ ע נ ש א י ז צ ו ז א מ ע נ ג ע ש ט ע ל ט פ ו ן צ ו ו י י ג ר ו פּ ע ן פ אַ ק ט אָ ר ע ן : פ ו ן ד י גע'־

פשוט דערפאר, מחמת אין דעם ערשטען פאל זעהט מען אינטעליגענץ אהן דער וואָרימקייט פון געפיהלען, בעת אין צווייטען פאל ווערט דער צוהערער מיטגעריסען פון דער סוגעסטיווער, אנשטעקענדיגער קראפט פון דער בעגייסטערונג; זי געווינט, און דעריבער בערייכערט זי אינדי־רעקט א סך מעהר און ניצליכער זייער גייסט, איידער ווען זיי ווערט דערלאנגט א שטיק טויטע וויסענשאפט, וועלכע פילט אן דעם זכרון אבער דאס הארץ לאזט זי איבער לעדיג. דאס וואס קומט ניט פון הארץ, געהט ניט צום הארץ, זאגט א דייטש שפּריכוואָרט; אבער עס געהט אויך שווערער אין קאפּ.

פונקט אויף דעמזעלביגען אופן ווערט ערצויגען דער ווילען דורך אן אויסדויערענדיגער טעטיגקייט. שוין דאס קינד מוז מען בעגייס־טערען פאר א סאציאלער ארבייט: עס מוז ווערען ערמוטיגט צו ניט אייגעננוציגע, עדעלע און אויפאפפערענדיגע האנדלונגען, אהן אז עס זאל דערצו ווערען געטריבען דורך מורא פאר א שטראף אדער דורך א צוזאג אויף א בעלוינונג.

דאס דאזיגע קאן מען דערגרייכען דורך א סיסטעם פון ערציהונג ווי א שטייגער אין די „לאנדערציהונגסהיימע“, וועלכע זענען צוערשט געגרינדעט געווארען פון רעדדיע אין ענגלאנד, פון ליעטץ אין דייטש־לאנד און פון פריי און צובערביהלער אין דער שווייץ; ענדליך זענען פראקטיש פערווירקליכט געווארען די אידעען פון דוססא, פון פעס־טאלאצצי, פון אוען און פון פרעבעל.

פאר דעם פעדאגאג וועלכער פערשטעהט די פסיכאלאגיע פון קינ־דער איז עס אן אמת'ע פרייד צו זעהען די ערציהונג פון קינדער אין די דאזיגע “לאנדערציהונגסהיימע”. די קינדער זענען פול מיט בע־גייסטערונג פאר זייער שול; זיי ווערען די חברים פון זייערע לעהרערס. די קערפערליכע פערהארטונג, די ענטוויקלונג פון זייער שכל, זייער אורטייל און זייער וויסען געהען הארמאניש צוזאמען מיט דער ערצי־הונג פון זייערע געפיהלען און זייער ווילען. דעם קינד ווערט ניט דערלאנגט דאס טרוקענע לעהר־ביכעל פון אונזערע שולען, נאר מען מאכט איהם בעקענט מיט די ווערק פון אונזערע גרעסטע מענער, פון וועלכע עס שעפט ניט בלויז וויסען, נאר וועלכע וועקען אויף זיין גע־מיהט און בעגייסטערען עס. די פרייד פון די קינדער'ס לעבען ווערט ניט פערביטערט און צודריקט אונטער דער שווערער משא פון שול־אויפ־

נשמה פונקט ווי דער ווינד איבער דעם דאך ניט איבערלאזענדיג קיין ברעקעל סמן. אויף א גוטען בעאבאכטער מאכט די גאנצע זאך א טרויריגען איינדרוק — א מין קאטערינקע וועלכע שפילט אב אויטא־מאטיש א דאפעלט לידעל. אויב דאס איז די מאראל וועלכע דארף ווירקען אויף די קינדער, אין זיך באמת ניט דא וואס צו חדוש'ען וואס זי האט ניט קיין ערפאלג און אפילו ניט וואס זי ברענגט א שאדען. דאס וואס די עלטערן מערקען ניט דערביי איז, אז אונטער דעם נאמען „קינדער־ערציהונג" גיבען זיי א פרייען לויף זייערע אייגענע שוואכ־קייטען און קאפריזען. אבער די קינדער זעהען דאס דוקא זעהר גוט, בעוואוסט אדער אונבעוואוסט, און זיי בענעמען זיך ווערדליג דעם. דאס ערגסטע איז, וואס זיי לערנען זיך אב די דאזיגע שלעכטע געוואוינ־הייטען טון נאך זייערע עלטערן ווי קליינע אפען, און פירען איין צווי־שען זיך גופא די דאזיגע מאראל. ווירקען ווירקט דער מאראלישער ביישפיל, און ניט דער טעארעטישער למוד.

דאס אמת'ע מאראלישע לערנען, די אמת'ע מאראלישע ווירקונג אויף קינדער הענגט אב פון דעם מין און אופן ווי אזוי מען רעדט צו זיי, ווי אזוי מען פערברענגט מיט זיי און ווי אזוי מען בעהאנדעלט זיי. אין דעם אומגאנג מיט קינדער מוזען זיך קלאר און שארף ארויס־ווייזען ווארימע געפיהלען, אמת'דיגקייט, איבערצייגונג און אויסגע־האלטענקייט, און נאר דאס אליין קאן אויפוועקען אין דער מענשליכער נשמה א סימפאטיע און א צוטרויען צו יענע וועלכע דארפען אויף זיי ווירקען. ניט דאס קאלטע מאראלישע ווארט, נאר דאס ווארימע אל־טרואיסטישע געפיהל, וואס דארף פון אלצדינג ארויסשיינען, פון אלצ־דינג וואס מען רעדט און טוט, האט אן עטיש ערציהערישע ווירקונג אויף דעם קינד.

א געלעהרטער וועלכער ברומט ארויס אין א טרוקענעם, לאנגוויי־ליגען טאן די קלוגסטע און בעסטע לעקציעס, לערענט זיינע שילערס גארניט אדער זעהר ווייניג. זיי גענעצען און זיי זענען געדעכט זאגענ־דיג, אז דאסזעלביגע האבען זיי געקאנט אויסלערנען פונקט אזוי גוט, אדער נאך בעסער, פון א בוך אדער לעקסיקאן. א לעהרער אבער וועלכער רעדט מיט פייער און איבערצייגונג און וועלכער ווייסט ווי אזוי צו בעגייסטערען, געווינט די אויפמערקזאמקייט און דאס וואס ער זאגט פרעסט זיך אריין אין דעם געהירן פון זיינע שילערס. פארוואס?

טען מיר געהאַט דאָס גליק פון דער מענשהייט אין אונזערע הענד, און וויפיל גליקליכע און געזונדע מענשען מיר וואָלטען געהאַט; אַבער דער גרעסטער טייל פון עלטערן און ערציהערס שטעהען הילפלאָז אַנטקעגען דער דאָזיגער פראַגע. איך האָב צווישען זיי בעגעגענט זעהר א סך קלוגע מענשען.“

מיר מוזען דאָ נאָך דערמאָנען עטליכע וויכטיגע פּעדאַגאָגישע כללים. דער אינטעלעקט און די געפיהלען זענען ענג פערבונדען אין דעם מענשליכען געהירן, און פוןביידע צוזאַמען ענטשטעהען די ענטשלוסען פון ווילען, וועלכע, וועדליג זייער פעסטקייט און אויסגעהאַלטענקייט, האָבען ווידער פון זייער זייט א געוואַלדיגע צוריק־ווירקונג אויף דער געהירן־טעטיגקייט. עס איז דעריבער א גרויסער טעות צו דענקען, אז די דאָזיגע דריי הויפּט־געביטען פון דער מענשליכער נשמה — שכל, געפיהל און ווילען — קאָן מען איטליכען בעזונדער פאַר זיך בעהאַנדלען מיט טעאָרעטישע דאָגמעס. דער שווערסטער טעות איז וואָס די שול רעדט זיך איין און גלויבט, אז זי אליין וועט קאָנען ערציהען דעם גייסט, דעם אינטעלעקט, בשעת די ערציהונג פון די סענטימענטען און פון דעם ווילען לאָזט זי איבער פאַר די עלטערן. אַבער עס איז נאָך א גרעסערער אונזין ווען מען וויל ווירקען אויף די געפיהלען, און בעזונדערס אויף די עטישע געפיהלען, אויף דעם געוויסען, מיט די אַזוי־גערופענע מאָראַלישע דרשות און שטראָפען. אַ, די דאָזיגע מאָראַלישע דרשות, די דאָזיגע טעאָרעטישע מאָראַל־למודים, — וואָס פאַר א פערזעהענישען פון דעם מענשליכען גייסט דאָס זענען! גראַד ווי מען וואָלט געקאָנט אין דעם קינדערשען געהירן, וועלכעס איז בלויז מסוגל אויפצונעהמען קאָנקרעטע געדאַנקען, ארייןפּאַמפּען א געוויסען און אַלטרואיסטישע געפיהלען מיט דער הילף פון אַבסטראַקטע דאָגמאַטישע כללים! טאָג־טעגליך קאָנען מיר זעהען אין כמעט יעדער פאַמיליע, ווי די עלטערן, ווערענדיג צורייצט, בייז און אָפטמאָל פּאַטעטיש, איבער'חזר'ען זיי די אייביג גלייכע מוסר־רייד צו זייערע קינדער, מאַכען זיי שטענדיג פאָרוואורפען אין כמעט תמיד דעמזעלביגען אַלטען טאָן, און ווי די קינדער הערען זיך אפילו ניט צו, אָדער מאַכען א ניט צופרידענע מינע, אָדער זיי שטעלט זיך טרערען אין די אויגען אָדער אָפטמאָל גאָר ענטפערען זיי מיט דיזעלביגע בייזע רייד; ווי די זאַך זאָל ניט זיין, די דאָזיגע מוסר־רייד שוועבען דורך דעם קינד'ס

קינדער, הריי איגלעך און צוויי מיידלעך, אויפגעקלערט מכח דער סעקסועלער פראַגע.„

„צוליב פערשידענע סמנים האָב איך אין א געוויסען טאָג בע־מערקט ביי מיין זוהן, אז עס איז אָנגעקומען די צאַרטע איבערגאַנגס־צייט; ער איז געוואָרען שעמעדיג, צוריקגעצויגען, אונגליקליך פאַר ניט האָבען בעזונדערע פעהיגקייטען, א. אז. וו. אזוי ווי איך האָב בשום אופן דערצו ניט געקאָנט צורעדען מיין מאַן, האָב איך מיר אליין גע־מאַכט הארץ; עס איז מיר אזוי לייכט ניט אָנגעקומען דאָס ערשטע מאָל: טיף אין מיין נשמה האָב איך געפיהלט קלאָר, ווי פערדרעהט און פער'טעות'ט עס איז אונזער ערציהונג און ווי איך האָב געהאַט צו שווימען קעגען שטראָם."

„אויף מיין אינגעל האָט דאָס געווירקט אויף א וואונדערליכען אופן; ער האָט אויפגעשיינט; ער האָט מיך געלאָזט אריינקוקען אין זיין קינדערשער נשמה ווי אין אן אָפען בוך. מיר האָבען אלעס דורכגע־רעדט פון אלע מעגליכע זייטען, און צום סוף זאָגט ער צו מיר: „מאַמאַ, וואָס פאַר א גליק וואָלט עס געווען פאַר דער מענשהייט ווען אלע מו־טערס וואָלטען געקאָנט בייקומען די דאָזיגע פאַלשע בושה און גערעדט מיט זייערע קינדער אויף א נאַטירליכען אופן וועגען אזוינע נאַטירליכע זאַכען; מאַמאַ, דו קאָנסט דיר גאָרניט פאָרשטעלען ווי אלעס ווערט פערדרעהט און וועלכע שמוציגע זאַכען מען הערט זיך אָן פון די חברים. און דאָס דאַרף זיין דער שוץ קעגען דער גרעסטער געפאַר אין לעבען?!"

„ווען איך האָב געדאַרפט געלעגען ווערען מיט מיין יונגסטען קינד, איז מיר געווען זעהר פיינליך זיך צו היטען מיט דעם דאָזיגען סוד פאַר מיין 14 יאָהריגער טאָכטער. איינמאָל נעהם איך זי צו זיך און ווי עס האָט געפאַסט פאַר איהר עלטער האָב איך איהר אלעס אויפ־געקלערט. צוערשט איז זי געווען אין זיבעטען הימעל פאַר גליק, דער־נאָך איז זי געוואָרען שטאָלץ וואָס איך האָב זי געהאַלטען פאַר אזוי דערוואַקסען און ווירדיג מיט איהר צו רעדען וועגען אזוינע ערענסטע זאַ־כען, און צום סוף זאָגט זי: „מאַמאַ, אלעס איז דאָך אזוי שעהן און אזוי קלאָר: פאַרוואָס דערצעלט מען דאָס ניט פריהער איידער מען הערט זיך אָן די אלע שמוציגע זאַכען אין דער שול."

„פון דעם געזאָגטען און פון אייער ווערטפול בוך קאָן מען זעהן, אַז מיט דער הילף פון א נאַטירליכער און געזונדער אויפקלערונג וואָל־

ביז אהער האבען מיר ציטירט פרוי שמיד. ווייטער בעטאנט זי, פונקט ווי מיר, די נויטיגקייט פאר מיידלעך צו ארבייטען און, אז מען זאל זיי אויסלערנען א פראפעסיע, בכדי זיי זאלען זיין אימשטאנד אין אלע פאלען אריבערצוטראגען דעם קאמף פון לעבען און ניט בלינדער־הייט חתונה צו האבען מיט דעם ערשטען בעסטען מאן אדער אריינ־צופאלען אין דער פראסטיטוציע, כדי זיך צו ראטעווען פון הונגער אדער פון אונטערגאנג. זי האלט, און מיט רעכט, אז די הויז־און מוטער ארבייט פון איטליכער הויזפרוי זאל בעלוינט ווערען פונקט אזוי גוט ווי יעדע פראפעסיאנעלע ארבייט, פונקט ווי די ארבייט פון דעם מאן אויסער דעם הויז.

אין דער גאר לעצטער צייט האבען זיך, לפחות אין דער טעאריע, געביטען די אנשויונגען מכח דעם ענין און די גאנצע וועלט הויבט אן צו רעדען פון דער סעקסועלער אויפקלערונג פון דער יוגענד. איך דארף דאך ניט זאגען, אז די סעקסועלע אויפקלערונג פון אינגלעך איז פונקט אזוי נויטיג ווי די סעקסועלע אויפקלערונג פון מיידלעך. אמת, זיי שטעהען ניט אין אזא סכנה, ווי די מיידלעך, צוליב זייער עמרצות צו מוזען ווערען שרעקליך אבהענגיג דורך א געצוואונגענער הייראט אדער דורך א שוואנגערשאפט. דערפאר קאנען זיי ווערען מעהר גע־רייצט און פערפירט. אין פאל זיי זענען שוין איינמאל סעקסועל פער־פירט, סיי דורך אנאניזם, סיי אויף אן אנדערען אופן, טון זיי זיך דעם גרעסטען שאדען און עס איז זיי שווער צוריקצופירען אויף דעם גלייכען וועג, שוין ניט רעדענדיג פון די וועגערישע קראנקהייטען.

דעריבער רוף איך צו אלע פאטערס און ערציהערס, פונקט ווי פרוי שמיד רופט צו אלע מוטערס און ערציהערינס: גרייט זיך צו בעציי־טענס און ווארט ניט ביז די אינגלעך ווערען אויפגעקלערט פון פער־דארבענע מענשען אדער ביז זייער עראטישע נייגעריגקייט וועט זיי שוין האבען פערפירט און פערדארבען. זיי ווערען מיינסטענס פער־פירט פון שלעכטע חברים, אבער ניט זעלטען אויך פון דערוואקסענע עראטישע פרויען, האמא־סעקסואליסטען, א. אז. וו.

דער פאלגענדער אויסשניט פון א בריף וועלכען א מוטער האט מיר געשיקט איז זעהר כאראקטעריסטיש:

„ווען עס האט זיך געוויזען די נויטיגקייט, האב איך מיינע פינף

וואָלטען פערשטאַנען צו בעהאַנדלען דעם דאָזיגען ענין מיט געגוג טאַקט. איך וויל בלויז צולעגען, אַז די אויפקלערונג פון די קינדער מכח דער געשלעכטס־פראַגע דאַרף נאַטירליכערווייז איינגעטיילט ווערען אַזוי, לפחות אויף וויפיל דאָס איז מעגליך, אַז דער פאָטער אדער דער לעהרער זאָל אויפקלערען די אינגלעך, בעת די מוטער אדער די לעהרערין זאָל אויפקלערען די מיידלעך.

פרוי שמיד האָט פולשטענדיג רעכט זאָגענדיג, אַז „די עלטערן האַלטען זיך מיינסטענס צוריק בעציייטענס אויפצוקלערען זייערע קינדער ניט אַזוי פיל צוליב דוחק אין שכל און דענקען ווי צוליב דער שרעק פאַר דער שווערקייט, צוליב דער אונפעהיגקייט צו קאָנען זיך קלאָר צונויפרעדען מיט זייערע קינדער. טייל מוטערס וועלכע וואָלטען קיינמאָל ניט אפילו דערמאָנט א וואָרט מכח סעקסועלע פראַגען צו א קינד וועלכעס איז אבסאָלוט אונוויסענד אין דעם, — דיזעלביגע מוטערס הויבען אָבער אָן באַלד צו רעדען מיט זייערע קינדער מכח די דאָזיגע ענינים, און דוקא ניט אלעמאָל אין אַן ערענסטען און אַנשטענדיגען טאָן, אַזוי גיך ווי זיי מערקען, אַז די קינדער האָבען שוין דערפון געהערט פון פרעמדע קוועלען.“

„עס איז צו בעדויערען וואָס אַזוי וועניג פעדאַגאָגען האָבען זיך פערנומען מיט דעם דאָזיגען ענין, און וואָס מען גיט איבער די סעקסועלע אויפקלערונג פון אייגענע קינדער צו די שמוציגסטע קוועלען, צו שלעכטע דינסטען, צו פערדאָרבענע חברים, צו פאָרנאָגראַפישע ביכער. א. אַז. וו. דער פועל־יוצא איז א זעהר טרויעריגער — א פרעמדקייט צווישען עלטערן און פעדאַגאָגען פון איין זייט, און צווישען עלטערן און זייערע קינדער פון דער אַנדערער זייט, א פרעמדקייט וועלכע צורייסט און צושטערט דעם געגענזייטיגען צוטרויען. אויך פריה דערוואַרבענע סעקסועלע פערווערזיעס, אָדער א פריהצייטיגע ענטוויקלונג פון אַן אונגעזונדען געשלעכטס־טריב, קאָן מען ניט בעקעמפען אָדער אָבשוואַכען מיט צניעות, מיט פערוואָלקענטע מאָראַלישע דרשות, מיט בייזען אויגען, ווען דאָס קינד ווייזט א סמן דערפון, און אַנדערע אַזוינע מיטלען: העלפען קאָן נאָר דערצו די אָפערהאַרציגקייט און די ליבשאַפט. תרוצים, בעהאַלטענע רייד און אַן אַזוי־גערופענע מאָראַלישע שטרענגקייט פירט בלויז צו א פרעמד־ווערען, צו ליגען־זאָגען און צו **צבוע־**צטווע, און דער סוף איז אָפטמאָל א טרויעריגער.“

וואַנען עס קומען זייערע קליינע שוועסטערלעך און ברידערלעך. ביס־לעכווייז הויבען זיי אָן נאָכצודענקען און פרעגען, ביי מענשען צו ווע־מען זיי האָבען צוטרויען, ווי אזוי די דאָזיגע קליינע בעשעפעֶנישען קאָנען זיך ענטוויקלען אין דער מוטער'ס לייב. מען זאָל וואַרטען אויף א גוטער געלעגענהייט, כדי זיי פשוט ווי מעגליך אויפצוקלערען דעם געשלעכטס-פּערקער.״ פרוי שמיד דערצעלט ווי אזוי זי האָט איהרע אייגענע קינדער געגעבען די דאָזיגע ערשטע אויפקלערונג. איהר אכט־יאָהריגער זוהן מיט איהרע צוויי עלטערע טעכטערלעך האָבען צווישען זיך געהאַט א הייסע דעבאַטע וועגען דעם היהנערהויף. ז׳י צוויי מייד־לעך האָבען גע'טענה'עט, ערשטענס, אז דער האָהן איז א בייזער און, צווייטענס, אז ער ברענגט ניט קיין שום נוצען, ווייל ער לעגט דאָך ניט קיין אייער. זייענדיג גערירט אין זיין מעגליכען שטאָלץ האָט זיך דאָס אינגעל אָנגענומען פאַר דעם האָהן און געשריען, אז עס קאָן ניט זיין, דער האָהן מוז זיכער ברענגען עפּעס א נוצען, נאַר ער ווייסט ניט וואָס. הכלל, דעם דאָזיגען סכסוך האָט מען געברענגט פאַר דעם מוטערליכען געריכטס־הויף: וואָס דענקט די מוטער וועגען דעם? די מוטער ענט־פערט דעמאָלט די קינדער גאַנץ אָפען, אז די היהנער קאָנען יאָ לעגען אייער אָהן א האָהן, אָבער אז פון די דאָזיגע אייער וועט זיך שפּעטער גאָרניט ענטוויקלען; אז דער האָהן מוז דערצו געבען די היהנער זיין זאָמען; אז אָהן א פאָטער־האָהן וואָלטען קיינמאָל ניט עקזיסטירט קיין היהנער־קינדער. מיט דער דאָזיגער ערקלערונג איז דאָס אינגעל גע־וואָרען זעהר שטאָלץ ביי זיך און האָט באַלד געענטפערט מיט א פשוט'ער און ריינער קינדער־לאָגיק: „ניט אמת, מאַמאַ, אז אויך ביי אונז וואָלטען ניט געווען קיין קינדער אָהן א פאַפּאַ?״ — וואָס, נאַ־טירליך, די מוטער האָט באַלד צוגעגעבען. נאָכדעם זענען די קינדער לוסטיג צוריקגעגאַנגען צו זייער שפּיל.

צו דעם דאָזיגען צווייטען מהנך־זיין קאָן מען אויך בענוצען די באָטאַניק און די זאָאָלאָגיע, וועלכע אָבער, ווי פרוי שמיד גיט צו, זע־נען ניט אזוי לייכט ווי די ערשטע. זי איז אויך מיט דער מיינונג, אז אין די שולען קאָן מען מיט די קינדער רעדען מכח דער פאָרטפלאַנ־צונג פון די מענשען פונקט אזוי גוט ווי מען רעדט מכח דער פאָרט־פלאַנצונג פון חיות און פלאַנצען. באמת, דאָס וואָלט געווען דאָס בעסטע, אבער בלויז דעמאָלט, ווען די לעהרערס און די לעהרערינס

בען מיט דער קינדהייט. אין דער טעאָריע זענען מיר מסכים, אז מען דאַרף די קינדער ניט אָבנאַרען, אויב מען וויל, אַז זיי זאָלען האָבען א טיפען צוטרויען צו זייערע עלטערן און, אז זיי אַליין זאָלען זאָגען דעם אמת. געווים, מען קאָן א קליין קינד ניט אויפקלערען אלע איינ־צעלקייטען מכח דעם געשלעכטס־לעבען, אָבער מיר קאָנען דעם קינד ענטפערען דעם אמת אויף זיינע פראַגען, אויף אזוי פיל אויף וויפיל עס פּאַסט פאַר זיין עלטער; ווען דאָס קינד ווייסט, אז דאָס ווערט שטענדיג געטון, וועט עס דעריבער טיילמאָל אויך זיין צופרידען מיט דעם ענטפער: "דו ביזט נאָך צו קליין דאָס צו פערשטעהען; איך וועל עס דיר זאָגען ווען דו וועסט עלטער ווערען."

„איטליכס קינד, וועלכעס רעדט אָפען מיט זיין מוטער, פרעגט פריהער אדער שפּעטער ווי אזוי קינדער קומען אויף דער וועלט. אויף דער דאָזיגער פראַגע קאָן די מוטער אמלייכטסטען ענטפערען, דעמאָלט ווען דאָס קינד האָט געהאַט די געלעגענהייט דאָס דאָזיגע צו בעאָב־אַכטען ביי חיות, ביי אינסעקטען, א. אז. וו. פאַרוואָס זאָל די מוטער פאַר איהם פערלייקענען, אז ביי די מענשען־קינדער קומט פאָר דאָס־זעלביגע אדער כמעט דאָסזעלביגע וואָס ביי די חיות־קינדער? דאָס קינד לעגט דערין ניט אריין יענע מאוס'ע געדאַנקען, וועלכע אונזער ערזאָטיזם האָט שפּעטער דערמיט פערקניפּט. די קינדער זעהען א סך בעסער, איידער מיר שטעלען זיך דאָס פאָר. א קליין מיידעלע, וועלכעס מען האָט אָבגע'פּטר'ט מיט דעם נאַרישען תרוץ פון דעם שטאָרך מיט דעם קינד, האָט אמאָל געזאָגט צו איהר מוטער: „מאַמאַ, איך בין אזוי גליקליך, די באָבע וועט דאָך האָבען א בייבי." די מוטער האָט זיך דערשראָקען. "אָבער מאַמאַ", זאָגט די קליינע „די באָבע האָט דאָך פּונקט אזא גרויסען בויך ווי אונזער קאַץ איידער זי האָט קליינע קעצ־לעך." פרוי שמיד פערזיכערט די וואָרהאַפטיגקייט פון דעם דאָזיגען מעשה'על. זי זאָגט ווייטער, אז ווען זי איז אַלט געווען צען יאָהרען, האָט א שול־חבר'טע איהר אויפגעקלערט, אז איהר גראָד דעמאָלט גע־בוירענע שוועסטער „האָט ניט געברענגט דער שטאָרך, נאר אז די מו־טער האָט עס געבוירען". דער דאָזיגער נאַטירליכער פאַקט האָט אין איהר ניט אויפגעוועקט קיין שום געפיהל פון אָבשיי, אָבער איהר גלויבען אין איהרע עלטערן איז יענעם טאָג געוואָרען שטאַרק אָבגעשוואַכט.

„צוערשט בעגניגענען זיך די קינדער מיט דעם בלויזען וויסען פון

דעם ווירקליכען לעבען און וועלכע מוזען זיך ענדיגען מיט פלוצליכע ענטוישונגען, אזוינע אילוזיעס זענען טרויריג. ווער עס לעבט ביז צו דער חתונה אין אידעאלע וואלקענס, געפינט זיך מיינסטענס אין א געפאר אנטקעגען צו געהען א שווערע נידערגעשלאגענקייט און פערצווייפלונג. א קלוגע סעקסועלע ערציהונג וואלט ניט בלויז פערהיט די בלינד־גלויביגע יונגע פרויען קעגען פלוצליכע און גרויזאמע ענטוישונגען, נאר זי וואלט אויך אויפגעהויבען דעם מאראלישען שטאפעל פון זייערע מענער. וואלט די צוקינפטיגע פרוי גענוי געוואוסט וואס זי טוט בעת זי בעשליסט צו הייראטען, דעמאלט וואלט זי געפאדערט, אז דאס פערגאנגענע לעבען פון איהר חתן זאל זיין א זיכערע גאראנטיע פאר דער צוקונפט.“

„א חוץ דעם וועט די גאנצע אפאזיציע קענען די דאזיגע נייע געדאנקען גארניט העלפען. אונזערע יונגע מיידלעך קאן מען איצט שוין מעהר ניט פירען אזוי בלינד; זיי וועלען זיך אלעמאל מעהר און מעהר וועלען בעפרייען. וואלט דען דעריבער ניט געווען א סך בעסער זיי דא אנטקעגען צו קומען און זיי בעצייטענס צו ווארענען? מיט אן אונגלויבליכער גלייכגילטיגקייט לאזען א סך עלטערן זייערע טעכטער ארוים אויף דער וועלט, כדי צו פערדינען זייער לעבען, אהן דערביי אפילו א טראכט צו טון, ווי לייכט זיי קאנען ווערען די קרבנות פון עפעס א דאן זשואן, אהן א הארץ און געוויסען, צוליב זייער אונוויסענקייט, נאיוויטעט און זייער בלינד־גלויביגקייט. מיר רעדען דא שוין ניט מכח מיידלעך וועלכע ווערען דירעקט פערפירט פון קאדעטען און בארעל־האלטערס (זעה קאפיטעל 9). א חוץ דעם וואלט א סעקסועל אויפגעקלערט מיידעל געקאנט א סך לינדערען די אונגליקען פון אנדערע פרויען ארום זיך. אנשטאט מיט א פוסטער גאוה, מיט א פעראכטונג אדער מיט מורא און אבשיי אראבצוקוקען אויף אונפערהייראטע מוטערס, אויף פערפירטע און פערלאזענע מיידלעך און ענליכע אונגליקען, וואלט זי זיי געטרייסט מיט שכל און זיי געהאלפען; אנשטאט צו בעגעגענען דאס לעבען מיט אילוזיעס און חלומית, וואלט זי די ביטערע ווירקליכקייט געפריפט צו מילדערען דורך עדעלע סאציאלע געפיהלען.“

„מיט וואס און ווען זאלען מיר אנהויבען? אויף קיין פאל זאלען מיר ניט ווארטען ביז צו דער חופה־נאכט, נאר ווי ווייט מעגליך אנהוי־

מוזען טון אן אבליגאטארישע סאציאלע ארבייט?"

„נאטירליך, אזא רעוואלוציאנערער געדאנק וועט ארויסרופען א געוואלדיגע אפאזיציע און אונצופרידענקייט. דער עיקר וועלען די מוטערס פון דער מיטעל־קלאס פיהלען א טיפען וועהטאג און זיי וועלען ניט קאנען מסכים זיין אז זייערע טעכטער זאלען הערען און זעהען זאכען וועלכע, ווי זיי וועלען זאגען, מוזען פאר זיי פערבארגען ווערען ביז צו זייער חתונה. א, הייליגע נארישקייט! פארוואס מוז מען פערבארגען? וואלט עס ניט געווען לאגישער אונזערע טעכטער צוצוגרייטען צו זייער הייראט אויף אזא אופן, אז זיי זאלען וויסען וואס די הייראט איז, וואס זי פאדערט און וואסערע פליכטען זי לעגט ארויף?

„הגם אונבעוואוסט, בעגעהען אבער די עלטערן און די פעדאגאגען אן אמת פערברעכען ווען זיי פערנאכלעסיגען די דאזיגע פליכט פון אויפקלערונג. די יונגע מענער וויסען שוין גיכער וואס זיי טון ווען זיי בעשליסען חתונה צו האבען. פערקערט אבער, פון אונזערע יונגע מיידלעך פאדערען די גרויזאמע און אוננאטירליכע מדות א טיפע עמצרות, אז עמצרות וועלכע איז אפטמאל געפערליך פאר זייער גאנץ לעבען. ווען איז דאס איינגעפאלען דער דאזיגער נארישער און שעדליכער געדאנק, אז אן אונשולדיג מיידעל דארף לגמרי גארניט וויסען מכח איהרע נאטירליכע פונקציעס און פליכטען ביז ממש צו דער מינוט ווען זי האט זיך שוין צוגעבונדען פאר דעם גאנצען לעבען צו ערפילען איהרע סעקסועלע פליכטען? דאס געזעץ בעשטראפט פאר צוהערדען אנדערע מענשען אויף זיך צו נעהמען פליכטען, בעת מען בעהאלט פאר זיי אבזיכטליך די אמת'ע נאטור און די פאלגען פון זיי. פארוואס זאל מען ניט אויף דעמזעלביגען סמך בעשטראפען יענע עלטערן, וועלכע גיבען אוים זייערע אונוויסענדע טעכטער צו מענער, וועלכע פאדערען אזוי־גערופענע אונשולדיגע כלות? טייל פרויען ענטפערען אויף דעם, אז די הייראט וואלט געווען צו טרויריג און צו ווייניג רייצענדיג, ווען פריהער וואלטען ניט עקזיסטירט קיין אילוזיעס. באמת, עס וואלט געווען זעהר שלעכט, ווען מען זאל ניט האבען קיין אילוזיעס ביי צוואנציג אדער פינף־און־צוואנציג יאהרען. די יוגענד איז אבער פול מיט חלומות אין אלע געביטען; אזוינע וועלכע זענען אין איינקלאנג מיט דער נאטור פון דער יוגענד זענען געזונד און גוט: אבער יענע פאנטאסטישע חלומות וועלכע שטעהען אין א שארפען הפוך מיט

גוט ווי מעגליך? אהן שום ספק, ניין; נאך היינט־צוטאג ווערען פערנאכלעסיגט די סאמע עלעמענטארסטע קענטנישען, וועלכע א צוקינפטיגע פרוי און מוטער מוז האבען, און זינט יאהרהונדערטען האבען יונגע מיידלעך חתונה אין א מעהר אדער וועניגער פולשטענדיגער עמרצות מכח זייערע נאטירליכע פונקציעס און פליכטען. אמת, מען לערענט זיי, לפחות אפטער, קאכען, נעהען און פירען א בעל־הבית'ישקייט; אבער זיי ווערט לגמרי גארניט געזאגט מכח זייערע סעקסועלע פונקציעס און זייערע פאלגען. אין צוריך האט זיך איצט געגרינדט א שול פאר פלעגערינס, וועלכע האבען ארומצוגעהען ארום קינפעטארינס. די דאזיגע שול איז אויך אפען פאר יונגע מיידלעך וועלכע, אהן צו וועלען ווערען פראפעסיאנעלע פלעגערינס, ווילען אבער דורכמאכען א פראקטישען קורס אין א שפיטאל־שול, כדי צו קאנען פלעגען די קראנקע, און בעזונדערס די ניי־געבוירענע קינדער און קינפעטארינס אין זייער אייגענער פאמיליע. דאס איז א זעהר לויבענסווערטער אנהויב, וועלכער דארף איבעראל אין א גרעסערען מאסשטאב איינגעפירט ווערען.“

„ווי אונגעשיקט, אונפעהיג און נאריש א יונגע פערהייראטע פרוי זעהט אויס ווען זי פערשטעהט גארניט די דאזיגע זאכען, און ווי טייער זי מוז אפטמאל בעצאלען פאר דער דאזיגער אונוויסענקייט. ביים מענש ליגען היינט אט די דאזיגע זאכען ניט אזוי פשוט און קלאר ווי ביי די חיות, ביי וועלכע דער אינסטינקט אליין איז גענוג כדי צו פלעגען זייערע יונגע.“

„דאקטאר הילפיקער, א פרוי, אין צוריך, האט אין דער לעצטער צייט ענטוויקעלט א סך א וויכטיגערען פלאן, וועלכער נויטיגט זיך שוין אין דער הילף פון דער געזעצגעבונג. די מענער, זאגט זי, ענטוויקלען די קראפט פון זייערע מוסקלען דורך דעם מיליטער־דינסט. דערפאר זאל מען פאר אלע מיידלעך, נאך זייער 18טען יאהר, וועלכע ווערען ניט געשטערט דורך זייער ארבייט, איינפירען, אנשטאט דעם מיליטער־דינסט, אן איין־יאהריגען דינסט אין שפיטעלער, אנשטאלטען, שפיטעלער פאר קינפעטארינס, קינדער ערציהונגס־אנשטאלטען אדער פאלקס־קיכען. אויף דעם אופן וועט מען אי די פרויען אויסלערנען א ניצליכע סאציאלע ארבייט און אי די אלע אינסטיטוציעס פערזארגען מיט ניצליכע כחות. פארוואס זאלען בלויז די מענער אליין

אויסערגעוועגליכע זאך, און עס וועט ביי איהם אויסקומען גאנץ זעלבסטפערשטענדליך ווען צום ביישפיל אין א געוויסער עלטער עס בעקומט די אזוי־גערופענע שאם־האר. פון דער אנדערער זייט, זעהט מען קינדער וועלכע זענען ערצויגען געווארען מיט דער שטרענגסטער צניעות און אין דער טיפסטער אונוויסענקייט מכח די סעקסועלע פראגען, זיך שרעקליך שעמען און ווערען אויפגערעגט ווען זיי וואקסט די שאם־האר: זיי שעמען זיך און אין דערזעלביגער צייט ווערען זיי עראטיש גערייצט. אבער נאך מעהר אויפגערעגט ווערען מיידלעך ווען זיי קריגען די ערשטע מענסטרואציע, און אינגלעך ביי זייער ערשטען זאמען־אויספלוס. דאס געהיימנים מיט וועלכען עס ווערען ארומגעוויקעלט די דאזיגע אלע זאכען און בכלל אלצדינג וואס האט א שייכות מיט די סעקסועלע פונקציעס, איז ניט בלויז א קוואל פון אנגסט און פייניגונג פאר א סך קינדער, נאר עס רייצט א חוץ דעם זייער נייגעריגקייט און זייער אויפשיינענדיגען עראטיזם, אזוי ,אז אין די מייסטע פאלען ווערען זיי לסוף געוואר מכח דעם דאזיגען ענין פון זעהר ניט זויבערע זייטען, פון פערדארבענע מענשען און קינדער, בעאבאכטענדיג דעם געשלעכטספערקער ביי חיות, לעזענדיג שמוציגע ביכער א. אז. וו. דאס סאמע ערגסטע דערביי איז, וואס די דאזיגע אויפקלערונג געהט געוועגליך צוזאמען מיט אנאניזם, מיט סעקסועלע פערווערזיעס און אויך מיט דער פראסטיטוציע.

די אזוי־גערופענע אונשולד, ד. ה. די נאיווע אונוויסענקייט פון א רייף־ווערענדיג קינד, האט א בעזונדערען רייץ און אנציהונג פאר בעלי־תאוות פוןביידע געשלעכטער, מחמת אין דער פערפירונג פון א יונג און אונשולדיג וועזען געפינען זיי דעם העכסטען און ראפינירטסטען תענוג. די עלטערן בעגרייפען לײדער זעלטען וואוהין זייער זינד פון שווייגען קאן פירען ווען זיי פטר׳ען אב זייערע קינדער׳ס נאיווע פראגען מכח דעם סעקסועלען לעבען מיט פערדעקטע רייד, מיט אויס׳מוסר׳ען און ליגען־זאגען. איך וועל דא איבערגעבען די מיינונג פון אן אויפגעקלערטער מוטער פון א פאמיליע, פרוי שמיד־יעגער, א מיינונג מיט וועלכער איך בין פולשטענדיג איינפערשטאנען. דאס פאלגענדע איז אונגעפער איהר געדאנקען־גאנג:

"אלע אדער כמעט אלע מוטערס ערציהען זייערע טעכטער זיי חתונה צו מאכען: אבער קאנען מיר זאגען, אז זיי גרייטען זיי צו אזוי

סעקסועלע דיספּאָזיציעס ארויפצופירען ווי ווייט מעגליך אויף נוצליכע, גוטע און געזונדע וועגען. אין א פּאַל פון א טיף פּערוועריזער דיספּאָזיציע, א שטייגער שאַרפע האָמאָ־סעקסועלע טריבען, סאַדיזם, א. אז. וו., וועט די מאָראַלישע ערציהונג עפּעס קאָנען טון פאר דעם כאַראַקטער בלויז בדרך כלל, ד. ה. בעקעמפען — אָבשוואַכען — דאָס וואָס רייצט דעם טריב. זי איז אָבער ניט בכח עפּעס צו ענדערען פון זיין קוואַליטעט; מען דאַרף זיך דאָ ניט לאָזען פערפירען פון אילוזיעס. איבעראַל אָבער וואו עס זענען פאראַן מאָראַלישע דורכשניטליכע דיספּאָזיציעס, קאָן, פערקערט, די ערציהונג זעהר א סך העלפען; זי קאָן פערהיטען קענען פּאַטהאָלאָגישע פערבלאָנדזענישען און געוואוינהייטען, זי קאָן דעם טריב נאָרמאַל ענטוויקלען און איהם פירען אויף נאָרמאַלע וועגען.

די סעקסועלע ערציהונג פון קינדער. — אין קאַפּיטעל 7 האָבען מיר געזעהען, אז דאָס צוגעוואוינען־זיך צו געוויסע איינדריקען אויף די חושים שוואַכט שטענדיג אָב די עראָטישע ווירקונג אויף זיי. און פערקערט, אַז דער עראָטיזם, די ליבידאָ סעקסואַלים, ווערט בעזונדערס אויפגערעגט דורך ניט געוואוינטע אָנבליקען און אנדערע רייצען אויף די חושים אדער דורך פאָרשטעלונגען וואָס זענען נוגע דעם צווייטען געשלעכט. אין דער ערציהונג פון זיינע קינדער מאַכט דער מענש שטענדיג דעמזעלביגען פעהלער: אונבעוואוסטערהייט שרייבט ער צו צום קינד זיינע געפיהלען (די געפיהלען פון דערוואַקסענע מענשען). דאָס וואָס רייצט סעקסועל א דערוואַקסענעם מענש, האָט מיינסטענס קיין שום ווירקונג אויף א סעקסועל ניט־רייף קינד. מען קאָן דעריבער אויף א געוויסען אופן זעהר גוט זיך דורכרעדען מיט א קינד מכח סעקסועלע פראַגען, איהם אלעס אויפקלערען אָהן עס סעקסועל צו רייצען. אדרבה, דערמיט וואָס דאָס קינד געוואוינט זיך צו אויף אַן אונשולדיגען אופן צו בעטראַכטען די סעקסועלע פערהעלטניסען אלס א נאַטירליכע זאַך, ווערען שפּעטער זיין נייגעריגקייט און זיין עראָטיזם א סך ווייניגער אויפגעוועקט, מחמת זיי האָבען פערלוירען דעם רייץ פון נייקייט.

אויב א קינד איז געוואוינט צו זעהען דעם נאַקעטען קערפּער פון דערוואַקסענע, זעהט עס ניט אויף זייערע געשלעכטס־אָרגאַנען קיין שום

## קאַפּיטעל XVII.

# די סעקסועלע פראַגע אין דער פּעדאַגאָגיק.

ירושה און ערציהונג. — ווען מיר מאַכען א סך־הכל פון די פאַקטען אין די קאַפּיטלען 4, 6, 7 און 8, איז ניט פאַראַן קיין שום ספק, אז די סעקסועלע געפיהלען, דער געשלעכטס־טריב פון איטליכען מענש, בעשטעהט פון צוויי גרופּען עלעמענטען: 1.) פון די גע׳ירש׳־ענטע אדער פילאָגענעטישע עלעמענטען, וועלכע מען ברענגט מיט זיך אויף דער וועלט אלס דיספּאָזיציע (בירושה׳דיגע מנעמע), און 2). פון די עלעמענטען וועלכע מען דערווערבט דורך דער ווירקונג פון דרויסענדיגע רייצען. דורך דער געוואוינהייט און איבונג אין משך פון לעבען.

די ערשטע דרעמלען אין קינד אין דער פאָרם פון זאַמען־ענערגיען אדער דיספּאָזיציעס, און זיי זענען א טייל פון זיין גרונד־כאַראַקטער. די מיינסטע פון זיי וויקלען זיך ערשט באמת אויף ווען דאָס קינד דערגרייכט זיין געשלעכטליכע רייפקייט, און זייער ווייטערדיגע ענטוויקלונג קומט צושטאַנד אונטער דעם איינפלוס פון דרויסענדיגע רייצען, וועלכע ווערען איבערגעאַרבייט פון דעם אינדיווידיום, פון זיין ווילען, ד. ה. פון זיין געהירן.

די צווייטע זענען דער פּועל יוצא פון דער ווירקונג פון עראָטישע רייצען און געוואוינהייטען אויף די ערשטע.

פון די ערשטע קאָן די פּעדאַגאָגיק (די ערציהונג) גאַרניט ענדערען, זיי ליגען אין דעם קינד פאָרויס־בעשטימט און פאָרויס־איינגעבויט, און זיי זענען דער פונדאַמענט פאר דער ערציהונגס־קונסט. די אויפגאַבע פון דער לעצטער קאָן דעריבער בלויז זיין, די גע׳ירש׳ענטע

נעראַציע. פונקט ווי עס איז רעכט צו פאָדערען דאָס רעכט אויף דער בעפרידיגונג פון די נאַטירליכע בעדערפענישען, פונקט אַזוי איז עס ניט גערעכט און שעדליך צו פערהייליגען איטליכען בעגער.

מען מוז דעריבער מאַכען אַן אונטערשיד צווישען די גוטע און שלעכטע בעדערפענישען און בעגערען. איך האָב דאָס געטון אין אַן אַנדער בוך „היגיענע דער נערוועז אונד דעס גייסטעס". גוט זענען אַלע יענע בעדערפענישען, וועלכע זענען נויטיג צו דער ענטוויקלונג פון אַ געזונד לעבען, דער עיקר אָבער צו דער ענטוויקלונג פון אַלע אינסטינקטען פאַר אַ סאָציאַלער ארבייט; און, פערקערט, שלעכט זענען אַלע יענע בעדערפענישען, וועלכע שעדיגען דאָס לעבען און די געזונדקייט פון דעם יחיד אָדער די רעכטען און דאָס וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט. די לעצטע געהערען מיינסטענס צום לוקסוס, ד. ה. צום בעגער, אויב טאַקע ניט צו דער קאָרופציע. צווישען די צוויי עקסטרעמען ליגען בעגערען, וועלכע זענען אין זיך גופא אינדיפערענט, צ. ב. אַ בעגער צו פערמאָגען שעהנע זאַכען.

טייל געגענשטאַנדען פון דעם מענשליכען בעגער זענען אָבער אין זיך גופא שעדליך; אַזוי צ. ב. איז דער געברויך פון אַלקאָהאָל און פון נאַרקאָטישע מיטלען. אַנדערע ווידער ווערען בלויז שעדליך ווען מען כאַפּט אַריבער די מאָס. צ. ב. ווען מען ווערט אַ זולל-וסובא, ווען מען בעגעהט סעקסועלע עקסצעסען, דער בעגער נאָך געלד, נאָך צירונג, א. אז. וו. צווישען די געגענשטאַנדען וועלכע דער מענש בעגערט שפּילט דאָס סעקסועלע פערגעניגען אַ געוואַלדיגע ראָלע. ווען אַ סולטאַן אָדער פּאַשאַ האַלט פאַר זיך אַ גרויסע צאָל פרויען, איז דאָס אַ שעדליכער עקסצעס פון אַ סאָציאַלען שטאַנדפּונקט — אַן אָנגריף אויף די רעכטען פון אַנדערע מענשען. דעם דאָזיגען פאַקט האָבען מיר ברייט ארומגערעדט אויף אַן אַנדערען פּלאַץ. איך האָב דאָ בלויז געוואָלט, מיט שווידלאַנד, אָנווייזען אויף וויפיל עס איז נויטיג פון אַ פּאָליטיש עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט צו ציהען די גרעניצען צווישען די בעגערען און די בעדערפענישען, ניט קוקענדיג ווי רעלאַטיוו און סוביעקטיוו די דאָזיגע גרעניצען זאָלען ניט זיין.

אין די סאָציאַלע פראַגען גלייך מיט דעם מאַן. א כסדר׳דיגע און האַר־מאָנישע בשותפות׳דיגע ארבייט פון מענער און פרויען וועט אלץ מעהר און מעהר קלאָר מאכען פאַר זייערע אויגען דעם ערענסט פון זייער סאָציאַלער לעבענס־אויפגאַבע. דעמאָלט וועט דאָס סעקסועלע לעבען מעהר ענטוויקלען איידער שטערען די סאָציאַלע ענטוויקלונג: עס וועט מעהר ניט בעטראַכט ווערען בלויז אלס א זעלבסט־צוועק, אָדער בעסער געזאָגט, אלס א מיטעל צו אן עגאָיסטישען גענוס, נאָר עס וועט ווערען א סטימולוס צו א לעבען אויף די יסודות פון דער פרייד פון ארבייט.

אין די לענדער וואו די פרויען האָבען דאָס רעכט צו שטימען, זעהט מען, אַז זיי פערשטעהען זעהר גוט ווי אַזוי דאָס דאָזיגע רעכט צו בענוצען לטובה דעם סאָציאַלען פּאָרטשריט. אויב מען וועט צו מיר טענה׳ען, אַז די פרויען זענען קאָנזערוואַטיווער און אַז זיי האַלטען זיך מעהר ביי אַלטע געוואוינהייטען און רוטין איידער די מענער, וועל איך ענטפערען, אַז דאָס דאָזיגע ווערט איבערגעוואויגען פון דעם פאַקט וואָס בכלל ווערען זיי גיכער בעגייסטערט און מיטגעריסען פון עדעלע און ארבייטזאַמע מענער, וועלכע האָבען א סאָציאַל געפיהל, איידער פון אנדערע (זעה קאַפּיטעל 5). א חוץ דעם זענען זייער גרעסערע אויס־דויערקראַפט און זייער מוט ניט דערשאַצבאַרע מעלות פאַר א העכערער סאָציאַלער ארבייט.

**בעדערפעניש און בעגער.** — אין זיין אַבהאַנדלונג וועלכע מיר האָבען אויבען דערמאָנט ווייזט שווייצלאַנד אַן מיט רעכט אויף דער נויטיגקייט צו געפינען אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע דעם חלוק צווישען בעדערפעניש און בעגער. אין דער פּראַקטיק איז אָהן ספק גאַנץ שווער גענוי צו בעשטימען וואָס עס איז בעדערפעניש און וואָס עס איז לוקסוס. וואָס אונזערע פאַר־עלטערן האָבען געהאַלטען פאַר לוקסוס א שטייגער מאַטראַצען, בעקוועמע וואוינונגען, ריינליכקייט, א. אז. וו.) האַלטען מיר היינט פאַר א נויטיגקייט. דער מענשליכער בעגער האָט ניט קיין גרעניץ: אונדערזעטליך איז דעם מענש׳ס ליי־דענשאַפט נאָך גענוס און אַבוועקסלונג. עס איז א געוואַלדיגער פעה־לער פון געוויסע סאָציאַליסטען, בעזונדערס אַבער פון אנאַרכיסטען, צו פּראָקלאַמירען דאָס רעכט פון איטליכען מענש צו בעפרידיגען אלע זיינע בעגערען. דאָס איז א פּראָקלאַמירונג פון קאָרופּציע און רעגע־

פון דעם קעניגליכען פארפאלק פון סערביען. די קלענסטע, פערבאר־גענסטע און די אלטעגליכסטע איינפלוסען זענען אפטמאל די ווירק־זאמסטע און פירען אמווייטסטען. אין אלע צייטען האבען די סעקסו־עלע אינטריגעס פון די היסטארישע פערזענליכקייטען בעיינפלוסט און בעשטימט דעם מזל פון גאנצע פעלקער. די אפיציעלע געשיכטע דער־צעלט פון א סך אזוינע פאלען, אבער נאך מעהר דערצעלט די ניט־געשריבענע, אמת'ע געשיכטע פון די פעלקער. עס איז בלויז גענוג צו דערמאנען דעם דאזיגען פאקט, און איטליכער דענקענדער מענש וועט געפינען גענוג ביישפילען איהם צו אילוסטרירען, סיי אין דער געשיכטע פון דער פערגאנגענהייט און סיי אין דער פאליטיק פון דער געגענווארט, אין די הויפען פון מעכטיגע מאנארכען און אין דער לא־קאלער געשיכטע פון א קליינער פראווינץ, אין זיין אייגענער געמיינדע און לסוף צווישען זיינע נאהענטע בעקענטע, פריינד און משפחה.

דער סאציאליסט וועלכער האט געזאגט, אז די סאציאלע פראגע איז בלויז א מאגען־פראגע האט דעריבער געמאכט א שווערען טעות אין איהר ציל און אין דער מענשליכער פסיכאלאגיע. ווי שעהן און ווי גוט מען זאל ניט רעגולירען די עקאנאמישע און סאציאלע פערהעלט־ניסען פון די מענשען, קיינמאל אבער וועט מען ניט זיין בכח צו פער־היטען דאס אפטמאל פערעטערישע זיך־אריינמישען פון די סעקסועלע ליידענשאפטען אין דעם סאציאלען לעבען. דאס איינציגע וואס מען קאן טון איז, דורך אן ערציהונג פוןביידע געשלעכטער אויפצוהויבען זייער סאציאל געוויסען און צו מילדערען די שלעכטע איינפלוסען פון סאציאלע האנדלונגען, אלס פעולה פון פערזענליכע סעקסועלע געפיה־לען.

דא זעהט מען אלזא ווי די סעקסועלע פראגע שטראמט גאנץ ווייט אריין אין דער פאליטיק און אין דעם גאנצען סאציאלען לעבען. איבע־ריגענס גיבען מיר צו, אז ווען מען וואלט געקאנט ביז א הויכען שטא־פעל אבשאפען דעם שענדליכען איינפלוס פון געלד און זיין אנציהונגס־קראפט, וואלטען יענע אנטי־סאציאלע האנדלונגען, וועלכע האלטען זיך בלויז אינדירעקט אויף די סעקסועלע ליידענשאפטען, ממשות'דיג פערלוירען זייער געפערליכקייט און נידעריגקייט.

אויך דא קאן מען זעהר א סך ערוואַרטען פון דער אמת'ער און הארמאנישער עמאנציפאציע פון די פרויען און פון זייער מיטארבייט

נומען נקמה. פונדעסטוועגען וועלען די דאזיגע געזעצען אייביג האבען א וויכטיגקייט אלס א געניאלער און בעמערקענסווערטער פערזוך צושטאנדצוברענגען א מין מענשליכע צוכטוואהל.

היינט־צוטאג זענען מיר אין דער דאזיגער פראגע אונפערגלייכליך בעסער בעהאוונט. דערפאר אבער פעהלט איצט איניציאטיוו און ווילען ביי יענע מענשען, וועלכע זענען אנפערטרויט מיט דער פירונג פון זייערע מיטמענשען. זיי זענען ביז אזא שטאפעל פערנומען מיט עקאנאמישע אינטערעסען און מיט פראגען מכח מאכט און איינפלוס, אז יעדער חוש פאר העכערע סאציאלע אידעאלען ווערט אין זיי פאראליזירט. נאר א שטארקע סאציאלע אויפטרייסלונג איז בכח צו בעשאפען אן ענדערונג צום גוטען.

**די פאליטיק און די סעקסועלע פראגע.** — Ou est la femme? פרעגט געוועהנליך דער פראנצויז ווען עפעס אן אומדערקלערליכע זאך האט געטראפען אין דער פאליטיק אדער ערגיץ וואו. די פראגע דארף מען אביסעל ברייטער מאכען און געפינען: „וואו ליגט דער סעקסועלער מאטיוו“. די האנדלונגען פון די מענשען, פאלגליך אויך פון די מאכטהאבערס, סיי קליינע און סיי גרויסע, ווערען לײדער א סך מעהר בעשטימט דורך זייערע געפיהלען און לײדענשאפטען איידער דורך זייערע אינטעלעקטועלע איבערלעגונגען, ד. ה. דורך שכל און לאגיק. אבער קיין שום געפיהלען זענען ניט שטארקער איידער דאס דירעקטע געשלעכטס־געפיהל אדער זיינע אויסשטראלונגען — ליבע, אייפערזוכט און האס. דערפון שטעלט זיך ארויס א פאקט, וועלכער איז פון די סאציאלע סיסטעמען זעהר ווייניג גענומען געווארען אין בעטראכט: אז אין אלע געביטען פון דער מענשליכער טעטיגקייט שפילען מיט, אפטמאל אויף א זעהר שעדליכען אופן, דירעקט אדער אינדירעקט, די סעקסועלע לײדענשאפטען און זייערע פסיכישע אויסשטראלונגען. די פרוי פון א פראפעסאר קאן צוליב אייפערזוכט טיילמאל ארויסרייסען א פעהיגע קראפט פון דער אוניווערזיטעט, אדער, פערקערט, אן אונפעהיגען ליבלינג אריינברענגען. מעטרעסען און קורטיזאנקעס האבען שטענדיג געשפילט א בעדייטענדע ראלע אין דער פאליטיק, בעזונדערס אין אלע אויטאקראטישע לענדער. עס מוז דוקא ניט אלעמאל גראד דערגעהען ביז צו א טראגישען סקאנדאל, ווי א שטייגער די ערמארדונג

טארט ירש׳ענען קיין לאנד און איהם איז פערבאטען געווארען צו לע־בען אין לוקסוס. ער האט געמוזט עסען זיין פראסטע שווארצע זופּ צוזאמען מיט די איבעריגע, און כסדר צו פּראקטיצירען און אויספּריפען זיין כח און געשיקטקייט. אלע ספּארטאנער האבען געמוזט חתונה הא־בען און שטרענג אבהיטען די הייראטס-פליכטען. פון דער אנדערער זייט ווידער, זענען בעזייטיגט געווארען אלע שוואכע אדער פערקריי־פעלטע קינדער. אבער די ספּארטאנישע ארגאניזאציע האט געליטען פון צוויי פונדאמענטאלע פעהלערם.

ערשטענס איז דער ספּארטאנער געווען א מלחמה-מענש, אבער ניט קיין ארבייטער, און הגם פּשוט און אבגעהארט, איז ער געווען אן אריסטאקראט. מיט פעראכטונג האט ער איבערגעלאזען די ארבייט פאר זיינע שקלאפען אדער העלאטען. אויף דעם אופן האט ער אין א סך פּרטים געשטארקט די העלאטען און אבגעשוואכט זיך גופא. מען האט נאך דעמאלט ניט פערשטאנען דעם ווערט פון דער ארבייט — איהר פערשטארקונג און ענטוויקלונג פון דעם געהירן און דעם גאנצען קערפּער — און אויך ליקורגוס, אדער יענע וועלכע האבען אויפגעבויט די ליקורגישע געזעצען, האבען דאס ניט בעגריפען.

צווייטענס זענען אלע אנשטרענגונגען פון די ספּארטאנער געווען געווענדעט אויף דער ערציהונג פון זייערע מוסקלען, זייער קערפּערלי־כער געשיקטקייט, מוט, איינפאכקייט און די מאגערסטע בעדערפעני־שען, אבער ניט אויף דער אויפהויבונג פון זייער אינטעלעקט, זייער געפיהלס-לעבען און אידעאלען. די פּעולה פון דער דאזיגער איינזייטיג־קייט, וועלכע האט כמעט נאר געפירט צו דער קערפּערליכער ענטוויק־לונג פון דעם מענש, בעת זיין גייסט איז געווארען פערנאכלעסיגט, און אויף דעם אופן געשטערט זיין הארמאנישען אויפבוי, און די פּעולה פון זיין פעראכטונג צו דער ארבייט, בקצור די פּעולה פון זיין פער־נאכלעסיגונג, א דאנק אונוויסענקייט פון די געזעצען פון דער ארגא־נישער ענטוויקלונג, האט סוף כל סוף געמוזט זיין דאס פאנאנדערפא־לען פון דעם ליקורגישען סיסטעם. צו דעם אונטערגאנג פון ספּארטא האבען אבער ניט געפירט די געזעצען פון ליקורגוס, נאר, אדרבה, זייער פערנאכלעסיגונג און פערווארפונג. שטענדיג האבען די ספּארטאנער נאר געשטרעבט נאך מאכט און דאס האט געפירט צו קנאה און חשד. דערמיט האט די איינזייטיגקייט פון זייערע געזעצען אינדירעקט גע־

וואס דערביי ווערט פערזועהען איז, אז ביי אן איינזייטיג אכטונג־געבען און זארגען פאר מענשליכע חרבנות, פאר די דאזיגע פראדוקטען פון אונזער סאציאלער אונארדנונג, ווערען ביסלעכווייז צוריבען און צושטערט די כחות פון דער געזונדער און ארבייטס־פעהיגער בעפעלקערונג. עס איז א סך הומאנער און א סך שעהנער, הגם דער דאזיגער מין הומאניטעט שפרינגט ווייניגער אין די אויגען, אויסצורייסען די ווארצלען פון דעם איבעל און צו מאכען א סוף צו דער בעשאפונג פון גייסטיגע און קערפערליכע קריפלען.

מיט דער דאזיגער אויפגאבע האבען זיך פריהער אונזערע פאליטיקער און עקאנאמיסטען אזוי גוט ווי גארניט פערנומען. פשוט די זאך טראגט גארניט איין, מחמת די פרות פון אזא ארבייט קאן מען אליין ניט רייסען. יענער, וועלכער שטרעבט יא פאר אזוינע רעפארמען ווערט פערשריען אלס בעל־חלומות, עקסצענטריקער אדער גאר אלס פשוט׳ער משוגע׳נער. אט דעריבער בעגעניגט מען זיך בעסער מיט דער געוועהנליכער הומאניטעט, די הומאניטעט וואס רייסט אויף און שטעכט די אויגען, ביי וועלכער דער ערפאלג איז א באלדיגער. די הומאניטעט, וועלכע דער עיקר רירט די הערצער פון די מאסען און וועלכע שטרעקט אויס א העלפענדיגע, מילדע האנד צו די מענשליכע ליידען, וועלכע ווערען דירעקט געזעהען און געהערט. בקצור, מיר פערלאטען די חורבות, אבער מיר היטען זיך ארויפצולעגען די האנד אויף די חרב־מאכער.

דער גרויסער געזעצגעבער פון ספארטא, ליקורגוס, האט אין זיין צייט געפריפט געזעצליך איינצופירען א מין צוכטוואהל. ליקורגוס האט געוואלט מאכען פון די ספארטאנער א שטארק פאלק, מחמת דעמאלט איז די קערפערליכע קראפט געווען כמעט דאס איינציגע אידעאל פון די פעלקער. ער האט בעגריפען דעם ווערט פון אבהארטען, אבער ניט דעם ווערט פון ארבייטען. ער האט פערשטאנען דורך דער צוכטוואהל אבצוקלייבען און לאזען אונטערגעהען די קראנקע און די שוואכע. אבער אין זיין צייט איז מען זעהר ווייניג געווען בעקענט מיט די נאטור־געזעצען. פונדעסטוועגען איז די ליקורגישע געזעצען געלונגען, טראץ זייער גרויסער אונפאלקאמענקייט, פון די ספארטאנער צו מאכען א שטארק פאלק.

וועדליג די געזעצען פון ליקורגוס האט דער ספארטאנער ניט גע־

דיגע צוכטוואהל. א מענש מיט גוטע מעלות גיט אוועק פאר דער געזעלשאפט מעהר איידער ער נעהמט פון איהר, און דעריבער איז ער פאליטיש־עקאנאמיש א ווערט. א גייסטיגער אדער קערפערליכער קריפעל, פערקערט, נעהמט מעהר איידער ער גיט, און דעריבער איז ער פאליטיש־עקאנאמיש א דעפיציט.

אין קאפיטעל 6 האבען מיר געזעהען, ווי געוויסע מנהגים, וועלכע האבען זיך ענטוויקעלט אויף אן אמת מענשליכען אופן, זענען שטאפעלווייז געווארען א טייל פון דער רעליגיע. צום אונגליק פאר דער מענשהייט האבען זיך רעליגיע און פאליטיק אייביג פערבונדען מיינסטענס בכדי צו ברענגען שאדען. אזוי א שטייגער האט די בחור'שאפט פון די גלחים, וועלכע שטעהט אויף דעם יסוד פון א מין פאליטיק פון דער רעליגיע, מיינסטענס געפירט דערצו צו סטעריליזירען דעם אינטעלעגענטערען טייל פון דער בעפעלקערונג פון קאטאלישע לענדער, און דערמיט די דאזיגע לענדער צו שאדען.

אן אנדערער מאוס'ער איינפיר איז דער פערבאט נאכצופארשען די פאטערשאפט, וועלכער איז בעשאפען געווארען פון נאפאלעאן דעם ערשטען. מיר האבען שוין מכח דעם גערעדט: אזוינע געזעצען פירען צום אבטרייבען פון קינדער (קינסטליך צו מפל'ען) און ביז צו הויכען גראד ערמוטיגען זיי די אויסגעלאסענקייט פון די מענער, בעת, אדרבה, מיר האבען געזוכט און געפינען דעם וואוילשטאנד פון דער פאמיליע און פון די געשלעכטליכע פערהעלטניסען אין דער ערפילונג פון די פליכטען מצד די עלטערן אנטקעגען זייערע קינדער.

די עיקר־אויפגאבע פון א פאליטישער עקאנאמיע און פון א פאליטיש לעבען וועלכע האט אין אויג דאס אמת'ע גליק פון די מענשען, זאל זיין, צו העלפען אין דער בעשאפונג פון גליקליכע, נוצליכע, געזונדע, פעהיגע און ארבייטזאמע מענשען. אמת, עס איז א זעהר שעהנע זאך און אן עדות פון אויפקלערונג און מענשען־ליבע ווען מען האלט אין איין בויען שפיטעלער, אנשטאלטען פאר משוגעים און אידיאטען, פילאנטראפישע הייזער און אז. וו., און ווען זיי ווערען פערזארגט און געפירט לויט אלע רעגלען פון דער וויסענשאפט. אבער

בוטרס־צאָל און די אינטעליגענטערע ארבייטס־כחות ביז צו א קריטישען שטאַפּעל, בעת ביי די ערשטע פּרוכפּערען זיך די נעגערס און די כינעזערס. ווי מיר האָבען געזעהען, קומט דאָס ענליכע פאַר אין פראַנקרייך צוליב א קורצזיכטיגער שפּאָרזאַמקייט, תכלות־אורזאכען: הגם אין פראַנקרייך געהט שוין די צאָל פון די טויטען־פאַלען אריבער די צאָל פון די געבורטען, זענען דאָרט די נעאָ־מאַלטהוזיאַנער נאָך אלץ ניט צופרידען!

עס איז די העכסטע צייט, אז צווישען די דאָזיגע ביידע איינזייטיגע עקסטרעמען, ביי וועלכע די נאַרישקייט ליגט אויף דער האַנד, זאָל פערנעהמען דעם פּלאַץ א ראַציאָנאַלע, שכל'דיגע צוכטוואהל. דעם נעאָ־מאַלטהוזיאַניזם מוז מען פערשפּרייטען בלויז צווישען די קראַנקע, די אונפעהיגע, די נאַרישע און די שלעכטע, און צווישען די נידעריגע ראַסען. פערקערט, די שטאַרקע, גוטע, געזונדע און גייסטיג העכער שטעהענדיגע מענשען מוז מען, ווי מיר האָבען דאָס שוין א סך מאָל געזאָגט, ערמוטיגען צו האָבען וואָס מעהר קינדער. דאָ ליגט אינדירעקט, א וויכטיגער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער פאַקטאָר, יאָ, איך געה אזוי ווייט און זאָג, אז ער איז אבסאָלוט דער וויכטיגסטער פון אלע. אמת, זיין ווירקונג איז זעהר און זעהר לאַנגזאַם, און זיינע קלאָרע, ניצליכע רעזולטאַטען בעווייזען זיך ערשט נאָך א משך פון יאָהרהונדערטען. נעהמען אבער אן די וואָרצלען, קאָנען מיר דעמאָלט מיט בטחון האָפען אויף א בעסערער צוקונפט פאַר אונזערע קינדער.

עס מוז אמאָל קומען א צייט ווען די מענשליכע בעפעלקערונג פון דער ערד וועט זיין רעלאַטיוו סטאַציאָנער (וואָס בלייבט שטעהען, וואָס ענדערט זיך ניט). אויב ביז דעמאָלט וועט געלונגען בעדייטענד אויפצוהויבען איהר קוואַליטעט, און אויב עס וועט געלונגען צו פערטרייבען דעם הונגער און דעם עלענד, וועלכע געהען צוזאַמען מיט דער קערפּערליכער און גייסטיגער פערפינסטערונג פון דעם היינטיגען פּראָלעטאַריאַט, טאַקע דורך דער פּאָזיטיווער אבשאַפונג פון דעם דאָזיגען שטאַנד, — דעמאָלט ערשט וועלען די היינטיגע לעהרען פון די נעאָ־מאַלטהוזיאַנער האָבען א געוויסען ווערט אויך פאַר דעם בעסערען טייל פון דער מענשהייט. אויב די מענשהייט וועט ניט כינעזיש פערנאַרישט און דעגענערירט ווערען, וועלען אונזערע שפּעטערדיגע דורות פון זיך גופא זיך היטען ניט צו פערלאָזען די שכל'־

דעאל, וועלכעס וואלט פערוואנדעלט די גאנצע אויבערפלאך פון דער ערד אין בעמיסטיגטע קארטאפעל־און תבואה־פעלדער, בכדי אויף זיי צו האדעווען מענשען ווי א שטייגער מען האדעוועט קראליקעס, קאן אונז ניט שטארק געפעלען. נאך מעהר, מען דארף אויך אן אמת שטארק מורא האבען, אז ווען די כינעזער וועלען זיין גענוג ציוויליזירט כדי זיך צו קאנען אויסמישען מיט אנדערע פעלקער, וועלען זיי אהן אונזער הילף די גאנצע ערד פערוואנדלען אין אזא מין שטאל מיט מענשליכע קראליקעס, אויב מיר וועלען דאס ניט בעצייטענס פערהיטען.

פון דער אנדערער זייט ווידער, געפינען מיר א מין אידעאליסטען, נעא־מאלטהוזיאנער, וועלכע זעהען איבעראל צופיל מענשען, און האבען דעריבער דערקלערט א פערניכטונגס־מלחמה קעגען יעדער פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג. אין א קארעספאנדענץ וועלכע איך האב געהאט מיט א בערימטען פערטרעטער פון די ענגלישע נעא־מאלטהוזיאנער (דר. דרייסדעיל), האט ער מיר אגב אורחא צ. ב. געזאגט, אז איך בין בעגאנגען א פערברעכען דערמיט וואס איך האב בעשאפען מעהר ווי פיער קינדער. אזוינע נעא־מאלטהוזיאנער רעכענען זיך נאר מיט קוואנטיטעטען און ניט מיט קוואליטעטען און זיי שטעלען אויף מערקווירדיג נאיווע חשבונות. אמת, זיי זענען פונקט ווי מיר פאר דער אנווענדונג פון מיטלען קעגען שוואנגערשאפט, אבער זיי רעקאמענדירען זיי אין אלע פאלען און אונטער אלע אומשטענדען. זיי ווענדען זיך דער עיקר צו דעם געבילדעטערען און גייסטיג העכער שטעהענדיגען טייל פון דער בעפעלקערונג, דורך דעם פירענדיג דערצו, אז גראד די בעסערע קוואליטעט, די קוואליטעט וועלכע איז אמנויטיגסטען פאר אונזער געזעלשאפט, זאל זיך וואס וועניגער פערמעהרען, און דערביי מערקען זיי ניט, אז ביי אזא מין פירונג ווי זייערע איז, אינטערעסירען זיך אמוועניגסטען מיט זייער אייינגע׳עקשנ׳ט מאקסימום צאל קינדער, ניט בלויז די נעגערס און די כינעזערס, נאר אויך די אידיאטישסטע און רויהסטע קלאסען צווישען אונזערע אייגענע פעלקער: אויף דעם אופן וועלען זיי סוף כל סוף דערגרייכען פונקט דעם היפוך פון דעם וואס זיי ווילען. ביי די נארד־אמעריקאנער און ביי די ניי־זילענדער, צווישען וועלכע דער נעא־מאלטהוזיאניזם איז זעהר פערשפרייט, פאלט דעריבער די גע־

וועלכען די מיינסטע פּאָליטישע עקאָנאָמיסטען האָבען אין זייער ווירקליכער בלינדקייט פערזעהען. עס איז א טרויעריגע קורצזיכטיגקייט צו זעהען אין דער אַלקאָהאָל־אינדוסטריע א קוואָל פון וואוילשטאַנד פאר א פּאָלק. וויפיל ארבייט, וויפיל נוצליך לאַנד, וויפיל מענשליכע כחות דאָ ווערען פערנוצט כדי צו פּאַבריצירען די דאָזיגע סובסטאַנץ, וועלכע שפּייזט ניט און האָט ניט קיין שום נוצען, א חוץ טיילוויז אין דער אַפּטייק און אין אנדערע אינדוסטריעס, און וועלכע פירט בלויז צו דער גייסטיגער און קערפּערליכער דעגענעראַציע פון מענשליכען אָרגאַניזם. ווען די זאַך וואָלט ניט געווען אזוי טרויריג, וואָלט מען פּשוט געמוזט לאַכען בעת מען זעהט מיט וואָסערען ערענסט הויכע בעאַמטער און אפילו געלעהרטע רעכענען און איבעררעכענען די הכנסות פון די אלקאָהאָל־שטייערן, קאָנטראָלירען דעם אימפּאָרט און עקספּאָרט פון אַלקאָהאָל, די מאָנאָפּאָלען פון זיין פּאַבריקאַציע, א. אז. וו. זונדערבאַר איז צו זעהען ווי מיט דער הילף פון דער אַלקאָהאָלישער פערגיפטונג פון פּאָלק האַלט מען דעם שטאַאַטס־בודזשעט אין גלייכגעוויכט, און ווידער און אָבער ווערט דעם פּאָלק איינגערעדט אָדער מען רעדט זיך גופא אויף איין, אז דערמיט לייזט מען געוואַלדיגע נאַציאָנאַל עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. אין דער אמת'ן אָבער טוט מען ניט קיין אנדערע זאַך ווי מען איז מקריב די כחות און די געזונדקייט פון דעם פּאָלק צו אן אָבגאָט, וועלכען, אלס דאַנק וואָס ער נאָגט דעם מאַרך פון דעם פּאָלק, פילט ער אָן די רעגירונגס־קאַסעס מיט די שווערע געלדער וועלכע זענען אויף דעם לייכטזיניגסטען אופן ארויסגעשווינדעלט געוואָרען. דער דאָזיגער מין פּאָליטישע עקאָנאָמיע פערדינט איין איינציגען נאָמען, ליגען און שווינדעל. איהר שרעקליכע ווירקונג אויף די געשלעכטליכע פערהעלטניסען און אויף דער ירושה פון דער מענשהייט קאָן ניט ווערען צו אָפט און צו שטאַרק בעטאָנט.

וואָס איז שייך די קוואַנטיטעט, די צאָל פון דער בעפעלקערונג, שטעהען זיך די מיינונגען פּונקט אַנטקעגענגעזעצט. טייל מחברים זעהען די ישועה יון דעם פּאָלק אין א אונבעגרעניצטער פרוכפּערונג און גלויבען מיט בעבעל'ן, אז ווען מען זאָל נאָר ריכטיג אויסנוצען אַלע עקען און ענדען פון דער ערד, קאָן מען מיט די פּראָדוקטען שפּייזען אָהן א שיעור אָהן אן ערך מענשען. דאָס דאָזיגע זונדערבאַרע אי־

בעזונדערס קוואליטאטיוו בעשעדיגט, אבער אויך קוואנטיטאטיוו, דורך ווענערישע קראנקהייטען און שכרות. נאך געוויסע לאנגע מלחמות איז די צאל פון דער מענליכער בעפעלקערונג אויף אזוי וויים פערקלע־נערט געווארען, אז מען וואלט ניט געקאנט אויסקומען אהן דער פא־ליגאמיע. עס איז דעריבער קלאר ווי דער טאג, אז די מלחמות זענען א שווערער שאדען פאר די סעקסועלע פערהעלטניסען פון די מענ־שען, און קאנסעקווענטערוויין ניט בלויז פאר דער קוואנטיטעט, נאר אויך פאר דער קוואליטעט פון א נאציע.

אבער נאך וויכטיגער פאר אונז איז די פאליטישע עקאנאמיע. מיר האבען ניט דעם קלענסטען ספק בנוגע דער ריכטיגקייט פון די צאלען וועלכע זאגען אונז, אז אונטער די אדער יענע עקאנאמישע פערהעלטניסען פערגרעסערט זיך די בעפעלקערונג, בעת אונטער אנ־דערע פערהעלטניסען פערקלענערט זי זיך, א. אז. וו. פונדעסטוועגען זענען דאס בלויז סך־הכל־פאקטען, די אמת'ע אורזאכען פון וועלכע בלייבען פערבארגען. דערביי מוז מען זיך גענוי רעכענען מיט דער אימיגראציע און עמיגראציע פון די פעלקער, אזוי גוט ווי מיט זייערע לעבענס־געוואוינהייטען, וועלכע בעיינפלוסען די צאלען אפטמאל ביז א הויכען שטאפעל. ווי עס איז בעקענט מיינט ־ו ו ע ד ל י ג ד ע ם אבסאלוט ניט אלעמאל ־ד ע ר פ א ר, און ווען מיר בע־טראכטען די זאך נעהענטער שטעלען זיך דא ארויס כאראקטערים־טישע רעזולטאטען.

זייענדיג גלייך אין אלע איבעריגע פרטים, געפינט מען, אז פעל־קער וועלכע זענען זעהר ניכטערן, אדער וועלכע לעבען פולשטענדיג אבסטינענט, זענען פרוכטבארער איידער יענע פעלקער וועלכע זענען מעהר אדער ווייניגער געניייגט צו שכרות. דאס דאזיגע קאן מען בע־זונדערס בעאבאכטען אין רוסלאנד ביי די וועלכע טרינקען און ביי די וועלכע זענען אבסטינענט. אזוי ווי דער אלקאהאל, ווי מיר האבען געזעהען, פערדארבט דורך בלאסטאפטהאריע זעהר שטארק די קווא־ליטעט פון די מענשען, דעריבער מוזען מיר אבסאלוט זיין איינפער־שטאנען מיט אזוינע גרויסע מענער ווי גלאדסטאן, דארווין, קאבבען און אנדערע, אז דער אלקאהאל שאדט דער מענשהייט מעהר איידער מלחמה, הונגער און פעסט צוזאמענגענומען. דא ליגט פאר אונז איי־נער פון די סאמע וויכטיגסטע נאציאנאל־עקאנאמישע פאקטארען.

הגם איצט, וואו נאר מען געפינט זי, טענה'עט איטליכער אז ער האט דאס שוין פריהער געוואוסט." דער דאזיגער איראנישער זאץ איז כאראקטעריסטיש. ענדליך ווערט דער ראסען־היגיענע געשענקט די נויטיגע אויפמערקזאמקייט. קאנעטטי דע מארטיאין (Le forme primitive nella Evolutiozione economica, 1881) האט שוין געפריפט אנצואווענדען די עוואלוציאנס־לעהרע אויף דער פאליטישער עקאנאמיע. לעצטענס האט פראפ. א. שוויעדלאנד אין וויען בעהאנדעלט דעמזעלביגען ענין אין א פארשונג איבער בעדערפעניש און בעגער אין דער מענשליכער פסיכאלאגיע. „די פסיכאלאגישע גרונד־לאגען דער ווירטשאפט" (צייט־שריפט פיר סאציאלוויסענשאפט, 1905). פריהער האט מען זיך כמעט נאר געדעכענט מיט דער קוואנטיטעט און ניט מיט דער קוואליטעט פון די מענשען, ארויסגעהענדיג פון דעם פאלשען בעגריף, אז דער מענש, ווערענדיג בעשאפען בצלם אלהים, קאן קומען אויף דער וועלט פולקאמען; אין זיין אפט קערפערליכער און גייסטיגער פערקריפלונג זענען בלויז שולדיג זיינע חטאים, זיינע זינדיגע האנדלונגען, וועלכע ער איז בעגאנגען מיט זיין פרייען ווילען. אפילו די גע'ירש'ענטע דעגענעראציע „ביז צום דריטען און פיערטען דור" איז געהאלטען געווארען אלס א געטליכע שטראף פאר די זינד פון די עלטערן.

די דעספאטען פון די פריהערדיגע צייטען, פונקט ווי די דעספאטען פון היינט, האבען אלעמאל בעטראכט די מענשען אלס ווערקצייג מיט וועלכע צו דערגרייכען זייערע אמביציעס און טיילמאל אפילו פשוט אלס קאנאנען־פלייש. ווען נאפאלעאן דער ערשטער האט איינגעפירט א פרעמיום פאר פאמיליעס מיט א סך קינדער, האט ער אהן ספק דערביי אין זין געהאט דער עיקר די קוואנטיטעט סאלדאטען וועלכע וועלען דערפון ארויסוואקסען פאר זיין זוהן. ער האט געהאט גענוג אורזאכען צוצוגרייטען א רעזערוו ארמעע. דערביי איז איהם גאר ווייניג געלעגען אין קאפ די גייסטיגע קוואליטעט פון די מענשען. די מלחמות זענען א פערדארבליכער פאקטאר אין דער מענשליכער צוכטוואהל. זיי צושטערען און פערוויסטען גראד די סאמע בעסטע קוואליטעט אין די ניצליכסטע יאהרען, און לאזען לעבען די קריפלען, די קראנקע און זקנים.

א חוץ דעם, ווי מיר האבען שוין געזעהען, ווערט דער סאלדאט

## קאַפּיטעל XVI.

# די סעקסועלע פראַגע אין דער פּאָליטיק און אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

מאכט און געלד זענען ליידער שטענדיג געווען די עיקר־צילען פון די פּאָליטיקער. די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז א וויסענשאַפט וועלכע פאָרשט די פּאָלקס־בעל־הבת׳ישקייט און איהרע נויטען. שטי־צענדיג זיך אויף דער געשיכטע, אויף דער סטאַטיסטיק און אויף בע־אָבאַכטונגען, פּריפט זי פעסטצושטעלען די געזעצען בנוגע דער פּראָ־דוקציע, דער פערנוצונג און פערטיילונג פון פערמעגען, בנוגע ארבייט און איהר פּראָדוקציע, בנוגע דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע פון די פעלקער, בנוגע דער פּאָלקס־געזונדקייט, בנוגע דער פּערקלענערונג אָדער פערגרעסערונג פון דער בעפעלקערונג, געבורטס־ראַטע און טויט־טען־ראַטע א. אז. וו.

איך קאָן דאָ ניט באריכות בעהאַנדלען די פּאָלקס־ווירטשאַפט און עס פעהלט מיר אויך דערצו די נויטיגע בעהאַוועגטקייט. צוליב איהר טראַדיציאָנעלער פערבינדונג מיט דער פּאָליטיק האָט די דאָ־זיגע וויסענשאַפט פון אייביג אָן גאָר ווענינ גענומען אין בעטראַכט די נאַטור־געשיכטע. אין דער לעצטער צייט קאָן מען מערקען א פער־בעסערונג אין דעם דאָזיגען פּרט. אין 1894 האָט טעיוה געשריבען דאָס פּאָלגענדע: „די לעצטע יאָהרען האָבען געבראַכט א זעהר איבערראַ־שענדע ענטדעקונג, אָן ענטדעקונג פון וועלכער ניט אדאָם סמיטה, ניט מאַלטהוס און ניט קאָבבען האָבען אפילו גע׳חלומ׳ט, און דאָס איז, אז א פּאָלק איז צוזאַמענגעשטעלט ניט פון רייכטום און ניט פון לענדער, נאָר פון מענשען. דאָס איז באמת עפּעס גאָר א נייעס.

ווען דער פאָטער האָט בעמערקט די זאַך, האָט ער זי געצוואונגען זיך באַלד צוזאַמענצופּאַקען, האָט איהר אריינגערוקט די מוטער׳ס ירושה אין דער האַנד, האָט זי אַרויפגעזעצט אויף דער באַן צו אַ גרוי־סער שטאָדט און איז פערשוואונדען פון איהרע אויגען, זי איבערלאָ־זענדיג אין איהר אונבעהאָלפענקייט.

שלעכטע מענשען האָבען זיך גיכער געפונען איידער די גוטע סאַמאַריטער דעם געפאַלענעם מיידעל צו דערלאַנגען אַ האַנד. איהר געלד און איהר צירונג איז באַלד צורונען אָדער צו׳גנב׳עט געוואָרען און, איצט איז דער וועג צום באָרדעל, דער איינציגער אויסוועג, גע־שטאַנען פריי און אָפען פאַר איהר, — ער איז פּשוט דעם מיידעל דיקטירט געוואָרען פון דער היינטיגער געזעלשאַפטליכער מאָראַל.

ווען דער מיליטער־דאָקטאָר האָט דאָס דערהערט, איז ער באַלד געגאַנגען צו דער „מוטער", אָבער זי האָט געזאָגט, אַז דאָס מיידעל איז זעהר אַ סך שולדיג. ווי צום גליק איז איהם איינגעפאַלען אַרויס־צוכאַפּען אַן אַלט גאַרדעראָבע־בלעכעל פון זיין וועסטעל־קעשענע און עס געוויזען דער „מוטער" אַזוי פערביי־געהענדיג. זי האָט פערשטאַנען דעם וואונק, ד. ה. איהם באַלד אָנגענומען פאַר אַ פּאָליציי־שפּיאָן, וואָרל אין דער רגע האָט זי מודה געווען אַז זי האָט נאָך אַן אַנדער בוך און, אַז דאָרט געפינט זיך איהר ריכטיגער חשבון. אָט אַזוי איז איהם גע־לונגען דאָס מיידעל אַרויסצובעקומען פאַר העלפט פון דער סומע. ער איז שפּעטער מיט איהר אָוועק אין אַ גרויסער שטאָדט און פאַר איהר געפונען אַ שטעלע אין אַ געשעפט, וואו ער איז געווען גוט בעקענט מיט דער פערוואַלטערין.

פון דעם מאָמענט אָן האָט זיך דאָס אָדעליגע מיידעל זעהר גוט אויפגעפירט, האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט אַ קלענערען בעאַמטער און איז געוואָרען אַ אָנשטענדיגע הויז־פרוי. זינט דעמאָלט האָט זי פאַר קיין מענש ניט געשווידערט, אַ חוץ פאַר איהר הויך־געבוירענעם פאָטער, פון וועמען זי האָט מעהר ניט געוואָלט וויסען.

ווייסט ניט וואס פון איהר איז געווארען.

אלע נאכפארשונגען פון מיין קוזין זענען געווען ערפאלגלאז.

עס איז איהם ניט געלונגען דאס ארימע מיידעל צו ראטעווען פון אונגליק, — דערפאר אבער איז איהם געלונגען צו ראטעווען די טאכטער פון חתונה צו האבען מיט דעם זויבערען הויפטמאן."

ביז אהער איז די דערצעלונג פון הערן וואונדזאם. מיר לעגען צו: „זאל דער פיין פון יענעם אונגליקליכען און עדעלען מיידעל העלפען, אז אונזער שענדליכע אפיציעלע צבוע'אצקע מאראל אין דער סעקסועלער פראגע זאל אין גיכען אננעהמען אן אנדערע אריענטירונג!" פאר אונזער איצטיגער סעקסועלער מאראל איז דער דאזיגער פאל א הוספה צו דעם פאל פון פרידא קעללער אין דער סעקסועלער געזעץ־פראגע.

2. דער פאלגענדער צווייטער פאל האט אין זיך ניט די טראגיק פון דעם ערשטען פאל; איך קאן כמעט זאגען, אז עס איז די סאטירישסטע קאמעדיע, ווייל זיין גליקליכער סוף איז טאקע דער טראדיציאנעלער סוף פון א קאמעדיע. ער איז אבער ניט ווענינער לעהרייך, און זיין ווארהאפטיגקייט איז גאראנטירט פון אן אבסאלוט צופערלעסיגער זייט:

א מיליטער־דאקטאר טרעפט אין א באדעל א מיידעל, וועלכעס פאלט אין חלשות ביי זיין אנבליק. ער דערקענט זי אלס די טאכטער פון אן אדעליגער פאמיליע, מיט וועלכער ער איז געווען בעקאנט. דערמינטערט זי, געהט מיט איהר אריין אין איהר צימער און ווערט געוואר ווי אזוי זי האט אט דעם דאזיגען וועג געפינען אין א גאנץ קורצער צייט.

זי האט אליין מיט איהר פאטער, אן אלמן, געלעבט אין א שלאס; איהר לעבען, וועדליג דער יחוס האט געפאדערט, איז בעשטאנען פון פוילענצען. איהר פאטער איז מיינסטענס ניט געווען אין דער היים — שטענדיג אויף יאגד; זי איז דעריבער געווען זעהר איינזאם און דער סוף איז געווען, אז זי האט זיך געלאזט פערפירען פון א דורכגעטריבענעם דינער.

האָט אין וויען פערברענגט בלויז איין טאָג און מיט דעם מיידעל האָט ער זיך מעהר ניט בעגעגענט.

איין עטליכע טעג אַרום נאָך זיין אַוועקפאָרען איז פון איהם אָנגעקומען אַ בריף וועלכער האָט אויפגעדעקט דעם גאַנצען סוד. ער האָט געפיהלט, אַז עס איז זיין חוב צו מאַכען עטליכע בעמערקונגען וועגען דעם מיידעל וועלכעם ער האָט געטראָפען אין הויז, מחמת ער נעהמט אָן, אַז מען האָט בעאָבאַכט זייער געגענזייטיגע פערלעגענהייט ביי דער קורצער בעגעגענונג. ער האָט דאָס מיידעל צופעליג געקענט זינט עטליכע יאָהרען; אמת, זי שטאַמט פון אַ זעהר גוטער פאַמיליע, אַבער זי איז זעהר פריה געפאַלען און איז אַוועק אויף קרומע וועגען. ער אַליין האָט זי אין טריעסט געטראָפען אין אַ קאַבאַרעט, און שפּעטער האָט ער פון אַ פריינד ערהאַלטען די צופערלעסליכסטע נאַכריכט, אַז פרל. — פון פּ. איז אין טוניס אין אַ שאַנדהויז! ער איז איבערצייגט אַז מען ווייסט ניט דאָס פערגאַנגענע לעבען פון דעם מיידעל, אַניט וואָלט מען זי זיכער ניט אַנגעשטעלט. אַבער דער כבוד אַלס חתן פון דער טאָכטער לאָזט איהם ניט שווייגען וועגען דער זאַך, ווייל עס איז ניט קיין קלייניגקייט מיט וועמען אַ יונג מיידעל קומט אין בעריהרונג יעדען טאָג.

מ י י ן ק ו ז י ן ה אָ ט ד ע ם ב ר י ף אַ ל י י ן ג ע ל ע ז ע ן. הויפטמאַן נ. איז געוועזען יענער אויבערלייטנאַנט וועלכער האָט דאָס מיידעל פערפירט און שפּעטער פערלאָזען.

נאָך דעם דאַזיגען בריף האָט מען איהר באַלד אויסגעצאָהלט פאַר אַ מאָנאַט געהאַלט און בשלום אַוועקגעשיקט — נאָכקומענדיג די ביטע פון דעם הויפטמאַן.

אין זיין בריף האָט דער ערענהאַפטער „קאַוואַליר" פערשטאַרקט זיין ביטע, אויף וואָס מיין קוזין האָט בעזונדערס געצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט, דערמיט, וואָס „אַזאַ בעשעפעניש איז סוף כל סוף דאָך אונגליקליך, מיט וואָס מען מוז נאָך אַלעם רחמנות האָבען!"

„דאָס אַבזאָגען האָט דאָס מיידעל, — אַהן צו פרעגען די אורזאַך — אַנגענומען. וויסענדיג איהר שולד האָט זי אויסגעמידען אַלע רייד.

— אַבער דעם אַנגעבאָטענעם געהאַלט פאַר אַ מאָנאַט האָט זי "אויס שטאָלץ און גדלות" צוריקגעוויזען — „

זינט דעמאָלט האָט מען פון איהר מעהר ניט געהערט און קיינער

ווערטער האָט זי געשילדערט איהר ניי־געפינענע רוהיג גליק: מען איז געווען צופרידען מיט איהר און מען האָט זי געהאַלטען ווי אַן אייגענע קינד. טיילמאָל אַנפרעגענדיג דורך אַ בריף וועגען דעם מיידעל, פלעגט די פרוי פון דעם הויז געבען די פריינדליכסטע אויסקונפט און אויסגע־דריקט די פולסטע צופרידענקייט.

צוליב דער גרויסער ווייטקייט פון דער היים איז דער בריף־פער־קער כסדר געוואָרען שוואַכער, און אין די לעצטע מאָנאַטען פאַר זיין צוריקקומען קיין אייראָפּאַ, האָט מיין קוזין גאָר קיין בריף ניט ער־האַלטען. אויך האָט ער ניט געשריבען און, ווען ער איז געקומען קיין פּאַלאַ, האָט ער בעשלאָסען צו מאַכען אַ קורצען בעזוך קיין וויען און מיט זיין אונערוואַרטעט קומען אַלע איבעראַשען. ער איז אָריינגעקו־מען, אָבער דאָס מיידעל האָט ער מעהר ניט געפינען אין דער פאַמיליע. איהם גופא האָט מען אָבגעגעבען אַ גאַנץ „קיהלען" ברוך הבא און אויף זיין פראַגע פאַרוואָס דאָס מיידעל איז מעהר ניט דאָ, האָט איהם די פרוי פאַרגעוואָרפען, אַז ער האָט איהר רעקאָמענדירט אַ פּראָסטיטוטקע, וועלכע — ווי ער האָט געוואוסט — איז שוין געווען אין אַ שאַנד־הויז.

מען האָט צו איהר געהאַט דעם פולסטען צוטרויען, מען האָט זי גע־האַלטען ווי אַן אייגענע קינד, — מען האָט וועגען איהר זיך קיינמאָל ניט געהאַט וואָס צו בעקלאָגען. זי האָט גוט געוואוסט ווי אַזוי צו פערבאָרגען איהר פערגאַנגענען לעבען, ביז אַלעס איז דורך אַ צופאַל ענדעקט געוואָרען, נאָכדעם ווי מען האָט זי מעהר ווי אַ יאָהר געהאַלטען אין הויז.

דער דאָזיגער „צופאַל" איז פאָלגענדער: זייער אייגענע טאָכטער זייענדיג ביי פערוואַנדטע אין טריעסט, האָט זיך דאָרט בעקענט מיט הויפּטמאַן נ. און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זי זיך מיט איהם פערלאָבט. בעת דער הויפּטמאַן איז געקומען קיין וויען זיך פערזענליך צו בעקענען מיט זין צוקונפטיגע שווער־און־שוויגער, האָט ער אין הויז געטראָפען דאָס מיידעל און, ער האָט זי דערקענט. עס שיינט, אַז זי האָט איהם אויך דערקענט, מחמת זי האָט זיך מאָדנע בענומען, איז געווען צורודערט און האָט געבעטען מען זאָל איהר ערלויבען צו בליי־בען ביי זיך אין צימער ווייל זי פיהלט עפּעס ניט גוט. הופּטמאַן נ.

גופא ניט צו געפינען אַ שטערונג אַנצוּנעהמען די שטעלע.

תחלה האָט זיך דאָס מיידעל געקווענקעלט אויך אָנצונעהמען די דאָזיגע אָנגעבאָטענע הילף; זי האָט זיך געפיהלט שוין צו טיף געזונקען כדי ווידער צו קאָנען לעבען אַלס ערליך מיידעל. מיין קוזין האָט מיר געשילדערט דעם נשמה־קאַמף, דאָס אויפטאַגען פון אַ נייער האָפענונג — און די שווערע בלייענע משא פון דעם בעוואוסטזיין וועגען איהר געגענוועַרטיגער לאַגע.

מיט שווערע מיה איז איהם געלונגען אין דעם מיידעל צוריק אויפ־צואוועקען אַ נייעם צוטרויען אין דער צוקונפט, און די אָרימע צו איבערצייגען אַז עס איז נאָך מעגליך אַ צוריקקערען־זיך.

זיינע בעמיהונגען דאָס מיידעל צו בעפרייען פון דעם באַרדעל זענען געוואָרען זעהר שווער, מחמת ער האָט געמוזט בעהאַלטען זיין אַבזיכט פאַר דעם באַרדעל־אייגענטימער; ער האָט געמוזט זיין פאַר־זיכטיג עס זאָל פאַר דער צייט ניט פאַלען אַ חשד אויף דעם צוועק פון זיינע אָפטע בעזוכען. מען האָט איהם פערדעכטיגט נאָכגעקוקט, ווייל, ווי ער האָט געזאָגט, איז אין די דאָזיגע הייזער געווען איינגעפירט די מיידלעך ניט צו לאָזען צוזאַמענקומען צו אָפט מיט דיזעלביגע מענער. בעזונדערס וועקט זיך אויף זייער חשד ווען די באַרדעל־בעזיצערס מער־קען, אַז דער בעזוך פירט זיך ניט אויף דעם געוועהנליכען שטייגער פון דער תאוה.

אפילו נאָכדעם ווי ער האָט געוואָלט בעצאָלען אַלע איהרע חובות, האָט ער אָבער זי געקאָנט בעפרייען פון דעם באַרדעל בלויז דעמאָלט, ווען ער האָט זיך געלאָזט דערקענען אַלס אַן עסטרייכישער מאַרין־אָפיציר און האָט געדראָהט, אַז אין פאַל מען וועט איהם מאַכען וואָסערע ניט איז שטערונגען, וועט ער זיך בענוצען מיט דער געזעצ־ליכער מאַכט.

אין וויען האָט מען דאָס מיידעל פריינדליך אויפגענומען און גוט בעהאַנדעלט. מיין קוזין האָט זי שוין מעהר ניט געזעהען. נאָך זיין אָבפאָרען פון טוניס, וואו ער האָט בלויז פערברענגט זיין אורלויב אַלס גאַסט ביי אַ געוועזענעם מאַרין־דאָקטאָר, האָט ער אַ לאַנגע צייט ארומ־געררייזט אויף די ימים.

תחלת האָט דאָס מיידעל אָפט געשריבען און מיט די דאַנקבאַרסטע

צולערנען פראנצויזיש און איטאליעניש. די דאזיגע "דייטשע פאמי־ליע" איז געווען א בארדעל, — פון וואנען זי איז נאך עטליכע מאנאטען געקומען קיין טונים.

דא איז זי שוין געווען ארום א יאהר צייט, פערטעמפט, מיט איהר מזל האלב צופרידען, מחמת זי האט ניט געהאט קיין שום האפענונג אמאל צו קאנען צוריקצוגעהען אויף אן אנדערען וועג. אט אין דעם דאזיגען צושטאנד האט זי געטראפען מיין קוזין. די בעגעגענונג האט אין דער אונגליקליכער צוריק אויפגעוועקט די זכרונות פון איהר פער־גאנגענהייט, וועלכע האט איהר אויסגעוויזען, לויט איהרע אייגענע ווערטער, וו א פיבערישער חלום, און מיין קוזין האט מיר געשילדערט אלס שרעקליך די פערצווייפלונג פון דער מיידעל, וועלכעס האט א דאנק דער דאזיגער ניט ערווארטעטער צוזאמענטרעפונג פולשטענדיג בעגרי־פען איהר לאגע.

ער האט זי געטרייסט און זיך אנגעבאטען, מיט דער הילף פון דעם קאנזולאט, זי צו בעפרייען פון איהר איצטיגער לאגע. דערפון האט זי זיך אבסאלוט אבגעזאגט; זי האט מורא געהאט פאר דעם צוריק־גאנג, זי האט מורא געהאט פאר דער שאנד!

אהן איהר וויסען האט זיך מיין קוזין געווענדט צו איהר פער־פירער און אין איהם דערמאנט אין זיין כבוד און אין זיין פליכט זיך אנ־צונעהמען פאר דער מיידעל. שפעטער האט ער חרטה געהאט אויף זיין שריט, מחמת די פולשטענדיגע איגנארירונג פו זיין בריף האט איהם אויך געוויזען וואס פאר א סארט "קאוואליר" דאס איז געווען. — אהן דעם מיידעל עפעס פריהער צו זאגען, האט ער זיך איצט געווענדט צו א בעקענטער פאמיליע אין וויען און איהם איז געלונגען דארט פאר איהר צו קריגען די שטעלע אלס א העכערע אויפפאסערין אויף די קינדער. מיין קוזין האט דער פאמיליע וועגען דער מיידעל בלויז דער־צעלט, אז צוליב אן אונגליקליכער ליבע איז זי אוועק פון איהר היים און איז איצט, פערלאזען פון איהר געליבטען, אין א גרויסער נויט. ווי טיף די ארימע איז געזונקען, האט ער פערשוויגען; אויף מיין פיר־האלטען פארוואס ער האט דאס געטון, האט ער מיר געענטפערט, אז ער האט דאס געטון דערפאר, ווייל ערשטענס האט ער מורא געהאט טאמער וועט ער ביי דער פאמיליע בעגעגענען א צו שווערען פארורטייל און, צווייטענס האט ער מורא געהאט אין דער בושה פון דעם מיידעל

נאָכדעם ווי אַלעם האָט זיך אַרויסגעשטעלט, פון פאָטער שלעכט בעהאַנדעלט און פון דער פאַמיליע פערטריבען, איז די אונגליקליכע געפאַרען קיין טריעסט, וואו זי האָט געגלויבט אין איהר געליבטען און פערפירער צו געפינען הילף. דאָרט האָט זי אָבער בעגעגענט די ערשטע און ביטערסטע ענטוישונג, וועלכע האָט אויך אַריינגעטריפט דעם ערשטען טראָפּען סם אין איהר האַרץ. — איהר געליבטער האָט איהר פשוט געזאָגט, אַז ער קאָן מיט איהר ניט חתונה האָבען און אויף פאַר איהר ניט זאָרגען; ער האָט איהר בלויז געוואָלט געבען אַ געוויסע סומע געלד און האָט פון איהר פערלאַנגט צו פערלאָזען טריעסט און איהם מעהר ניט מאַכען קיין „שוועריגקייטען"! טראָץ איהר ביטערער לאַגע האָט זי איהם דאָס אָנגעבאָטענע געלד צוריקגעוואָרפען, ווייל זי האָט געזעהן, אַז דער מאַן, וועמען זי האָט אין איהר בלינדער ליבע און אין איהר טיפען צוטרויען אַלעס געשאָנקען און געגעבען, וויל זיך איצט דורך דער אָנגעבאָטענער סומע אויסקויפען פון אַלע איבעריגע פליכטען.

איהר אייגענע קאַסע איז געווען זעהר אָרים, אהיים קאָן זי ניט און טאָר ניט קומען, — איז זי דעריבער געווען געצוואונגען אָנצונעה־מען אַ שטעלע. אָבער צוליב איהר צושטאַנד, די שוואַנגערשאַפט אין די ווייטערע חדשים, איז דאָס איהר אָנגעקומען זעהר שווער. זי האָט געשריבען קיין פיום צו איהרע עלטערנ׳ס אַ געוועזענע קעכין, וועלכע איז געווען פערהייראַט מיט אַ ווירט, האָט דערצעלט איהר גאַנצע לאַגע און האָט זי געבעטען איהר צו ערלויבען צו קומען צו איהר. מען האָט זי דאָרט אויפגענומען, זי האָט זיך דאָרט ניצליך געמאַכט אַרום דער ווירטשאַפט און האָט דאָרט אָבגעוואַרט ביז צו דער קינפּעט. עס איז געווען אַ פריהגעבורט, — אַ טויט קינד, — זי אַליין האָט דערנאָך געקרענקט עטליכע מאָנאַטען. ניט קוקענדיג וואָס די דאָזיגע פאַמיליע האָט זי אויפגענומען אין איהר גרעסטער נויט, און איהר אויך געהאָלפען בעת איהר קראַנקהייט, איז איהר אָבער געווען אונמעגליך דאָרט לאַנג צו פערבלייבען; די שטעלע אַלס אַ קעלנערקע אין אַ קנייפּע פאַר מאַטראָזען האָט זי אָנגעפילט מיט עקעל. דורך דער הילף פון אַן אַגענט, אַן אייגענער מענש אין דער דאָזיגער ווירטשאַפט, האָט זי געגלויבט אַז זי קריגט אַ גוטע שטעלע ביי אַ דייטשער פאַמיליע אין גענוא, וואו אַגב אורחא זי וועט אויך האָבען די געלעגענהייט זיך אויס־

יוליוס וו. עד. וואונדזאם אין צוריך. איך דאנק הארצליך הערן וואונדזאם פאר דעם איבערגעבען מיר דעם דאזיגען לעהררייכען פאל און פאר זיין ערלויבניש איהם דא צו פערעפענטליכען. פון דעם דאזיגען פאל קאן מען זעהען דעם אינוועניגסטען ווערט פון אונזער היינטיגער סעקסועלער מאראל.

"מיינער א קוזין, דעמאלט א יונגער עסטרייכישער מארין־אפיציר, איז מיט נאך חברים אריינגעקומען אין א בארדעל אין טונים. ביים אריינקומען האט איינס פון די מיידלעך געגעבען א געשריי און איז אריינגעלאפען צו זיך אין צימער. זי האט זיך דארט פערשלאסען און איז ערשט צוריק ארויסגעקומען נאכדעם ווי זי האט געגלויבט אז די דאזיגע מענער זענען שוין זיכער אוועק. וואונדערענדיג זיך איבער דער דאזיגער זונדערבארער סצענע, און וועלענדיג דערגעהען די אורזאך, איז מיין קוזין דארט פערבליבען און זיך בעהאלטען ביז דאס מיידעל איז געוועזן ביי זיך פולשטענדיג זיכער און איז ווידער אריין אין זאל. בגנבה האט ער זיך צוגעשלייכט און צו זיין ניט קליינער איבערראשונג האט ער אין דער מיידעל דערזעהען די טאכטער פון אן אנשטענדיגער פאמיליע פון זיין שטאדט.

איצט צום אנטלויפען איז געווען אונמעגליך און, דאס מיידעל האט אויסגעבראכען אין א געוויין. ער האט זי געבעטען זיך מיט איהם דורכצורעדען, אבער ערשט נאך א לאנג שלאגען זיך מיט דער דעה און ערשט נאכדעם ווי ער האט איהר געגעבען זיין ווארט אלעס צו האלטען בסוד, איז איהם געלונגען דאס מיידעל צוצורעדען איהם אפענהארציג אלעס צו דערצעלען.

זי האט איהם דערצעלט אז זי האט געהאט א ליבעס־פערהעלטניס מיט אן אויבער־לייטנאנט, וועלכער איז געשטאנען מיט זיין גארניזאן אין איהר שטאדט און, אז סוף כל סוף האט זי זיך אין איהר ליבע איהם איינגאנצען איבערגעגעבען. ווען זי האט בעמערקט אז זי שוואנגערט, האט זי דאס צוערשט געזאגט איהר געליבטען, — וועלכער האט באלד נאך דעם זיך געלאזט טראנספערירען נאך טריעסט! די עלטערן זענען פון זייער טאכטער׳ס צושטאנד ערשט געוואר געווארען נאך א קורצער צייט, ווייל אין איהר גרויסען שרעק פאר דעם צארן פון איהר פאטער האט זי איהר סוד בעהאלטען דורך זיך איינשנירען און איינקרעמפען.

אויסגעלאַסענקייט און אין גענוס־זוכט פערזונקענע מענשען. מענשען וועלכע האָבען שוין פערלוירען די עלאַסטיציטעט און די פּלאַסטיציטעט פון זייער געהירן. אָדער וועלכע האָבען זיי קיינמאָל ניט פערמאָגט, פאַר אַזוינע מענשען איז עס ניט דערגרייכבאַר. בעסערע מענשען האָבען עס שוין אָבער אָפטמאָל יאָ דערגרייכט. מען מוז דעריבער האָבען אַ ווירקונג אויף די קינדער און זיך אָנשטרענגען סיי דורך ערציהונג און סיי דורך צוכטוואהל צו בעשאַפען אַ יוגענד פון אַלץ אַ בעסערער און בעסערער קוואַליטעט.

„אַללאַה דאַרף ניט מעהר בעשאַפען,
מיר בעשאַפען זיין וועלט!"

# אַנהאַנג צו קאַפּיטעל XV.

## צוויי פאַלען:

1. אין אַ קריטיק אויף דער ערשטער אויפלאַגע פון דעם בוך שרייבט דער (זינט דעמאָלט פערשטאָרבענער) מיזאָגין דר. פּ. י. מעביוס, דער מחבר פון „פּסיכאָפּאַטישען שוואַכזיננעס דער ווייבער" דאָס פאָלגענדע:

„טיילמאָל הויבען זיך אויף ספקות, אַזוי ביי פאָרעל'ס צוהיצטקייט לויט דער שטייגער פון די אַבאָליציאָניסטען, ביי זיין התלהבות פאַר דער „גלייכבערעכטיגונג" פון די געשלעכטער. איין זאַך איז גראַד וואונדערליך, דאָס איז די פּסיכאָלאָגיע פון די געשלעכטער: די אינטעליגענץ פון דעם מאַן איז גרעסער; די געפיהלען פון די געשלעכטער זענען אַנדערש, אָבער כמעט גלייך שטאַרק; אָבער דער ווילען פון דער פרוי איז שטאַרקער (ווייל אין הויז פירט זי דורך קאָנסעקווענט איהר ווילען)!"

ניט קוקענדיג אויף דער באמת נאַיווער מאָטיווירונג וועלכע מעביוס שרייבט צו צו מיינע מיינונגען מכח דעם ווילען פון דער פרוי, און וועלכע דער אויפמערקזאַמער לעזער פון מיין בוך וועט קוים מערקען, וויל איך מיך קעגען דער דאָזיגער „קריטיק" גאָרניט פערטיידיגען. נאָר אַלס אַן ענטפער וויל איך בלויז איבערגעבען די פאָלגענדע פּאַסירונג, פאַר דעם וואָרהאַפטיגקייט פון וועלכער עס גאַראַנטירט הער

צווישען א פאר־פאלק. דורך א העכערען סאציאל־מענשליכען בליק ווערען אין מאן און ווייב גרינגער גובר געווען זייערע עגאיסטישע געפיהלען, דער עיקר די אייפערזוכט. העלפענדיג אין דעם גליק, און בעזונדערס אין דעם סעקסועלען גליק פון אנדערע, וועט אזא פארפאלק אליץ מעהר און מעהר זיך אויסלערנען צו ענטשולדיגען און מוחל זיין סעקסועלע שוואכקייטען פון אנדערע מענשען. זיי וועלען מעהר ניט אראבקוקען מיט גאוה און פעראכטונג אויף דעם מיידעל מיט דעם אונ־געזעצליכען קינד, אויף דער גרושה, אויך ניט אויף דעם קאנקובינאט, אויך ניט אויף דעם אונגליקליכען האמא־סעקסואליסט און אויף אלע סעקסועלע שוואכקייטען און פעהלערס פון זייערע מיטמענשען. אדרבה, זיי וועלען אנווענדען אלע זייערע כחות זייער מזל צו מאכען גליקליכער. ד. ה. זיי וועלען העלפען אלע יענע מענשען, וועלכע קאנען געהאלפען ווערען. אין דער דאזיגער ארבייט וועלען זיי פיהלען זייער גרעסטען תענוג, און אין פאל איינער פון זיי גופא זאל ווערען א קרבן פון א סעקסועלער שוואכקייט, וועט איהם, ערשטענס, זיין לייכטער צו פער־געבען און, צווייטענס, וועט ער די שוואכקייט גרינגער גובר זיין.

מען וועט האבען ווענינער צייט צו פערביטערען דאס לעבען דורך בייזע קאפריזען און קליינליכע רייסערייען און מחלוקות צווישען מאן און ווייב. דער מאן וועט זיך מעהר ניט בענעהמען ווי א דעספאטישער האר און הערשער, און די פרוי וועט מעהר ניט דארפען דורך פאלשקייט זיך ראטעווען און אין דערזעלביגער צייט זיך דערנידערען. רעליגיעזע דאגמעס וועלען מעהר ניט האלטען מאן און ווייב צושיידט און אבגע־פרעמדט; מען וועט מעהר ניט דארפען קיין גלחים אין דער הייראט. און צום סוף, מען וועט מעהר ניט מורא האבען פאר דעם טויט, נאר מען וועט דעם טויט בעטראכטען אלס א געווינשטע רוה נאך דער פער־ענדיגטער ארבייט און נאך די ערפילטע פליכטען פון א גוט אויסגעניצט לעבען.

איך קאן אנדערש ניט ווי האלטען יענע מענשען פאר שמאלקעפיק און מאראליש שטומפזיניג, וועלכע בעטראכטען אזא אידעאל פון לעבען אלס א פאנטאזיע וועלכע קאן קיינמאל ניט מקוים ווערען, אלס א משונה'דיגער קאפריז פון א בעל־חלום וועמען די וועלט איז פרעמד. אהן ספק, פאר פערדארבענע, בירושה פערקרענקטע, אין פוילקייט,

מיר אויך אין דער ערציהונג פון קינדער. אויף אַ זעהר לאַנגזאַמען אופן וועט מען אין די מענשען קאָנען ענטוויקלען אַ בעסערען און אַ קלאָרערען בליק מכח דעם דאָזיגען ענין.

עס קאָן זיך אויסדאַכטען אַז מיר האָבען אָבגעוויכט פון אונזער ענין, מחמת מיר האָבען זיך פערנומען מיט יענע ליבעס־אויסשטראַלונגען, וועלכע זענען דאָס אביעקט פון די סאָציאַלע געפיהלען, ד. ה. פון דער עטיק בכלל (זעה קאַפּיטעל 5). אָבער פון די דאָזיגע ריכטיג פערשטאַנענע און אָנגעווענדעטע סאָציאַלע אויסשטראַלונגען פון דער ליבע איז צוזאַמענגעשטעלט די דאַמבע, וועלכע צוימט די סאָציאַל־שעדליכע פערקרימונגען פון דעם געשלעכטס־טריב, און קירעוועט איהם אַרויף אויף אַ געזונדען עטישען וועג. ניט די דרויסענדיגע צוואַנג פון שטרענגע, אַזוי־גערופענע מאָראַל־געזעצען, ניט דאָס שרעקען מיט די גיהנום־שטראָפען און ניט די פערשפּרעכונגען פון גן־עדן, ניט די מאָראַלישע דרשות פון גלחים, ניט די צניעות און ניט די מורא צו רעדען פון זאַכען וואָס זענען נוגע דעם געשלעכטס־לעבען און אויך ניט די אסקעטישע התפעלות, זענען אימשטאַנד אויפצובויען אַ געזונדע און גערעכטע סעקסועלע עטיק. איך וויל דאָ ניט איבער'חזר'ען דאָס, וואָס איך האָב שוין געזאָגט אין די קאַפּיטלען 10, 11, 12 און 13. דעם ווערט פון די מאָראַלישע לעהרען מוז מען שאַצען ווערדליג איהרע פרות און ניט ווערדליג איהר מליצה. איין זאַך איז זיכער, אַז דאָס סעקסועלע לעבען פון דעם מענש וועט זיך בלויז דעמאָלט אויפהויבען אויף אַ העכערען שטאַפּעל, ווען עס וועט מעהר ניט שטעהען אויף דעם יסוד פון אַ מיסטישער, רעליגיעז־דאָגמאַטישער מאָראַל, און ווען עס וועט זיין אויפגעבויט אויף דעם פונדאַמענט פון אַן אמת מענשליכער מאָראַל, אַ מאָראַל וועלכע וועט זיך רעכענען מיט די נאָרמאַלע בעדערפעניסען פון דער מענשהייט, און דערביי דער עיקר האָבענדיג אין אויג דאָס גליק פון אונזערע קינדער.

די הייראַט זאָל מען בעטראַכטען אי אלס מיטעל אויף אַ נאָרמאַלען אופן צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס־טריב און אי אַלס אַ מאָראַלישע און סאָציאַלע שול פון לעבען. אָבער ניט בלויז דאָס ערשטע אָדער דאָס אַנדערע. דאָס טיילען־זיך מיט די פליכטען, די פולשטענדיגע גלייכבערעכטיגונג און די געמיינשאַפטליכע סאָציאַלע אַרבייט זענען בכח צו מאַכען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער דעם סעקסועלען באַנד

ווערט ער פאראליזירט און ענטמוטיגט, דרעהט זיך איבער מיט דער פלייצע צו דער רעפארם, גיט דערביי אן נישטיגסטע תרוצים און ענ־דיגט: „עס וועט גארניט העלפען, די מענשען זענען צו שלעכט“. איך וועל געבען א ביישפיל:

א יונגער גימנאזיסט איז געווארען בעגייסטערט פאר דער רעפארם קעגען שכרות (אלקאהאל אבסטינענץ). עטליכע יאהרען נאכאנאנד איז ער געווען איבערגעגעבען צו דער דאזיגער ארבייט, האט מיטגעהאלפען אין אלע עפענטליכע דעמאנסטראציעס און האט זיך איבעראל געוויזען ווי אן אפאסטאל פון דער אבסטינענץ אלס א סאציאלע רעפארם. ער איז דעמאלט אריין אין א העכערער שול. אין א געוויסען טאג, נאך עטליכע דורכפאלען, האט ער זיך פלוצלונג אבגעקערט פון דער גאנצער רעפארם מיט דער דעקלערונג, אז ער זעהט ניט „קיין צוקונפט פאר דער אבסטינענץ בעוועגונג“. און ער איז אוועק. עס פערשטעהט זיך די בעוועגונג האט פראגרעסירט אהן איהם. מיט עטליכע יאהרען שפעטער האט מען איהם נאכאמאל געפרעגט פארוואס ער האט איי־נגענטלעך פערלאזען די בעוועגונג, און סוף כל סוף האט ער מודה געווען, אז ער האט ניט געוואלט אויסזעהען אריגינעל און עקסצענטריש ער האט צוגעגעבען, אז אלס אבסטינענט האט ער זיך געפילט זעהר נוט, האט אויסגעזעהען צו זיין אביסעל ערשטוינט דערהערענדיג אז די בעוועגונג האט ניש'קשה'דיג פראגרעסירט אהן איהם, האט צום סוף איינגעזעהען זיין טעות און האט פערשפראכען ווידער צוצושטעהען צו דער אבסטינענץ-בעוועגונג.

אין אזוינע אלטעגליכע, מען קאן זאגען באנאלע, קליינע פאסירונ־גען ליגט דער סוד פון דעם לאנגזאמען גאנג פון די סאציאלע רעפארמען. די מענשען וועלכע פאלען מאמענטאן אריין אין התפעלות פאר איהר, גלויבען אלעמאל, אז אין דער ווירקליכקייט לויפט אלעס אזוי גיך ווי אין זייער פאנטאזיע; ווען זיי זעהען, אז מען געווינט ניט אזוי גיך דאס מאקסימום, ווערען זיי פאראליזירט און ענטמוטיגט; זיי האבען ניט דעם פערזענליכען מוט און די פערזענליכע אויסדויערקראפט צו בלייבען אין א מינאריטעט.

דעמזעלביגען דוחק אין אויסדויערקראפט און אין בערעכענונג, וואס מיר האבען געטראפען ביי אונזער יונגען אבסטינענט, בעגעגענען

וועט אפילו נאָך די ביטערסטע אונגליקען אין איהר געפינען א טרייסט און א בעלוינונג. ער ווערט ניט פערצווייפעלט און פעריאַמערט, ער לעבט איבער זיין וועהטאַג און לעבט בשלום מיט די מענשען אהן עפּעס פון זיי צו ערוואַרטען, מחמת זיין לעבען לאַנג האָט ער זיך צו־געוואוינט צו אַרבייטען א ו נ פ ע ר ז ע נ ל י ך.

צו גוטע געוואוינהייטען קאָן מען אַלעמאָל דערגרייכען, און אזוינע אַלטרואיסטען בעגעגענען מיר צווישען די סאַמע בעשיידענסטע און פּשוט׳סטע מענשען, צווישען אַרבייטער און פּויערים, וועלכע פערשטעהען און פערווירקליכען טאַקע דאָס נאַר וואָס געשילדערטע אידעאַל.

אין קאַפּיטעל 17 וועלען מיר זעהען, ווי אזוי די נאַטירליכע דיס־פּאָזיציע פון דעם קינד קאָן און זאָל ענטוויקעלט ווערען אין דער דאָזיגער ריכטונג. עס פערשטעהט זיך, אַז אזוינע ריינע עגאָיסטען און אזוינע מענשען וועלכע זענען נעגאַטיוו פון אן עטישען שטאַנדפּונקט, ד. ה. אין אַנדערע ווערטער, נאַטורען וועלכע זענען אַלגעמיין שעדליך דורך א טיפער ירושה, קאָן מען קיינמאָל ניט ערציהען און מאַכען פאַר אַלט־רואיסטען. אָבער זיי זענען ניט די מעהרצאָל. די גרויסע פערטעמפּטע און גלייכגילטיגע מאַסע מענשען קאָן נאָך ווערען צוגעוואוינט צו רעלאַ־טיוו גוטע האַנדלונגען דורך א סאָציאַלער אַרבייט און א צוגעפּאַסטער ערציהונג, ווען עס וועלען ווערען אָבגעשאַפט די דרויסענדיגע כחות, ווי די שכרות און די געלד־הערשאַפט, וועלכע טרייבט זי צום שלעכ־טען, און אויף זייער פּלאַץ וועלען ענטוויקעלט ווערען אזוינע כחות וועלכע ערציהען צום גוטען.

לסוף מוז די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דער מענשהייט גע־ווענדעט ווערען אויף איהר אייגענער צוכטוואַהל, בכדי צו פערגרעסערע די צאָל פון די גוטע און ניצליכע מענשען און צו פערקלענערען די צאָל פון די שלעכטע און קרענקליכע מענשען. אָבער דאָס איז אַן אַרבייט פון יאָהרהונדערטען פון אויפקלערונג און ערציהונג, אַן אַרבייט וועלכע מיר קאָנען הייגט ערשט אָנהויבען. דאָ שלאָגען מיר זיך אָן אויף א הויפּט שוואַכקייט פון דער מענשליכער נאַטור, א שוואַכקייט וועלכע בעשטעהט דעריין צו ווערען בעגייסטערט און צו אַרבייטען בלויז פאַר יענע פאָרטשריטען, דאָס מקוים־ווערען פון וועלכע דער ליבער איך און זיין קליין ענגאַ־צענטרישען לעבען גלויבט צו קאָנען דערגרייכען. טאָמער זעהט ניט דער דאָזיגער קליינער איך קיין באַלדיגען ערפאָלג,

איך פרעג איצט, אויב דער מענש וועט נאך געפינען צייט און חשק ביי אזא מין לעבען, אויפצופירען אזוינע סעקסועלע ליבעס־דראמעס ווי מיר געפינען זיי היינט־צוטאג אין אונזערע ראמאנען און דערצעלונגען און וועלכע ווערען טאג־טעגליך אנגעבאטען אלס גייסטיגע נאהרונג פאר אונזערע פרויען און מענער? און איך ענטפער: אויב דער מענש איז נארמאל, ניין! נאר פאטהאלאגישע נאטורען, מיט זייער קרענקליך איבערגעטריבענער עמפינדליכקייט און קרענקליכער ליידענשאפט, זענען אונפעהיג, טראץ דער ענערגישער ארבייט פאר דעם סאציאלען וואוילזיין, צו צוימען זייערע ליידענשאפטען אדער מיט דער צייט זיי גובר צו זיין. ווידער אנדערע גאנץ אדער האלב נארמאלע מענשען ווערען קינסטליך געטריבען צו אזא איבערגעטריבענער בעגייסטערונג אין דעם סעקסועלען געביט, דורך זייער פוסט און פאסעווען, דורך לעזען ביליגע ראמאנען וועלכע רייצען אויף זייער געשלעכטס־טריב און זייער סענטימענטאליטעט, אזוי גוט ווי אפטמאל דורך אן איינזייטיגער טעטיגקייט און אנדערע אבנארמאלקייטען פון דעם שטאדטישען לעבען.

מיר האבען שוין געזאגט, אז ארבייט אליין איז ניט גענוג, נאר אז פאקטיש, צו דער טעגליכער בעשעפטיגונג מוז מען צולעגען די סאציאלע ארבייט. פאקטיש, דער פועל יוצא פון א כסדר׳דיגער מאנאטאנקייט פון א ספעציעלער ארבייט, אפילו דאס אבגעבען זיך אויסשליסליך מיט א וויסענשאפטליכער ספעציאליטעט איז, וואס דאס געהירן גופא ווערט אויך איינזייטיג. די עטישע געפיהלען ווערען דורך דעם אטראפירט. די איינזייטיגקייט אין א בעשעפטיגונג געהט זעהר ליכט צוזאמען מיט דער אויסשליסליכקייט אין דער ליבע (ניט אין געשלעכטס־טריב). אין אזא פאל ארבייטען זעהר אפט צוויי עגאיסטען, אדער עטליכע אין א פאמיליע, צוזאמען און עקספלואטירען די געזעלשאפט. כל זמן זיי לעבען און זענען געזונד און דאס געשעפט געהט גוט, כל זמן זייערע חשבונות ווערען ניט צושטערט דורך ניט געראטענע קינדער אדער דורך די עגאיסטישע פלענער פון אנדערע מענשען, אזוי לאנג קאנען זיי זיך זיין געגענזייטיג געטריי און זייער לעבען קאן זיין רעלאטיוו גליקליך. אבער שפעטער?

ווער עס האט אבער די ליבע צו זיין פרוי (אדער מאן) תמיד פערבונדען מיט אן אקטיווער און ניצליכער ליבע צו דער מענשהייט,

בעוויז פון דער מענשליכער שוואכקייט ליגט אין יענעם מין פון דער מאדערנער עטיק, וועלכע ניצט זיך אויס אין סאלאן־געשפרעכען אדער אין אונענדליכע עפענטליכע רעדעס און לעקציעס. די דאזיגע עטיק פאלט שוין צו פינקטליך צונויף מיט דעם ריינסטען עגאיזם. ניין, אהן סאציאלע ארבייט איז ניט דא קיין אמת'ע מאראל.

דער קאמף פאר דעם לעבען איז פון דעם מענש פריהער געפירט געווארען קעגען דער נאטור, קעגען די חיות און בעזונדערס קעגען אנ־דערע מענשליכע שונאים. היינט־צוטאג זענען די ערשטע בעזיגט, און וואס איז שייך די מלחמות אלס ריזיגע קאמפען, ברעכען זיי מיינסטענס אויס צווישען איינצעלנע גרויסע אימפעריעס, אזוי, אז זיי וועלען באלד דורך זיך גופא דערגעהען א ד א ב ס ו ר ד ו ם. שוין צוליב דער דאזיגער אורזאך אליין פערלירט, ווי מיר האבען דאס שוין געזאגט, די מאראל פון דעם גאט פון מלחמה און פון דעם פאטריאטישען שא־וויניזם דעם באדען אונטער די פיס. די אמת'ע מאדערנע עטיק איז שוין געווארען א סאציאלע און אינטערנאציאנאלע מענשהייטס־עטיק, און זי מוז עס ווערען אלץ מעהר און מעהר אין דער צוקונפט.

פונקט ווי א העלד פון די אלטע צייטען האט פעריינינגט די ליבע צו זיין פרוי מיט דער ליבע צו זיין פאטערלאנד, בכדי צו געווינען די קראפט צו קעמפען פאר זיין אידעאל, פונקט אזוי מוז אונזער ליבעס־אידעאל געווינען אלץ מעהר קראפט דורך דעם סאציאלען קאמף, דורך דעם קאמף לטובת הכלל. זייט ביי זייט מוזען דא מאן און ווייב קעמ־פען צוזאמען, מחמת דער דאזיגער קאמף פאדערט פון ביידע אן אנ־געשטרענגטע ארבייט אין משך פון זייער גאנץ לעבען. אבער טאקע די דאזיגע ארבייט איז אויך א ברכה פאר זיי גופא. זי האלט אויף און שטארקט ניט בלויז דעם קערפער, נאר בעזונדערס דעם גייסט, די געהירן־קראפט. דער קאמף לטובת הכלל גרייט צו די העכסטע און אידעאלסטע פרייד. ער לערענט דעם מענש זיך צו צוימען, ד. ה. גובר צו זיין זיין נאטירליכע פוילקייט, זיין גענוס־זוכט, זיין אבהענגיג־קייט פון כל־ערליי נישטיגע געוואוינהייטען און נידעריגע אינסטינק־טען. ער ערציהט דעם מענש, אונטערדריקט זיינע שוואכע און עגאיס־טישע געפיהלען און ענטוויקעלט, פערקערט, די פעהיגקייט צו טון א גוטע און ניצליכע ארבייט. א דאנק דעם דאזיגען קאמף ווערט אפילו א געהירן פון א מיטעלמעסיגער קוואליטעט א ניצליך סאציאל געצייג.

שאפטליך ווי די העלדען אין די ראמאנען. ער נעהמט זיך ניט דאס לעבען ווען זיין ליבע ווערט צוריקגעוויזען, נאר ער געפינט (אפילו די פרויען) אן ערזאץ נאך א שטיקעל צייט און טרויסט זיך. סוף כל סוף איז ער אויך גובר די אייפערזוכט. א חוץ דעם איז עס פשוט איבערגעטריבען, האלטענדיג זיך טיילוויין אויף א סוגעסציע אדער אוטא־סוגעסציע, אז די עטיק פון דער ליבע פאדערט, אז צוויי מענשען זאלען לעבענסלענגליך איינער אין אנדערען פולשטענדיג פערשמעלצען זייער איך, א פערשמעלצונג וועלכע דארף דויערען אפילו נאך דעם טויט. מיר האבען שוין געזעהען, אז די דאזיגע מאראל פירט צו א דועל־עגאיזם און איז בשום אופן ניט דאס אידעאל פון דעם מענשליכען גליק. אט פונקט ווי שעהן עס איז די געגענזייטיגע טרייקייט פון צוויי מענשען וואס וואוינען צוזאמען, אט פונקט אזוי שלעכט איז זי ווען זי ווערט איבערגעטריבען, ווען זי ווערט ענליך צו א געצענדינסט און קען בלויז איין איינציגען לעבעדיגען אדער טויטען מענש, און פערהאלט זיך צו דער איבעריגער וועלט מיט א צוריקגעצויגענקייט און גלייכגילטיגקייט אדער גאר מיט האס.

מיר האבען שוין געוויזען, אז די אלטרואיסטישע געפיהלען פון דעם מענש וועגען דירעקט אדער אינדירעקט*) פילאגענעטישע צווייגען פון דעם געשלעכטס־טריב, און בעזונדערס פון דער סעקסועלער ליבע. דער אמת׳ער סוד פון דער סעקסועלער עטיק בעשטעהט דעריבער אין א קולט פון אלטרואיזם אויף דעם סעקסועלען געביט. דער דאזיגער קולט אבער זאל ניט בעשטעהען אין מאראלישע פראזען, נאר ער זאל ווייזען זיין ממשות דורך מאראלישע האנדלונגען. א טרויריגער

*) אמת; מען קאן זאגען: אז די פריינדשאפטליכע פעראייניגונג פון אינדיווידוען פון דעם זעלביגען געשלעכט זענען אפטמאל געשטאנען אויף דעם יסוד פון דער פילאגענעטישער ענטוויקלונג פון די חיה׳שע אדער מענשליכע געזעלשאפטען, דאס דאזיגע ווילען מיר בשום אופן ניט אבלייקענען. אבער די סימפאטיע-געפיהלען, אויף דעם בלויזען פונדאמענט פון וועלכע די פריינדשאפטליכע פעראייניגונגען קאנען זיך ענטוויקלען, זענען גופא נאר די צווייגען פון דעם פרימיטיווען סימפאטיע-געפיהל פון איין אינדיווידיום צום אנדערען, און דאס דאזיגע לעצטע געפיהל האט זיינע ווארצלען אין דער סעקסועלער אנציהונג.

כען די מאָדערנע עטיק מוז פערטרעטען. פונדעסטוועגען פאָדערט דער היינטיגער סאָציאַלער פאָרטשריט א פולשטענדיגע פאָרמולאַציע, אונגעפער אזוי: דו זאָלסט ליב האָבען די מענשהייט מעהר ווי דיך אליין, און דו זאָלסט זוכען דיין גליק אין דעם גליק פון איהר צוקונפט. פון דער דאָזיגער פאָרמולע טיילט זיך אָב דאָס געבאָט פון דער סעקסועלער עטיק, ווי מיר האָבען זיי אויבען דעפינירט.

אין די עשרת הדברות פון משה'ן ווערט די פרוי קודם כל בעטראַכט אלס אייגענטום, און די גלוסטונג נאָך דעם ווייב פון דעם שכן ווערט געדראָהט מיט א געטליכער שטראָף, אלס א גלוסטונג נאָך דעם שכנ'ס פערמעגען. אזוינע בעגריפען דאַרפען ווערען רעווידירט אין זייער סאַמע תמצית אזוי גיך ווי די פרוי ווערט בעטראַכט און בעהאַנדעלט אלס א פרייער מענש און גלייך ווי דעם מאַן. מיר האָבען געזעהען, ווי געוויסע פאָרמען פון הייראַטס־ברוך ביי א פרייוויליגער איינשטימיגקייט פוןביידע צדדים קאָנען אפילו זיין מאָראַליש פאָזיטיוו.

טראַצדעם אבער וועט עס שטענדיג זיין די עיקר־אויפגאבע פון א מענש'ס סעקסועלע מאָראַל איינצוצוימען זיינע עראָטיש פּאָליגאַמישע גלוסטען, מחמת זיי זענען ביז א הויכען שטאַפעל געייגענט צו שעדיגען דאָס גליק פון אנדערע. ספּעציעלע פאַלען אין וועלכע קיינער ווערט ניט בעשעדיגט זענען, ווי מיר האָבען געזאָגט, אויסנאַהמען (זעה צ. ב. גיו דע מאַפּאַססאַנ'ס "Mouche" און א. קואוורור'ס "La Graine").

מיר האָבען געזעהען, אז אונזער ראָמאַן־ליטעראַטור האָט א נייגונג צו בעהאַנדלען די סאַמע אויסערגעוועהנליכסטע, טראַגישסטע און פּאַטאָלאָגישסטע עראָטישע קאָנפליקטען, און זעהר אָפט נאָר דערפאַר, בכדי אויפצורעגען די ליידענשאַפט פון דעם לעזער. זיין סעקסועלע עטיק דאַרף מען ניט אויפבויען אויף דעם יסוד פון אזוינע לעקציעס. דער דורכשניטליכער מענש, און אפילו דער נאָרמאַלער מענש וועמעס נאַטור איז העכער פון דעם דורכשניט, איז באַיין אופן ניט אזוי ליידענ־

דער פּאָזיטיווער מאָראַל אין דער צוקונפט, ווען אין אַ פערהייראַט צו־זאַמענלעבען צווישען אַ קוואַליפיצירטען מענש און אַ ניט־קוואַליפי־צירטען, זאָל דער לעצטער עס איבערלאָזען צום פערשטאַנד פון דעם ערשטען, צו האָבען קינדער מיט אַ קוואַליפיצירטען דריטען מענש.

בקצור, ווער עס האָט בעגריפען די אמת'ע סעקסועלע עטיק, וועט שטענדיג געפינען מיטלען און וועגען זי צו פערווירקליכען, ד. ה. פון איין זייט צו בעגעהען פּאָזיטיוו גוטע האַנדלונגען און פון דער אַנ־דערער זייט אויסצומיידען נעגאַטיוו שלעכטע, און דערביי דאָך צו בעפרידיגען זיינע נאַטירליכע טריבען, אויב די דאָזיגע זענען גראָד ניט פון אַ שלעכטען אָדער פערווערזען כאַראַקטער.

דער אמת מאָראַלישער מענש וועט זיכער קיינמאָל ניט ווערען אַ מיטשולדיגער פון אַזאַ סאָציאַלער געזונקענקייט און אויסגעלאַסענ־קייט ווי דער באָרדעל־האַנדעל צוזאַמען מיט דער פּראָסטיטוציע און אַלעס מיט אַנאַנדער, נאָר אדרבה, ער וועט זיי בעקעמפען. ער וועט זיך אָבהיטען אַז אַנדערען מענש צו שעדיגען סעקסועל; און אין פאַל זיין ליידענשאַפט האָט איהם געטריבען צו אַ ניט בערעכענטער האַנד־לונג, וועט ער אַנווענדען אַלע זיינע כחות כדי איהרע פאָלגען ווידער גוט צו מאַכען.

אין די צען געבאָטען (עשרת הדברות) ווערט צוויי מאָל דערמאָנט די סעקסועלע מאָראַל:

דאָס זעקסטע געבאָט: לא תנאף, דו זאָלסט ניט געשלעכטליך פערקערען מיט אַ פרעמדער פרוי.

דאָס צענטע געבאָט: לא תחמוד בית רעך. לא תחמד אשת רעך ועבדו ואמתו ושורו וחמרו, וכל אשר לרעך. — דו זאָלסט ניט גלוסטען דיין שכנ'ס ווייב, ניט זיין קנעכט, ניט זיין דינסט, ניט זיינע בהמות, ניט קיין זאַך וואָס איז זיין.

דאָס איז היבשליך מאָגער.

אָבער אין דעם עלפטען געבאָט פון קריסטוס'ן פערטרעטען די ווערטער „דו זאָלסט ליב האָבען דיין שכן ווי דיך אַליין" כמעט דעם זעלביגען שטאַנדפּונקט, וועל־

קערט זענען איהרע מאָטיווען, אמת טאַקע, פּאָזיטיווע, אָבער איהר סאָציאַלע פּעולה איז נאָך מעהר נעגאַטיוו. אין בעסטען פאַל קאָן איהר אפשר געלינגען דעם שכור אויסצובעסערען; אָבער אין פאַל זי האָט מיט איהם קינדער, וועט דעמאָלט דאָס דאָזיגע ווייב ניט ווייסענדיג האָבען שווער געזינדיגט קעגען זיי, און איהר גוטע האַנדלונג וועט שפּעטער נעהמען נקמה פון די קינדער פאַר די זינד פון זייער פאָטער.

3.) אַ מאַן זייענדיג אימפּולסיוו, פּסיכאָפּאַטיש, מיט שווערע ירושה פעהלערס און מיט אַ שטאַרקען געשלעכטס־טריב, האָט דוקא חשק געהאַט און פאַר זיך אָבגעמאַכטען חתונה צו האָבען מיט אַן אמת ערליך מיידעל פון אַ גוטער פאַמיליע און מיט איהר צו האָבען קינדער. די דאָזיגע האַנדלונג איז פּאָזיטיוו פון עגאָיסטישען שטאַנדפּונקט, מחמת דער מאַן טוט דאָס אַבסאָלוט צוליב דער טובה פון זיין אייגענעם איך; פערקערט פון עטישען שטאַנדפּונקט איז די האַנדלונג זעהר נעגאַטיוו, מחמת ער מאַכט אונגליקליך אַן ערליכע פרוי און ער וועט בעשאַפען, לכל הפחות זעהר וואַרשיינליך, טיילווייז אונגליקליכע קינ־דער, קינדער פון אַ שלעכטער קוואַליטעט.

4.) אַ פעהיגער און אַרבייטזאַמער מאַן, קערפּערליך און גייסטיג געזונד און פול מיט אידעאַלען, זוכט פאַר זיך אַ פּאַסיגע לעבענס־בע־גלייטערין און ער געפינט זי. בייהע מאַכען זיך דאָס לעבען ניט לייכט, נאָר אדרבה נעהמען אויף זיך אַ סך אַרבייט, בעזונדערס סאָציאַל ניצ־ליכע אויפגאַבען, און זיי בעשאַפען, לאָזענדיג די נויטיגע צווישען־צייט, אַזוי פיל קינדער וויפיל זיי קאָנען האָבען צו שעדיגען דאָס געזונד פון דער פרוי. דאָ האָבען מיר די אידעאַלע פערבינדונג פון אַ פּאָזיטיווען אַלטרואיזם מיט אַ פּאָזיטיווען עגאָיזם.

געוויס ניט איטליכער האָט דאָס גליק צו קאָנען ערפילען די לעצטע קאָמבינאַציע. פונדעסטוועגען איז אַ פּאָזיטיווע סעקסועלע עטיק ניט אויסגעשלאָסען אויך ביי ווייניגער גינסטיגע בעדינגען. נערוועזע פּסיכאָפּאַטען און קערפּערליך שוואַכע מענשען קאָנען איינגעהען אויף אַ הייראַט אָהן קינדער, ווי מיר האָבען דאָס פריהער אָנגעוויזען, און זיך בעלוינען דערמיט, וואָס זיי וועלען זיך אויף אַזוי פיל מעהר אָב־געבען מיט סאָציאַלע אויפגאַבען אָדער מיט ערציהען פערלאָזענע יתומים. ביי מיר קומט אויס, אַז עס וואָלט געווען אין איינקלאַנג מיט

דורך דיינע געשלעכטליכע האנדלונגען. נאר דו זאלסט וועדליג דיינע כחות אויפ־הויבען דאס גליק און דעם ווערט פון ביידע."

עס פערשטעהט זיך, אז פונקט ווי אין אלע געביטען פון דעם לעבען וואו דער אינסטינקט און דער בעגער האבען די הויפט־דעה, אזוי אויך און בפרט נאך אין דעם סעקסועלען געביט איז די זעלבסט־בעהערשונג איינע פון די ערשטע עטישע פאדערונגען. די זעלבסט־בעהערשונג וועגדט זיך לויט דער ערציהונג פון דעם כאראקטער און דעם ווילען. פון זייז יוגענד אן מוז זיך דער מענש אויסלערנען צו בעהערשען זיינע טריבען און זיינע בעגערען, שוין דערפאר אליין, בכדי צו דערגרייכען די איינציגע אמת'ע רעלאטיווע פרייהייט וועלכע מאכט דאס לעבען ווירדיג און לעבענסווערט. און צוליב דער דאזיגער אורזאך דארף מען דעם נארמאלען מענש שטארק צורעדען צו דער סעקסועלער צוריקגעהאלטענקייט. דאס דאזיגע זאל אבער ניט גילטען אלס א בעזונדערע מעלה אין זיך גופא און אודאי ניט אלס צוועק פון לעבען.

בעשאנקען מיט דעם געשלעכטס־טריב און מיט דער פעהיגקייט צו ליבען, מוז דער סאציאלער מענש ביידע ווי ווייט מעגליך אויסניצען סיי לטובת הכלל און סיי פאר זיין איינענער טובה וועגען. אויב ער וועט זיך דערביי אויפירען ערליך, וועט זיין אויפגאבע ניט זיין קיין לייכטע, דערפאר אבער וועט ער פיהלען א גרעסערע בעפרידיגונג, מחמת די גוטע האנדלונג טראגט אין זיך גופא איהר לוין. ער מוז האבען פאר זיינע אויגען צ. ב. די פאלגענדע בילדער:

1.) אין א מאמענטאנער געשלעכטליכער לײדענשאפט פערפירט א קוואליטאטיוו שלעכטער מאן א מיידעל, מאכט זי שוואנגער און אנטלויפט. ער ברענגט דערמיט א שאדען אי דעם מיידעל און אי זיך אליין. זיין האנדלונג איז דעריבער נעגאטיוו און דארף פערדאמט ווערען סיי פון עטישען און סיי פון עגאיסטישען שטאנדפונקט.

2.) אויס רעליגיעזע מאראלישע מאטיווען האט א בעגייסטערט און אנשטענדיג מיידעל תחונה מיט א געזונקענעם שכור כדי איהם צו ראטעווען. אזא מין רעטונג געלינגט זעלטען, און אויב זי געלינגט איז זי ניט פולקאמען. פון אן עגאיסטישען שטאנדפונקט איז די דאזיגע רעטונג נעגאטיוו, פון אן אלטרואיסטישען שטאנדפונקט פער־

אויסער דער הייראַט — אַז אונגעזעצליך קינד, — ביי דעמזעלביגען מאַן איז מאָראַליש דורך אַ כסדר'דיגער בעשאַפונג פון געזעצליכע קינדער צו צוברעכען דאַס געזונד פון זיין פרוי. געוויסע מאָראַל פּרעדיגער, און אפילו גלחים, פערדאַמען טיילמאָל אַ יונגען מאַן, וועלכער וויל חתונה האָבען מיט זיין געליבטע, און מאַכען איהם זי, צוזאַמען מיט דעם אונגעזעצליכען קינד, אָבצופּטר'ען מיט אַ סומע געלד, א. אַז. וו. מיר ווילען זיך אליין ניט איבער'חזר'ען. די ניט אויסגעהאַלטענקייט פון די מענשען אין דעם אופן ווי אַזוי זיי ברענגען אריין זייערע אַזוי־גערופענע מאָראַלישע בעגריפען אין דער סעקסועלער פראַגע, איז פּשוט אונגלויבליך און דאָך אַלטעגליך. אין זייערע קעפּ שווימעלט אַ געמיש פון היפּאָקריטסטווע, מיסטיציזם, פאָרורטיילען, מאָדע, אַ פערערונג פון אַלטע טראַדיציאָנעלע אַזוי־גערופענע גוטע מדות, געלד אינטערעסען און גאָט ווייסט וואָס נאָך, און צומישט פולשטענדיג אַלע בעגריפען פון אַ געזונדער סעקסועלער עטיק. גיט נאָר אַ קוק אויף דעם צאָרן פון די עלטערן ווען זייערע קינדער פערלאָבען זיך מיט מענשען וועלכע שטעהען כלומרשט אונטער זייער יחוס־שטאַנד, אָדער וועלכע האָבען צו ווייניג געלד, אָדער וועלכע האָבען אַ טויפשיין פון אַן אַנדערען גלויבען, א. ד. גל. און די דאָזיגע מענשען פאַלט דערביי אַבסאָלוט ניט איין וועגען זייער אונמאָראַליטעט וועלכע זעגעלט אונטער דער פאָהן פון מאָראַל.

איצט, וואו אַהין זאָלען מיר שטרעבען אין די סעקסועלע אַנגעלעגענהייטען פון אַן עטישען שטאַנדפּונקט? דאָס איז די איינציגע פראַגע, וועלכע אַ מענש, זייענדיג פריי פון פאָרורטיילען און האָבענדיג אמת מאָראַלישע געפיהלען, קאָן זיך שטעלען.

זיין ערשטער פּרינציפּ מוז זיין דער אַלטער מעדיציניש‏ער כלל: „ראשית כל טו ניט קיין שאדען“; און זיין צווייטער: „אויף וויפיל נאָר מעגליך זיי ניצליך אינדיווידועל און סאָציאַל.“ דאָס געבאָט פון דער סעקסועלער מאָראַל וועט דעריבער אויף זיין: „דו זאָלסט ניט שעדיגען ווילענדיג קיין איינציגען מענש און דער עיקר ניט די מענשהייט דורך דיין געשלעכטס־טריב און

עגאיסטישע און סאציאלע געפיהלען און אינסטינקטען. דער הפוך צום אלטרואיסט איז ניט דער רוהיגער און קלוגער רייגער עגאיסט, נאר דער עטיש פערדארבענער אדער אויף אז אקטיווען אופן עטיש נעגא־טיווער מענש. דער עגאיזם טרייבט דעם מענש מיט אזא קראפט אנדערע צו שאדען כדי זיך צו בעפרידיגען, אז א רייגער עגאיסט קאן זעלטען עטיש בלייבען אינגאנצען אינדיפערענט. צוליב דער דאזיגער אורזאך אליין שוין, איז אונמעגליך אויפצובויען די סאציאלע ארדנונג אויף דעם רייגעם עגאיזם, ווי געוויסע מענשען ווילען דאס האבען.

די סעקסועלע מאראל. — פון אזוינע בעטראכטונגען שטעלט זיך שוין ארויס די סעקסועלע עטיק פון זיך גופא. אין זיך אליין איז דער געשלעכטס־טריב עטיש אינדיפערענט. א שווערע צומישטקייט פון בעגריפען, וועלכע איז ענטשטאנען אויף דעם יסוד פון רעליגיעזע מיס־פערשטענדניסען, האט געפירט דערצו צו דערקלערען אז די אויסדרו־קען „זיטליכקייט“ און איבערהויפט מאראליטעט האבען כמעט דעמ־זעלביגען בעדייט ווי דער אויסדרוק מאראלישע אויפירונג אין דעם גע־שלעכטליכען געביט, און אז זיי דעקען זיך. א סעקסועל אנעסטהעטי־שער מענש איז דעריבער, פערשטעהט זיך, זעהר „זיטליך“ אין דעם סעקסועלען פרט, אבער דערביי קאן ער זיין דער גרעסטער פאדלעץ. זיין סעקסועלע קאלטקייט און גלייכגילטיגקייט האט ניט דעם קלענס־טען מאראלישען ווערט. ווען א האמא־סעקסואליסט פערפירט ניט קיין מיידלעך, איז דאס זיכער ניט קיין מאראלישע מעלה פון זיין זייט, א. ד. גל.

פונדעסטוועגען פירט דער געשלעכטס־טריב צו א סך קאנפליקטען מיט דער עטיק, מחמת ער פאדערט אנדערע מענשען אלס געגנוס־אבי־עקטען. דאס העכסטע דער פעטישיזם, ביי וואס דער געשלעכטס־טריב איז געווענדעט אויף ניט לעבעדיגע געגענשטאנדען, און יעדענפאלס די סאדאמיע, ביי וואס ער איז געווענדעט אויף חיות, קאנען קוים־וואס קומען אין א קאנפליקט מיט דער מאראל ווי מיר פערשטעהען זי. דער קעגען שוואנגערשאפט איז אונמאראליש, בעת דיזעלביגע מענשען הערט מען זעהר אפט פערטייטיגען די פראסטיטוציע, ווייזט ווי פער־קערט עס זענען די מיינונגען מכח דער סעקסועלער עטיק. דערזעלביגער מאן, וועלכער בעטראכט פאר זעהר אונמאראליש צו האבען א קינד

אַ האַנדלונג **קענען אַן אַנדערען מענש אָדער קענען אַ גרופּע אַנדערע מענשען** זיין אין דער זעלביגער צייט גוט (פּאָזיטיוו), שלעכט (נעגאַטיוו) אָדער אינדיפערענט, בעת אין שייכות צו דער געזעלשאַפט פערהאַלט זיך די זאַך אַנדערש. אָבער ווי מיר האָבען געזאָגט, האַנדעלט זיך אין דער עטיק ניט בלויז אין דער האַנדלונג אַליין פאַר זיך, נאָר דער עיקר אין איהרע טיפערע מאָטיוועז. אויך די מאָטיוועז קאָנען זיין עטיש־פּאָזיטיוו, אינדיפערענט אָדער נעגאַטיוו. עס איז שווער פאַר אַ מענש צו האַנדלען סאָציאַל־פּאָזיטיוו, בעת איהם פעהלט דאָס עטישע געפיהל, ד. ה. דאָס געוויסען, דאָס פליכט־געפיהל. פון דער אַנדערער זייט ווידער קאָן אַ נאַרישער מענש, אַ מענש וואָס אורטיילט פאַלש, בעגעהען סאָציאַל זעהר נעגאַטיווע האַנדלונגען אויס מאָראַלישע מאָטיוועז, בעת, פערקערט, קאָן אַמאָל אַ מענש האַנדלען צופעליג אָדער ניט ווילענדיג סאָציאַל־פּאָזיטיוו אויס מאָראַליש פערדאָרבענע מאָטיוועז. אויס אייטעלקייט אָדער ראַכע־געפיהלען קאָן מען צ. ב. איבערלאָזען אַ "גרויסמוטיגע" אַלגעמיין ניצליכע ירושה, דערמיט טוענדיג אַ רעה איין פערהאַסטען מענש, בעת טוענדיג אַ טובה דעם גאַנצען כּלל. אַחוץ דעם צו זיין פערדאָרבען קאָנען זיין די מאָטיוועז ריין עגאָיסטיש און ערגייציג און אויפטון גוטס בלויז אויס אַ בערעכענטען עגאָיזם אָדער אייטעלקייט.

מיט דעם וואָרט אַלטרואיסטען רופען מיר מענשען, וועלכע האָבען טיפע עטיש פּאָזיטיווע געפיהלען, וועלכע זיי שטרעבען איבערצוזעצען אין גוטע סאָציאַלע האַנדלונגען. ריינע עגאָיסטען רופען מיר אַזוינע מענשען, וועמעס סימפּאַטיע־געפיהלען זענען געווענדט אויסשליסליך אויף דעם אייגענעם ליבען איך און אויף יענע פון וועלכע דער איך האָט אַ דירעקטען נוצען. אַליין פאַר זיך איז דער עגאָיסט עטיש אינדיפערענט, כּל זמן ער ברענגט ניט קיין שאָדען פאַר אַנדערע, און דער אַלטרואיסט קאָן ניט לעבען אָהן אַ געניגענדיגע מאָס עגאָיזם. אויף אַזאַ אופן בעשטעהט דאָס אידעאַל פון דעם סאָציאַלען געפיהל אין אַ בייןאַנדיגער ווירקונג פון עגאָיזם און אַלטרואיזם, אַלעס זייענדיג פולשטענדיג צוגעפּאַסט צו די בעדערפענישען פון דער געזעלשאַפט און איהרע מיטגלידער. פּונקט ווי ביי די מוראַזשקעס זאָל אויך דאָ עקזיסטירען אַ פולשטענדיג אויסגלייכענדיגע רעגולאַציע צווישען די

כמעט אויסשליסליך בעשטימט דורך דעם צופאל פון א מיזעראבלער צוכטוואהל. און דאס צווייטע וואס אונז פעהלט איז די ערציהונג פון א ווילען און א כאראקטער אין אונזערע קינדער. אונזער שולע און אונזער רעליגיע זענען ניט געוועזן בכח די מאסע פון פאלק ארויסצו־ציהען פון דער בארבאריי, ד. ה. פון דער אפאטיע, פון די רויהע גע־פיהלען, פון דער ווילענס־שוואכקייט און פון דער זיך כסדר שלעפענ־דיגער עמרצות און פארורטיילען. עס איז אהן ספק, אז די קולטור פאקט צ. ב. וואס א סך מענשען דענקען, אז די אנווענדונג פון מיטלען און די עטיק האבען געברענגט געוויסע מאראלישע פארטשריטען, אבער די מעטאדען און לעהרען פון אונזערע קירכען און פון אונזערע שולען האבען זיך איבערגעלעבט און זענען מעהר ניט צוגעפאסט צו אונזערע איצטיגע בעדערפענישען און קענטענישען, און אודאי און אודאי ניט צוגעפאסט צו די פאדערונגען פון דער צוקונפט.

פאלאניוס זאגט אין „האמלעט“ :

„דאס איבער אלעם : זיי טריי צו זיך אליין,
און דערפון פאלגט, פונקט ווי די נאכט נאך דעם טאג :
דו קאנסט ניט פאלש זיין קעגען קיינעם.“

דאס זענען טיפע און אמת׳ע ווערטער אין וועלכע עס ליגט א טייל פון דער עטיק ; אבער בכדי זיי איבערצוזעצען אין פראקטישען לעבען, מוז מען פערמאגען א בירושה טרייען כאראקטער. א חוץ דעם, ווי מיר האבען געזאגט, קאן די טיפסטע איבערגעבענקייט, ווען זי געהט מיט שמאלקעפיגקייט און עמרצות, אפטמאל ברענגען בלויז שלעכטס.

אויף דעם נאר־וואס בעשריבענעם פונדאמענט פון א נאטירליכער מענשליכער מאראל מוזען מיר אויפבויען די סעקסועלע עטיק אדער די סעקסועלע מאראל, און אויב מען בעטראכט די פאקטען און פערהעלט־ניסען, וועלכע מיר האבען ארויסגערעדט אין די ערשטע דרייצען קא־פיטלען פון דעם בוך אין אט דעמזעלביגען ליכט, איז ניט שווער צו קומען צו א קלארקייט אין דעם דאזיגען ענין.

ניט נעהמענדיג אין בעטראכט זייערע מאטיווען קאנען מיר פון א סאציאל־עטישען שטאנדפונקט דערקלערען א האנדלונג אלס פ א ־ז י ט י ו ו , ד. ה. ניצליך, נ י י ט ר א ל , ד. ה. גלייכגילטיג, און נ ע ג א ט י ו ו , ד. ה. שעדליך. אבער אין א קלענערען קרייז קאן

**אַלטרואיזם און עגאָיזם.** — ריכטיג פערשטאַנען זענען אַלטרואיזם און עגאָיזם קיין אָדער בלויז רעלאַטיווע געגענזאַצען. פּונקט ווי עס וואָלט געווען פאַלש אויפצובויען די סאָציאַלע אָרדנונג אויף אַ ניט בעשרענקטער אַנערקענונג און אויף אַ פרייען שאַלטען און וואַלטען פון אַלע אונזערע עגאָיסטישע אַפּעטיטען, פּונקט אַזוי שלעכט וואָלט עס געווען פון דער אַנדערער זייט, זיי אַנטקעגנצושטעלען אַן איבערגעטריבענעם און אונגאַטירליכען אַסקעטיזם, וועלכער פערבלענדט בלויז די אויגען מיט אַ דורכויס פאַלשען אידעאַל פון אַלטרואיזם. ווען אַ בין אָדער אַ מוראַזשקע גיט אַרויס פון איהר פאָרמאָגען האָניג פאַר איהרע חבר'טעס, איז דאָס פאַר איהר אַ תענוג. אויב זיי זענען זיך מקריב פאַר דעם כלל, בעפרידיגען זיי אַן אַלטרואיסטישען אינסטינקט, אַן אינסטינקט וועלכער איז געוואָרען ביי זיי אַ ליידענשאַפט. קאָן דען אויך ניט דעם מענש דאָס געבען פּונקט אַזוי בעגליקען ווי דאָס נעהמען? ווי וואָלט מען גאָר געקאָנט דענקען פון וועלכער ניט איז פרייער אויפאָפּפערונג, ווי וואָלט מען געקאָנט דערקלערען די מאַרטירער וועלכע ליידען און שטאַרבען פאַר זייער פאָטערלאַנד, פאַר זייער פאַמיליע אָדער פאַר דער וויסענשאַפט, ווען די בעגייסטערונג — אַ געפיהל פון תענוג — וואָלט דעם מענש ניט געטריבען דערצו, אָדער ווען אַן אַנדערער אינווענייגסטער דראַנג צום גוטען וואָלט דערין ניט געפינען זיין בעפרידיגונג? לאָמיר זוכען די מיטלען וועלכע זאָלען אונז העלפען דורך אַ סאָציאַלער צופּאַסונג צו פערעדלען אונזער דערווייל נאָך כמעט רויב־חיה'שען און אַפּאַטישען מענשליכען עגאָיזם. לאָמיר איהם רעדוצירען צו זיין בערעכטיגטער, ד. ה. נויטיגער מאָס, און לאָמיר איהם דורך אַ טעטיגען, אויפאָפּפערונגס־וויליגען אַלטרואיזם און דורך גוטע סאָציאַלע געוואוינהייטען וואָס אַמאָל מעהר און מעהר אַוועקשטעלען אין גלייכגעוויכט, — און מיר וועלען דערמיט צוגרייטען דאָ אויף דער ערד אַ גן־עדן, אמת, *נאָך אַ זעהר רעלאַטיווען גן־עדן*, פאַר דעם לעבען פון אונזערע קינדער, אַ צושטאַנד, וועלכער דאַרף אָהן אַן ערך מעהר פאַרגעצויגען ווערען איידער אונזער היינטיגע אַנאַרכיע, אונזער היינטיגער קאַמף פאַר פערזענליכע אינטערעסען.

די עיקר־זאַך וועלכע פעהלט די מענשליכע אינדיווידוען איז אַ גוטע קוואַליטעט בירושה, אַ קוואַליטעט וועלכע ווערט היינט־צוטאָג

לעבעדיגע ראסען פון דער מענשהייט, מחמת טייל פון די ראסען זענען אין דערזעלבינגער צייט אי אזוי פרוכטבאר און אי פון אזא מינדערווער־טיגער קוואליטעט, אז אין פאל מען זאל זיי לאזען אזוי גוטמוטיג און רוהיג אהן וואסערע ניט איז פארזיכטיגקייט זיך פרוכפערען ארום אונז וואלטען זיי אונז באלד אויסגעראט. דעמאלט וואלט די גרויזאמסטע בארבאריי, וועלכע דרעמאלט אין זייערע אינסטינקטען, צוריק גע־ווינען די אויבערהאנד און וואלט געווארען אלגעמיינער, ווי דאס האט אונז שוין געוויזען א ביישפיל פון דער נעגער־רעפובליק אין האיטי. דעריבער וואלט אן איבערמאס פון מאראלישע געפיהלען, זייענדיג גע־בויט אויף א פאלשען פונדאמענט און איינגעפירט אין לעבען, פראק־טיש שפעטער געפירט צו די טרויריגסטע שאדענס פון דער מאראל. צוליב פולשטענדיגקייט ווילען מיר נאך צולעגען, אז דיזעלביגע האנד־לונג קאן מיר צוערשט ווערה טון און דערנאך הנאה טון, אדער פערקערט, צוערשט הנאה טון און דערנאך ווערה טון, צ. ב. פיינליכע אבער אמת פערדינטע מוסר־רייד, און פערקערט, אן איבערגעכאפטע בעפרידיגונג פון א פרעסערישען אפעטיט.

דער סך הכל פון די דאזיגע פשוט׳ע בעטראכטונגען איז, אז אונ־זערע מאראלישע פליכטען קאנען נאר זיין רעלאַטיוו, און זיי קאנען אונז ניט צובינדען אויף דעמזעלביגען שטייגער אדער אויף דעם זעל־ביגען גראד צו אלע לעבעדיגע בעשעפענישען, און ניט אפילו צו אלע מענשליכע ברואים, אויב מען וויל ניט מקריב זיין דאס העכערע צום נידעריגערען. טעארעטיש וואלט די דיפיניציע פון דער מענשליכער מאראל דעמאלט געווען די ריכטיגע, ד. ה. די וויסענשאפטליכע דע־פיניציע פון דעם סאציאלען וואוילזיין און די פאדערונגען וועלכע עס לעגט ארויף אויף די בעזונדערע יחידים, בעת פראקטיש וועט זי זיין זייער ווייטערדיגע ענטוויקלונג און די ערפאלגרייכע דורכפירונג מיט דער הילף פון אינדיווידועלע און סאציאלע אנשטרענגונגען. דאס דא־זיגע סאציאלע וואוילזיין פאדערט ראשית כל די ערציהונג פון דעם גוטען ווילען און די אלטרואיסטישע געפיהלען פון איטלכען יחיד. אזא ערציהונג האט בלויז א קיום, ניט דורך טעארעטישע פסוקים און דרשות נאר דורך דער האנדלונג, דעם ביישפיל, דורך דעם לעבען גופא.

די העכסטע אויפגאבע פון דער עטישער טאט איז די ארבייט פאר דעם וואוילזיין פון די שפעטערדיגע דורות.

ליגט שטענדיג א טיפער אמת. ווען מיר זאָלען זאָגען: „וועלכע בע־שאַפט אַמאָל דאָס גוטע, ווען זי וויל בעשאַפען דאָס שלעכטע", וועלען מיר האָבען א געטריי בילד ווי ווייניג די גוטע אדער די שלעכטע פאָלגען פון אונזערע האַנדלונגען זענען אין איינקלאַנג מיט דער גוטסקייט אָדער שלעכטסקייט פון אונזערע מאָטיווען. דאָס אומגעקערטע איז אויך אמת, מחמת די כחות וואָס ווילען דאָס גוטע, בעשאַפען, ווי איטליכען איז בעקענט, ניט זעלטען דאָס שלעכטע. מיר מוזען דעריבער זאָרג־פעלטיג אָבזוכען דעם חלוק צווישען די עטישע מאָטיווען פון גוטע אָדער שלעכטע פאָלגען פון א האַנדלונג.

ווען מיר אַנאַליזירען נאָך ווייטער געפינען מיר אפילו, אז די־זעלביגע טאַט קאָן זיין גוט פאַר איינעם און שלעכט פאַר אַן אנדערען. ווען א וואָלף פרעסט א לעמעלע, איז עס גוט פאַר דעם וואָלף אָבער שלעכט פאַר דעם לעמעלע. מיר גופא קאָנען ניט לעבען אָהן ניט צו־צושטערען דאָס לעבען פון אַנדערע — פלאַנצען אָדער חיות. דאָס געלד וואָס מיר פערדינען קומט אַרוים פון די קעשענעס פון אַנדערע אָהן אז יענע זאָלען דערביי אַלעמאַל האָבען גוצען, א. אַז. וו. די מאָראַל איז אויך אַזאַ אופן רעלאַטיוו, און אין איז ערגיץ ניט לאָזט אונז אונזער השגה געפינען עפּעס וואָס איז אבסאָלוט גוט אָדער אבסאָלוט שלעכט. אַלעס צו וואָס מיר מענשען קאָנען דערגרייכען דורך אונזער געגענזיי־טיגען אויסטויש פון אונזער חכמה און פריינדשאַפט איז, זיך געגענ־זייטיג צו פערשאַפען וואָס ווייניגער שלעכט און אדרבה וואָס מעהר גוטס, דאָס הייסט, צו פערקלענערען די מאָס פון אונזערע פיזישע און גייסטיגע יסורים פערבעסערענדיג מיט אַלע אונזערע אַנשטרענגונגען אַזוי וועדליג אונזערע כחות אונזערע געגענזייטיגע לעבענס־בעדינגונגען, און אויף דעם אופן פערגרעסערענדיג די מאָס פון דאָס גוטע בכלל. אָבער אפילו דאָס דאָזיגע איז בלויז מעגליך דעמאָלט, ווען מיר בע־גרעניצען די בעגריפען גוט און שלעכט כמעט אויסשליסליך אויף דער מענשהייט, און בכלל גענומען ווען מיר זענען קאַלט בנוגע די לעבענס־נויטען און דער ענטוויקלונג פון אַנדערע בעשעפענישען; נאָך מעהר, ווען מיר נוצען זיי אויס פאַר אונזער טובה וועגען. ווי מיר האָבען גע־זעהען איז אין דער אמת׳ן אפילו אויסערגעוועהנליך שווער דעם בעגריף פון דעם סאָציאַלען וואוילזיין אויסצוברייטען אויף אַלע היינט־צוטאָ;

און היגיעניע, איז דאס דערפאר, מחמת מען האט אין אויג בלויז די אינדיווידועלע היגיענע און נית די עפענטליכע אדער די סאציאלע היגיענע. אין א ברייטערען זיין פערשטעהט איך אונטער ס א צ י א ־ ל ע ר ה י ג י ע נ ע ניט בלויז די היגיענע פון דער איצטיגער געזעלשאפט און די בעשיצונג פון די שוואכע, נאר אויך, און דער עיקר, די ר א ס ע ן ה י ג י ע נ ע , וועלכע מיינט דאך באמת די בעסער פערשטאנענע סאציאלע היגיענע. אין „ארכיוו פיר ראסען און געזעלשאפטס־ביאלאגיע" האט פלעטץ זיך בעמיהט ענגער און שארפער צוזאמענצופאסען דעם בעגריף פון דער ראסען־היגיענע און איהם אבצושיידען פון דעם בעגריף פון דער סאציאלע היגיענע. פאר ספּעציעל די דאקטישע צוועקען האט ער רעכט. אבער צוליב קורצקייט נעהם איך דא צונויף ביידע בעגריפען איניינעם; לויט מיין מיינונג מוז יעדע גוט פערשטאנענע סאציאלע היגיענע ראשית כל נעהמען אין בעטראכט די געזונדקייט פון דער ראסע.

אבער מיר האבען שוין געזעהען, אז דעם דאקטאר'ס פליכט איז, די סאציאלע היגיענע צו שטעלען העכער איבער דער אינדיווידועלער היגיענע. מיט אנדערע ווערטער הייסט דאס, דאס היגיענישע וואויל־זיין פון דעם יחיד אונטערצואווארפען אונטער דעם היגיענישען וואויל־זיין פון דער געזעלשאפט. אבער צווישען אט דער דאזיגער סאציאלער היגיענע און דער מענשליכער מאראל דארף ניט און קאן ניט זיין קיין אינוועניגסטער ווידערשפּרוך.

איצט לאמיר זעהען וואס מיר דארפען פערשטעהען אונטער מאראל אדער עטיק. בעפרייט אזוי ווייט ווי מעגליך פון אלע היפּאטהעזען איז די עטיק טעארעטיש דאס שטודיום פון דאס, וואס אין די מענשליכע האנדלונגען איז גוט און שלעכט, און פּראקטיש, אלס מאראל, איז עס די פליכט צו טון דאס גוטע און צו פערמיידען דאס שלעכטע. אבער דאס דאזיגע מיינט זעהר ווייניג, מחמת וואס האבען מיר צו פערשטעהען אונטער גוט און שלעכט? ניט נאר בעטראכטען די מענשען פונקט דאס אלעם גוט וואס אנדערע האלטען פאר שלעכט, נאר אויך אין די ווערטער וועלכע געיטהע לעגט אריין אין דעם מויל פון זיין מעפיסטאפעלעס, אז

(„איך בין) א טייל פאן יענער קראפט,

די שטעטס דאס בייזע וויל אונד שטעטס דאס גוטע שאפט".

גאָט זאָל הייסט עס האָבען ענטפלעקט און דער ריין מענשליכער עטיק. נאָך מעהר, איטליכע רעליגיע האָט איהרע פערשידענע געטליכע גע־באָטען.

דער גאָט פון געוויסע מאַלאַיער בעפעהלט זיי צו עסען דאָס האַרץ פון זייערע שונאים; יהוה איז אַ אל נקמות און אַן אויפערזיכטיגער, וועלענדיג אויספּרופען אברהם׳ן האָט ער געפאָדערט זיין זוהן פאַר אַ קרבן, גאַנצע שבטים האָט ער געלאָזט פערטיליגען דורך די וואָפען פון זייגע קנעכט און האָט אפילו די גאַנצע מענשהייט דערטרונקען אין מבול, בעת דער גאָט פון די קריסטען איז מילדער און איז אַ גאָט פון שלום; אַללאַה פערקערט הערשט פאַטאַליסטיש, פאָדערט דאָס מאָר־דען פון די קריסטען און איז קעגען שכרות, בעת קריסטוס פּרעדיגט צו ליבען די שונאים און ערלויבט צו טרינקען וויין (ער מאַכט אפילו וויין פון וואַסער); דער גאָט פון די הינדוער פאָדערט אַז די אלמנה זאָל נאָכגעהען איהר מאַן אין קבר, און אַזויפיל און אַזויפיל געטער האָבען געפאָדערט מענשליכע קרבנות. מען מוז דעריבער צוגע־בען, אַז עס איז קוים־וואָס מעגליך פון דעם סך־הכל פון די פערשידענע רעליגיעזע מאָראַלען צו דערגעהען צו עפּעס וואָס איז לאָגיש און אויס־געהאַלטען. בעזונדערס אין דער סעקסועלער פראַגע שטעהען זיך די־אַזוי־גערופענע געטליכע געבאָטען אין אַ דירעקטען הפוך, צום ביישפּיל, בנוגע צו דער פּאָליגאַמיע און מאָנאָגאַמיע, צו דער פאָדערונג אָדער דעם פערבאָט פון יבום (לעווויראַט) א. אז. וו.

צוליב דער דאָזיגער פשוט׳ער אורזאַך וועלען מיר איבערלאָזען די רעליגיעזע ענטפלעקטע מאָראַל צו די פּריסטערס פון די פערשידענע רעליגיעס און גלויבענס, וועלכע זענען, ווי זיי זאָגען, געקומען דירעקט פון גאָט, און מיר וועלען זיך דאָ בעגרענעצען בלויז אויף דער ריין מענשליכער מאָראַל, וועלכע איז געבויט אויף דעם יסוד פון די נאַטור־און סאָציאַלע וויסענשאַפטען. די דאָזיגע מאָראַל דאַרף זיך אָבער פון איהר זייט ניט שטיצען אויף דאָגמאַטישע פאָרמולעס, פונקט ווי יענע שטיצט זיך אויף רעליגיעזע, נאָר זי מוז זיך ענטוויקלען פון די נאַ־טירליכע לעבענס־נויטען פון די מענשען.

מיר האָבען געזעהען ווי די מאָראַל איז פערקניפּט מיט דעם געזעץ; פונקט אַזוי ענג איז זי פערקניפּט מט דער היגיעניע (מעדיצין). דאָרט וואו עס דאַכט זיך, אַז עס איז פאַראַן אַ ווידערשפּרוך צווישען עטיק

# קאַפּיטעל XV.

## די סעקסועלע מאָראַל.

עס זענען שווער אַנצואווייזען די גרעניצען פון דער מאָראַל און פון דעם געזעץ. ביי דעם אַלטען בעגריף פון דעם געזעץ, און בעזונדערס ביי דער אויפפאַסונג, אַז די געריכטליכע שטראָף איז אַ תשובה פאַר בעגאַנגענע פערברעכענס, איז שיינבאַר געוועזן לייכטער צו בעשטימען די גרעניצען. פונדעסטוועגען האָט גראַד דאָס אַלטע געזעץ, שטיצענדיג זיך אויף רעליגיעזע מעטאַפיזישע דאָגמעס, מיינסטענס פערנומען דאָס עטישע געביט אויף אַזאַ אופן, וואָס עס האָט געשטעמפּעלט אַלס פערברעכענס אַלע איבערטרעטונגען קעגען די הערשענדע רעליגיעזע און מאָראַלישע אַנשוייונגען און פאָרורטיילען, ווי מיר האָבען דאָס שוין געזעהען אין קאַפּיטעל 13; און ווידער פערקערט, דירעקט סאַנקציאָנירט אונמאָראַלישע און אונגערעכטע האַנדלונגען און געזעצען, ווייל זיי האָבען זיך געשטיצט אויף רעליגיעזע כללים און, זיי זענען אפילו פון דער רעליגיע געבאַטען געוואָרען.

איצט פון דער אַנדערער זייט, ווען מיר בעטראַכטען דאָס געזעץ בלויז אַלס אַן אינסטיטוציע צו בעשיצען די געזעלשאַפט און די יחידים קעגען איבערטרעטונגען וואָס ברענגען שאָדענס, איז עס דעמאָלט ענג פערקניפּט מיט דער מאָראַל און איז ניט פון איהר שאַרף אָבגעגרעניצט, ווי עס וויל האָבען אַ גאַנצע דאָגמאַטישע שול; מחמת וואָס דען איז אייגענטליך די עטיק, די אמת׳ע מענשליכע מאָראַל?

מען האָט אויפגעבויט אַ דאָגמאַטישע עטיק, וועלכע בעשטעהט פון אַן אַנצאָל כלומרשט געטליכע געבאָטען. די רעליגיעס האָבען געגעבען זיי אויפגעשטעלט אַ סך אַנדערע געבאָטען בנוגע צו גאָט, און די דאָזיגע געבאָטען זענען טיילוויז טיף אונמענשליך. דעריבער איז מיינסטענס ענטשטאַנען אַ דירעקטער הפּוך צווישען דער עטיק וועלכע

אריינגעפאלען אין די דאזיגע פאסטקעס. אבער אונזערע געזעצען, איך זאל זיך ניט פערזינדיגען קעגען זיי, זענען פערפאסט געווארען מיט אזוי פיל חכמה אז איך קאן אפילו ניט אנרופען די נעמען פון די דאזיגע שווינדלער אהן דערביי ניט צו ריזיקירען צו ווערען אנגע־קלאגט און טאקע אויף פער'משפט. דאס נויטיגסטע איז די אויפ־קלערונג מכח די סעקסועלע פראגען.

בעגעהען זעהר אפט דעם גרויסען טעות, געבענדיג די געשלעכטס־ארגאנען א לאקאלע בעהאנדלונג פאר פאטהאלאגישע צושטאנדען, די אורזאך פון וועלכע ליגט בלויז אין די געהירן־פונקציעס, און וועלכע קאנען דעריבער בלויז אבגעשאפט ווערען דורך א פסיכישער בעהאנד־לונג, בעזונדערס דורך היפנאטישע סוגעסציע אדער פסיך־אנאליז. דאס איז דער פאל צוםביישפיל מיט א גרויסען טייל פון א געשטערטער מענסטרואציע ביי פרויען, מיט פסיכישע אימפאטענץ, צו אפטע פאל־לוציעס, אנאניזם (אויב ער איז ניט פערורזאכט פון פימאזיס אדער ווערים), א. אז. וו. די דאזיגע בעמערקונג אבער זאל בשום אופן ניט רעכטפערטיגען דעם אנטקעגענגעזעצטען טעות, וועלכער בעשטעהט דערין, צו פערנאכלעסיגען די לאקאלע אונטערזוכונג אדער טאקע ניט צו בעהאנדלען א לאקאלע קראנקהייט אין פאל זי איז פאראן.

די סעקסועלע שווינדלעריי. — דער קראנקער מענש פערלירט לייכט דעם קאפ און איז אויף אן עולם התהו. דאס דאזיגע, צוזאמען מיט דעם עראטיזם, ווערט היבשלעך אויסגענוצט פון כל׳ערליי געלד־מענשען, מחמת די נארישקייט איז א קוואל אהן א גרונד. הייגט נאך, אזוי ווי דאס סעקסועלע געביט אי שרעקט און אי קיצעלט, איז עס אודאי א גרויסארטיג אויסבייטונגס־פעלד. עס האט זיך אויף דעם סמך ענטוויקעלט אן אינדוסטריע פון ערלויבטע און ניט ער־לויבטע שווינדלער, וועלכע האלטען אין איין אבשרעקען די אנא־ניסטען, די וואס ליידען פון פערוועריזיעס, די היפאכאנדריקער, א. אז. וו., פערנארען זיי דורך פערשידענע אנאנסען און צאפען פון זיי געלד. אויך ווערען בעגאנגען שרעקליכע סעקסועלע שווינדלען אין דעם געביט פון דעם אזוי־גערופענעם אקולטיזם. אויך ווערען היפנאטיזירטע גע־שלעכטליך מיסברויכט.

מען קאן פשוט ניט איבערגעבען די אלע טונקעלע געשעפטען פון באָרדעלעריי, פון קינדער־אבטרייבונג און פון אויסגעלאסענקייט בכלל, וועלכע שטראמען דא מיט. דער פעטער באדען אויף וועלכען עס צו־בליהט זיך דאס דאזיגע ווילדע גראז זענען די טיפע אונוויסענקייט און דער נארישער אבערגלויבען פון דעם פאלק, און אפילו פון די סאלאן־געבילדעטע, שוין אריינגערעכענט אויף דעם הויכען אדעל. כמעט יעדען טאג וויינען פאר מיר ארימע פאציענטען, וועלכע זענען

דרעמלענדיגער געשלעכטס־טריב אין זיי וועט זיך ענטוויקלען. דורך דער סעקסועלער אויפקלערונג פון מיידלעך געווינט מען אלעמאל דאס, וואס יענע וועלכע פיהלען פשוט אן עקעל פאר דעם געדאנק פון א גע־שלעכטס־פערקער, וועלען אויסמיידען אלע סעקסועלע פערהעלטניסען אזוי באלד זיי וויסען צו וואס דאס פירט, און דאס איז גראד גוט. פונדעסטוועגען איז די פאלגע פון דער סעקסועלער אנעסטהעזיע ביי דער פרוי א סך וועניגער שעדליך איידער ביים מאן, מחמת ביי דער פרוי שטערט זי ניט דעם געשלעכטס־פערקער. מיידלעך וועלכע זענען סעקסועל קאלט, ד. ה. האלב אדער אינגאנצען אנעסטהעטיש, קאנען, אויב נאר ביידע צדדים זענען זיך קלאר מכח דעם, זעהר גוט איינגעהען אויף א הייראט מיט סעקסועל אנעסטהעטישע מענער בלויז נאר צוליב די געפיהלען פון אן אינטימער פריינדשאפט, א הייראט וועלכע איז אויף דעם אופן גארניט אדער כמעט גארניט סעקסועל; זי איז גיכער א גייסטיגע און ווירטשאפטליכע פעראייניגונג פון צוויי מענשען מיט גלייכע געפיהלען און געדאנקען. דאס איז דעמאלט די אמת'ע פלאטא־נישע ליבע, וועלכע ווערט בעשריבען אין דער טעאריע. זי איז דוקא ניט זעהר פיל פערשפרייט, און מען זאל זי אויך ניט פערבייטען מיט די האמא־סעקסועלע נייגונגען. זי האט איהר בערעכטיגטען צוועק, מחמת סעקסועל אנעסטהעטישע מענשען קאנען דאך האבען א בעדערפעניש נאך א גייסטיגער און געמיהטליכער ליבע און נאך אן אייגענער היים.

ליידער זענען די פולשטענדיג סעקסועל אנעסטהעטישע מענשען פונקט אזוי אבסאלוט אונפעהיג צו אורטיילען מכח די סעקסועלע גע־פיהלען, ווי א שטיינער א בלינדער מכח פארבען. זיי קאנען זיך גארניט פארשטעלען די סעקסועלע געפיהלען, זיי זעהען זיי ניט ביי אנדערע מענשען און דעריבער געפינען זיי זיך תמיד אין א נעפאר, מחמת ניט בעגרייפענדיג דעם גאנצען עסק, קאנען זיי חתונה האבען מיט א מענש וועלכער פיהלט יא געשלעכטליך און דערמיט פירען צו די גרעסטע אונגליקען. דער דאקטאר מוז זיין בעקענט מיט די דאזיגע אומשטאנ־דען.

די ספעציעלע בעהאנדלונג פון די קראנקהייטען פון די מענליכע און ווייבליכע געשלעכטס־ארגאנען געהערט ניט צו דעם בוך. אבער בדרך אגב וויל איך דא בעמערקען, אז די ספעציאליסטען־דאקטוירים

געזעצען וועלכע בעשטראָפען די האמאָ־סעקסועלע ליבע און די פּעדע־ראסטיע צווישען דערוואקסענע און ביי אַ געגענזייטיגער איינשטימי־קייט. כל זמן זיי בעלעסטיגען ניט אָדער שאַדען ניט די נאָרמאַלע מענשען, און כל זמן זיי פערפירען ניט קיין מינדעריאַהריגע, זאָל מען אַלע אַזוינע ניט געפערליכע פּערווערזען (סאַדאַמיטען, האָמאָ־סעקסו־אַליסטען, מאַזאָכיסטען, פעטישיסטען, א. אז. וו.) לאָזען צו רוה. אָבער אין פאַל אַזאַ קראַנקער וויל האָבען אַ מעדיצינישע בעהאַנדלונג, מחמת ער שעמט זיך און ווערט נערוועז אויפגערעגט, זאָל מען איהם היפּנאָטיזירען, בעהאַנדלען דורך פּסיך־אַנאַליז, אַבציהען זיינע געדאַנ־קען אויף אַנדערע געגענשטאַנדען און דורך אַ ניצליכער בעשעפטיגונג. די פּסיכישע בעהאַנדלונג קאָן דאָ זעהר אַ סך אויפטון. בלויז אין פאַל ווען מען איז פולשטענדיג זיכער, אַז די פּערווערזיע איז אי אַ ר י י ן דערוואַרבענע און אי לייכט צו היילען (מען מוז אַלעמאַל האָבען אין זין אַ מישונג פון אַ גע'ירש'ענטער דיספּאָזיציע מיט צו־פעליגע אורזאַכען), קאָן מען ערלויבען די הייראַט, און אפילו צו האָבען קינדער, אָבער ערשט נאָך דער פולשטענדיגער אויסהיילונג. אויך רעדֿ דאָ ניט וועגען די אויבען דערמאַנטע אונפּרוכטבאַרע הייראַטען צווי־שען פּערווערזען אָדער פּסיכאָפּאַטען, וועלכע דער דאָקטאָר קאָן אַלע־מאָל ערלויבען, אויב ביידע צדדים ווייסען גענוי וואָס זיי טוען.

צו אָפטע פּאָלוציעס, אָנאַניזם, סעקסועלע היפּערעסטהעזיע און פּסיכישע אימפּאָטענץ קאָן אויך ערפאָלגרייך בעהאַנדעלט ווערען מיט היפּנאָטיזם. אין אַזוינע פאַלען, אויב נאָר דער געשלעכטס־טריב איז נאָרמאַל, קאָן מען ערלויבען די הייראַט, און אפילו ביי אַ פּסיכישער אימפּאָטענץ דאַרף מען ניט אַלעמאַל פערזאָגען דאָס חתונה האָבען. איטליכען פאַל מוז מען שאַצען בעזונדער וועדליג זיינע אומשטאַנדען.

ביי אַ סעקסועלער אַנעסטהעזיע איז די הייראַט אַ שטות, זייענדיג דער פּועל־יוצא פון אַ שווערען טעות. אפילו ווען דער מאַן איז טייל־וויוז אַנעסטהעטיש, איז די הייראַט אַ מעשה שלא היה. דאָס געזאָגטע איז, פערשטעהט זיך, בלויז נוגע דעם מאַן, מחמת די מיינסטע מיידלעך זענען פאַר דער חתונה סעקסועל אַנעסטהעטיש אין דעם זין, וואָס זיי ווייסען ניט פון דעם אָרגאַזמוס ווענעריקוס כל זמן זיי זענען געשלעכט־ליך אונשולדיג; זיי קאָנען שווערליך גענוי ווייסען ווי שטאַרק דער

סולטירען זעלטען א דאקטאר: זיי פיהלען זיך נארמאל און ניט קראנק, ווי מיר האבען דאס שוין געזאגט.

יענע מענשען וועלכע קומען צום דאקטאר זענען כמעט אלעמאל פאטהאלאגיש און זיי געהערען אינגאנצען אדער טיילווייז צו דעם געביט פון די בירושה מיטגעבוירענע אדער אוטא־סוגעסטיווע פער־ווערזיעס. פאר די ערשטע מוז מען זיך דעריבער בכלל היטען ניט צו רעקאמענדירען די הייראט. דורך היפנאטיזם איז פאן שרענקרנאט־צינג'ן געלונגען (מיר אויך איינמאל) אין מענליכע האמא־סעקסואליס־טען צוריקצוברענגען א סעקסועלען בעגער צו פרויען. בעת אבער, נאכדעם ווי דער ערפאלג האט אנגעהאלטען א שטיקעל צייט, האט פאן שרענק יא ריזיקירט און האט רעקאמענדירט צו הייראטען, האב איך דאס דאזיגע ניט געקאנט ביי זיך פועל'ען, מחמת איך האב ניט געהאט קיין גענוגענדיגע גאראנטיע פאר דער דויערהאפטיגקייט פון דעם ער־פאלג ביי א פערווערזיע וועלכע איז אזוי טיף בירושה איינגעווארצעלט אין דער קאנסטיטוציע. ביי אזוינע מענשען האב איך געזוכט ווי ווייט מעגליך אבצושוואכען זייער געשלעכטס־טריב און אויך זיי צו ווירקען זיך צו בעגעניגענען מיט ספאנטאנע ביינאכטיגע פאלוציעס. דעם האמא־סעקסואליסט האב איך שטענדיג שטארק אבגעראטען פון חתונה האבען; איך האב איהם דערקלערט אז חתונה האבען וועט זיין א פערברעכען פון זיין זייט, אז ער זאל ליבער אין א נויטפאל אנאנירען אדער אין פאל ער וויל האבען א געשלעכטס־פערקער מיט פרויען זאל ער פערקניפען ווילדע פערהעלטניסען, פון וואס וועניגס־טענס עס וועלען ניט קומען קיין קינדער, ווייל פאר קינדער־האבען מוז ער זיך אלעמאל היטען ווי פאר א פייער.

ליידער שטערען אונז נאך אונזערע היינטיגע געזעצען און מנהגים פשוט די האמא־סעקסואליסטען צו רעקאמענדירען זיך צו „פערהייראַ־טען" מיט זייערס גלייכען, וואס זיי וואלטען אזוי ליידענשאפטליך געטון. ווי מיר האבען שוין געזאגט, וואלט דאס געווען זעהר אונשעד־ליך פון א סאציאלען שטאנדפונקט. די דאזיגע ארימע ברואים וואל־טען געווען בעפרידיגט, און די נארמאלע מענשען וואלטען געווען בעשיצט קעגען זיי.

דעריבער, ווי איך האב שוין געזאגט אין קאפיטעל 13, שליס איך מיך אן צו יענע דאקטוירים וועלכע פאדערען די אבשאפונג פון אלע

אדער אניט קומען זיי פון אוטא־סוגעסציעס, פון קרענקליכע וואונדען אדער פון שלעכטע געוואוינהייטען. אין די דאזיגע לעצטע פאלען איז אייגענטליך פאראן נאר איין מיטעל, א מיטעל וועלכעס זאל, אדער דורך דעם קריגען פון גוטע געוואוינהייטען, אדער דורך דעם ארויסקלעמען פון די אלטע וואונדען, דירעקט אנטקעגענווירקען דעם איבעל, און דאס דאזיגע מיטעל איז די פסיכאטהעראפיע, סיי פשוט די היפנאטישע סוגעסציע, סיי אין פערבינדונג מיט דעם פסיך־אנאליז. אנדערע מיטלען, צום ביישפיל, דאס אבציהען די געדאנקען דורך שווערע קערפער־ליכע ארבייט, דורך מאסאזשען, עלעקטריזיטעט, א. אז. וו., האבען בלויז אן אינדירעקטע סוגעסטיווע ווירקונג. ביי די פערווערזיעס, וועלכע מען האט דערווארבען דורך געוואוינהייט אדער אוטא־סוגעסציע, בע־זונדערס ביי דעם אנאניזם, זאל מען שטענדיג אנווענדען די היפנא־טישע סוגעסציע.ביים אנאניזם, כל זמן עס איז פאראן דער נארמא־לער טריב צום אנדערען געשלעכט, און ווען נאר די נויט, דאס ניט האבען די געלעגענהייט אויף א נארמאלען אופן צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס־פערקער, האט געפירט צו דער דאזיגער שלעכטער געוואוינ־הייט, קאן די הייראט אדער א נארמאלער געשלעכטס־פערקער פול־שטענדיג אויסהיילען דעם פעהלער.

אבער מען מוז זיין זעהר פארזיכטיג און ניט צו גרינג און פשוט אננעהמען דאס פאראנזיין פון צוגעוואוינטע אדער אוטא־סוגעסטיווע דערווארבענע פערווערזיעס. א חוץ דעם זעהר געוועהנליכען נאט־אנאניזם און די פעדעראסטיע, וועלכע זענען אייגענטליך ניט קיין פערווערזיעס, נאר נויט־מיטלען, זענען די אמת׳ע דערווארבענע פער־ווערזיעס בשום אופן אזוי ניט פערשפרייט ווי מען שטעלט זיך פאר. קודם כל זענען די מענשען, וועלכע אנאנירען, פעדעראסטירען, א. דגל. אלס א נויט־מיטעל, גאנץ קלאר ביי זיך אז עס איז נאר א נויט־מיטעל. אז זיי זענען נארמאל און אז זיי וואלטען אמליבסטען געוואלט האבען א נארמאלען געשלעכטס־פערקער ווען זיי וואלטען נאר געהאט דערצו די מיטלען אדער די געלעגענהייט, בקצור, ווען דרויסענדיגע אומשטענ־דען וואלטען זיי ניט געשטאנען אין וועג; אדער אניט זענען עס בע־וואוסטזיניגע בעלי־תאוות, וועלכע בעגעהען זייערע אוננאטירליכע עקסצעסען צוליב אבוועקסלונג אדער מיט דער אויסרעכענונג צו פער־היטען שוואנגערשאפט אדער אנשטעקונג. אבער אזוינע מענשען קאנ־

טען זיין אנאנימיטעט. דאס שפיטאל־געלד קאנען דאך די קראנקע אריינשיקען פארויס און אין געוויסע פאלען קאנען זיי אפילו טראגען מאסקען, כדי מען זאל זיי ניט דערקענען. קיין שום זאך שטעהט ניט אזוי פיל אין וועג זיך צו לאזען בעהאנדלען, בעזונדערס ביי ווענעריש אנגעשטעקטע פרויען, ווי די מורא צו ווערען דערקענט. בעת ביי חוצפה'דיגע און אונפערשעמטע יונגאטשעס איז דאס א גארניט און בעת די עפענטליך געבראנדמארקטע הורען פון דער שטאאט־פראסטיטוציע האבען העכסטענס פיינד די בעהאנדלונג, מחמת דאס שטערט זיי זייער פערדינסט, זענען עס גראד די אנשטענדיגערע עלעמענטען, בעזונדערס פרויען, וועלכע ווייכען אויס די בעהאנדלונג צוליב בושה און צוליב זייער נאמען ווען זיי טרעפט דאס אונגליק צו ווערען אנגעשטעקט. שרעקליך איז פאר זיי זיך צו מוזען ארויסגעבען און נאך שרעקליכער איז פאר זיי אריינצופאלען אין דער שמוציגער געזעלשאפט פון די באָרדעל־הורען אין די געווענליכע ווענערישע אבטיילונגען פון די שפיטעלער. די דאזיגע געפיהלען פון כבוד זאלען געשוינט ווערען. איך זעה ניט דעריבער קיין שום אנדערען וועג ווי די איינפירונג פון אן אבגעזונדערטער, אנשטענדיגער און אנאנימער שפיטאל־בעהאנדלונג, אויך פאר ארימע מענשען, אין אלע גרעסערע שטעדט. אויף אזא אופן וועט די הומאניטארע ארבייט פון פערקלענערען די צאל אינפעקציעס ניט בלויז זיין א טובה פאר די קראנקע, נאר אויך פאר דעם גאנצען פאלק.

געוויס, עס בלייבט נאך איבער די בעהאנדלונג ביי א פריוואט דאקטאר. אבער ביי א פריוואט דאקטאר קאן די בעהאנדלונג ניט אזוי לייכט בלייבען בסוד און א חוץ דעם איז זי צו טייער פאר ארימע מענשען. כמעט אלע קראנקען־קאסען (פאנדען) זאגען זיך דא אב צו העלפען. לטובת הכלל איז דעריבער נאך מעהר נויטיג צו בעשאפען אזוינע שפיטעלער, וועלכע זאלטען געברענגט א סך מעהר נוצען פאר דער סאציאלער ריינליכקייט איידער די ניט געראטענע רעגולאציע פון דער פראסטיטוציע. מכח וועלכע מיר האבען פריהער גערעדט.

פונקט אזוי וויכטיג איז די בעהאנדלונג פון סעקסועלע פערווערזיעס. בנוגע צו איהר זענען פאראן וויכטיגע אלגעמיינע כללים וועלכע איך וואלט דא געוואלט אנגעבען. אין אלגעמיין זענען די סעקסועלע פערווערזיעס א פעולה פון א גע'ירש'ענטער דיספאזיציע פון געהירן.

1. איז אנהויב פון סיפילים ברענגט דער קוועקזילבער זעהר גוטע רעזולטאטען; אבער נאכדעם ווי די קראנקהייט דויערט א לענגערע צייט איז עס מעהר ניט ניצליך און שאדט נאר. ביי דער בעהאנדלונג פון דער אזוי גערופענער מעטא־סיפילים (פאראליזיס און צערונג) איז דאס קוועקזילבער אלעמאל שעדליך, פערערגערענדיג.

2. די שיינבארע אויסהיילונג פון א פרישער סיפילים, סיי מיט אדער סיי אהן קוועקזילבער, שיצט ניט אויף קיין שום אופן קעגען א שפעטערדיגען אויסברוך פון דער אזוי־גערופענער מעטא־סיפילים (אפילו ניט נאך 20 יאהרען אדער מעהר).

3. עס זענען אמת פאראן פריהצייטיגערע פארמען פון אן אייגענטליכער געהירן־סיפילים (סיפיליטישע געשווירען און קראנקהייטען פון די געפעסען). אבער אויך די עכטע פאראליזיס און די עכטע רוקענמארך־צערונג זענען אויסשליסליך די פעולה פון א פריהערדיגער סיפילים (מעטא־סיפילים). עס זענען אויך פאראן א פ ס ע ו ו ד א - פ א ר א ל י ז י ס און א פ ס ע ו ו ד א - ט א ב ע ס, פארמען וועלכע האבען ניט קיין סיפיליטישען אורשפרונג. אבער דאס זענען אנדערע, א סך זעלטענערע קראנקהייטען און מען קאן זיי מיקראסקאפיש אונטערשיידען פון דער מעטא־סיפילים.

4. ביי אן אונשולדיגער בתולה (וועלכע איז ניט צופעליג געווארען סיפיליטיש אנגעשטעקט אויף אן אנדערען וועג) און ביי קינדער, וועלכע האבען ניט געליטען פון אן מיטגעבוירענער סיפילים קומען בכלל ניט פאר געהירן־פאראלזיים און רוקענמארך־צערונג.

דא קאנען מיר זיך ניט אבשטעלען אויף אלע איינצעלקייטען פון דער אייגענטליכער בעהאנדלונג, מחמת עס האנדעלט זיך מכח א ריין מעדיצינישען ענין. מיר ווילען בלויז בערירען עטליכע אלגעמיינע פונקטען. די ווענערישע קראנקהייטען ווערען אפטמאל בעזונדערס דערפאר שלעכט בעהאנדעלט, מחמת די קראנקע, ווי מיר האבען געזעהען איז קאפיטעל 10, שעמען זיך צו לאזען בעהאנדלען. מיין מיינונג איז אז מען זאל ביי דער בעהאנדלונג פון די דאזיגע קראנקהייטען מיט אלערליי מיטלען זוכען צו שווינען די געהיימניסען און די געפיהלען פון בושה פון די קראנקע. עס זאלען זיין ספעציעלע שפיטעלער פאר איטליכען געשלעכט בעזונדער, מיט אבגעשיידטע אבטיילונגען, אזוי אז דער קראנקער זאל זיך דארטען קאנען בעהאנדלען און דערביי קאנען אבהי־

מענער קאנען די דאזיגע איינשפריצונגען ווערען געפערליך צוליב דער אפטקייט.) אין דער פארהויט ביי די מענער האלט זיך שמוץ. די וואס זענען גע'מל'ט ווערען א סך ווייניגער ווענעריש אנגעשטעקט איידער די וואס זענען ניט גע'מל'ט. דער אורין־קאנאל ווערט אויס־געשווענקט ווען מען לאזט דעם אורין נאך דעם געשלעכטס־פערקער.

כדי זיך צו פערהיטען פון ווענערישע אינפעקציעס זענען קויטשוק־קאנדאמען זיכערער, ווייל זיי זענען לייכטער צו וואשען און זענען פול־שטענדיג גערייכט. אבער מען קאן אויך געברויכען די קאנדאמען וואס זענען געמאכט פון א הייטעל פון חיות, אויב מען טונקט זיי איין אין א סובלימאט־לייזונג, און מען נוצט זיי בלויז איין מאל. ווייטער איז אהן א שעור וויכטיג, אז אלע מענשען זאלען שוין אין זייער יוגענד ווערען אויפגעקלערט מכח דער געפאר און מכח דער פערהיטונג פון די ווענערישע קראנקהייטען.

מכח דער בעהאנדלונג און דער ענטוויקלונג פון סיפילים איז פאראן א געוואלדיגע פערשידענקייט פון מיינונגען. בעת דער קוועק־זילבער ווערט פון די מיינסטע דאקטוירים ביז איצט נאך אויפגעהויבען ביז צום הימעל און מען ווידמעט פאר איהם די גוזמא'דיגסטע לויב־לידער, ווערט עס פון אנדערע פערדאמט און אפילו דירעקט בעשולדיגט אלס די אורזאך פון רוקענמארך־צערונג און פאראליזים. שטארק אויפ־פאלענדיג איז, וואס ביי די ציוויליזירטע פעלקער בושעווען שרעקליך די לעצטע קראנקהייטען צווישען אלטע סיפיליטיקער, בעת צ. ב. ביי אראבער איז דאס ניט אזוי, און זיי ליידען דערפאר מעהר פון סיפילים אין די ביינער און אויף דער הויט. איז אין דעם שולדיג אונזער שכרות, אונזער שטארקע געהירן־ארבייט, אדער איז אין דעם שולדיג די קוועק־זילבער־בעהאנדלונג? איך גלויב, אז ביי אונז ווירקט מיט דער אלקא־האל, און וואס איז שייך די אראבער איז סיפילים צו זיי ערשט ניט לאנג פערשלעפט געווארען. אין דער לעצטער צייט האט מען געהאט א גאנץ גוטען ערפאלג אהן דער בעהאנדלונג מיט קוועקזילבער, און די געגנערס פון קוועקזילבער טענה'ען, אז דער כאראקטער פון סיפילים האט זיך ביי אונז ביסלעכווייז געענדערט אין משך פון די יאהרען.

אנטקעגען אלע דאגמאטישע בעהויפטונגען פון די געגנערס פון דער בעהאנדלונג מיט קוועקזילבער, שטעהט, וואס איז שייך צו מיר, אויף דעם יסוד פון מיין לאנגיאהריגער ערפארונג דאס פאלגענדע:

סאציאלע אינטערעסען, און ניט אונטער אלע אומשטאנדען אלעמאל פערלאנגען דאס צושטאנדקומען פון א קינד, אפילו גוען מען איז זיכער אז עס וועט זיין אן אונגליקליכער קריפעל, בלויז נאר דערפאר אליין, ווייל דער צושטאנד פון דער מוטער איז ניט קעגען דעם. בקצור, מען זאל ניט בלויז אליין און נאר אליין נעהמען אין בעטראכט די אינטערעסען פון דער מוטער'ס געזונד־צושטאנד, ווי עס ווערט געטון ביז איצט, נאר מען זאל אויך נעהמען אין בעטראכט די אינטערעסען פון דעם עמבריא. צוגעגעבען אז געבוירענע קריפלען דארף מען אויפהאלטען ביים לעבען; מען זאל אבער לכל הפחות ווי ווייט מעגליך פערהיטען אז קריפלען זאלען בכלל ניט געבוירען ווערען. מען וועט מיר אהן ספק ענטפערען, אז די קוואליטעט פון א קינד איז א סך גרינגער צו דערקענען נאך זיין איידער פאר זיין געבוירען־ווערען. דאס גיבען מיר צו. אבער כל זמן די געזעצען בעשיצען דאס לעבען אפילו פון די אונגליקליכסטע פערזעהענישען, מוזען מיר זיך העלפען ווי אזוי מיר קאנען.

**די בעהאנדלונג פון געשלעכטס-קראנקהייטען. —** אין קאפיטעל 8 האבען מיר געזאגט, אז די פערהיטונג פון די ווענערישע אנשטעקונגען איז זייער איינציגע פולשטענדיג צופערלעסיגע בעהאנדלונג. אבער ווי אזוי פערהיט מען זיי? ערשטענס דורך דעם וואס מען מיידט אוים די פראסטיטוציע, צווייטענס דורך ניט טרינקען קיין אלקאהאל, דריטענס דורך א שטרענגער רייינליכקייט ביים געשלעכטס-פערקער און באלד דערנאך (וואשונגען), פיערטענס דורך א פריהערדיגער מעדיציניש ער אונטערזוכונג פון דעם צווייטען צד, פינפטענס דורך בענוצען קאנדאמען (דער מאן), זעקסטענס דורך אויסמיידען ניט צו קושען דאס מויל ביי צווייפעלהאפטע מענשען, זיבעטענס דורך אויסברענען יעדע פערדעכטיגע שטעלע (א קראץ א פרישטשעל, א.אז. וו.). א מאן, ביי וועמען די פארהויט (ערלה) איז ניט גענוג ברייט אפען, זאל ער זי לאזען ברייטער מאכען דורך א אפעראציע (פימאזיס־אפעראציע). פרויען אויב זיי האבען מורא פאר אן אנשטעקונג, זאלען פאר און נאך דעם געשלעכטס־פערקער מאכען לעבליך־ווארימע איינשפריצונגען מיט 1 פרא טויזענד סובלימאט־לייזונג. (פאר גאסענפרויען, וועלכע האבען יעדען טאג א געשלעכטס־פערקער מיט א סך

שטאַנדען אָדער אונטער אַזוינע און אַזוינע בעדינגונגען קאָנט איהר אפשר יאָ הייראַטען, אָבער אונטער קיין שום תרוץ טאָרט איהר ניט בעהאַל־טען דעם אמת פאַר אייער כלה (אָדער חתן). עס איז דאָך סוף כל סוף פאַר אייערע אייגענער טובה וועגען, מחמת אַ הייראַט וועלכע האַלט זיך אויף אַ ליגען, קאָן קיינמאָל ניט זיין גליקליך. ערלויבט מיר זיך דורכצורעדען מכח דער זאַך מיט אייער כלה (אָדער חתן). מיר וועלען שפּעטער זעהען וואָס דאָס בעסטע איז צו טון." געוועהנליך ווערט דאָס ערלויבט און דער דאָקטאָר קאָן אויף דעם אופן טון אַ סך גוטס און פערהיטען געוויסע אונגליקען.

מען קאָן דאָ ניט אויפשטעלען קיין אַלגעמיינע כללים. ווענדליג דעם גראַד פון דער בירושה'דיגער שוואַכקייט אָדער דעם כאַראַקטער פון דעם פעהלער זאָל די הייראַט אָהן קינדער. און טיילמאָל אפילו מיט קינדער, יאָ אָדער ניט צוגעלאָזט ווערען. אין אַזוינע פאַלען איז זעלטען נויטיג אַ דראָהונג; דאָס וואָרענען און סטראַשען איז אָבער אַלעמאָל נויטיג ביי עגאָיסטישע און שלעכטע מענשען.

אַ סך מאָל האָב איך געהאַט די פרייד וואָס חתן־כלה זענען צו מיר געקומען, מיר אָפענהאַרציג איבערגעגעבען אַלע זייערע אינטימע פערהעלטניסען און שפּעטער מיך געבעטען זיי צו ראַטען אויב זיי זאָלען חתונה האָבען אונטער אַזוינע אומשטאַנדען. אָט דאָס איז דער וועג אויף וועלכען מען זאָל געהען, אויב די מענשען וואָלטען געווען ערליך בנוגע צו די געשלעכטס־פראַגען און וואָלטען בעסער פערשטאַנען זייערע אייגענע אינטערעסען. אויף דעם אופן ווערט אויך דעם דאָקטאָר גע־מאַכט גרינגער צו געבען אַ שכל'דיגע עצה. עס ווילט זיך האָפען, אַז די כסדר וואַקסענדיגע אויפקלערונג פון די פאָלקסמאַסען מכח דעם דאָזיגען גאַנצען ענין, וועט אַלעמאָל מעהר און מעהר מאַכען לייכטער צו קומען צו אַ גערעכטען סך הכל אפילו אָהן די הילף פון אַ דאָקטאָר.

פריהער האָבען מיר שוין גערעדט פון אַן אַנדערער פראַגע וועלכע ווערט זעהר אָפט געשטעלט דעם דאָקטאָר, די פראַגע פון דעם קינסטליכען מפּל'ען. איך וועל דאָ ניט איבער'חזר'ען דאָס וואָס איך האָב שוין געזאָגט מכח דעם ענין; איך וויין בלויז אַן אויף קאַפּיטעל 13 (3 שטראָף־געזעצע). אין איטליכען פאַל וועט דער דאָקטאָר מוזען געוויסענהאַפט אָבוועגען אַלע אומשטאַנדען. איך בעטאָן דאָ נאָך אַמאָל, אַז ער זאָל דאָ אויך נעהמען אין בעטראַכט די

רענט, אבער טראצדעם האט זי מיט איהם געהייראט. לכל הפחות האב איך געטון מיין פליכט.

לויט מיין מיינונג האבען מיר דיזעלביגע פליכט אין אלע פאלען וואו מענשען האבען כראנישע טריפּערס, אין אלע פאלען פון משוגעת, קאנסטיטוציאנעלע געשלעכטליכע פערווערזיעס, א. אז. וו.

פריהער, ווען מען האט דעם האמא־סעקסואליזם געהאלטען פאר א דערווארבענע אויסגעלאסענקייט, האט מען איהם געפּרופט קורירען דורך חתונה האבען. נאך היינט־צוטאג קומען פאר די דאזיגע סאציאל שרעקליכע האנדלונגען, און זיי ווערען נאך אפילו רעקאמענדירט פון דאקטוירים עמרצים. געוויסע האמא־סעקסואליסטען זענען אפילו אזוי ראפינירט, אז זיי ווילען האבען קינדער קליינע האמא־סעקסואליסטען. אזוי ווי אבער, פערשטעהט זיך, פון א סעקסועלען פערקער מיט זייערע געליבטע מענער קאנען זיי ניט קומען צו דעם דאזיגען נחת, האבען זיי חתונה כדי מיט מיה, נויט און עקעל צו האבען עטליכע קינדער מיט דער אונגליקליכער פרוי, וועלכע ווערט זייער קרבן, דערביי זיך ניט אבהאלטענדיג און נאכגעבענדיג זייערע אבנארמאלע ליידענשאפטען צו מענער. זיין פרוי איז ביי זיי א הויז־פרוי אדער א דינסט, וועלכע האט זיך א זייטיגע בעשעפטיגונג — צו ברענגען עטליכע קינדערלעך אויף דער וועלט. ניין, קיין דאקטאר מיט א געפיהל פון זעלבסט־רעס־פעקט דארף זיך לאזען מאכען פאר א מיטשולדיגען אין אזא הייראט. אויך דא איז זיין חוב דעם האמא־סעקסואליסט צו ווארענען, אז ער וועט לאזען וויסען זיין כלה, אויב מען זעהט אז ער וויל באמת בעגעהען דאס פערברעכען.

ווייטער קאן דער דאקטאר קאנסולטירט ווערען פון א מענש, וועל־כער פערטרויט איהם געוויסע פעהלערס אדער קראנקהייטען, טיילמאל ניט מעהר ווי א שוואכקייט וועלכע ער האט בירושה, און מען פרעגט איהם אויב עס איז ראטזאם טראצדעם צו הייראטען. עס זענען פאראן פאלען וואו מען איז אין ספק און וואו די גאנצע זאך ווענדט זיך אין דעם וואס דער צווייטער צד רענקט, אויב ער בעשטעהט דורכוים אויף דעם צו האבען קינדער און אויב אפשר אויך דער צווייטער צד ליידט פון ענליכע בירושה'דיגע שוואכקייטען אדער פעהלערס. אין אזא פאל האט דער דאקטאר די פליכט קודם כל צו פערלאנגען די פולסטע אפענהארציגקייט און צו זאגען: „גוט; אונטער די און יענע אומ־

אדער מוז ער שווייגען און לאזען געשעהען אז אונגליק צוליב יראת הכבוד פאר דעם מעדיצינישען סוד? האט ער אפשר ניט א גרעסערע פליכט צו זאגען דעם קראנקען: „היט זיך און געדענקט, אז אויב איהר וועט מיך ניט פאלגען, וועל איך אייער כלה אדער איהרע עלטערן באלד לאזען וויסען וועגען אייער צושטאנד"? איך דענק אז דאס א י ז זיין פליכט. אבער דער דאקטאר דארף זיך דא ניט בעגעהען מיט דעם קראנקען ווי מיט אן אונפעראנטווארטליכען פאציענט און אלעס טון הינטער זיינע פלייצעס. ער מוז איהם, לויט מיין מיינונג, דירעקט און אפען ווארענען און צו איהם טענה'נען אונגעפער אזוי:

"איהר האט זיך פאר מיר פערטרויט. אבער אלס א דאקטאר האב איך די פליכט נאר אזוי לאנג צו שווייגען וועגען אייער צושטאנד, כל זמן איהר זענט ניט געפערליך פאר אנדערע מענשען. אין פאל אבער איהר זאלט טראץ אלע מיינע רייד און ווארנונגען זיך דאך צו־גרייטען און וועלען הייראטען אין אייער איצטיגען צושטאנד, און אזוי ארום מאום אבנארען אז אונגליקליך יונג מיידעל און איהר פאמיליע און צוברעכען איהר געזונד, גלויבענדיג אז די פליכט פון דעם מעדיצי־נישען סוד בינד מיין צונג, זאג איך אייך, אז איך האב א העכערע פליכט איידער די פליכט פון א דאקטאר צו זיין פאציענט — מיין סאציאלע פליכט, און די דאזיגע פליכט וועל איך ערפילען. געדענקט! איך וועל היטען אלע אייערע שריט און וועל ניט דערלאזען, אז אן אונשול־דיגער מענש זאל ווערען א קרבן פון אייער פערברעכערישער ניט־בע־רעכענטקייט".

אט אזוי און ניט אנדערש פערשטעה איך די פליכט פון א גע־וויסענהאפטען דאקטאר, וועלכער ווייסט ווי אזוי אויפצוהאלטען דעם כבוד פון זיין פראפעסיע. אן ענליכען פאל האב איך געהאט מיט א דורך און דורך שווינדזיכטיג בחור'ל, וועלכעס האט מיט געוואלט זיך געריסען צו ווערען א חתן. פער'עקשנ'ט און חוצפה'דיג האט ער זיך מיר געשטעלט אנטקעגען בעת איך האב איהם דערקלערט, אז ער וועט בענעהען א פערברעכען קעגען דער מיידעל. דערויף האב איך איהם געזאגט קאלט און זיכער, אז איך וועל דעם מיידעל אלעס לאזען וויסען: איך האב דאס טאקע באלד געטון, און ער האט מיט דעם מיידעל ניט חתונה געהאט. עס איז איהם שפעטער געלונגען צו געווינען דאס הארץ פון אן אנדער מיידעל, און דאס מיידעל האב איך אויך געווא־

קען און אין דערזעלביגער צייט א סך בעסער בעשיצען די געזעלשאפט איידער דאס טוט אונזער שטראף־יוסטיץ.

ביי ערענסטערע פאלען, דעמאלט ווען דער דאקטאר איבערצייגט זיך, אז דער קראנקער קאן זיך ניט קאנטראלירען און ניט ער וויל זיך קאנטראלירען, אדער אז ער האט שוין אפשר אויך בעגאנגען פערברע־כענס, זאל ער אמבעסטען טון אזוי: ער זאל זאגען דעם קראנקען, אז ער קאן אויף זיך ניט נעהמען די פעראנטווארטליכקייט פון אזא ערענסטען צושטאנד, און ער זאל פון איהם פאדערען זיך באלד צו לאזען אריינגעבען אין אן אנשטאלט, אניט וועט ער זיין געצוואונגען איהם איבערצוגעבען צו דער פאליציי. ער מוז איהם געבען צו פער־שטעהען, אז ער איז א געפאר פאר דער געזעלשאפט און אז ער געהט אריבער די גרעניץ פון דאס וואס איז ערלויבט. אבער אין פאל ער וועט זיך אליין איבערגעבען און איינגעהען אויף א ראציאנאלער בע־האנדלונג און אויף א פערזיכערונג קעגען זיך, וועט ער (דער דאקטאר) שוין זארגען דערפאר, אז די זאך זאל ניט קומען אין געריכט. ווערליג די פאלען קאן מען זיין מעהר שטרענג אדער וועניגער שטרענג. קיינ־מאל אבער, ווי איך האב שוין געזאגט, דארף די פליכט אבצוהיטען דעם מעדיצינישען סוד ניט געהען אזו ווייט, אז דער דאקטאר זאל דורך דעם ווערען א מיטשולדיגער פון געפערליכע פערברעכערס. אין אזוינע פאלען איז דאס משוגעים־הויז דאס איינציגע עיר־מקלט פאר די קראנקע און דאס בעסטע הילפס־מיטעל פאר דעם דאקטאר, פונקט ווי דאס פאקען־הויז אדער כאלערא־לאזארעט איז פאר פאקען־ און כאלערא־קראנקע.

פאר מיין ערשטען ביישפיל האב איך גראד אויסגעקליבען איינע פון די ערגסטע קאטעגאריעס קראנקע, ביי וועלכע מען קאן זיך אלעמאל רעכענען מיט דער ווארשיינליכקייט, אז זיי זענען אדער אז זיי קאנען ווערען געפערליך פאר דער געזעלשאפט. אבער עס קומען נאך פאר אנדערע פאלען, אזוינע צ. ב. וועלכע זענען דראמאטיזירט געווארען אין בריעו'ס "Les Avaries" (די בעשעדיגטע). א סיפיליטיקער וויל הייראטען איידער ער איז נאך אויסגעהיילט, און ער ראט זיך ווענען דעם מיט זיין דאקטאר. איז די פליכט פון דעם דאקטאר אין דעם דאזיגען פאל ניט מעהר ווי בלויז דעם קראנקען אבצוראטען דערפון? און ווען דער קראנקער וויל איהם ניט פאלגען, דארף ער

אַז ענגאַיסטישע און געוויסענלאָזע בריאה, וועלכע קאָנסולטירט דעם דאָקטאָר בלויז בכדי זיך ארויסצודרעהען פון אַ מאָמענטאַנער שווערער לאַגע און וועלכער זיין פערוועזער טריב האָט איהם אריינגעשלעפּט, און וועלכער גיט נאָך זיין קרענקליכען אַפּעטיט אָהן אַ ברעקעל חרטה און איז אַ סכנה פאַר דער געזעלשאַפט. די לעצטע פאַלען זענען לײדער די אָפטסטע און דעם דאָקטאָר זוכט מען געוועהנליך צו מיסברויכען פאַר זייערע אייגענע צוועקען. אויב דער דאָקטאָר וועט צוליב בעקוועמליכקייט אויך אין אַזוינע פאַלען זיך איינרעדען, אַז ער מוז היטען דעם מעדיצינישען סוד, אָדער אין פאַל ער איז אפילו ערליך אבערצייגט אַז דער דאָזיגער פליכט זיינער, ווערט ער דעמאָלט אַ מיטשולדיגער פון דעם פערברעכער.

נאַטירליך צווישען דעם ערליכען, גוטען און דעם דורך געוויסענלאָזען קראַנקען זענען פאַראַן צווישען-שטאַפלען. הייגט, וואָס זאָל טון דער דאָקטאָר? ער זאָל צוערשט מאַכען אַ גענויע אונטערזוכונג און מיט זיין אורטייל אַבוואַרטען ביז ער וועט זיין פולשטענדיג זיכער מכח דעם פאַל. טאָמער איז ער אין דעם דאָזיגען געביט ניט גענוג געניט, זאָל ער צוציהען אַ ספּעציאַליסט, אַ פּסיכיאַטער אָדער נייטראָלאָגיסט. דעמאָלט וועט ער האַנדלען וועדליג דעם אויספאַל פון דער אונטערזוכונג. האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דער קראַנקער האָט אַן אויפריכטיגען און ערענסטען ענטשלוס מיט אַלע כחות גובר צו זיין זיין קרענקליכען אַפּעטיט, אַ ז ע ר א י ז א ו י ך ב י ז א י צ ט ו ו י ד ע ר ג ע ש ט א נע ן ד ע ם ר י י ץ א ו ן ה אָ ט ק י י נ ע ם נ י ט ג ע ש ע ד י ג ט , דעמאָלט זאָל ער מיט אַלע מיטלען (אַ חוץ חתונה האָבען) דעם קראַנקען ערמוטיגען אין זיין ווידערשטאַנד און איהם העלפען בעפרייען פון זיינע לײדען; ער זאָל איהם אויפמערקזאַם מאַכען אויף די געפאַרען פון זיין צושטאַנד; ער זאָל איהם אפילו (אַ שרעקליכער געדאַנק) רעקאָמענדירען דעם אַנאַניזם אָדער די קאַסטראַציע, בכדי אין אַ נויטפאַל אויסצומייךען אַ פערברעכען; ער זאָל פון איהם בעקומען דאָס פערשפּרעכען, אַז ער וועט צו איהם קומען, אָדער ער וועט זיך אַליין פרייוויליג אריינגעבען אין אַן אַנשטאַלט, וויבאַלד ער וועט מעהר ניט זיין בכח ווידערצושטעהען; דעמאָלט קאָן ער רעספּעקטירען דעם מעדיצינישען סוד. אויף דעם אופן קאָן ער אָפטמאָל ראַטעווען דאָס לעבען פון דעם קראַנ־

אבער אפילו אנטקעגען פעראנטווארטליכע מענשען האט דער מעדיציניזשער סוד זיינע גרעניצען. אונזער מיינונג איז, אז דער דאק־טאר איז בלויז אזוי ווייט מחויב צו האלטען א סוד כל זמן ער איז ניט א סכנה פאר די רעכטען פון אנדערע מענשען און קודם כל פאר דער געזעלשאפט. פונקט אזוי גוט ווי עס איז דעם דאקטאר'ס פליכט א פאקען־ אדער א באלערא־קראנקען קענען זיין ווילען אנצוציייגען און צו לאזען איזאלירען בכדי צו פערהיטען דאס אונגליק פון אן עפידעמיע, און דעריבער גילט דא ניט קיין סוד, פונקט אזוי גוט האט ער אויך די פליכט דאס אייגענע צו טון אין אנדערע ענלכע פאלען. בקצור, ער טאר ניט, בעת אבהיטענדיג א סוד, ווערען א מיטשולדיגער פון אונג־ליקס־פאלען אדער פערברעכענס.

מיר ווילען דא געבען א פאר ביישפילען וועלכע האבען א שייכות צום סעקסועלען געביט:

א דאקטאר ווערט קאנסולטירט פון א מאן, וועלכער פערטרויט זיך פאר איהם, אז ער ליידט פון סאדיזם אדער אז ער האט א סעקסועלע נייגונג צו יונגע קינדער. עס איז קלאר, אז דער דאקטאר האט דא צו טון מיט א געפערליכען מענש און, אז ער געפינט זיך אין א שווערער לאגע. אין אזוינע פאלען זענען ניט גוט עקסטרעמע האנדלונגען. דער דאקטאר, וועלכער בעהאנדעלט פשוט דעם קראנקען דערביי ניט א טראכט טוענדיג מכח זיינע מעגליכע קרבנות, בעגעהט אן אונגערעכ־טיגקייט. דער דאקטאר אבער, וועלכער, ווי איך בין אין א געוויסען פאל געוואר געווארען פון זיכערע קוועלען און וואס איך האב שוין פריהער דערמאנט, האט געהאט פאר אט אזא מין קראנקען בלויז דעם ענטפער: „איהר זענט א שווין, ארויס פון דאנען, אדער איך וועל אייך אנציייגען", בעגעהט נאך אפשר א גרעסערע אונגערעכטיגקייט. אבער פונקט אזא אונגערעכטיגקייט בעגעהט אויך יענער דאקטאר, וועלכער נעהמט אהן טענות־ומענות און צייגט אן אזא מענש. דער דאק־טאר דארף צוערשט דעם דאזיגען קראנקען גרינדליך אונטערזוכען, ווי ווייט טיף אריינבליקען אין דער נשמה פון דעם פאציענט, פעסטשטעלען דעם גראד פון דער פערווערזיע און זיך איבערציייגען אויב ער האט פאר זיך אן ארימען און ערליכען מענש וועלכער קעמפט מיט פערצווייפלונג און מיט אלע זיינע כחות קעגען זיין קרענקליכער נייגונג, אדער אדרבה

**מעדיצינישע סודות.** — דער מעדיצינישער סוד מיט זיינע גרעניצען איז אן אויסערגעווענליך דעליקאטער ענין און גראד אין דעם סעקסועלען געביט פירט ער צו גאנץ בעזונדערע שוועריגקייטען. דער שטאנדפונקט בייט זיך ווערליג די פערשידענע לענדער און ווערליג די פערשידענע אינדיווידועז. בעזונדערס אין פראנקרייך איז דער מעדיצינישער סוד כמעט געווארען אן אבגאט. אין זיין נאמען קאן דער דאקטאר זיך אבזאגען פון צו זיין אן עדות אין געריכט און ער קאן אפילו בעהאלטען א פערברעכען, א. אז. וו. פערקערט, זענען אבער אויך פאראן לענדער, וואו דער דאקטאר זאגט אפטמאל אויס מיט א גאנץ לייכט הארץ אלעס וואס דער קראנקער האט איהם אנפערטרויט. בקצור, דער מעדיצינישער סוד איז אן עלאסטישער בעגריף וועלכער קאן ווערען דורך סאפיסטישע פערטייטשונגען א שווערט מיט צוויי שארפען.

הנם געוויסע איינציגע פאלען קאנען טיילמאל געבען גרויסע שוועריגקייטען, איז אבער דאך פאראן אן אלגעמיינע עטישע ריכט־שנור, וועלכע קאן דינען איטליכען געוויסענהאפטען דאקטאר אלס א וועגווייזער. דער דאקטאר האט די פליכט צו שווייגען מכח אלצדינג וואס זיינע פאציענטען אנפערטרויען איהם, כיבא נאטירליך ווען די פאציענטען גופא רעדען עפענטליך דערפון אדער ווען זיי ערלויבען דעם דאקטאר מכח דעם צו רעדען אדער צו שרייבען. דער דאזיגער כלל האט אבער אויסנאהמען. ראשית נעהמט ער אן די נארמאלע פער־אנטווארטליכקייט פון דעם קראנקען, און דעריבער איז ער בלויז בעדינגליך ביי די ניט פעראנטווארטליכע. ווען א משוגע'נער, א שטיי־גער, דערצעלט א דאקטאר אונטער דעם זיגעל פון פערשוויגענקייט געוויסע זאכען וועלכע קומען פון א קראנקער פאנטאזיע און זענען א געפאר פאר דער זיכערקייט פון אנדערע מענשען, אדער צוליב וועלכע עס ווערט נויטיג אנצונעהמען געוויסע מיטלען לטובה דעם קראנקען גופא, דעמאלט האט דער דאקטאר די פליכט, בכדי צו פערהיטען אן אונגליק, צו לאזען וויסען דעם צושטאנד, **אבער נאר די ריכטיגע מענשען.** דאס זעלביגע איז גילטיג בנוגע צו קינדער. אז דער דאקטאר דארף דערביי אנווענדען אלע מיטלען לטובה דעם קראנקען אדער קינד, פערשטעהט זיך אליין.

זייענדיג אבער אין דערזועלביגער צייט לייכט פסיכאפאטיש אדער לייי דענדיג פון עפעס בירושה, ווענדען זיך צום דאקטאר מיט אזוינע פראגען, מחמת זיי זענען זעהר געוויסענהאפט און פארזיכטיג, זאל ער זיי בערוהיגען און זיי ראטען צו פירען אן אמת היגיעניש און אלקאהאל-פריי לעבען, אבער ער זאל זיך היטען ניט צו מאכען די סטעריליטעט פאר זייער פליכט, מחמת מען קען פונדעסטווענען דאך האפען, אז זייערע קינדער זאלען מאראליש און גייסטיג שטעהען איבער דעם דורכשניט, און אויב אלע בלאסטאפטהארישע איינפלוסען ווערען פערהיט, קאנען זיי אפילו אנטקעגען געהען זייער רעגענעראציע. בקצור, דער דאקטאר מוז דא שאצען איטליכען פאל בעזונדער, געגנוי אבוועגען אלע זייטען פון דעם פראבלעם און זיך היטען ניט בעיינפלוסט צו ווערען פון איינזייטיגע דאגמעס. נאר אויף דעם אופן קאן ער געבען א גוטע און א ניצליכע עצה.

דאס וואס עס בערוהיגט אונז און איז בעזונדערס וויכטיג איז, וואס מיר ווייסען, אז פון א סאציאל־היגיעניש שטאנדפונקט איז ניט נויטיג ניט צו ערלויבען די הייראט בלויז דערפאר אליין, וואס די קינדער קאנען זיין שלעכט. מיר קאנען ערלויבען צו הייראטען אי אונגליקליכע פסיכאפאטען און אי בירושה נארישע און שלעכטע מענשען, און אפילו קריפלען, פון זיי בלויז פערלאנגענדיג, אז זיי זאלען אויף דעם אדער אויף יענעם אנגעגעבענעם אופן זיך היטען, אז זייער געשלעכטס־פערקער זאל זיין סטעריל. אין אזוינע פאלען קאן מען פאר אייביג העלפען ווען מען שניידט אוים די טובען. ליידער אבער קאנען די כירורגען און די גינעקאלאגען ביי זיך זעהר שווער פועל'ען צו מאכען אן אפעראציע צוליב אזוינע אורזאכען, אפילו ווען זיי ווערען געבעטען פון דעם פארפאלק גופא. זיי אפערירען יא ווען עס איז פאראן אן ארטליכע קראנקהייט, אבער אן ערענסטער ירושה פעהלער אדער אפילו א שווערע נערווען־קראנקהייט איז פאר זיי זעלטען גענוג בעוויז פאר אזא אפעראציע. אויף אזא אופן אבער וואלטען מיר די דאזיגע אונגליקליכע מענשען באלד פון אנהויב ניט אבגעשניטען יעדעס גליק פון ליבע און לעבען, און מיר וואלטען זיי ניט אריינגעטריבען אין די ארימס פון דער פראסטיטוציע אדער פון א ביטערען פעסימיזם. מען זאל קיינמאל ניט פערגעסען, אז א גרויזאמע פארשריפט לאזט זיך סוף כל סוף ניט דורכפירען.

ערגערע פאלען, בפרט ווען מען קאן מיט ווייניג ספק ערווארטען קינדער וועלכע וועלען זיין קערפערליך און גייסטיג קוואליטאטיוו אונטער דעם דורכשניט. — דעמאלט קאן מען פון א מעדיצינישען שטאנדפונקט טאקע צולאזען די הייראט, אבער פון אן עטיש־סאציאלען שטאנדפונקט דארף מען פערזאגען דאס האבען פון קינדער. גראד דא בעווייזט זיך די וויכטיגקייט פון די מיטלען קעגען שוואנגערשאפט. מען דארף פאר די מענשען קלאר מאכען ווי שלעכט און אפילו פשוט פערברעכעריש עס איז צו בעשאפען פערקרענקטע און אונגליקליכע קינדער און מען מוז זיי ווארענען פאר אזא לייכטזיניגקייט. זאלען זיי ליבער אדאפ־טירען ארימע געזונדע יתומים. איך האב אלעמאל געגעבען אזוינע עצות און איך האב געהאט ערפאלג.

עס איז אבער ניט נויטיג צו זיין צו שטרענג. דער דאקטאר האט א פעסימיסטישע טענדענץ איבעראל צו זעהען קראנקהייטען און צו מאלען שווארצע בילדער. פשוט דערפאר וואס אין א פאמיליע איז געוועזען א גייסטיג קראנקע מוטער אדער גאר א טאנטע, דארף דער דאקטאר ניט פערזאגען דעם שפעטערדיגען דור ניט צו האבען קיין קינדער. ניין, ער מוז אויסרעכענען די ווארשיינליכקייט פון די בירושה׳דיגע איבערגעבונג. ווערדליג מיר האבען דערקלערט אין קאפיטעל 1. געהמענדיג אין בעטראכט דעם גייסטיגען און קערפערליכען גע־זונדסקייט־צושטאנד אזוי גוט ווי דעם כאראקטער אי פון דער חתן־כלה און אי פון זייערע פארעלטערן, מוז זיך דער דאקטאר פרעגען וואסערע דורכשניטליכע קוואליטעט קינדער קאן מען ערווארטען פון אזא פערבינדונג. ווערדליג צו וואסערען סך הכל ער וועט קומען, צי די קינדער וועלען ווארשיינליך שטעהען איבער אדער אונטער דעם דורכשניט פון דער בעפעלקערונג, וועט ער ראטען די קינדער־בעשאפונג מעהר אדער ווייניגער צו בעשרענקען, אדער, אדרבה, צוצורעדען צו האבען קינדער.

ער דארף דערביי ניט צו הויך אבשאצען דעם דורכשניטליכען שטאפעל פון דער מענשהייט, און ער זאל כסדר אין זין האבען די גייס־טיגע שמאלקייט, די שוואכקייט פון ווילען, די מאראלישע מינדערקייט און די קערפערליכע אונזיכערקייט פון דער ברייטער מאסע פון דער בעפעלקערונג. דעריבער ווען געבילדעטע און אינטעליגענטע מענשען

זיין ווידערשטאנדס־פעהיגקייט דורך אלקאהאל, ווענערישע קראנק־הייטען, א. ד. גל.

ביי ווילדע מענשען, און איצט נאך ביי א סך פויערים־פעלקער, זענען די קינדער מעהר אן עשירות איידער א לאסט, מחמת די דאזיגע מענשען האבען פשוט'ע און געזונדע בעדערפעגישען. עס זענען אונ־זערע אונגעזונדע און קינסטליכע בעדערפענישען נאך צאצקעס און צירונג, נאך לוקסוס און ראפינירטע פערגעניגענס, אונזער קינסטליך ערצויגענע שוואכקייט פון די מוסקלען, אונזער ציטערען און פלאטע־רען פאר קראנקהייטען און מיקראבען, בקצור, אונזער פערווייכטקייט איז עס, וועלכע מאכט אונז אזוי אונפעהיג צו ערציהען גרויסע פא־מיליעס אויף א פשוט'ען און ביליגען אופן. צו דעם קומט נאך צו די גערעכטע פאדערונג אויף א העכערער און בעסערער ערציהונג פון אונזערע קינדער: אבער מיט דער ערציהונג וועט שפעטער זיך מוזען פערנעהמען דער שטאאט.

דא שטעלט זיך א פראגע וועלכע איז היינט־צוטאג נאך זעהר שווער צו פערענטפערען, אבער שפעטער, אויב אונזערע וואונשען וועלען פערווירקליכט ווערען, וועט זי ווערען ווענינער צארט און ניט אזוי קאמפליצירט. צוויי מענשען האבען זיך שטארק ליב, און זיי ווילען הייראטען, אבער וויל זיי ליידען אויף אזא אדער אויף אן אנדערער קראנקהייט, אדער וויל איינער אדער ביידע האבען בירושה שלעכטע אייגענשאפטען, דעריבער פרעגען זיי דעם דאקטאר אויב זיי זאלען הייראטען. אין פאל איינער פון זיי איז געוועזען גייסטיג קראנק, אדער אין פאל ער איז נאך ניט אינגאנצען גייסטיג געזונד, אדער ער איז ערענסט שווינדזיכטיג, אדער ער איז ניט פולשטענדיג אויסגעהיילט פון סיפילים אדער טריפער, דעמאלט מוז דער דאקטאר קורץ און שארף פערזאגען די הייראט אלס א לייכטזיניגע און אנטי־סאציאלע האנדלונג. אלס דאקטאר האב איך דאס אלעמאל געטהון אלס א פליכט.

אויב אבער די זאך איז ניט אזוי ערענסט, און אויב עס האנדעלט זיך בלויז אן א גע'ירש'ענטען מעהר אדער ווענינער ערענסטען פעהלער, אדער אין קראנקהייטען וועלכע זענען ניט אנשטעקענדיג און אלס אזוינע ניט געפערליך פאר דער הייראט, דעמאלט קאן מען, אין די

ווערען לויט אונזער ווילען. דעריבער איז עס אונזער פליכט צו דער־גרייכען ווי ווייט מעגליך די בעסטע קוואליטעט קינדער. דערצו איז קודם כל נויטיג א גוטע קוואליטעט עלטערן. דא ווידער איז וויכטיג זייער ירושה, דאס הייסט די גייסטיגע און קערפערליכע קוואליטעט פון זייערע פארעלטערן. מיר מוזען נעהמען אין בעטראכט ניט בלויז די גייסטיגע פעהיגקייט און די קערפערליכע געזונדקייט, נאר מיר מוזען אויך לעגען דאס געוויכט אויף די גוטע געפיהלען, אויף דער געוויסענהאפטיגקייט און אויף אן אויסגעהאלטענעם ענערגישען ווילען. וואס איז די פעולה צו האבען געזונדע, שטארקע און אינטעליגענטע קינדער, ווען א חוץ דעם האבען זיי א שוואכען ווילען, זענען עגאיסטיש, אימפולסיוו, ביטערע אדער גאר פערברעכעריש? אזוינע ברואים (שטארקע באנדיטען) זענען די גרעסטע פלאג פון די ערליכע און אר־בייטזאמע מענשען, זיי זענען די מאוס'ע קרעץ פון דער געזעלשאפט און אויך אן אונגליק פאר זיך גופא.

בעת דער בעפרוכטונג זאלען די עלטערן ניט זיין קראנק און אויך ניט שכור, אניט קאנען זיין די קינדער בלאסטאפטהאריש פערדארבען (זעה קאפיטעל 1). אויך די יאהרען פון די בעשאפערס זאל מען נעהמען אין בעטראכט; קינדער פון אלטע עלטערן ווערען געווענליך שוואך.

עס איז אי א טעות און אי אן אונגליק וואס היינט־צוטאג איז די קינדער בעשאפונג ביז אזא געוואלדיגען שטאפעל אבהעניג פון די געלד אינטערעסען. פעהיגע, גוטע און געזונדע עלטערן, ניט קוקענדיג וואס זיי זענען אפילו ארים, זאלען זיך קיינמאל ניט אבהאלטען פון פערמעהרען זייערע קינדער. קינדער פון א גוטער קוואליטעט ערציהען זיך, אזוי צו זאגען, פון זיך אליין און זיי זענען שוין מסוגל זיך דורכ־צושלאגען אין דער וועלט. יענע וועלכע פערוועלקען און הינקען נאך, זענען גראד געוועזן די פראדוקטען פון א שלעכטער קוואליטעט, וועלכע זענען בלאסטאפטהאריש אדער אויף אן אנדערען אופן פערדארבען. געוויס, צופעליגע קראנקהייטען אדער אונגליקען קאנען אלעמאל פער־קרענקען א קינד, אבער דאס זענען בלויז אויסנאהמען וועלכע בעווייזען דעם כלל, מחמת אויך דא איז דער וואס שטאמט פון געזונדע עלטערן בעסער אימשטאנד אלעס גובר צו זיין, אויב ער האט ניט אבגעשוואכט

באלד ביים אנהויב פון דער הייראט קאנען אויך פארקומען אנ־דערע שטערונגען, וועלכע מען האט ניט געקאנט פארויסזעהען. איך וויל בלויז דערמאנען דעם זעהר שמערצליכען וואגיניזם פון דער פרוי, וועלכע קאן אבער אין די מיינסטע פאלען לייכט געהיילט ווערען. אין אלע פאלען, צוליב נאך אלערליי אנדערע אורזאכען (למשל א צו ענגער בעקען, פון וואס די ענטבינדונג ווערט זעהר געפערליך) איז די בעסטע פארזיכטיגקייט צו האבען א מעדיצינישע אונטערזוכונג איידער מען געהט הייראטען.

אויב א פרוי וויל זיך פירען לויט דעם רעצעפט פון דעם אלטען טאלסטאי און וויל האבען א געשלעכטס-פערקער נאר און נאר מיט דעם צוועק צו בעשאפען קינדער, זאל זי קודם כל געפינען א קאלטען חתן וועלכער וועט אויף דעם וועלען איינגעהען. טאמער אבער געפינט זי גיט אזא חתן און א צווייטע פרוי אדער א קעבס־ווייב קאן זי איהם ניט פערגינען, דעמאלט זאל זי אדער זיך אבזאגען פון איהר וואונש, אדער איהרע געוווינשטע קינדער בעשאפען אויסער דער הייראט. די דאזיגע מיינונג מיינע וועט אפשר קלינגען שרעקליך אונמאראליש אין א סך אויערען, זי איז אבער דאך נאטירליך און שכל'דיג, און דעריבער אויך מאראליש. עס פערשטעהט זיך אז דערמיט וויל איך ניט זאגען, אז דער מאן האט א רעכט צו צווינגען זיין פרוי צו א געשלעכטס־פערקער אזוי אפט ווי איהם גלוסט זיך; אדרבה איך האב דערקלערט פונקט דעם הפוך. דער גאנצער ענין איז א זעהר צארטער; אבער מיט א גוטען ווילען, מיט מעהר פרייהייט און אפענקייט, קאן מען אין די מיינסטע פאלען זיך דערשלאגען צו א בעפרידיגענדיגער לייזונג פון דעם דאזיגען פראבלעם, וועדליג מיר האבען אויבען אנגעוויזען. ליבע און נעגענזייטיגער דרך־ארץ וועט דא אלעמאל געפינען דעם ריכטיגען וועג. מען מוז זיך נאר היטען, סיי פאר דעם איבערגעטרי־בענעם אסקעטיזם און עקצענטרישען אידעאליזם און, סיי, פערקערט, פאר דעם מאוס'ען און שוואכליכען נאכגעבען אלע טריבען און ליידענ־שאפטען. אויב ערגיצוואו אין מענשליכען לעבען, איז אט דא דער גאלדערנער וועג דער מיטעלוועג.

נאך א וויכטיגער פונקט איז די פראגע פון דער בעשאפונג פון קינדער. מחמת, ווי מיר האבען געזעהען, די בעשאפונג קאן רעגולירט

אריענטירט בנוגע דעם געשלעכטס-לעבען א דאנק איהר שטודירען, האט מיר געגוי איבערגעגעבען, אז א לאנגע צייט האט זי דורך דעם געדאנק וועגען האבען א געשלעכטס-פערקער מיט די מענער וועלכע זי האט געזעהען, געפיהלט אן עקעל צו זיי, ביז זי האט זיך בעקענט מיט א מאן וועלכער האט געוויגען איהר ליבע. דא האט זיך דער ווידער־ווילען פערביטען אויף א צוציהונג. דער דאזיגער פשוט'ער פאל אילוסטרירט אין דערזועלביגער צייט אויף א קלארען אופן דאס מאַ־נאגאמישע געשלעכטס-געפיהל פון דער פרוי.

איך ווייז דא אן אויף קאפיטעל 17 וואו עס ווערט גערעדט וועגען דעם אופן ווי אזוי די יוגענד זאל ווערען אויפגעקלערט מכח דער גע־שלעכטס-פראגע. צוליב אונזער היינטיגען פארמאליזם און צוליב עמרצות פון אונזערע פיין-ערצויגענע מיידלעך בנוגע צו דעם גע־שלעכטס-לעבען, איז א געגענזייטיג פערשטעהען-זיך איידער מען ווערט חתן-כלה אין די מיינסטע פאלען נאך אונמעגליך.

אלס פעולה פון די פראסטיטוציאנס-געוואוינהייטען פון די מענער, ליידען היינט-צוטאג א סך יונגע און געזונדע פרויען דערפון וואס זיי האבע חתונה מיט מענער וועלכע זענען שוין אלט, אבגעלעבט, מיט אן אבגעשוואכטער פאטענץ, פון וועלכע זיי ווערען סעקסועל שטארק צורייצט, אבער פון וועלכע זיי קאנען ניט ווערען לאנג בעפרידיגט. דאס דאזיגע איבעל וועט מען ערשט גובר זיין ווען אונזערע סעקסועלע פערהעלטניסען וועלען זיין גרינדליך געענדערט.

א חוץ דעם איז פאראן א מין פאטהאלאגישע און היסטערישע ליבע, א ליבע וועלכע שפילט זיך נאר אב אין דער פאנטאזיע, און געהט אויף צוזאמען מיט א מליצה, מיט בענקשאפט און קאקעטסטווע, אבער וועלכע בייט זיך איבער אין אן עקעל אדער אין א האס ביים ערשטען געשלעכטליכ..ן פערקער. הגם מיר געפינען זי אפטער ביי דער פרוי, קומט די דאזיגע פאלשע ליבע אויך פאר ביי היסטערישע מענער. זי ענדיגט זיך מיט דער דעקלערונג: „איך האב מיך אבגענארט: איך האב איהם (אדער זי) קיינמאל ניט ליב געהאט." אפטמאל כאפט מען זיך אויף ווען עס איז נאך דא צייט און מען לאזט אב דעם שדוך: אפטמאל אבער קומט מען צום שכל צו שפעט, און דאס אונגליק איז דא. פאר אזוינע פאלען איז דא א גרויסע נויטינקייט פאר פרוף־חיי־ראטען און א גרעסערע בעקוועמליכקייט זיך צו גט'ען.

די פרוי געזונד און זי האט געזונדע קינדער. געוויס, עס איז בעסער צו בעשאפען נאר 7 קינדער וועלכע בלייבען לעבען און זענען געזונד, איידער צו בעשאפען 14 קינדער פון וועלכע 7 שטארבען, שוין ניט רעדענדיג פון דער אונגליקליכער מוטער וועלכע ווערט פון דעם כסדר'-דיגען טראגען און האבען גיך פערוועלקט, און וועלכע ווערט דערביי האלב, אויב טאקע ניט אינגאנצען פערמאטערט צום טויט.

וואס איז שייך צו דער אפטקייט פון דעם געשלעכטס-פערקער קאן מען ניט אויפשטעלען קיין כלל; עס העננגט אב פון דער געגענ-זייטיגער בעקוועמליכקייט און פון דעם אינדיווידועלען טעמפעראמענט. מיר בעטראכטען לוטהער'ס רעגעל פון צוויי ביז דריי מאל א וואך פאר א נארמאלען דורכשניט, אין די יאהרען ווען מען איז געזונד און בעשאפונגס-פעהיג.

פרויען וועלכע זענען געשלעכטליך קאלט און האבען ליב קינדער, אבער וועלכע פיהלען א שוידער צום געשלעכטס-פערקער, קאנען וועדליג מיין מיינונג, ניט געהאלטען ווערען אלס די טיפען פון נאר-מאלע פרויען, און זיי האבען ניט קיין רעכט צו פאדערען פון זייערע מענער זיך צוריקצוהאלטען פון יעדען געשלעכטס-פערקער וועלכער האט ניט קיין צוועק צו בעשאפען קינדער. אבער איידער זי האט חתונה געהאט, האט זי געהאט א רעכט דערצו צו ווערען פולשטענדיג אויפגעקלערט מכח אלע סעקסועלע פערהעלטניסען. נאך מעהר, איי-דער זיי האבען חתונה זאל מאן און ווייב זיך געגענזייטיג קלאר מאכען מכח זייערע סעקסועלע געפיהלען און בעדערפענישען, בכדי אזוי ארום צו פערהיטען שפעטערדיגע שווערע ענטוישונגען און אן אונהיילבארע כסדר'דיגע צוריסענקייט.

אהן אמאל צו האבען געפיהלט א סעקסועלען ארגאזם, סיי דורך א געשלעכטס-פערקער אדער דורך אנאניזם, פיהלט א נארמאל מיידעל, אויב זי איז נאר מעהר אדער ווייניגער קלאר מכח די סעקסועלע פער-העלטניסען, בכלל גאנץ גוט, אויב דורך דעם געדאנק צו האבען א גע-שלעכטס-פערקער מיט א מאן צו וועמען זי פיהלט א נייגונג, זי ווערט צוגעצויגען אדער אדרבה אבגעשטויסען. ביי יונגע מענער איז דאס דאזיגע נאך לייכטער. א מעדיציניש געבילדעטע פרוי, וועלכע האט געלעבט פולשטענדיג צוריקגעהאלטען, אבער וועלכע איז געווען קלאר

שלעכטס־פערקער פאר לענגערע פעריאדען און, אין קאפיטעל 4 האבען מיר געזעהען ווי ביי געוויסע ווילדע פעלקער רירט דער מאן ניט אן דאס ווייב צוויי יאהרען אדער נאך לענגער נאך איהר קינפעט (בעת דער צייט וואס זי זויגט דאס קינד), מחמת זי איז "טמא". אבער די דאזיגע פאלען בעווייזען ניט קיין שום זאך, מחמת ביי זיי האנדעלט עס זיך מכח פאליגאמיע, און די מענער וועלכע מוזען זיך אבזאגען פון איין פרוי, בעפרידיגען זיך ביי אנדערע פרויען. אויב אונזער מאנאגאמישע הייראט וויל ניט זיין אוננאטירליך, און וויל אויך ניט ווערען אן אילוזיע, דעמאלט מוז זיין דער סעקסועלער פערקער אן אינטימער און א בעשטענדיגער, דאס הייסט, ער דארף נאר בלויז ווערען אונטערבראכען בעת די קורצע פעריאדען וועלכע מאן און ווייב, נאך א געגענזייטיגער צופאסונג, געפינען פאר נויטיג.

א חוץ דעם, זענען בלויז די מענסטרואציע און די צייט פון קינפעט די איינציגע פיזיאלאגיש, ד. ה. נארמאל געפאדערטע אונטערברעכונגען. וועדליג גרובער'ן (היגיענע דעם געשלעכטס־לעבענס) זאל די אונטערברעכונג בעת דער קינפעט דויערען וועניגסטענס פיער וואכען; מיר וועלען זי ליבער פערלענגערען אויף זעקס וואכען. אזוי לאנג קאן זיך איינהאלטען איטליכער מאן, אפילו דער ערגסטער געשלעכטס־העלד, און טיילמאל, בעת דער צייט, האבען עטליכע ביינאכטיגע פאלוציעס. פערקערט די שוואנגערשאפט אליין פאר זיך, איז ניט קיין אורזאך פאר צוריקגעהאלטענקייט. צוליב דער פרוי'ס צושטאנד, וועט דער מאן בעת דער דאזיגער צייט בלויז דארפען נאך מעהר שוינען זיין פרוי ווי געוועהנליך; בעת די העכערע מאנאטען פון דער שוואנגערשאפט זאל מען האבען דעם געשלעכטס־פערקער פון הינטען, מען זאל פערמיידען אלע העפטיגע בעוועגונגען און אויך דעם פענים ניט אריינפירען טיפער ווי עס איז נויטיג, כדי ניט צו שעדיגען דעם עמבריא.

עס איז זעהר וויכטיג, אז די פרוי זאל זיך א לענגערע צייט אברוהען צווישען איהרע שוואנגערשאפטען. צווישען דער געבורט און דער נעכסטער שוואנגערשאפט זאל וועניגסטענס פערגעהען א יאהר, דאס הייסט כמעט צוויי יאהרען צווישען איין ענטבינדונג און דער אנדערער. דאס קאן מען לייכט רעגולירען מיט דער הילף פון די קאנראמען מכח וועלכע מיר האבען פריהער גערעדט. אויף אזא אופן איז

צייט אנצואווענדען אנטי־קאנצעפּציאנעלע מיטלען, דעמאלט קאן ער חתונה האבען אפילו ווען ער איז אינגאנצען ארים: אין אזא פאל קאן ער זיך נעהמען א יונג מיידעל וועלכע קאן צו איהם ווערען בעשטענדיג צוגעבונדען, אויב זייערע כאראקטערס זענען גענענזייטיג צוגעפּאסט.

פאר א מיידעל איז די בעסטע צייט צו הייראטען ביי זיבעצען אדער אכטצען יאהרען. יעדענפאלס צווישען דעם אכטצענטען און נייעצענטען יאהר. בכלל איז זי דעמאלט געשלעכטליך אינגאנצען רייף און גייסטיג גענוג ענטוויקעלט, און אזוי קאנען מיר האבען דעם וויג־שענסווערטען אונטערשיד אין די יאהרען. יונגע מענשען וועלכע זענען אזוי פערהייראט קאנען ווייטער אנגעהען מיט זייער שטודירען און לערנען, און זייער צוזאמענלעבען וועט זיי אפילו ביז א הויכען גראד סטימולירען מעהר צו ארבייטען, אין פאל זיי ווילען באלד גרינדען א פאמיליע.

ווען דער רויש פון דעם האניג־חודש איז אריבער, האלט זיך די בעשטענדיגקייט פון דעם גליק אין דער הייראט אויף אן אינטימער, גייסטיגער, געמיטהליכער און סעקסועלער צופאסונג, וועלכע לויטערט די ליבע פון דעם מאן און פון דער פרוי. דאס ארבייטען צוזאמען, א געמיינשאפטליכער אידעאל, א געגענזייטיגער דרך ארץ פול מיט ליבע אבער פריי פון פערצערטעלטקייט, און א געגענזייטיגע ערציהונג וועלכע זאל ניט ווערען א מין שול־פינקטליכקייט אדער א טיראניי, — זענען די בעדינגען פאר דעם גליק אין דעם פערהייראטען צוזאמענ־לעבען. אלצדינג וואס פרעמדט אב, וואס דאס זאל ניט זיין, אפילו נאר לפנים, מוז ווערען אויסגעמידען. אין די אויגען פון א טייל העכערע גייסטער קאן דאס אפילו אויסקומען קינדיש און לעכערליך, אבער איך זאג נאך אנאל, אז די אבזונדערונג פון די שלאפצימערען איז אין דעם פערהייראטען לעבען א זעהר ריזיקאלישער שריט און ער פירט לייכט צו א פרעמד־ווערען, אפילו ווען די הייראט איז געבוים אויף די עדעלסטע געפיהלען. נאך מעהר אין דאס אמת מכח דער סעקסועלער צוריקגעהאלטענקייט, אפילו ווען זי דויערט ניט יאהרען, אבגערעדט פון יענע פאלען וואו זי איז א פעולה פון א סענילער אימ־פאטענץ אדער פון אן ערענסטער קראנקהייט.

מען האט אפטמאל גערעדט אז די פרוי זאל ניט האבען קיין גע־

פון זיין פרוי דורכשניטליך מיט 6 ביז 12 יאהרען. פאר א מאנאגא־מישע הייראט, אויב מען וויל זי זאל זיין דויערהאפט, איז דער דאזיגער פונקט זעהר וויכטיג. די פרוי ווערט רייף, סיי סעקסועל און סיי גייס־טיג, פריהער איידער דער מאן; זי ווערט פריהער פארטיג. זי ווערט אבער אויך פריהער אלט און פריהער אונפרוכטבאר איידער ער. פא־ליגאמישע פעלקער העלפען זיך דערמיט, וואס יונגינקע אינגלעך האבען חתונה פונקט מיט אזוינע יונגינקע מיידלעך, און שפעטער ווארפען זיי אוועק זייערע אלטע פרויען און נעהמען זיך אויפסניי יונגע. ביי אונזערע איצטיגע פערהעלטניסען העלפט זיך דער מאן אנדערש — ער בענוצט זיך מיט דער פראסטיטוציע. מיינסטענס נאך אין זיין יוגענד פאלט ער א קרבן פון דער דאזיגער קערפערליכער און גייסטיגער סעקסועלער קארופציע, וועלכע פערבינדעט זיך זעהר אפט מיט א ווע־נערישער אנשטעקונג, און שפעטער בעטראכט ער אפטמאל די הייראט אלס א מין שפיטאל אין וועלכען די פרוי שפילט די ראלע אי פון א קראנקען־פלעגערין און אי פון א בעל־הבית'טע. עס איז ניט אזא לייכטע זאך זיך ארויסצוקירעווען פון צווישען די דאזיגע צוויי קרומע וועגען און צו פערשרייבען די ריכטיגע רפואה פאר א דויערהאפטען מאנאגאמישען צוזאמענלעבען. די פארצייטיגע פאליגאמיע איז ברו־טאל, און די פראסטיטוציע איז נאך ערגער. דער בייזוויליגער ענאיסט זאגט אונז דא זיין כלל, „נאך מיר מעג קומען דער מבול“. דער לייכט־זיניגער שוואכלינג און בעל־תאוה ענטפערט „אבער עס העלפט גארניט, מען מוז א לעב טון“, אבער דער מאראל פרעדיגער ענטפערט, אז „דער מענש מוז זיינע ליידענשאפטען האלטען אין צוים“.

איך שלאג אבער פאר א מיטעלוועג און זאג: דער יונגער מאן וועלכער פערמאגט גענוג כח גובר צו זיין זיין געשלעכטליכען אפעטיט, אדער וועמעס געשלעכטס־טריב איז גענוג מעסיג כדי איהם צו מאכען לייכטער זיין צוריקגעהאלטענקייט, אזוי, אז ער וועט זיין אימשטאנד צו לעבען צוריקגעהאלטען, לאמיר זאגען, ביז ער וועט אלט ווערען 25 יאהרען און אויף דעם אופן זיך אויסהיטען פון דער פראסטיטוציע, פון דערווייליגע סעקסועלע פערהעלטניסען און פון אנאניזם, — אט דער דאזיגער יונגער מאן, זאגען מיר, האט די בעסטע אויסזיכט צו געווינען דעם בעסטען פרייז פון לעבען. אויב ער איז פריי פון פארור־טיילען און אויב ער האט ניט קיין מורא אין נויטפאל פאר א געוויסער

# היגיענע פון דער הייראט.

דעם ענין האבען מיר שוין טיילווייז בעהאנדעלט אין די קאפיטלען 6, 10 און 13. פון דעם וואס מיר האבען געזאגט ממשות'דיגע מכח די פיזיאלאגישע און פסיכישע בעדינגען פון דער הייראט. אויב די הייראט קומט צושטאנד אויף דעם יסוד פון א געגענזייטיגער פרייער צושטימונג, אויב ביידע צדדים ווייסען וואס זיי טוען, אויב דער פערדראבליכער איינפלוס פון געלד איז פערשוואונדען, אויב אלע אוננאטירליכע רעגולאציעס צוזאמען מיט דעם איבערפליסיגען אריינמישען־זיך פון דער רעליגיע און פון אלט־געווארענע אונגערעכטע געזעצען זענען אבגעשאפט. און אויב די פרוי האט ענדליך דיזעלביגע רעכטען וואס דער מאן — דעמאלט זענען די געגענזייטיגע ליבע און דרך ארץ, פערבונדען מיט דעם געשלעכטס־טריב, דער שטארקסטער צעמענט פון דער הייראט. א חוץ דעם זענען די פערזענליכע צוזאמען מיט די געזעצליך פארגעשריבענע פליכטען אנטקעגען די געבוירענע קינדער, פון איין זייט, און מיט אדער אהן ענטשפרעכענדע אינסטינקטיווע געפיהלען, פון דער אנדערער זייט, אויך א טייל פון דעם דאזיגען צעמענט. אבער ביי מענשען מיט גוטע נאטורען פערשמעלצען זיך ביידע צוזאמען, מחמת זיי טרייבט דאס אינסטינקטיווע סאציאלע פליכט־געפיהל, ד. ה. דאס געוויסען, צו דער ערפילונג פון זייערע פליכטען אהן דער דרויסענדיגער געזעצליכער צוואנג. עס בלייבט אונז אבער נאך איבער ארומצורעדען א רייה פון ספעציעלע מעדיצינישע פונקטען.

מיר האבען געזעהען אין קאפיטעל 7, אז דער מאן זאל זיין עלטער

פערקער און די בעשאפונג פון קינדער געהאט איין בעדייט; זינט דעמאלט אבער האט זיך דאס לעבען געוואלדיג געביטען. וואלטען מיר היינט בעשאפען קינדער לויט דעם פערלאנג פון אונזער טריב, וואלטען די שפעטערדיגע דורות געשטארבען פון הונגער. נאך מעהר, מיר האבען געזעהן, אז די ברוטאלע צוכטוואהל קלויבט מעהר ניט אויס די שוואכע צווישען אונז און לאזט זיי אונטערגעהען. עס איז דערי־בער, ווי מיר האבען אויך שוין געזאגט, פון דער גרעסטער וויכטיגקייט ווי ווייט מעגליך צו פערהיטען דאס געבוירען ווערען פון אזוינע שוואַ־כע און קריפלען, און ווערליג דעם ווערט עס אונזער סאציאלע פליכט, שארף אבצושיידען די בעפרידיגונג פון דעם געשלעכטס-טריב פון דער בעשאפונג, בכדי אין די נויטיגע פאלען די לעצטע צו פערהיטען, אהן ניט צו מוזען זיך אפזאגען פון דער ערשטער.

מענשען וועלכע ווערען געשלעכטליך ליכט אויפגערעגט, און דערצו פאדערט זיך, בפרט ביי מענער, אפטמאל כמעט איבערמענשליכע, העלדישע אינוועניגסטע קאמפען. שיניקווי, דער קאנאדישער רעפאר־מער, ווענמען מיר האבען פריהער דערמאנט, דערצעלט פון א מאנאד, וועמען דער שרעקליכער אויפגערעגטער געשלעכטס־טריב, וועלכען ער האט ניט געקאנט בעפרידיגען א דאנק דער בחור׳שאפט פון די מאנא־כען, האט געברענגט צו אזא פערצווייפלונג, אז ער האט מיט דעו האנד ארויסגעריסען זיינע טעסטיקלען. די פרומע מאראל פרעדיגער, וועלכע זענען בעשאנקען מיט קיהלע טעמפעראמענטען, אדער זענען שוין אבגעלעבט, אדער זענען פשוט גליקליך פערהייראט, און וועלכע לאזען אויס זייער גרימצארן קעגען דער „אונמאראליטעט" פון אלע פאלגען פון דעם געשלעכטס־טריב, זאלען האלטען פאר זייערע אויגען אט אזוינע פאקטען. א רייך, געבילדעט נימפאמאניש מיידעל, וועלכע איז אלעמאל געווען אנשטענדיג, האט מיר בדרך אגב געזאגט, אז אין פאל זי וועט אין גיכען ניט קריגען א מאן, וועט זי ווערען א פראסטיטוטקע, מחמת זי קאן שוין מעהר ניט אויסהאלטען. עס איז כמעט ווי אן איראניע ווען להפוך צו די דאזיגע ערשיינונגען זעהט מען גאר ניט זעלטען, ווי אבסאלוט קיהלע נאטורען, וועלכע האבען כמעט ניט קיין געשלעכטס־טריב און וואלטען אמליבסטען געבליבען קאנטינענט, גער־העו אדער איז בארדעל אדער זיי האבען חתונה בלויז כדי „צו זיין מיט לייטען גלייך". אדער כדי ניט צו ווערען אויסגעלאכט! איך האב געקענט א רייכען, געבילדעטען יונגען מאן וועלכער, ווערענדיג פון זיינע חברים כסדר אויסגעלאכט, איז איין איינציג מאל אין זיין לעבען נעגאנגען אין בארדעל, פון דארט זיך אהיימגעברענגט א סיפילים און אין עטליכע יאהרען ארום עלענד געשטארבען פון א שווערע געהירן־פאראליזיס.

אין דער פרימיטיווער צייט האבען ביים מענש, פונקט ווי איז דער גאנצער חיות־וועלט, פון וועלכער ער קומט ארויס, דער געשלעכטס־

# סעקסועלע קאנטינענץ.

בנוגע צו דער **סעקסועלער קאנטינענץ** (צוריקגעהאלטענקייט) איז פאראן א גרויסע פערשידענקייט פון מיינונגען. אין דעם דאזיגען פרט זענען אלע עקסטרעמע בעהויפטונגען פאלש. עס איז זיכער, אז די שעדליכע פאלגען פון דער קאנטינענץ האט מען אין טייל ערטער לעבערליך איבערגעטריבען. אונטער נארמאלע אומשטענדען קאן די קאנטינענץ, הגם אפטמאל מיט מיה, יא דורכגעפירט ווערען, און בדרך כלל איז אמת די איינזייטיגע מיינונג פון דעם מעדיצינישען פאקולטעט אין קריסטיאניא קיינמאל ניט צו האבען בעאבאכט קראנקהייטען אלס א פעולה פון קאנטינענץ, אבער אדרבה זעהר א סך האבען בעאבאכט אלס פעולה פון סעקסועלע עקסצעסען. פונדעסטוועגען געהט די דאזיגע מיינונג שוין צו־ווייט, מחמת געוויסע פסיכאפאטען און סעקסועלע היפערעסטהעטיקער פאלען טיילמאל אריין אין א צושטאנד פון א נערוועזער און פסיכישער אויפרעגונג אלס פעולה פון א געצוואונגענער קאנטינענץ, א צושטאנד וועלכער קאן זיך ענדיגען מיט א נערוועז־קראנקהייט אדער משוגעת. איך האב דאס בעאבאכט ביי מענער און אפילו ביי פרויען; אימפאטענץ, פאביעס און געוויסע פערווערזיעס קאנען קומען דורך א געצוואונגענער געשלעכטליכער צוריקגעהאלטענקייט. דאס זענען אבער זעלטענע פאלען.

די קאנטינענץ איז אבער ניט אלעמאל קיין קליינינגקייט ביי

— א בעשטימטע צייט נאך געבורטען, נאך א סך קראנקהייטען, א. אז. וו. אין אזוינע פאלען קאן א שלעכטע עצה פון דאקטאר פירען צו די טרויריגסטע אונגליקען. אויב דער דאקטאר פערזאגט דעם מאן צו האבען א געשלעכטס־פערקער מיט זיין פרוי, דעמאלט ווערט ער אוועקגעשטעלט צווישען צוויי געפערליכע קליפעס; אדער ער האלט זיך טאקע צוריק, ליידט א סך, מוז מייסטענס שלאפען אין א בעזונדער צימער און, ווי מיר האבען געזעהען, ווערט ער אויף אזא אופן ליכט אבגעפרעמדט און אבגעקיהלט פון זיין פרוי, אויב דאס דויערט צו לאנג; אדער ער פאלט אריין צו דער פראסטיטוציע, פערקניפט ליבעס מיט אנדערע פרויען, ברענגט אפטמאל אהיים ווענערישע קראנקהייטען און צושטערט ניט זעלטען זיין אייגען גליק און דאס גליק פון זיין פאמיליע. דעריבער, ווען א דאקטאר פערזאגט א מאן צו האבען א געשלעכטס־פערקער מיט זיין פרוי, נעהמט ער אויף זיך א גרויסע פעראנטוואָרטליכקייט; דאס דאזיגע ווילען מיר שטארק אונטערשטרייכען. צוליב די און נאך א סך אנדערע אורזאכען האבען מיר איצט צו בעטראכטען א וויכטיגע פראגע.

פערהעלטניסען דארפען איבעריגענס דוקא ניט טראגען דעם כאראק־טער פון הער פראסטיטוציע. (זעה קאפיטלען 11, 12 און 19).

קודם כל מוז דער דאקטאר איטליכען מענש, וועלכער האט זיך מיט איהם געראטען מכח געשלעכטס־פראגען, פריינדליך אויפקלערען און געבען אן עצה, אהן דערביי זיך צו הלאטען מעשה בייזער מאראל פרעדיגער אדער ריכטער. ער זאל דעם ארימען היפאכאנדריק, וועל־כער בעשולדיגט זיך אליין אין אנאניזם, און אויך קיין שום געשלעכט־ליך אבנארמאלע און פערווערזע מענשען, קיינמאל ניט איבערשרעקען אדער מוסר זאגען; ער מוז זיי בערוהיגען און זעהען זיי צו העלפען אין זייער גויט. אויף דעם אופן קאן ער אויפטון אהן א שעור גוטס.

די היפנאטישע סוגעסציע איז פאר איהם א מיטעל מיט וועלכען ער קאן דירעקט בעקעמפען, אדער לכל הפחות לינדערען, א סך סעק־סועלע אויפרעגונגען, איבער־מאסיגע זאמען־אויספלוסען און טייל פערווערזיעס, און קאן אבציהען די געהירען־טעטיגקייט אויף אנדערע נארמאלע וועגען. איטליכער פאל מוז ווערען אונטערזוכט און געשאצט אינדיווידועל און דער דאקטאר מוז נעהמען אין בעטראכט די פער־שיהענע פונקטען, וועלכע מיר האבען בעהאנדעלט אין דעם דאזיגען בוך. קיין איין פאל איז ניט ווי דער אנדערער; מען מוז אויספארשען די גאנצע לעבענס־געשיכטע פון דעם קראנקען און שפעטער ערשט, לאזענדיג אין א זייט אלע דאגמעס, מיט קאפ און מיט הארץ אור־טיילען און ראטען. אפילו צווישען מאן און ווייב, בעזונדערס א ראנק דער מאנאגאמיע, זענען פאראן זעהר קאמפליצירטע פראגען, וועלכע מאכען אפטמאל אן שוועריגקייטען; צום ביישפיל, די פע־ריאדען בעת וועלכע מען דארף פערהיטען דאס שוואנגער־ווערען,

# סעקסועלע בעפרידיגונגען.

ווי מיר האבען געזעהען איז פון דער אנדערער זייט פונקט אזוי נאריש צו איבערטרייבען די פאלגען פון אנאניזם און פון סעקסועלע עקסצעסען אליין פאר זיך, און אויף דעם אופן איבערשרעקען די אונ־גליקליכע. אין קאפיטעל 4 (נעשלעכטס־טריב) האבען מיר שוין גע־רעדט מכח די גראדען פון דעם געשלעכטס־טריב אין א נארמאלען צושטאנד, און מיר האבען אויך דערמאנט די רעגעל וועלכע לוטהער האט געגעבען. דאס וואס דער דאקטאר האט צו ראטען איז קודם כל דאס פאלגענדע:

דער יונגער, נים פערהייראטער מאן, כל זמן ער וויל ניט הייראטען, זאל זיינע געדאנקען, אויף וויפיל ער קאן נאר, האלטען ווייט פון סעקסועלע פארשטעלונגען; ער זאל זיך בעגעניגענען מיט די אליין פון זיך אנגעקומענע ביינאכטיגע זאמען־אויספלוסען, און ער זאל פערמיידען אלע אבזיכטליך אנאניסטישע מאניפולאציעס. א יונג מיידעל זאל אודאי זיך היטען פון אנאניזם; איהר געשלעכטס־טריב איז נארמאלערווייז א סך שוואכער און איז ניט פערבונדען מיט קיינע אויסשיידונגען פון דריזען, וועלכע רייצען מיט אן עקשנות צום געשלעכטס־פערקער. מענשען, וועלכע זענען פשוט ניט אימ־שטאנד זיך צו קאנטראלירען דארף מען ראטען צו זיין זעהר פארזיכטיג ביי די אויסער־פערהייראטע געשלעכטס־פערהעלטניסען. די דאזיגע

די הייליגע פון מיינע זאמען־פערלוסטען. אבער אנשטאט דעם האב איך געקראגען א טריפער, וועלכען דער דאקטאר האט ניט געקאנט אויסהיילען. גאנצע און איינשפריצונג האבען ניט געהאלפען."

„איצט שטעה איך ביים ברעג פון פערצווייפלונג. די זעלבסטמארד געדאנקען פערפאלגען מיך אזוי ווייט, אז איך קאן זיך כמעט מעהר ניט ווערען קעגען זיי. דאך דארף איך לעבען און ארבייטען, פאר מיין קינד. אין וועמעס אונגליקליך לעבען איך בין שולדיג... א. אז. וו."

דריי און א האלב יאהרען און פאר 2 יאהרען איז געשטארבען מיין פרוי, נאכדעם ווי זי האט 3 יאהרען געליטען פון לונגען־שווינדזוכט. קוים וואס מיין פרוי איז בעהאלטען געווארען, האט די קראנקהייט אויסגעבראכען ביי מיין קינד אין א פוס. און איך האב עס געמוזט האלטען 18 מאנאטען אין סאנאטאריום."

„מיין קראנקהייט שרייב איך צו צו די ראזיגע פאסירונגען. מיין ביטער מזל האט אזוי שרעקליך געווירקט אויף מיין געזיכט, אז עס איז מיר מעהר ניט מעגליך צו קומען צו זיך."

„ביי נאכט קאן איך ניט שלאפען און ביי טאג שלעפ איך מיך ארום מיד און פערמאטערט. געפייניגט פון זעלטענע פינסטערע געדאנקען און אנפאלען פון נידערגעשלאגענקייט."

„מיינע קערפערליכע ליידען זענען די פאלגענדע. קאפּוועהטאג, שטיקען אין האלז, ברענען אין דער הויט, זאמען־פערלוסט, פאלוציעס. א. אז. וו."

„די מעדיצינישע קונסט וויסט ניט פון קיין רפואה צו די ראזיגע ליידען. מיין שלאפלאזיגקייט האט מען בעהאנדעלט מיט בראם און אפיום. מיין זאמען־פערלוסט מיט לופולין. אזוי ווי אבער די ראזיגע רפואות האבען ניט געהאלפען, זאגט צו מיר מיין דאקטאר, עס איז ניט פאראן קיין אנדער מיטעל ווי נאר איהר זאלט זעהען צו האבען א געשלעכטס־פערקער. קענען מיינע מאראלישע געפיהלען האב איך מיט דריי מאנאט צוריק איבערגעטראטען די שוועל פון א באָרדעל, כדי אין די ארעמס פון א פראסטיטוטקע צו געפינען

פערטיגט. אבער דאס לעצטע איז בשום אופן ניט בעוויזען געווארען. אדרבה דער פערזוך דאס צו טון איז מאוס דורכגעפאלען, ווי מיר האבען דאס געזעהען. דאס וואס האלט טראצדעם אויף דאס דאזיגע סיסטעם איז פאקטיש ניט די פערמינדערונג פון די ווענערישע קראנק־הייטען א דאנק איהם, נאר דער פערלאנג פון די מענער נאך סעקסועלע עקסצעסען און נאך סקסועלער אבוועקסלונג. די געזעלשאפט האט אבער ניט קיין רעכט, צוליב די בעזונדערע פערגעניגענס פון בעלי־תאוות צו ארגאניזירען אזא מאנסטער מאשין ווי עס איז דער שטאטליך ערלויבטער בארדעל־האנדעל, צוזאמען מיט דער סיסטעמאטישער דער־נידערונג פון א טייל פון דעם ווייבליכען געשלעכט.

דער פאקט וואס צוליב אלע מעגליכע אורזאכען שיקען זעהר א סך דאקטוירים נאך הייגט־צוטאג אפילו יונגע מענער אין בארדעל אדער צו פראסטיטוטקעס ווען זיי בעקלאגען זיך אויף דאס אדער אויף יענעם, מוז דעריבער פון אונז בעטראכט ווערען אלס די טרויריגע פעולה פון אן אלטער און פאלשער דאגמע. די דאזיגע רפואה איז ערגער און געפערליכער איידער די קרענק וועלכע זי דארף כלומרשט היילען, ערגער איידער אנאניזם, א סך ערגער איידער ביינאכטיגע פאלוציעס, א. דגל. סעקסועלע אבנארמאליטעטען און פערווערזיעס ווערען קיינמאל ניט געהיילט אין בארדעלען: אדרבה, דארט ווערען זיי ערשט ריכטיג ענטוויקעלט.

איך גיב דא איבער ווארט פאר ווארט דעם אינהאלט פון א בריף פון אן אונגליקליכען נערוועז־קראנקען, וועמעס ווערטער דערצעהלען בקצור די געשיכטע פון אונצעליגע אנדערע אונגליקליכע:

„איך בין איצט אלט 31 יאהרען. איך בין געווען פערהייראט

# פראָסטיטוציע.

דאָס וואָס איז געזאָגט מכח דעם ענין אין קאַפּיטעל 10 ווילען מיר דאָ ניט איבערזאָגען. מיר האָבען שוין געזעהען, אַז די גאַנצע מעדיצינישע בעשיצונג און רעגולאַציע פון דער פּראָסטיטוציע איז ניט בלויז אַ בייזער טעות פון מאָראַלישען און געזעצליכען שטאַנדפּונקט, נאָר אויך פון היגיענישען שטאַנדפּונקט, און אַז זי איז אבסאָלוט ניט בכח צו דערגרייכען איהר איינציגען ציל און צו ערפילען דאָס וואָס זי האָט עפענטליך צוגעזאָגט — די בעשיצונג קעגען ווענערישע קראַנקהייטען. צוליב דעם דאָגמאַטישען גלויבען אין דער אויטאָריטעט פון אַ שוין עקזיסטירענדיגער אינסטיטוציע האָבען די דאָקטוירים אין די לעצטע יאָהרען די פראַגע אינגאַנצען פאַלש אויסגעשטעלט. זיי האָבען גע׳טענה׳ט, אַז די געגנערס פון דער שטאַאטליכער רעגולאַציע זאָלען בעווייזען, אויב ביי זייער פרייען סיסטעם איז בעסער געגאַנגען, בעת אין דער אמת׳ען דאַרפען די אַנהענגער פון דער שטאַאטליכער רעגולאַציע בעווייזען אויב זייער סיסטעם פון רעגולאַציע האָט געפירט צו אַ בעדייטענדער פערקלענערונג פון דער צאָל פון ווענערישע קראַנקהייטען. דעמאָלט ערשט וואָלט מען זיך געקאָנט פרעגען אויב דאָס אויפהאַלטען פון אַזאַ סיסטעם, אַ סיסטעם וואָס מאַכט אַן אומזיסטע צרות, קאָן ווערען גערעכט

שאפט. וואס מיר ווילען דא בעהאנדלען איז מיינסטענס נוגע די סעקסועלע היגיענע, מחמת די סעקסועלע פאטהאלאגיע האבען מיר בעהאנדעלט אין קאפיטעל 8. איך וויל אבער דעם אלגעמיינעם און סאציאלען טייל פון דער היגיענע איבערלאזען פאר דעם לעצטען קאפיטעל, און וועל זיך בעזונדערס דא פערנעהמען מיט דער קריטיק פון געוויסע פער'טעות'טע מעדיצינישע אנשויונגען אין שייכות צו דער געשלעכטס-פראגע.

גרויע היפאטהעזען און השערות און אויף קיין שום אופן שטעלען זיי מיט זיך ניט פאר די פרות אויף דעם גרינגעם בוים פון דער אמת'ער ערפארונג פון לעבען. א סך דאקטוירים האבען אין זייער קונסט אונ־בעוואוסטערהייט איינגעפירט א טהעאלאגיע; זיי וועלען שווערע אויף איטליכס ווארט פון זייערע אויטאריטעטען און אויף אלצדינג קוקען דורך זייערע ברילען אנשטאט אליין צו דענקען און צו בעאב־אכטען. די ערגסטע צווישען זיי זענען די סיסטעם־דאקטוירים (האמ־מעטאפאטען, נאטוראפאטען, א. אז. וו.) גראד אין דער סעקסועלער פראגע ברענגט דער דאזיגער צושטאנד די ביטערסטע פרות.

בעזונדערס וויכטיג פאר אונז איז צו געדענקען, אז די מעדיצי־נישע וויסענשאפט גופא, זעהענדיג די שוואכקייט פון איהר היילקונסט, האט אויפגעשטעלט דעם היגיענישען כלל: „פערהיטונג איז בעסער איידער היילונג“.

די היינטיגע אנשויונגען פון די דאקטוירים בנוגע צו דער געשלעכטס־פראגע זענען נאך ליידער, פונקט ווי די אלקאהאל פראגע, שטארק פערוואלקענט מיט פארורטיילען און איגדירעקט בעיינפלוסט פון טעאריעס פון א רעליגיעזער מאראל און פון א גלויבען אין אוי־טאריטעטען. פונדעסטוועגען דארפען מיר די מעדיצין ניט שילטען, מחמת איהר און איהרע הילפס־וויסענשאפטען פערדאנקען מיר אונזערע קענטנישען וועלכע גיבען אונז היינט די מעגליכקייט אבצושאצען די סעקסועלע פערהעלטניסען ביים מענש פון א געזונדען, אמת נאטור־וויסענשאפטליכען און עמיש־סאציאלען שטאנדפונקט.

עס וואלט אונז צו ווייט אוועקגעפירט ווען מיר זאלען זיך וועלען אבשטעלען אויף אלע בעציהונגען פון דער מעדיצין צום געשלעכטס־לעבען. די קאפיטלען 1, 2, 3, 4 און 8 שטיצען זיך אין גאנצען אויף די דערגרייכטע רעזולטאטען פון דער מעדיצין און דער נאטור וויסענ־

עמבריאלאגיע, די פערגלייכענדע אנאטאמיע און פיזיאלאגיע, די אנ־אטאמיע און פיזיאלאגיע פון דעם געהירן, און אין דער לעצטער צייט די באקטעריאלאגיע. וואס דערפארשט דען ניט דער מענש כדי צו פערהיטען זיין ליבען איך! אבער דעריבער האט די וויסענשאפט־ליכע פארשונג פערנומען אין דער מעדיצין אזא פלאץ, אז די אייגענט־ליכע הייל־קונסט איז אפטמאל געבליבען פון הינטען. הגם אין דער פראקטיק שפילט זי תמיד די וויכטיגסטע ראלע, און צוליב בעגריים־ליכע אורזאכען ווערט דער נאטור־וויסענשאפטליך אונגעבילדעטער עולם פון איהר אמשטארקסטען בעאיינפלוסט.

דער ווערט פון דער מעדיצינישער קונסט איז זעהר א פערשידע־נער. אבער דעם אמת'ן ווערט האט זי בלויז דעמאלט, ווען, פריי פון שארלאטאניזם, איז זי געבויט אויף א גענינענדער וויסענשאפטליכער קענטניש, מחמת די קונסט פון אן איגנאראמוס פאלט ארייין אין טעותים. בעת די קונסט פון א שווינדלער זעצט זיך קודם כל אויף דער קעשענע פון דעם קראנקען. זעהר אפט בעגעגענען מיר דאקטוירים אין וועלכע עס איז צונויפגעפארט די אמת'ע קונסט מיט עמרצות, וויסען און פראקטישע קונסט מיט שארלאטאניזם, אדער וויסען מיט אונפע־היגקייט אין דער קונסט. דאס אידעאל איז א קאמבינאציע פון וויסען און קונסט מיט ערליכקייט און אונאייגעננוציגקייט; אבער ניט זעלטען בעגעגענען מיר א קאמבינאציע פון אלע חסרונות אין איין און דעם זעלביגען מענש: עמרצות, אונפעהיגקייט, אייגעננוציגקייט און שאר־לאטאניזם. אבער מעהר פון אלעם געפינט ליידער געיטהע'ס פערז צו ווענינ אבקלאנג ביי גאנץ פעהיגע און וויסענשאפטליך געבילדעטע דאקטוירים. א גרויסע צאל דאגמעס און לעהרען האלט זיך אויף

מען מיט דעם זעהען, אז טייל ליידען קאנען געלינדערט אדער געהיילט ווערען, האבען בעשאפען די מעדיצין.

בעת אבער די טהעאלאגיע, אבשיידענדיג זי פון דער עטיק אדער די מאראל־לעהרען וועלכע זי האט פשוט פערכאפט מיט געוואלט, לעבט פון מיסטיציזם, וועלכען זי פרופט מיט כל׳ערליי וואויל־קלינגענ־דיגע פראזען אויף וויפיל נים איז אנטון א מענשליך־נאטירליך פנים און, בעת דאס געזעץ פערגעסט זיין אורשפרונג און זיין צוועק, און האלט אויף זיין לעבען הויפטזעכליך מיט דער פערטייטשונג און אנ־ווענדונג פון געזעץ־פאראגראפען, לעבט די מעדיצין פון דעם לעבעדי־גען מענש.

„גרוי, טייערער פריינד, זענען אלע טעאריעס און גרין איז דער שעהנער בוים פון לעבען". די דאזיגע ווערטער פון געטהע זאל יעדער דאקטאר תמיד געדענקען.

בכדי צו היילען א קראנקהייט, דאס הייסט, בכדי בעשעדיגטע און אבנארמאלע פונקציעס פון קערפער צוריק ארויפצופירען אויף דעם ריכטיגען וועג, אויף וויפיל דאס דאזיגע איז בכלל מעגליך, מוז דער דאקטאר זיין בעקענט מיט דעם נארמאלען קערפער און זיינע לעבענס־אויסדרוקען. דעריבער מוז זיך זיין קונסט אויפבויען אויף די פונדאמענטען פון הילפס־ און ערפארונגס־וויסענשאפטען, קודם כל אויף דער אנאטאמיע און פיזיאלאגיע. צוליב דער דאזיגער אורזאך האבען זיך בעת דער עוואלוציע פון דער מעדיצין אלע העכער ענט־וויקעלט איהרע הילפס־וויסענשאפטען. די מעדיצין איז אפילו ביז א הויכען שטאפעל געווארען די טרייב־פעדער פאר דער דערפארשונג פון די אינטימסטע לעבענס־וויסענשאפטען, ווי די היסטאלאגיע, די

# קאפיטעל XIV

## סעקסועלע היגיענע.

אויב די טהעאלאגיע איז א גלויבען פון א לעהרע אין א גאט און אין יענער וועלט, און אויב דאס רעכט שטעלט מיט זיך פאר א סיסטע־מאטיש צונויפשטעלטע זאמלונג פון אלטע און נייע מנהגים און גע־זעצען, איז די מעדיצין, זאגט מען, די קונסט צו היילען קראנקע מענ־שען.

איין געפיהל און איין ווארנעמונג ליגען ביי די ווארצלען פון איטליכען פון די דריי דיסציפלינען. דער פחד פאר די פינסטערע פערבארגענע, העכערע כחות און פאר דעם שיקזאל נאך דעם טויט צוזאמען מיט דער בעגרעניצטקייט פון זיין וויסען און קענען, האבען דעם מענשען געפירט צו דער רעליגיע און צו דער פערערונג פון גע־טער; די געפיהלען פון רעכט און אונרעכט, ד. ה. דאס געוויסען וועלכע זענען א פילאגענעטישע צווייג פון די סימפאטיע־געפיהלען צוזאמען מיט דעם געדאנק פון דער גוטיגקייט פאר די מענשען צו לעבען אין געזעלשאפטען, איז דער יסוד פון דעם געזעץ; און דאס געפיהל פון וועהטאג און מורא פאר קראנקהייטען און טויט, צוזא־

און אָרים, אַהן יעדע הילף אויף דער וועלט, איז זי אין איהר פערצווייפ־לונג בעגאַנגען דאָס פערברעכען פאַר וועלכען זי ווערט איצט אַנגע־קלאַגט. ד אָ ס געריכט איז דעריבער געוועזן מילד און האָט די אַנגע־קלאַגטע פער׳משפט צו צוויי יאָהרען געפענגעניש.״

ווי באַרמהערציג! „מילד״ קלינגט ווי איראָניע.

אקטאבער 1908. — מכח דעם ביז איצטיגען לעבען פון פרידא קעללער אין געפענגעניש האב איך ערהאלטען די פאלגענדע צופער־לעסיגע ידיעה:

די ערשטע 6 חדשים האט מען זי געהאלטען אבגעזונדערט פון אלע איבעריגע געפאנגענע. אבער זינט דעמאלט ארבייט זי אין דער געפענגעניש־וועשעריי און פירט זיך אויף זעהר גוט. אין די בעסערע קרייזען פון סט. גאללען הויבט זיך אן אויפצואוועקען א סימ־פאטיע פאר איהר. אזוי ווי אין סט. גאללען האט שוין איינמאל גע־טראפען, אז מען האט א מאן, וועמעס טויט־שטראף איז אויך שפעטער פערביטען געווארען אויף לעבענסלענגליכען געפענגעניש, נאך עטליכע יאהרען זיצען אינגאנצען בעפרייט אויף א געזוך,, דעריבער איז דא א האפענונג, אז דאס זעלביגע וועט אפשר אויך געשעהען מיט דער אונגליקליכער פרידא קעללער.

אין דער לעצטער צייט, 1908, האט געטראפען דער פאל־גענדער ענליכער פאל:

"אין דעם שוואור־געריכט אין פרייבערג האט דער פראצעס פון דער 19 יאהריגער קאניעצקא, פון שלעזען, אויפגעדעקט א טרויריג בילד. די אנגעקלאגטע ווערט בעשולדיגט, אז דעם 9־טען פון לעצטען מאנאט זאל זי האבען אבזיכטליך געטויט איהר אונגעזעצליך געבוירען קינד אין לאשקאוויץ. זי האט דעם קינד'ס מויל און נאז צוגעדריקט מיט א צונויפגעקנוילט טאשענטיכעל און דאס קינד אויף דעם אופן דערשטיקט. די אנגעקלאגטע האט זיך מודה געוועזן אין יעדער זאך. ווערליג עס האט זיך ארויסגעשטעלט ביי די פערהאנדלונגען, איז די קאניעצקא, א יתומה, געקומען פון א שלעזישער היים נאך נידער־רוישיץ, וואו זי האט געפונען א שטעלע אויף א גוט. דא, ווי עס ווערט בעוויזען, איז זי ברוטאל פערגוואלדיגט געווארען פון אן ארבייטער, וועלכער אגב ווערט איצט אויך אנגעקלאגט פאר דעם פערברעכען, פון וועמען זי איז אויך אנגעשטעקט געווארען מיט א מאוס'ער קראנק־הייט; צוליב דער דאזיגער קראנקהייט האט זי פערלוירען איהר פלאץ, און שפעטער ווען זי האט געהאט דאס קינד, זייענדיג עלענד

קראַטען קאָן אין אַזױנע פאַלען האַלטען דאָס בלוט קאַלט און רוהיג.

לעבענסלענגליכע קנעכטשאַפט פאַר דעם אָרימען קרבן פון אַזאַ גרױזאַמען מזל איז אַ מין „בעגנאַדיגונג“ װעלכע איז באמת גיכער ענליך צו דער ביטערסטער איראָניע. די סט. גאַללישע יוסטיץ האָט בלױז איין װעג װי אַזױ די זאַך צוריק גוט צו מאַכען; אַזױ גיך װי מעגליך צו ענדערען איהרע געזעצען און צו בעפרייען איהר קרבן.

בײם געװענליכען קינדער־מאָרד איז דער אמת׳ער מערדער מײנס־טענס ניט די מוטער װעלכע הרג׳עט דאָס קינד, נאָר גיכער דער פאָטער װעלכער פערלאָזט די שװאַנגערדיגע פרױ אָדער פערלײקענט דאָס קינד. אין דעם פאַל דאַ פאַר אונז פעראײניגען זיך די ירושה פון דער מוטער׳ס צד, די פאָלגען פון אַ געהירנהױט־ערענטצינדונג, אונבעהאָלפענקײט, אָרימקײט, בושה, אַ פאַטהאָלאָגישע צװאַנגס־אידעע און די ניט איבע־ריג לױבענסװערטע אױפפירונג פון איהר פאָטער און מאַכען פון פרידאַ קעללער גיכער אַ קרבן אײדער אַ פערברעכערין. עס איז בעשײנ־פערליך, אַז דאָס קינד איז פאַר איהר געװען ניט בלױז אַ קװאַל פון שװערע מאַטעריעלע זאָרגען. נאָר זי האָט אױך געפיהלט אַ װידערװילען צום קינד. אַלעס זאָגט עדות דערפאַר. אָבער װי קאָן אַ פרױ, װעלכע איז אַלעמאַל געװען אַ גוטע, בראַװע און פלײסיגע, װעלכע האָט דוקאַ ליב געהאַט קינדער, קומען צו אַזאַ צושטאַנד מורא צו האָבען און אָב־צושטױסען איהר אײגען אונשולדיג קינד? װאָלטען זיך די ריכטער געשטעלט די דאָזיגע פראַגע און אױף איהר געענטפערט, װאָלטען זײ ניט געהאַט דעם מוט די דאָזיגע פרױ צו פערורטײלען, און אודאי און אודאי ניט פערורטײלען צום טױט, מחמת זײער געװיסען װאָלט זײ קלאָר אָנגעװיזען די אמת׳ע שולדיגע: די מענליכע ברוטאַליטעט, די היפּאָקריטישע סעקסועלע מנהגים און די אונגערעכטע געזעצען.

דעמאָלט װען י ע ד ע שװאַנגערשאַפט און געבורט װעט װערען רעספּעקטירט פון דער געזעלשאַפט, און דעמאָלט װען דאָס געזעץ װעט י ע ד ע מוטער בעשיצען און איהר העלפען אין דער ערציהונג פון איהרע קינדער, דעמאָלט ערשט װעט די געזעלשאַפט האָבען דאָס רעכט שטרענגער צו משפט׳ען קינדער־מערדער.

אָקטאָבער 1908. — מכח דעם ביז איצטיגען לעבען פון פרידאַ

פרידא קעללער איז אהן ספק געווען אין אן אבנארמאלען גייס־טיגען צושטאנד: זי האט זיך ווארשיינליך געפונען אונטער דעם דרוק פון אן אוטאסוגעסציע, וועלכער האט זי בעהערשט ווי א צוואנגס־אידעע. אזוינע פאלען זענען ניט אזא זעלטענקייט. דאס בעווייזט קלאר די נארישקייט פון איהרע האנדלונגען. וואלטען אונזערע ריכטער און אונזערע געשוואוירענע פערמאגט אביסעל מעהר וויסען מכח דער עלעמענטארער מענשליכער פסיכאלאגיע און אביסעל ווייניגער געזעץ־פאראגראפען אין זייערע קעפ, דעמאלט וואלט זיך ביי זיי ווייניגסטענס אויפגעוועקט א ספק מכח דער גייסטיגער קלארקייט פון דער אנגע־קלאגטער און זיי וואלטען פערלאנגט א פסיכיאטרישע אונטערזוכונג. אבער אבגערעדט דערפון, פרעג איך, קאנען מיר ערליכערהייט פאדערען פון א פרוי מוטערליכע געפיהלען צו א קינד וועלכעס איז די פרוכט פון איבעראשונג וועלכע גרעניצט זיך נאהענט צו א פערגוואלדיגונג? אין דעם דאזיגען קאפיטעל האב איך געפאדערט דאס רעכט קינסטליך צו מפל'ען לכל הפחות ביי פערגוואלדיגונגען, און איך גלויב, אז דער פאל פון פרידא קעללער בעווייזט די גערעכטיגקייט פון מיין פאדערונג. דערמיט אבער מיין איך אבסאלוט ניט צו רעכטפערטיגען דעם מארד פון א שוין געבוירענעם קינד, בפרט פון א 5 יאהריג קינד. אבער דאס פעהלען פון דער מוטערליבע אין אזוינע פאלען איז גראד נאטירליך און בעגרייפליך. אז דא האנדעלט זיך מכח א גערויבטע סעקסועלע בע־פרידיגונג מצד פון דעם פאטער און מכח אן ארויפגעצוואונגענע מוטערשאפט זעהט זיך גראד אמקלארסטען ארוים אט דוקא פון דער קאלטקייט פון פרידא קעללער צו איהר קינד, א קאלטקייט וועלכע קאן אויף אן אנדערען אופן ניט דערקלערט ווערען.

אין זיין גאנצען טראגיזם איז דער דאזיגער פאל א גרויזאמע אילוסטראציע פון דער ברוטאליטעט און היפאקריטסווע פון אונזערע מנהגים בנוגע צו דער געשלעכטס־פראגע, און ער ווייזט צו וואסערער הויך דער פערבלענדעניגער שרעק, די מורא'דיגע בושה, פייניגונג און פערצווייפלונג קאן דערגרייכען, און וועלכע זענען טאקע די פרות פון די דאזיגע מנהגים. האבענדיג פאר די אויגען אזוינע פאקטען, גלויב איך ניט, אז מען קאן מיך בעשולדיגען אין איבערטרייבונג. נאר דאס לערערנע און טרוקענע הארץ פון געוויסע יוריסטען און ביורא־

ניט געזעצליכער געבורט.

דאָס גאנצע עדות-זאָגען איז געווען לטובה איהר: אז זי איז געווען א מילדע, א צאַרטע און א גוטע, אז זי איז געווען אינטעליגענט, אַר־בייטזאַם, שפּאַרזאַם און האָט זיך לויבענסווערט אויפגעפירט און, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, אז זי האָט ליב געהאַט איהר שוועסטער'ס קינדער. זי לייקענט אבסאָלוט ניט אָב, אז זי האָט פּאַרויס געפּלאָנט דאָס פערברעכען, און פּרופט אין קיין פאַל ניט צו פערקלענערען איהר שולד.

לויט דעם געזעץ פון סט. גאַללען (אַרטיקעל 133) קריגט מען אין אזא פאַל טויט־שטראָף, און טויט־שטראָף איז טאַקע געווען דער פּסק־דין. ווען פרידאַ קעלער האָט דערהערט דעם אורטייל האָט זי ארויס־געלאָזען א געשריי און איז געפאַלען צו דער ערד אין חלשות.

דאָס העכסטע געריכט פון דעם קאַנטאָן סט. גאַללען האָט אָבער מיט אַלע שטימען קעגען איינער פערביטען די טויט־שטראָף אויף לעבענסלענגליכע געפענגעניש.

דאָס זענען די נאַקעטע פאַקטען, וועלכע מיר האָבען ארויסגענומען פון דעם אָריגינאַל־פּראָטאָקאָל פון דעם אורטייל, פון אָפּיציעלע רע־פּאָרטען, פון דעם „טאַגבלאַט" פון דער שטאָדט סט. גאַללען און אויך פון א אויסצוג פון דעם זשענעווער "סיגנאַל", ארויסגעגעבען פון א. דע מאַרסיער. מיר מוזען אויסרופען מיט הער דע מאַרסיער, אז א געזעצגעבונג וועלכע קאָן אין אזא פאַל פער'משפּט'ען צום טויט איין צד, בעת דעם אמת'ען פערורזאַכער פון דעם פערברעכען לאָזט זי ארומ־געהען פריי און אונבעשטראָפט, אז אזא געזעצגעבונג איז גראָד ווי בעשאַפען דערצו צו פערטרייבען יעדען פונק גלויבען אין גערעכטיג־קייט אין א לאַנד וואָס רופט זיך קריסטליכע דעמאָקראַטיע. עס איז א פּשוט'ע באַרבאַרישע יוסטיץ, א שאַנד פאַר דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט! מיר ווילען נאָך צולעגען דאָס פאָלגענדע:

"Fiat justitia, pereat mundus."

ריכטער און געשוואָוירענע האָבען געוויסענהאַפט אָנגעווענדט א געזעץ־פּאַראַגראַף. דערמיט — געענדיגט — פּונקטום. און דאָס רופט מען גערעכטיגקייט!

גערוכט.

זי איז דערנאך אוועק צום אנשטאלט, פריהער איינקויפענדיג נייע קליידער פאר'ן קינד, און האט דארט געזאגט, אז איהר'ס א טאנטע פון מינכען, וועט נעהמען דאס קינד צו זיך און, אז זי ווארט דערויף אין צוריך. זי האט דאס קינד גענומען ביים הענטעל, ניט לאזענדיג עס אפילו רעכט געזעגענען זיך, און איז דערמיט אוועק אין האגענ־באך וואלד. צוקומענדיג צו אן איינזאמען פלאץ האט זי זיך אוועק־געזעצט און איז אזוי געבליבען זיצען א לאנגע צייט, בעת דאס קינד האט זיך געשפילט מיט צווייגען און בלעטער. לאנג האט זי געטראכט, — האט זי געזאגט — און זי האט געגלויבט, אז זי וועט קיינמאל ניט האבען דעם מוט צו טון אזא זאך. זי האט מיט זיך געקעמפט, אבער מיט אמאל האט זי א געהיימע קראפט געטריבען דערצו. א האלבע שעה פאר דעם פערברעכען האט זי מיט איהרע הענד און שיך אויס־געגראבען א קבר, און האט דערנאך דאס קינד דערווארגען מיט דעם שטריק. דער קנופ איז געווען פערצויגען מיט אזא קראפט, אז עס איז געווען שווער איהם לויז צו מאכען אויף דעם טויטען קערפער. זי האט עטליכע מינוטען געקניט פאר דעם קינד, געווארט ביז עס האט אויסגע־הויכט דעם לעצטען פונק לעבען, דערנאך האט זי עס בעגראבען, איז אהיים געגאנגען מיט אן אנדערען וועג מיט אלע כחות שטיקענדיג אין זיך די טרערען.

דעם 1־טען יוני האט זי געשריבען צום אנשטאלט, אז דאס קינד איז גליקליך אנגעקומען קיין מינכען. דעם 7־טען יוני האט א שטאר־קער רעגען ארויסגעוואשען דעם טויטען קערפער און איז ענדעקט גע־ווארען פון איטאליענער. דעם 11־טען יוני האט זי דעם אנשטאלט אבגעשיקט דעם חוב וואס פון איהר איז נאך געקומען פאר דעם קינד. דעם 14־טען יוני האט מען זי ארעסטירט. בעת דעם גאנצען פראצעס האט זי גע'טענה'עט, טיילמאל רוהיג, טיילמאל מיט א געוויין, אז איהר טאט איז זי בעגאנגען, ערשטענס, ווייל זי איז ניט געווען אימשטאנד אליין אויפצוהאלטען דאס קינד און, צווייטענס, צוליב דער נויטיגקייט צו בעהאלטען דעם שרעקליכען סוד. דער דאזיגער סוד איז געווען איהר בושה, די בושה פון יענער געצוואונגענער מוטערשאפט און פון דער

1904, ד. ה. פון דער מינוט אַז ווען דאָס קינד האָט געמוזט פערלאָזען די היים, ווערט זי פערפאָלגט בלויז פון איין איינציגען געדאַנק, אַ געדאַנק, וועלכער האָט זיך ביסלעכווייז אריינגעגראָבען אין איהר פון מורא און בושה צומישטען מח, אַ געדאַנק, אין וועלכען זי האָט געזעהען איהר איינציגע הילף — צו פטר'ען דאָס קינד. אַ לאַנגע צייט האָט זי זיך געראַנגעלט מיט דער דאָזיגער צוואַנגס־אידעע, אָבער אומזיסט; זי ווערט אַלעמאָל מעכטיגער און מעכטיגער ביז זי איז געוואָרען אַן ענטשלוס.

הגם זי האָט אַלעמאָל ליב געהאַט איהר שוועסטער'ס קינדער, האָט זי אָבער פיינד געהאַט איהר אייגען קינד. די אַנגעשטעלטע אין דער קינדער היים האָט דערויף עדות געזאָגט. זי האָט דאָס קינד בעזוכט זעהר זעלטען; אמת, פאַר דעם קינד האָט זי בעצאָלט מיט שווערע מיה פון איהרע מאַגערע פערדינסטען, אָבער בכלל האָט זי זיך בענומען פונקט ווי זי זאָל דאָס קינד ניט קענען. ווען זי איז געקומען אין אַנשטאַלט פלעגט איהר דאָס קינד פרעהליך אַנטקעגען לויפען. אָבער זי איז געבליבען קאַלט; זי האָט איהם קיינמאָל ניט מיטגעבראַכט צוקערלעך אָדער שפּילכעלעך, האָט עס קיינמאָל ניט געקושט און האָט עס זעלטען ווען גענומען אויף די הענד. מען האָט זי פערבעטען צום ווייהנאַכטס־בוים; זי איז אָבער ניט געקומען. די דאָזיגע פרוי, וועלכע איז געווען אין אַלע איבעריגע בעציהונגען אַ מילדע און אַ גוטע, וועלכע האָט אַ פליג ניט וועה געטון, וועמעס אויפפירונג איז געווען לויבענסווערט, האָט אויף איהר אייגען קינד בלויז אַ בליק געטון און קיינמאָל דערמיט קיין וואָרט ניט גערעדט. דעם 9־טען אפּריל האָט זי געשריבען צום אַנשטאַלט זי וועט באַלד קומען צונעהמען דאָס קינד.

מיט עטליכע טעג פאַר דעם, אין אַ נאָכמיטאָג, איז זי אַוועק אויף אַ לאַנגען שפּאַציר; דעם צווייטען טאָג האָט זי אַ פערוויינטע לאַנג ארומגעבלאָנדזעט ביי זיך אין שטוב זוכענדיג אַ שטריק. דער אינווע־ניגסטער קאַמף, אַהין אַ ברעקעל טרויסט, אַהין אַ פריינד פאַר וועמען אויסצוגיסען איהר ביטער הארץ, האָט איין איהר פערשטאַרקט דעם שרעקליכען ענטשלוס. „פון די דאָזיגע פאַנטאַזיעס האָב איך מיך נאָר געקאָנט בעפרייען מיט דעם טויט פון דעם קינד“, האָט זי געזאָגט אין

איז איהר געבליבען א חלק ירושה פון 2471 פראנקען, אבער דאס דאזיגע געלד איז אריין אין איהר עלטערען ברודער'ס שוך־געשעפט און ער האט איהר קיינמאל ניט געשיקט קיין פראצענט דערפון. איהר איז אבער אפילו ניט געקומען אויפ'ן געדאנק דאס צו פאדערען.

איצט פאנגט זיך אן פאר דעם ארימען מיידעל א לעבען פון קאמף און פערצווייפלונג. צוויי געדאנקען פערפאלגען זי, אז איהר איז ניט מעגליך מעהר אויפצוהאלטען דאס קינד און, אז אויס שאנד מוז זי אלעס האלטען בסוד. זי פיהלט זיך פערלוירען און פערשעמט. זי האט שוין עטליכע מאל ניט בעצאלט פאר דעם קינד אין אנשטאלט און מען האט זי שוין געמאנט. אין נאוועמבער 1903 האט מען איהר געלאזט וויסען, אז דאס קינד וועט מעהר ניט קאנען בלייבען אין דער קינדער־היים נאך די אסטער־פייערטעג 1904, ווייל דעמאלט וועט עס דערגרייכען זיי מאקסימום־עלטער (5 יאהרען).

וואס וועט זי איצט טון?

פרידא קעללער איז דעמאלט געווען אין אן אויסערגעווענליכען קענטיג אין א פאטהאלאגישען געמיהטס־צושטאנד, אויף וואס איהר פערטייטיגער, דר. יאנגסען, האט טאקע כסדר אנגעוויזען. זי וויל איהר געהיימניס פערבארגען; אבער טון טוט זי גארניט דערצו. זי זוכט ניט קיין ביליגערע וואוינונג, פערלאנגט ניט קיין העכערען לוין, און פאדערט אפילו ניט איהר געלד פון איהר ברודער, און ער פערנוצט פאר זיך די פראצענטען פון איהר קאפיטאל. וועגען איהר ביטערער לאגע רעדט זי מיט קיינעם ניט, ניט מיט איהר פערהייראטער שוועסטער און ניט מיט קיין פרעמדען מענש. דער פאטער פון איהר קינד איז פערשוואונדען, און זי האט איהם, א פערהייראטען מאן, קיינמאל ניט אנגעקלאגט, ווייל זי האט געוואלט אבהיטען איהר סוד. *א חוץ דעם אבער קאן וועדליג דעם גילטיגען געזעץ ניט אויפגעהויבען ווערען קיין קלאגע פון פאטערשאפט קעגען א פערהייראטען מאן* (!). ניט זי טראכט און ניט זי פרופט עפעס א פראקטישע זאך כדי צו פערזארגען דאס קינד. אין געריכט האט זי געזאגט, אז אזא געדאנק איז איהר קיינמאל ניט איינגעפאלען, אדער אפילו צו פאדערען א העכערונג פון איהר לוין. נאך די פייערטעג,

הויז. דאָס האָט זי געמאַכט זעהר אונגליקליך. צוועלף טעג נאָך דער געבורט האָט דאָס מיידעל מיט דער הילף פון איהר מוטער געי ברענגט דאָס קינד אין דער היים פאַר קינדער אין סט.גאַללען.

דער פערפירער האָט פון אַנהויב צוגעזאָגט צו זיין גוט און פיין, האָט פערזיכערט אַז ער וועט אויפהאַלטען דאָס קינד, ער האָט אָבער פרידאַ'ן מעהר ניט געגעבען ווי צוויי מאָל צו 40 פראַנקען, צוזאַמען 80 פראַנקען, און מיט דעם האָט זיך געענדיגט זיין גוטסקייט. ער האָט שפּעטער פערלאָזען די שטאָדט און מעהר האָט מען איהם ניט געזעהען.

ביי דעם פּראָצעס זענען די אומשטאַנדען אונטער וועלכע פרידאַ איז שוואַנגער געוואָרען ניט גענוג אונטערזוכט געוואָרען, און איהר פערפירער איז געוועזען פריי און מען האָט איהם גאָרניט געטהון. אמת עס האָט זיך דאָ ניט געהאַנדעלט וועגען אַ פערגוואַלדיגונג, נאָר ניכער וועגען אַן אונערוואַרטעטע און פּלוצליך איבעראַשען פון אַ דערשראָקען, אונבעהאָלפען און שעמעדיג מיידעל. דער פערטיידיגער האָט גע'־ טענה'ט אַז דאָ „האָט אַבסאָלוט ניט עקזיסטירט קיין ליבעס־פערהעלטניס“. דערפון אָבער האָבען די געריכטס־אַקטען קיין וואָרט ניט דערמאָנט. אַלזאָ, די פראַגע איז בלויז געוועזען אָדער פערגעוואַלדיגונג אָדער איבעראַשונג. אָבער פרידאַ קעללער, אויף וויפיל די זאַך לאָזט זיך אָבשאַצען, האָט בלויז געפיהלט אַן עקעל צו איהר פערפירער, ווען זי האָט קענטיג בלויז נאָכגעגעבען אויס שוואַכקייט און מורא. געוויס, דער פערפירער האָט שפּעטער געפּרופט די זאַך צו פערדרעהען און צו לייקענען זיין פאָטערשאַפט; די דאָ־ זיגע טענה אָבער קאָן מען ניט גלויבען, מחמת ער האָט פאַקטיש בעוויזען זיין שולד, ערשטענס, דורך זיינע צאָלונגען און, צווייטענס, דורך זיין פערשווינדען.

פאַר דעם קינד אין אַנשטאַלט האָט פרידאַ געמוזט צאָלען 5 פראַנקען אַ וואָך, און איהר שוועסטער אין סט. גאַללען 34 פראַנקען אַ חודש פאַר איהר קאָסט און קוואַטיר. אין 1901 איז געשטאָרבען איהר פאָטער, און אין 1903 איהר מוטער, איהר לעצטע טרויסט, וויל איהר איינציגע פריינדין איז אַוועקגעפאָרען. פון איהר פאָטער

ארויסצוהעלפען דער פאמיליע. שפעטער האט זי געקראגען א שטעלע אלס שניידער־מיידעל אין א קליידער־געשעפט אין סט. גאללען און האט פערדינט 60 פראנקען א חודש. כדי מעהר צו פערדינען האט זי זונטאג געארבייט אלס א געהילפס־קעלנערקע אין קאפע דע לא פאסט. דער ווירט, א פערהייראטער מאן, האט זי כסדר פערפאלגט מיט זיינע ליבעס־שטיק און איהר איז זעהר שווער אנגעקומען זיך אויסצוהיטען פון זיין צודרינגליכקייט.

זי האט שפעטער געקראגען אן אנדערע שטעלע וואו זי האט פערדינט 80 פראנקען א חודש. איין טאג, אין 1898, ווען זי איז אלט געווען 19 יאהרען, האט זי דער דערמאנטער ווירט, וועלכער האט זי כסדר געהאלטען אין איין פערפאלגען, מיט עפעס א תרוץ אראב־געשיקט אין קעלער, איז איהר נאכגעגאנגען און דורך שרעק און איבעראשונג האט ער זי געצוואונגען זיך איבערצוגעבען געשלעכטליך; דאס דאזיגע זאל שפעטער האבען געטראפען עטליכע מאל. דעם 27־טען מאי 1899 האט זי געהאט א אינגעל אין דעם שפיטאל פאר קינפעטארינס אין סט. גאללען.

זי האט זיך אין אלעס מודה געווען פאר איהרע עלטערן און פאר די איבעריגע קינדער, און זי איז געווארען זייער קרבן. פאר בושה האט זי אבער די גאנצע פאסירונג געוואלט בעהאלטען פאר דער וועלט. איהר מוטער איז צו איהר געווען גוט און האט מיט איהר געהאט רחמנות. זי אליין איז אויך פערפירט געווארען און געשוואנגערט ווען זי איז אלט געווען 18 יאהרען. אויך איהר פערפירער האט זי שפעטער פערלאזט, און זי האט דאס קינד באלד געטויט ביים געבוירען ווערען. צוליב מילדע אומשטאנדען איז זי פער'משפט געווארען אויף 6 יאהרען געפענגניש; זי האט זיך פריהער, אזוי גוט ווי שפעטער, גוט אויפגעפירט. דאס געריכט האט אנגענומען, אז איהר פערברעכען איז זי בעגאנגען „ניט אזויפיל אויס מאראלישער פערדארבענקייט ווי אויס א פאלש געפיהל פון ווירדע“. פרידא, וועלכע האט צערטליך ליב געהאט איהר מוטער, האט גארניט געוואוסט פון דער גאנצער געשיכטע. דער פאטער איז געווען זעהר שטרענג קעגען זיין טאכטער, האט איהר אבגעזאגט יעדע הילף און רחמנות און האט זי געוואלט פעריאגען פון

ווערען רעגולירט אויף אַ פּריווילעגען און ראַציאָנאַלען אופן אויף דעם יסוד פון אַ סאָציאַלער עטיק: דאָס וועט אונז ברענגען אַ סך ווייטער, איידער די געזעצליכע פאַרשריפטען, וועלכע האָבען אַלעמאָל עפּעס אַ מום און וועלכע בעשרענקען די פרייהייט. לאָמיר קיינמאָל ניט פערגעסען, אַז תמיד זענען געזעצען אין בעסטען פאַל אַ נויטיגער איבעל, און אָפּטמאָל טאַקע אַן אוננויטיגער.

צום סוף וויל איך בעמערקען, אַז ביידע, סיי דאָס שטראָף-געזעץ און סיי דאָס ציוויל-געזעץ, זאָלען פערבונדען ווערען מיט אַ ד מ י נ י ס ט ר א ט י ו ו ע מ אָ ס ר ע ג ל ע ן, בכדי אין דעם סעקסועלען געביט צו בעשיצען אי דעם יחיד און אי די געזעלשאַפט, און אין דער־צוועלביגער צייט אכטונג צו געבען אויף די אינטערעסען פון די שפּע־טערדיגע דורות. אויף דעם אופן אָבער זאָל דאָס געטון ווערען אויף אַזוי־פיל, אויף וויפיל די קראַנקע אָדער עראָטישע אויסוואוקסען פון די מענשליכע שוואַכקייטען שטערען צו דערגרייכען פּריווילעג דעמזעל־ביגען אָדער אַ בעסערען רעזולטאַט דורך אַ מאָראַלישער און גייסטיגער אויפקלערונג און ערציהונג.

## אָנהאַנג צו קאַפּיטעל XIII.

### אַ געריכטס-פאַל.

דער פאָלגענדער פאַל איז געשעהען אין 1904 אין קאַנטאָן סט. גאַללען, שווייץ, און ער בעשטעטיגט מיינע מיינונגען.

פרידא קעללער, געבוירען אין 1879, אין בישאָפסצעל, קאַנטאָן טהורגאו, שטאַמט פון אָרענטליכע עלטערן. איהר מוטער איז געווען אַ גוטע און געפיהלפולע, איהר פאָטער ערליך, אָבער זעהר שטרענג און טיילמאָל צאָרנדיג. פרידא איז געווען די פינפטע פון 11 שוועס־טער און ברידער. זי איז געווען אַ זעהר גוטע שילערין. אָבער ווען זי איז נאָך געווען זעהר יונג, 4 יאָהרען אַלט, איז זי קראַנק געוואָרען אויף אַ געהירנהויט-ענטצינדונג, און זינט דעמאָלט ליידט זי אָפט פון קאָפּוועהטאָג. אין 1896-97 האָט זי זיך געלערענט שניידעריי, האָט געהאַט ערפאָלג, און אין דער היים האָט זי געהאָלפען אין דער בעל-הבית'שקייט. אין דער פרייער צייט האָט זי געשטיקט כדי

ענטפערען, אז אין דעם דאזיגען פאל איז די זאך אז אנדערע. דא האנדעלט זיך ניט מעהר וועגען איין לייב, נאר וועגען צוויי אדער מעהר (צווילינגען א. אז. וו.). פון דער רגע אן ווען די שוואנגערשאפט האט זיך אנגעהויבען בעקומט דאס עמבריא, ניט קוקענדיג וואס זיין לעבען איז נאך אזוי אינטים פערבונדען מיט דעם לעבען פון זיין מוטער, סאציאלע רעכטען וועלכע פערדינגען שוין דערפאר אליין מעהר בעשיצונג, מחמת עס איז נאך ניט קאפאבעל דאס צו טון אליין.

אונטרייקייט. — ווערליג מיר האבען געזעהען, דארף די אונטרייקייט צווישען א פארפאלק, וועלכע אגב ווערט נאך היינט אפילו אפטמאל דירעקט בעשטראפט, פשוט זיין אן אורזאך פאר א גט. די דאזיגע פראגע האבען מיר שוין ארומגערעדט און מיר האבען געזעהען, ווי עס איז אומזיסט די מיה צו ווילען בעשאפען טרייקייט מיט געוואלט. אלעם וואס איך האב געהאט צו זאגען מכח דעם דאזיגען ענין, האב איך שוין געזאגט אין שייכות צום ציוויל־געזעץ. די גאנצע פראגע זאל לויט מיין מיינונג גארניט נוגע זיין די שטראף־געזעצען; אויב מיט דער אונטרייקייט זענען פערבונדען שווינדעל אדער אנדערע פערברעכענס, געהערען זיי ניט אהער, און זיי מוזען בעהאנדעלט ווערען אלס אזוינע.

צוכטוואהל. — די אינדירעקטע געפאר פאר קינדער צוליב א שלעכטער ירושה, איז א בייזע סאציאלע קללה. אבער דערווייל קאן מען דא גארניט העלפען מיט דעם שטראף־געזעץ. מיר האבען שוין געזעהען וואס אין דעם דאזיגען פרט קאן טיילוויז געטון ווערען מיט דער הילף פון ציוויל־געזעצען, און וואס דא און דארט ווערט פאקטיש געטון. אין אן אנדער קאפיטעל ווילען מיר געוואר ווערען מכח אנדערע מיטלען מיט וועלכע מען קאן אמבעסטען איינפירען א סדר אין דעם דאזיגען געביט.

אויבען האבען מיר שוין בעהאנדעלט די פראגע פון קאסטראציע און אויך אנגעוויזען געוויסע פאלען ביי וועלכע מען קאן זיי אנווענדען. אבער צוליב אלערליי אורזאכען מוז די צאל פון די דאזיגע פאלען זיין זעהר בעשרענקט, און לויט מיין מיינונג מוז די בעשאפונג פון קינדער

מאַנאַטען. אויב דאָס קינד איז שוין פעהיג צו לעבען, דעמאָלט הייסט דאָס מעהר ניט קיין קינסטליכער מפּיל, נאָר אַ קינסטליכע פריה־געבורט. אוב דאָס ווערט געטון מיט דעם איינציגען צוועק פּטור צו ווערען פון קינד, דאַרף זיין די שטראָף אַ סך שווערער איידער ביי אַ קינסטליכען מפּיל־זיין. די זאַך ווערט דעמאָלט בעטראַכט אַלס אַ קינדער־מאָרד. צוליב דער דאָזיגער אורזאַך, און מחמת די גאַנצע פראַגע איז אַזוי קאָמפּליצירט און אַזוי שווער, זאָל מען דאָס קינסטליכע אַבטרייבען פון דעם עמבריאָ אָדער קינד, אַ חוץ אין אַ פּאַל פון אַן ארויפגעצוואונגענער שוואַנגערשאַפט, קיינמאָל ניט איבערלאָזען צו דעם פרייען וואונש פון דער מוטער. די זאַך זאָל מעהר אַבהענגען פון אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג און ערלויבניש. שוין דערפאַר אליין דאַרף דאָס זיין אַזוי, מחמת אונזער היינטיגע בעקענטשאַפט מיט די מיטלען קעגען שוואַנגערשאַפט מאַכט פאַר אונז לייכט צו פערהיטען דאָס שוואַנגער־ווערען. די געזעלשאַפט האָט דעריבער דאָס רעכט צו פאָדערען פון דער מוטער, וועלכע שוואַנגערט שוין, ניט צו אונטערברעכען די שוואַנגערשאַפט. אויב, ווי מיר האָפען, מיר וועלען קריגען גרעסערע רעכטען פאַר פרויען, אַזוי גוט ווי אַ גרעסערע סעקסועלע פרייהייט בכלל, און אויך אין דער הייראַט, וועט דעמאָלט דאָס קינסטליכע מפּל'ען אַלץ ווייניגער און ווייניגער קאָנען גערעכטפערטיגט ווערען פון אַנדערע אורזאַכען אַ חוץ ריין מעדיצינישע אָדער סאָציאַל־היגיענישע. דער אונגערעכטער פלעק, וועלכער פאַלט היינט־צוטאָג אויף דער אונגעזעצליך פערהייראַטער מוטערשאַפט, דערקלערט און רעכטפערטיגט ביז אַ געוויסען שטאַפּעל אַ סך פאַלען פון דעם קינסטליכען מפּל'ען און אַפילו פון קינדער־מאָרד. עס מוז אָבער ווערען אַנדערש: אין דער צוקונפט זאָל ק י י ן שוואַנגערשאַפט ניט זיין קיין בושה פאַר דער פרוי, אָדער געבען וואָסערע ניט איז אורזאַך זיך צו בעהאַלטען מיט איהר.

אויב מען וועט צו מיר טענה'ען, אַז איך בין ניט קאָנסעקוועַנט: אַז יעדען מענש, און דעריבער אויך דער פרוי, מוז אין אַלע פאַלען אַבגעהיט ווערען דאָס רעכט איבער זיין אייגענעם קערפּער, און, אַז דאָס שטראָף־געזעץ דאַרף זיך דערמיט גאַרניט פערנעהמען, וועל איך

נעשלעכטס־ארגאנען. ווען מען ניט אין דער צוקונפט לכל הפחות דערלאזען דערצו, אז מיט דער צושטימונג פון די עלטערן און נאך א גרינדליכער עקספערט-מעדיצינישער אונטערזוכונג זאלען אזוינע אונגליקליכע נפשות אומגעבראכט ווערען דורך מילדע נאקראטישע מיטלען, איידער זיי דורך א געזעצליכער צוואנג צו פערדאמען צו א לעבען פול מיט ביטערקייט און פייניגונג ? אויך אין דעם דאזיגען פרט שמאכט אונזער געזעצגעבונג אונטער דער דרוק פון אלטע רעליגיעזע דאגמעס. פון איין זייט ארגאניזירט מען געוואלדיגע ארמעען בכדי צו הרג'ענען טויזענדער פון די סאמע געזונדסטע מענשען, און א סך אנדערע טויזענדער מענשען לאזט מען אונטערגעהען פון הונגער, פראסטיטוציע, שכרות און עקספלואטאציע, בעת פון דער אנדערער זייט פאדערט מען פון דער מעדיצין זי זאל אנווענדען איהר גאנצע קונסט און איהרע אלע אנשטרענגונגען בכדי אויף וויפיל מעגליך צו פערלענגערען דאס טרויריגע לעבען פון קערפערליכע און גייסטיגע קריפלען. מען בויט אויס גרויסע אנשטאלטען פאר אידיאטען און מען צוגעהט פאר נחת ווען נאך לאנגע יאהרען פון א שווערער און געטרייער ארבייט, נאך מיה און מאטערניש פון דעם פערזאנאל, קאן דאס אידיאטישע בעשעפעניש ארויסזאגען עטליכע ווערטער ווי א פאפוגיי אדער אויסדראפען עטליכע ווערטער אויף א פאפיר, און ווער שמועס'ט שוין, ווען אזוינע קליינע אפען האבען זיך אויסגעלערענט נאכצוזאגען א תפלה און האלטען דערביי די אויגען פערדרעהט צום הימעל ! עס איז שווער אוועקצושטעלען די דאזיגע צוויי פאקטען איינעם נעבען אנדערען און דערביי ניט צו פיהלען די ביטערע איראניע פון אונזערע אזוי־גערופענע הומאניטארע מדות. באמת, יענע פלעגערס און לעהרערס, וואס זענען מקריב זייער לעבען פאר אזוינע אידיאטען, וואלטען א סך בעסער געטון ווען זיי לאזען זיי שטארבען, און אליין בעשאפען געזונדע און געראטענע קינדער ! די דאזיגע פראגע געהערט אייגענטליך ניט מעהר צו אונזער ענין.

**דאס רעכט פון דעם עמבריא.** — געוועגליך ווערט געמאכט אז אונטערשיד צווישען דעם קינסטליכען מפל'ען אין די ערשטע מאנאטען פון דער שוואנגערשאפט, און דעם מפל'ען אין די שפעטערדיגע

עמבריאָ, אזוי גיך עס איז געוואָרען בעשאַפען, זאָל האָבען דאָס רעכט צו לעבען; דאָס געבוירען־ווערען איז דאָך ניט מעהר ווי אַן עפּיזאָד אין זיין לעבען: עס קומט נאָרמאַלערווייז ביים סוף פון דעם נייִנטען חודש שוואַנגערען. די שוואַנגערשאַפטס־חדשים ווערען גערעכענט צו פיער וואָכען, ד. ה. לבנה־מאָנאַטען, אָבער שוין אין זיבעטען חודש, ביי אַ פריה־געבורט, קאָן אַ קינד געבוירען ווערען און בלייבען לעבען.

פון דער אַנדערער זייט אָבער זאָל דער דאָזיגער כלל האָבען אַ גרויסען צאָל אויסנאַהמען, און די דאָקטוירים זאָלען ניט זיין צו פיל שטרענג, מחמת אין די מייִנסטע פאַלען וועלען זיי האָבען צו ענטשיידען אויב דער קינסטליכער מפּיל דאַרף יאָ אָדער דאַרף ניט געמאַכט ווערען. טייל שוואַנגערשאַפטען קאָנען אַמאָל זיין אַן אמת אונגליק אי פאַר די עלטערן און אי פאַר די קינדער, אויב די קערפּערליכע אָדער גייס־טיגע געזונדקייט פון דער מוטער אָדער פון דעם קינד איז אין אַ געפאַר. ווען אַ שווער משוגע׳נער מאַכט שוואַנגער זיין פרוי, זאָל ווערען ער־לויבט דאָס קינסטליכע מפּל׳ען: דאָס זעלביגע, ווען אַן אידיאָטקע, אַ משוגע׳נע אָדער אַן עפּילעפּטישע פרוי ווערט שוואַנגער; אויך ווען אַן אַנגעשכור׳טער מאַכט שוואַנגער זיין פרוי קעגען איהר ווילען.

עס פערשטעהט זיך, אַז דאָס מפּל׳ען זאָל ערלויבט ווערען דאָרט. וואו דאָס שוואַנגערען איז אַן ערענסטע געפאַר פאַר דער מוטער׳ס געזונד אָדער ווען אַ שווערע קראַנקהייט פון דער מוטער פער׳משפּט דאָס נאָך ניט געבוירענע קינד צו ווערען אַ קריפּעל. אָבער אַזוינע סמנים דאַרפען ניט גענומען ווערען צו לייכט, און אויך דאָ דאַרף די פּראַקטיק און אַ געזונדע אורטיילס־קראַפט בעשטימען אַ שכל׳דיגע גרעניץ.

אין שייכות צו דער דאָזיגער שווערער פראַגע, מוז איך זיך אָב־שטעלען אויף נאָך זעהר אַ שווערען פונקט און דאָס איז, אויב גע־בוירענע קריפּלען און פערזעהענישען זאָלען אונטער אַלע אומשטאַנדהען דערהאַלטען ווערען ביים לעבען, אָדער ניט. עס איז שרעקליך וואָס די געזעצען צווינגען אונז צו דערהאַלטען ביים לעבען בעשעפּענישען וועלכע קומען אויף דער וועלט אַלס קרעטינען, אידיאָטען, הידראָצע־פאַלען, מיקראָצעפאַלען און ענליכע פערזעהענישען, אָדער קינדער וואָס ווערען געבוירען אָהן אויגען און אָהן אויערען אָדער מיט צוקריפּעלטע

ערשטענס, די קוואליטעט און די געפערליכקייט פון דעם פערברעכען און, צווייטענס, די פערזענליכקייט פון דעם אנגרייפער, ד. ה. זיין פעהיגקייט איינצוזעהען דעם פעהלער, צו ווערען בעסער און זיך צו קאנטראלירען.

דאס קינסטליכע מפל'ען. — איינע פון די שווערסטע פראגען איז, צו בעשטימען ווי ווייט זאל א פרוי האבען א רעכט אויף איהר פרוכט, אויף איהר עמבריא אין איהר געבערמוטער, און וואסערע זענען די רעכטען און די פליכטען פון דער געזעלשאפט אין דעם דאזיגען פרט. אז די געזעלשאפט האט א פליכט צו בעשיצען דאס שוין געבוירענע קינד, איז בלי ספק. אין דעם דאזיגען פרט קאנען די געזעצען ניט זיין צופיל שטרענג קעגען דעם מיסברויך פון קינדער מצד זייערע עלטערן און קעגען די אזוי-גערופענע „מלאכים־מאכערקעס", וועמעס עבודה עס איז יונגינקע קינדהער ווי אמגיכסטען צו פערהונגערען צום טויט און פון זיי גיך פטור צו ווערען. דאס זעלביגע גילט בנוגע צו די ענלכע מיסברויכען מכח וועלכע מיר האבען גערעדט ביים ציוויל־געזעץ. נאך אלעם זענען די דאזיגע מיסברויכען אפטמאל דער פועל יוצא פון איין זייט פון אונזערע סאציאל־עקאנאמישע צושטאנדען און, פון דער אנדערער זייט, פון דעם פאקט וואס קינדער און ניט פערהייראטע מוטערס, מיידלעך וואס האבען קינדער, ווערען ניט בעשיצט און פון דעם וואס זיי ווערען שענדליך געבראנדמארק פון אונזערע היפאקריטישע מדות און מנהגים.

שווערער אבער איז די פראגע אין שייכות צום עמבריא בעת עס געפינט זיך נאך אין דער מוטער'ס לייב. זאל און דארף דאס געזעץ בעשטראפען דאס קינסטליכע מפל'ען, אדער ניט? אויף דער דאזיגער פראגע גיט מען פערשידענע ענטפערס. איך האב שוין געזאגט, אז דאס קינסטליכע מפל'ען זאל מען ערלויבען אין אלע פאלען פון אן ארויפגעצוואונגענער שוואנגערשאפט דורך א פערגוואלדיגונג א. דגל. איך גלויב אבער, אז, פערקערט, עס דארף זיין א כלל לויט וועלכען מען זאל ניט ערלויבען דאס קינסטליכע מפל'ען דעמאלט, ווען דער בעפרוכטעטער געשלעכטס־פערקער איז געווען א פרייוויליגער פון ביידע זייטען און ווען דערצו פעהלט א מעדיצינישע אורזאך. דאס

די פּאָרנאָגראַפישע מאכלים ווערען אָפּטמאָל סערווירט בע־טעמ'ט מיט אַ סענטימענטאַלען אָדער מאָראַלישען זאָפּט, וועלכער נאַטירליך מיינט ניט חלילה צו פערטרייבען דעם הויפּט־ריח פון דעם צימעס — מחמת דעמאָלט וואָלט דאָך געווען אַ סוף צום גאַנצען עסק — אדרבה, עס פערשטאַרקט נאָך אָפּטמאָל דאָס פּיקאַנטע צוליב דעם קאָנטראַסט; אַ חוץ דעם אָבער מאַכט דאָס נאָך דאָס מאכל פאַר אַ גאַנגבאַרערע סחורה, מחמת די מאָראַלישע פערפּוצונג גיט איהר אַ מין הכשר פון אָנשטענדיגקייט. בקצור, מען מאַכט אַן אָנשטעל, אַז מען זינגט שבחים צו דער טוגענד בכדי בלומרשט איהר זיג צו מאַכען אַלץ רירענדיגער און אַלץ גלאָררייכער, דערווייל אָבער פערצירט מען די אויסגעלאַסענקייט מיט כל'ערליי נידעריגע און מאוס'ע רייצמיטלען און זי שיינט אויף אין אַ גלאַנץ וועלכער צומישט אַלע חושים.

די דאָזיגע קונץ, די פּאָרנאָגראַפישע שאַפונגען איינצואוויקלען אין אַ טוגענד־מענטעלע קומט אַ חוץ דעם אויף צונוץ אָבצונאַרען דעם נאַיווען מענש אַ דאַנק זיין אינוועניגסטער אונשולדיגקייט און ניט־שעמען־זיך (הגם דער סם ווירקט אַלץ איינס), אין דעם וועניגער נאַיוועז דערמיט צו געבען אַ תירוץ די שאַפונג צו קויפען און צו געניסען דעם טעם אָהן דערביי זיך ניט צו מוזען שעמען. עס איז ניט דער ערך שווער און עס פאָדערט זיך זעהר אַ סך טאַקט און שאַרפבליק ארומצוגעהען מיט דעם דאָזיגען ענין אָהן דערביי ניט צו ווערען אונגערעכט און אָהן ניט צו שעדיגען די קונסט און די וויסענשאַפט דורך נארישע גע־זעצליכע פּאַרשריפטען און צוטשעפּענישען. אָבער ניט קוקענדיג דער־רויף מוז דאַ געפונען ווערען אַ מיטעלוועג.

אַ רייה אַזוי־גערופענע מאָראַלישע פערברעכענס, ד. ה. סעקסועלע אַנגריפען ווערען בעגאַנגען אנטקעגען משוגעים און גייסטיגע אידיאָ־טען, רעכענענדיג אַז זיי וועלען זיך ניט ווערען און דעם אַנגרייפער ניט ארויסגעבען. צום ביישפּיל, מיר האָבען דערמאָנט האָמאָ־סעקסואַליס־טען וועלכע ווערען צוליב די דאָזיגע אורזאַכען וועכטערס אין משוגעים־הייזער. אַלע אַזוינע פערברעכענס דאַרף מען פּשוט צושטעלען צו די אַנגריפען אויף מינדעריאָהריגע. אָבער ביים ארויסגעבען אַ פּסק־דין מוז, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, גענומען ווערען אין בעטראַכט,

אז עקעל און א נארמאלע און נאטירליכע שרעק פאר דער פערדארבענ־קייט און געזונקענקייט פון אונזערע סעקסועלע מדות. פונקט אזא שלעכטער מבין איז געווען א פרומער און צניעות׳דיגער פאליציי קא־פיטאן פון צוריך, וועלכער האט בעפוילען ארויסצונעהמען פון א שוי־פענסטער בעקלינ׳ס א בילד ווייל עס איז „אונמאראליש און פארנא־גראפיש“. אמת, אזוינע ווערק קאנען האבען אן עראטישע ווירקונג אויף נארישע און אונוויסענדע מענשען. האט מען דען ניט געזעהען ווי אין זייער מאראלישער ענטריסטונג האבען טריאלער פויערים צו־בראכען מארמארענע פרויען־שטאטוען וועלכע מען האט אויפגעשטעלט אין די גאסען. אבער מיר דארפען זיך פון דעם ניט אראבנעהמען קיין מוסר השכל: דער עראטיזם וועט ניט פערטריבען ווערען פון דער וועלט דורך צניעות. ער וועט אפילו ניט ווערען אבגעשוואכט דורך איהר; זי וועט איהם בלויז פערפירען צו צבוע׳אצטווע. מיר האבען בעסערע זאכען צו טון איידער צו פערפאלגען און בעשמוצען די אמת׳ע קונסט און די געניאלע און גרויסע מענער וועלכע דעקען אויף אונזערע סאציאלע פערוועזיטעט.

מיט דער פארנאגראפיע איז אבער א גאנץ אנדערע מעשה. דא ווערט ניט געשילדערט די סעקסועלע אויסגעלאסענקייט בכדי אויפ־צודעקען איהר מאוס׳קייט און איהר עקעל, אדער צו ווייזען איהר טראגישען סוף; ניין, אדרבה, מען פערהערליכט זי, מען זינגט שבחים צו איהר און מען מאכט זי יונגער און שעהנער. עס מאכט ניט אויס צי זי ווערט פארגעשטעלט אין א גלאנצענדיגער, חוצפה׳דיגער און ברוטאלער נאקעטקייט, אדער זי איז איינגעהילט אין א שלייער פון אונטער וועלכען עס זעהט זיך אלעס ארויס וואס מען וויל כלומרשט פערבארגען; צי זי ענטפלעקט זיך אין א באקכאנטישען רויש, אין א יום־טוב׳דיגען גלאנץ פון עלעקטרישע לאמפען, אדער אין דער שטיל־קייט און אין דעם טונקעלען ליכט פון א פיינעם סאלאן, איינדייטיג אדער צווייאדייטיג, אין דער אדער אין יענער פערווערזיע — אין יעדער פארם אבער איז איהר צוועק צו קיצלען, צו שמייכלען, צו רייצען, צו פערפירען און אויפצואוועקען און אנצוצינדען די ערגסטע און ניהע־ריגסטע ליידענשאפטען.

פרייהייט פאַר דעם עפענטליכען פלירט וואָלט געווען ניט גוט. צום ביישפּיל מען קאָן דאָך ניט ערלויבען אונאַנשטענדיגע ענטבלויזונגען. דעם געשלעכטס־פערקער, א. דגל. אויף דער אָפענער גאַס אָדער אין עפענטליכע פּלעצער. בפרט קינדער מוזען בעשיצט ווערען קעגען אַזוינע סעקסועלע רייצונגען, און דעריבער איז עס אין אַלגעמיין נויטיג צו בעשטימען אַ געוויסע גזעצליך ערלויבטע מאָס פאַר דער עפענטליכער אַנשטענדיגקייט. דערצו זענען געגוג די געוועגליכע פּאָליציי רעגו־לאַציעס; ניין, זיי זענען אפילו נויטיג בכדי קודם כל צו בעשיצען די פרויען און די קינדער קעגען עפענטליכע און קעגען געהיימע סעקסועלע בעלעסטיגונגען, סעקסועלע פּראָוואָקאַציעס, אָדער אפילו קעגען אַנ־גריפען און אַנדערע געפאַרען. דאָס דאָזיגע קאָן אָננעהמען פערשידענ־ערליי פאָרמען, צ. ב. דאָס פערפירען צום אָנאַניזם, נבול־פּה, שמוציגע זשעסטען, א. אַז. וו.

איך וויל פריהער דעם לעזער צוריקשיקען צו דעם וואָס מיר האָבען געזאָגט מכח דער פּאָרנאָגראַפיע אין די קאַפּיטלען 5 און 12: זעהט אויך דאָס קאַפּיטעל 18. — אויך דאָ איז שווער צו ציהען די גרעניץ פון דעם שטראַף־געזעץ. אונזערע מאָדערנע מנהגים האָבען די פּאָר־נאָגראַפיע געלאָזען זעהר ווייט געהען. אָבער די געפערליכסטע פאָרם פון דער פּאָרנאָגראַפיע איז ניט יענע וועלכע ווייזט זיך אויף אַ שמוצי־גען און ברוטאַלען אופן אין די שויפענסטער פון פערשידענע קראָמען און ביידלעך; ניין, די געפערליכע איז די פיינע, עסטעטישע פּאָר־נאָגראַפיע, יענע וועלכע ווייזט זיך אין דער פאָרם פון פרעכטיגע ביל־דער, עראָטישע ראָמאַנען און דראַמעס, דאָס איז יענע וועלכע לעגט איהר נעץ אונטער דעם מאַנטעל פון קונסט, יאָ, אפילו אונטער דעם מאַנטעל פון מאָראַלישע טענדענצען.

ליידער איז דאָ דער עולם אַ זעהר שלעכטער מבין. געוויסע ביכער האָבען מיט אַ געוואַגטער אָפענקייט געשילדערט די סעקסועלע אוים־געלאַסענקייטען פון אונזער צייט — איך רוף אָן צ. ב. די ראָמאַנען פון זאָלאַ און די דראַמעס פון בריעו—און דערפאַר האָט מען זיי געשטעמ־פּעלט אַלס פּאָרנאָגראַפיש. אין דער אמת'ען פערדינען ניט די דאָזיגע מחברים אַזאַ פאָרוואורף. דאָס זעהט מען דערפון, וואָס זייערע ווערק מאַכען בשום אופן קיינעם ניט אונמאָראַליש; אדרבה, זיי וועקען אויף

קאנקובינאט, פראסטיטוציע, בארדעל־האנדעל, ווייסע־שקלאפעריי. — מיר האבען שוין געזעהען, אז דאס קאנקובינאט אלס אזוינס זאל ניט ווערען בעשטראפט, הגם אין טייל לענדער ווערט עס יא בעשטראפט. אויך האבען מיר שוין ארומגערעדט די פראגע אויף ווי ווייט די פראסטיטוציע אליין פאר זיך זאל געזעצליך און געריכטליך בעוואכט ווערען. אבער אונטער אלע אומשטאנדען מוז דער בארדעל־האנדעל און די ווייסע שקלאפעריי ווערען שטרענג פערפאלגט און בעשטראפט, מחמת דא האנדעלט זיך מכח פערברעכענס קעגען דער געזעלשאפט און קעגען די אינדיווידועז, פערברעכענס וואס ווערען בעגאנגען צוליב פשוט'ע געלד־אינטערעסען. עס מוז ווערען שטרענג פערבאטען צו האנדלען מיט דעם לייב פון אנדערע מענשען. דאס דאזיגע גרעניצט זיך מיט דעם שקלאפען־האנדעל און מיט זיינע מיס־ברויכען. (זעה קאפיטעל 12.)

דאס געזעץ זאל אונבעדינגט בעשטראפען פאר עפענטליכע סעקסועלע איינלאדונגען, פראוואקאציעס, אונאנשטענדיגקייטען און ברוטאליטעט, אבער די שטראף זאל זיין א מילדערע. דער געשלעכטס־אקט און אלעס וואס דערמיט איז פערבונדען מוז זיין פולשטענדיג פרייוויליג און קיין שום מענש האט ניט קיין רעכט אן אנדערען מענש סעקסועל צו פראוואצירען און צו בעלעסטיגען כל זמן דער לעצטער קומט איהם ניט פרייוויליג אנטקעגען. עס איז אבער ניט אזוי גרינג אין דעם דאזיגען פרט אנצואווייזען די גרעניצען, מחמת די צניעות קאן אויך געהען צו ווייט און קאן איטליכע אונשולדיגע שפילעריי בעטראכטען אלס א פראוואקאציע. עס איז אבסאלוט נויטיג איבער־צולאזען א געוויסען רוים פאר דעם נארמאלען סעקסועלען פלירט; אבער דער דאזיגער רוים זאל ניט אריבער די גרעניצען פון אנשטענ־דיגקייט, כל זמן עס איז ניט פאראן א געגענזייטיגע צושטימונג צווישען ביידע צדדים. (זעה קאפיטעל 4, פלירט.).

דא שטעלט זיך נאטירליך די פראגע, ווי ווייט, הגם מיט א גע־גענזייטיגער איינפערשטענדניש, דארף ערלויבט זיין צו געהען, אפילו אין פאל קיין דריטער צד זאל דערביי ניט ליידען. בכלל גענומען זענען אונזערע זיטען אין דעם דאזיגען פרט ניש'קשה פריי. א גרעסערע

אָבער מיר ווייסען נאָך ניט זיכער אויף ווי ווייט די קאַסטראַציע בעזיצט קענען אַזוינע פּערווערזע און געפערליכע טריבען. אויב אָבער עס וועט זיך ארויסשטעלען, אז די דאָזיגע אָפּעראַציע העלפט אפילו בלויז טיילווייז, זאָל זי קיינמאָל ניט ווערען פערנאַכלעסיגט.

א בעזונדערס שווערע קאַטעגאָריע זענען די עקסהיביציאָניסטען. זיי זענען ניט געפערליך מחמת זיי בערירען קיינעם ניט. זייערע קרבנות, אויב מען קאָן זיי אזוי אָנרופען, זענע ןמיידלעך אָדער פרויען אין וועמעס געגענוואַרט זיי דעקען אָב זייערע געשלעכטס־אָרגאַנען און מאַסטורבירען. עס איז קיין שום ספק ניט, אז מיט אזא האַנדלונג קאָן מען טיף בעליידיגען דאָס געפיהל פון בושה, בעזונדערס פון יונגע מיידלעך און קינדער; אָבער איך מוז דאָך זאָגען, אז אונזערע געזעצען זענען צו שטרענג אין די דאָזיגע פאַלען, מחמת דער שאַדען אין זיך גופא איז ניט קיין געפערליכער. איך קען קינדער וועלכע זענען עטליכע מאָל איבערגעשראָקען געוואָרען פון עקסהיביציאָניסטען, אָבער איך האָב ניט געזעהען, אז דער עקעל וועלכען זיי האָבען דערביי געפיהלט זאָל זיי האָבען אויף וועלכען ניט איז אופן געשאַדט; די זאַך איז צו נאַריש און צו מאוס. עס וואָלט אייגענטליך געווען גענוג די עקסהיביציאָניסטען איטליכעס מאָל אריינצוזעצען פאַר אַ קורצער צייט אין אַ משוגעים־הויז און אין פאַל פון אַ צו גרויסער שוואַכקייט, זיי צו האַלטען פאַר אַ לענגערער צייט.

אויף אַן ענליכען אופן זאָל זיך דאָס שטראָף־געזעץ בענעהמען מיט אַן איינפאַכען פאַל פון נעקראָפיליע אָדער שענדונג פון טויטע. אָבער אויף דער דאָזיגער פּערווערזיע מוז מען מעהר אַכטונג געבען, מחמת זי גרעניצט זיך ניט זעלטען מיט סאַדיזם. עס זענען פאַראַן נעקראָפילען וועלכע בעפרידיגען זייער סאַדיסטישער תאוה מיט מתים ווייל זיי האָבען מורא צו בעגעהען אַ מאָרד. אַזוינע מענשען דאַרפען זיין פערשפּאַרט, מחמת זיי קאָנען ווערען זעהר געפערליך.

די פעטישיסטען פערקערט זענען דאָס רוב אונשעדליך; העכסטענס דאַרף מען זיי אָנקלאָגען פאַר גנב׳ען די געגענשטאַנדען וועלכע זענען זייערע פעטישען. דעם גרעסטען שאַדען האָבען יענע מיידלעך, ביי וועלכע די צאָפּ־פעטישיסטען שניידען אָב די צעפּ.

זיינ ווידער קאנען מיר ניט בעשטראפען א מענש, אדער אנטקעגען איהם אננעהמען אדמיניסטראטיווע מיטלען, פשוט דערפאר וויל ער פיהלט אין זיך א געפערליכען טריב, בפרט ווען ער איז אין זיין איבע־ריגען לעבען אן ארענטליכער און געוויסענהאפטער מענש, וועלכער קעמפפט מיט אלע זיינע כחות קעגען זיין פערווערזיע. אלס דאקטאר איז מיר אמאל אויסגעקומען צו בעהאנדלען אזא מין קראנקען, וועלכער האט געליטען פון אזא שרעקליכען טריב. ער איז געוועזען א זעהר גוטער און טיף מאראלישער מענש; ער איז געוועזען פערצווייפעלט צוליב זיין צושטאנד, אבער ער האט קיינמאל קיינעם ניט געטון קיין שלעכטס, און געזוכט זיך צו העלפען מיט אנאניזם און ד. גל. אין אזוינע פאלען דארפען די מאראלישע געפיהלען פון דעם קראנקען בעטראכט ווערען פאר א געניגענדיגע סאציאלע בעשיצונג, און דער דאקטאר האט ניט קיין רעכט און ניט קיין פליכט איהם צו פער׳מסר׳ען. ער מוז אבער דעם קראנקען זאגען: „אויב איהר פיהלט, אז איהר קאנט מעהר ניט בייקומען אייערע ליידענשאפטען, קומט צו מיר און לאזט זיך ארייננעבען אין אן אנשטאלט; דאס וועט זיין בעסער פאר אייך אליין און פאר די אנדערע, איידער צו בעגעהען א פערברעכען“. זעלטען-ווען ווערען די דאזיגע פאלען בעקענט עפענטליך, מחמת אזא קראנקער וועט שווייגען און דולדען אדער ער וועט בעגעהען זעלבסמארד; און דאך זענען זיי זעהר כאראקטעריסטיש און בעלעהרענדיג.

אן אנדערס מאל ענטדעקט מען צופעליג אזוינע פערווערזיעס אין דער ריכטיגער צייט, דעמאלט, ווען דער קראנקער האט גארניט בדעה בייצוקומען זיין פערווערזיע, נאר אדרבה, ער זוכט יעדע געלעגענהייט זיין טריב צו בעפרידיגען אהן צו ווערען ענטדעקט. אין די דאזיגע פאלען מוז מען אננעהמען פסיכיאטרישע מיטלען. ליידער אבער ווייסען בעזונדערס די סאדיסטען זעהר גוט וואסערע געפאר זיי נעהמען אויף זיך, און זיי זענען מסוגל צו בעגעהען זייערע פערברעכענס און ניט ווערען געכאפט א סך בעסער איידער וועלכער ניט איז פערברעכער. דעריבער, ווען מען כאפט א מענש, וועלכער איז בעגאנגען אדער האט געוואלט בעגעהען א סאדיסטיש פערברעכען, זאל מען איהם כסדר האלטען פערשפארט. יא דארף אויך, ווי מיר האבען שוין געזאגט, געשטעלט ווערען די פראגע וועגען א געצוואונגענער קאסטראציע;

האַנדלונגען צווישען דערוואַקסענע מענשען בעת ביידע צדדים גיבען זיך איבער פריוויליג, און בעת דערפון ליידט ניט קיין דריטער צד.

וואָס איז די פּעולה געזעצליך צו פערפאָלגען די האָמאָ־סעקסואַ־ליסטען? עס איז פאַר דער נעזעלשאַפט באמת אַ גליק וואָס די דאָזיגע אונגליקליכע פּסיכאָפּאַטען האָבען דעם געשלעכטס-פערקער צווישען זיך און אויף דעם אופן האָבען זיי ניט קיין קינדער. דאָס אמת'ע פערברעכען איז אדרבה דאָס חתונה האָבען פון אַ האָמאָ־סעק־סואַליסט מיט אַ מענש פון אַ צווייטען געשלעכט, אַ הייראַט וועלכע ווערט הייינט דוקא סאַנקציאָנירט פון געזעץ! דאָס איז אַ פערברעכען קעגען דעם נאָרמאַלען צד און קעגען די קינדער פון דער דאָזיגער פער־בינדונג. אַ חוץ דעם, דערמיט וואָס די הייינטיגע שטראָף־געזעצען פערפאָלגען די האָמאָ־סעקסואַליסטען, בעשאַפען זיי דאָס גינסטיגסטע פעלד פאַר די סאַמע נידעריגסטע פאָרמען פון געלד־אַרויספּרעסונגען, ווי קראַפט־עבינג, מאָל, הירשפעלד און אַנדערע האָבען בעוויזען מיט אַהן אַ שעור ביישפּילען, און וואָס איך גופא האָב געפונען בעשטעטיגט ביי זעהר אַ סך, כּיִין, ביי די מיינסטע פון די דאָזיגע קראַנקע.

ווען דער בעריהמטער האַרדען-מאָלטקע־איילענבערג־פּראָצעס האָט נאָך ניט איבערצייגט אין דעם דאָזיגען אמת, דעם קאָן מען שוין ווירקליך מעהר ניט העלפען. עס ווערען בעשטראָפט און צובראָכען אונ־שעדליכע מענשען, מען שלעפּט זיי אַריין אין דער בלאָטע און דערמיט ווערען נעקרוינט די נידעריגסטע געלד־אַרויספּרעסער. מען קאָן ניט זאָגען, אַז אמת זויבערע אַרבייט!

עס איז אָבער גאַנץ אַנדערש מיט אַזוינע אַבנאָרמאַלע אָדער פער־ווערזטע פאָרמען פון דעם געשלעכטס־טריב, ווען ער קאָן בלויז בעפרי־דיגט ווערען קעגען דעם ווילען פון דעם צווייטען צד און ווען דער דאָזיגער ווערט בעשעדיגט. דאָ מוז דאָס געזעץ אָננעהמען די שטרענג־סטע בעשיצונגס-מיטלען, ניט בכדי צו בעשטראָפען דעם פערווערזטען מענש, נאָר בכדי אין דער ריכטיגער צייט צו בעשיצען זיין קרבן. צו די דאָזיגע פאָרמען געהערט ערשטענס דער סאַדיזם, און צווייטענס די קינדער־שענדונג. דאָ הויבט זיך אויף אַ שווערע פראַגע. ביי אַזוינע שוידערליכע געשלעכטס־טריבען זאָל מען פריהער ניט וואַרטען אויף אַ קרבן איידער מען וועט זיך אַריינמישען; פון דער אַנדערער

בלוטשאַנד איז פארבונדען מיט פארגוואַלדיגונג. די ציוויל־געזעצליכע און די אַדמיניסטראַטיווע מיטלען דאַרפען זיין גענוג כדי צו רעדוצירען די איבעריגע פאַלען פון בלוטשאַנד צו אַ מינימום. דער נאַטירליכער עקעל וואָס די מענשען בכלל פיהלען קעגען אַ סעקסועלען פערקער צווי־שען שוועסטערס און ברידער, בפרט קעגען אַ געשלעכטס־פערקער צווי־שען עלטערן און קינדער, איז דאָס בעסטע בעשיצונגס־מיטעל קעגען דער בלוטשאַנד. אַ חוץ דעם, וועלען דאָס אַבשאַפען פון שכרות, אַ גוטע אויפזיכט איבער משוגעים און די אויסבעסערונג פון אונזערע סאָציאַלע צושטאַנדען, נאָך מעהר פירען צום אונטערגאַנג פון דער בלוטשאַנד.

אַלע אַנגריפען אויף מינדעריאָהריגע מוזען פערשטעהט זיך גע־ריכטליך גע'משפט ווערען. דער משפט זאָל אָבער אַנדערש געפירט ווערען וועדליג דעם צי דער פערברעכער האָט אַ פּאַטהאָלאָגיש־פּער־ווערזע דיספּאָזיציע, אָדער עס האַנדעלט זיך מכח אַ נאָרמאַלען מענש וועלכער האָט פּשוט מיסברויכט דעם צוטרויען פון אַ צווייטען. אַ לעהרער וועלכער, ניט זייענדיג סעקסועל אַבנאָרמאַל, גרייפט אַן יונגע מיידלעך, מוז קודם כל פערלירען דאָס רעכט צו זיין אַ לעהרער ביי מיידלעך, מחמת דאָ איז ער אַממיינסטען געפערליך. טאָמער אָבער ליידט ער פון אַ געשלעכטליכער פּערווערזיע, וועלען דעמאָלט נויטיג זיין נאָך אַנדערע בעשיצונגס־מיטלען, וועדליג די בעזונדערע אומ־שטאַנדען. אַ האָמאָ־סעקסואַליסט קאָן מען ניט ערלויבען צו זיין אַ לעהרער ביים זעלבינגען געשלעכט.

סעקסועלע פּערווערזיעס. — ווען מיר געהען אַריבער צו די סעקסועלע פּערווערזיעס (זעה קאַפּיטעל 8), ווערט פאַר אונז נאָך מעהר קלאָר די ניט־אויסגעהאַלטענקייט און דער מיסטיציזם פון אונזערע היינטיגע שטראָף־געזעצע. ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, בעשטראָפען און פערפאָלגען די דאָזיגע געזעצען אַזוינע סעקסועלע האַנדלונגען, וועלכע ברענגען קיינעם ניט קיין שום שאַדען אָדער וועלכע צוויי מענשען בעגעהען פרייוויליג. מיט די דאָזיגע פאַלען קאָנען זיך פער־נעהמען די מאָראַל אָדער די מעדיצינישע קונסט. אָבער דאָ זאָל זיך קיינמאָל ניט אַריינמישען דאָס שטראָף־געזעץ. דאָס איז נוגע אַלע אָנאַ־ניסטישע, פּעדעראַסטישע, מאַזאָכיסטישע, פעטישיסטישע און אַנדערע

טאָג דערשלאָגן אויף טויט בעת ער אליין איז געווען שכור. ווערענ־דיג פער'משפט אלס א מוטער־מערדער, האָט זיך דער דאָזיגער יונגער־מאַן זעהר גוט אויפגעפירט אין געפענגעניש. דער אַלקאָהאָל און די פערפירונג האָט איהם געמאַכט פאַר א מערדער.

א געוועזענער געריכטס־געשוואוירענער האָט מיר דערצעלט דעם פאָלגענדען פאַל וועלכען איהם איז אמאָל אויסגעקומען צו משפט'ען: א. ר., 50 יאָהרען אלט, פערהייראַט מיט אן אָרענטליכער פרוי, פאָטער פון 6 קינדער אינגלעך און מיידלעך, פון 6 ביז 24 יאָהרען אלט) האָט אלע זיינע זעקס קינדער סעקסועל מיסברויכט און א חוץ דעם האָט ער זיך אויך געשלעכטליך אָבגעגעבען מיט הינט און קעץ. דער אכטצען־יאָהריגער זוהן האָט א חוץ דעם אויך געהאַט א געשלעכטס־פערקער מיט זיין מוטער און מיט זיין שוועסטער. די גאַנצע פאַמיליע האָט געליטען פון א פסיכיש־פּאַטהאָלאָגישער פערווערזיע.

אין א פאַמיליע וועלכע איז בעשטאַנען פון לויטער שוואַכזיניגע און פסיכאָפּאַטען, טייל פון וועלכע זענען געקומען אונטער מיין פסי־כיאַטרישער בעהאַנדלונג, האָט געהערשט די בלוטשאַנד כמעט צווישען אלע אין דער פאַמיליע: פאָטער מיט טאָכטער, מוטער מיט זיהן און שוועסטערס מיט ברידער.

פון לעצטען פאַל, פונקט ווי פון די מיינסטע ענליכע פאַלען, קאָן מען זעהען, אַז די בלוטשאַנד איז מיינסטענס ניט די אורזאַך, נאָר די פאָלגע פון גייסטיגע אַבנאָרמאַליטעטען און קראַנקהיי־טען. דאָס מיינט אָבער ניט צו זאָגען, אז די קינדער פון אַזוינע פער־בינדונגען זענען ביז א געוויסען שטאַפּעל אויך אין סכנה צוליב דער בלוטשאַנד אלס א זוינג. אָבער די דאָזיגע פאַלען קומען פאַר ביים מענש פערהעלטניסמעסיג אַזוי זעלטען, אַז זיי קאָנען קנאַפּ וואָס האָבען א שלעכטע ווירקונג אויף דער מענשליכער ראַסע.

פון דעם געזאָגטען דאַרף זיין קלאָר, אַז א שטראַף־געזעצליכע פער־פאָלגונג פון דער בלוטשאַנד דאַרף אַנגעפירט ווערען בלויז דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך מכח א פערפירונג פון מינדעריאָהריגע אָדער גייסטיג קראַנקע מענשען, מכח א מיסברויך פון א געזעצליכער אָדער פון וואָסערער ניט איז מאַכט. אַזוי גוט ווי איבעראַל דאָרט, וואו די

דעם דאזיגען אופן צו האבען א קינד. דאס זעלביגע זאל אויך גילטען ביי א סעקסועלען מיסברויך פון מינדעריאהריגע מיידלעך.

פערקערט אבער, ווען א מינדעריאהריג אינגעל ווערט פערפירט פון א פרוי און זי ווערט שוואנגער, דעמאלט זאל זי אליין האבען צו זארגען פאר דעם קינד; זי זאל ניט קריגען דאס רעכט קינסטליך צו מפל'ען, מחמת זי האט עס געוואלט און מחמת דאס אינגעל איז ניט געווען פעראנטווארטליך פאר זיין האנדלונג. די גרעסערע צוגעבונ־דענקייט פון דעם קינד צו זיין מוטער מוז רעכטפערטיגען אזא אנווענ־דונג פון געזעץ.

אין שייכות צום ציוויל־געזעץ האבען מיר שוין גערעדט מכח די ווענערישע און אנדערע אנשטעקענדיגע קראנקהייטען ביים גע־שלעכטס־פערקער.

בלוטשאנד. — אונטער דעם קעפעל „קאנסאנגוויניסשע הייראַ־טען" האבען מיר געזעהען אין שייכות צום ציוויל־געזעץ אויף ווי ווייט מען דארף בעגרעניצען דעם בעגריף פון דער בלוטשאנד. איך ווייז אן אויף קאפיטעל 6. די זעהר ערענסטע פאלען פון בלוטשאנד בעגע־גענען מיר הויפטזעכליך צווישען עלטערן און קינדער. זייערע גע־ווענליכסטע אורזאכען זענען גייסטיגע אבנארמאליטעטען אין דער פאמיליע, אלקאהאליזם, פראלעטארישע פראמיסקואיטעט, אדער די אבגעזונדערטקייט פון א פאמיליע פון דער איבעריגער וועלט. די בלוטשאנד קומט אפט פאר צווישען די בעוואוינער פון די פערוואר־פענע און אבגעזונדערטע בערג־הייזלעך אויף די שווייצארישע בערג. די פאלגענדע טיפישע ביישפילען פון בלוטשטאנד, וועלכע קאנען זיין די אורזאך פון א שטראף־אנקלאגע.

א שכור'ער און ברוטאלער מאן האט פערפאלגט זיין פרוי מיט זיינע סעקסועלע פאדערונגען. כדי זיך פון איהם ארויסצודרעהען האט זי איהם גענעבען איהר אייגענע טאכטער געשלעכטליך צו מיס־ברויכען.

א פרוי וועלכע איז געווען א כראנישע שכור'טע האט פערפירט איהר אייגענעם זיבענצען־יאהריגען זוהן צו האבען א געשלעכטס־פערקער מיט איהר. דערצארענט דערפון וואס זיין אייגענע מוטער האט איהם געמאכט פאר איהר געליבטען, האט ער זי אין א געוויסען

ווערליג דעם רעזולטאט פון דער אונטערזוכונג (אויב עס איז בעוויזען געווארען די שולדיגקייט), וועט דער ריכטער האבען צו ענטשיידען אויף וועלכען אופן מען קאן אמבעסטען בעשיצען די געזעלשאפט קעגען אזוינע נייע שאדענס, און ווי אזוי מען קאן אמלייכטסטען אויסבעסערען דעם שולדיגען, אויב פערשטעהט זיך ער קאן ווערען אויסגעבעסערט. אויב דער שולדיגער איז צ. ב. נאך א היילבארער טרינקער, וועט דאס פערשיקען איהם אין א הייל-אנשטאלט פאר שכורים, און זיין אנשליסען-זיך אין אן אבסטינענץ-פעריין, אהן ספק איהם מעהר אויסבעסערען איידער אלע שטראפען און געפענגענישען. טאמער אבער איז ער שוין אן אונהיילבארער שכור אדער א ניט-פערבעסערליכער אלטער פערברעכער, וועלכער קאן ניט בייקומען זיינע פערברעכערישע אימפולסען, וועט מען איהם אהן א ספק מוזען האלטען אונטער אן אויפזיכט, אדער לכל הפחות פון איהם צונעהמען געוויסע געפערליכע פריוהייטען. עס איז בשום אופן ניט אזוי שווער צו אורטיילען אין די דאזיגע פראגען ווי דער עולם רעדט זיך איין. דאס פריהערדיגע לעבען פון דעם פערברעכער, זיינע פריהערדיגע שטראפען און א גענויע אויספארשונג פון זיין פסיכאלאגיע, וועלען כמעט אלע מאל פירען צו דער פולסטער קלארקייט. אין די דאזיגע פאלען איז דאס צוזאמען-ארבייטען פון פסיכיאטרען און פראקטישע יוריסטען א ברכה.

אויך דער נארמאלער געשלעכטס-פערקער קאן ווערען די אורזאך פון א שטראף-אנקלאגע דעמאלט, ווען ער ווערט ארויפגעצוואונגען מיט געוואלט אדער שווינדעל און כיטרעקייט (פערגוואלדיגונג, פערפירונג, מיסברויכען א בעטויבטען אדער א היפנאטיזירטען א. אז. וו.). עס פערשטעהט זיך אליין, אז עס זענען אונבעדינגט נויטיג מיטלען צו בעשיצען קעגען אזוינע האנדלונגען, און אז די מענשען וואס זענען אויף דעם אופן מיסברויכט געווארען, זאל צוגע'פסק'ענט ווערען א גרויסער שאדען-ערזאץ. וואס מיר ווילען איז ניט אזוי פיל א מילדערע בעהאנדלונג פאר דעם שולדיגען, ווי א גרעסערע בעשיצונג פאר זיין קרבן.

אין פאל פון א שענדונג, ווען די פרוי ווערט שוואנגער קעגען איהר ווילען, זאל ווערליג מיין מיינונג געזעצליך ערלויבט זיין דאס קינסטליכע אבטרייבען (דאס מפיל-זיין) אלס אן אויסנאהמס-מיטעל, מחמת מיר קאנען ניט פאדערען פון קיין פרוי קעגען איהר ווילען אויף

פאר דער שטראף דארף שוין זיין א ניט ציכטיגע בערירונג און א געגענ־זייטיגער אנאניזם! הייסט עס דעריבער, אז דאס געזעץ זאל יא אדער ניט שטראפען ווערדליג נאכדעם צי די אדער צי יענע שליימהויט, אדער צי דער אדער צי יענער טייל פון דער הויט איז בענוצט געווארען צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס־טריב! דאס זענען זונדערבארע קשיות פאר א געזעצגעבער און פאר א ריכטער, וועלכע שטעלען זיך דא ארויס פאר אינקאמפעטענטע פיזיאלאגען, אנאטאמען און פסיכאלאגען!

אויב איך בין נאר ריכטיג אינפארמירט, דערגעהט מען צום העכ־סטען פונקט פון אינקאנסעקווענץ אין דייטשלאנד, וואו א געשלעכטס־פערקער צווישען צוויי מענער ווערט יא בעשטראפט, בעת דאס זעל־ביגע צווישען צוויי פרויען ווערט ניט בעשטראפט. די דאזיגע ביי־שפילען וועלען זיין גענוג. זיי ווייזען קלאר, אויף וועלכע קרומע וועגען דאס שטראף־געזעץ פערבלאנדזעט, ווי עס שטעהט אויף א פאלשען פונדאמענט און ווי עס לאזט זיך פירען פון מיסטישע טראדיציעס. אין דעם זשורנאל פאר דעם שווייצערישען שטראף־געזעץ איז מיט דעם פולסטען ערענסט די טעג פערטיידיגט געווארען די נויטיגקייט צו בעשאפען א בעגריף פון א פערברעכען קעגען דער רעליגיע!

מיר וועלען איצט אנאליזירען די בעזונדערע פארמען ווערליג זייער ווירקליכען סאציאלען ווערט.

## די גרעניצען פון דעם שטראף - געזעץ אין דעם סעקסועלען געביט.

— ווי איך האב שוין געזאגט, אויב מען וויל פערמיידען דעס־פאטיזם, אונגערעכטיגקייט און נארישע ווידערשפרוכען, מוז מען זיך האלטען ביים כלל, אז דאס שטראף־געזעץ האט נאר א רעכט זיך אריינצומישען דארט, וואו בעזונדערע יחידים אדער די געזעלשאפט האט געליטען א שאדען, אדער וואו דער שאדען סטראשעט. דערביי מוז אין איטליכען פאל אונטערזוכט ווערען, אויב דער מענש וועלכער איז בעגאנגען דעם שאדען איז דעמאלט ניט געוועזען אונפעראנטווארט־ליך, ד.ה. אויב ער איז ניט געוועזען גייסטיג קראנק; אדער אויב זיין פעראנטווארטליכקייט איז ניט געוועזען פערמינדערט, ד. ה. אויב ער איז ניט געוועזען האלב קראנק, און לסוף, אויב ער איז געוועזען פעראנטווארט־ליך, ד.ה. געזונד און, רעלאטיוו פריי לויט דעם זין פון אונזער אויביגער דעפינאציע.

געפענגעניש.

איצט לאמיר זעהען, ווי די סעקסועלע פערהעלטניסען פירען צו א קאנפליקט מיט דעם שטראף־געזעץ, ווי אזוי דאס שטראף־געזעץ לייזט די דאזיגע פראגען אוי, ווי אזוי דאס שטראף־געזעץ דארף זיי לייזען נאך דעם וואס מיר האבען דא געזאגט. איך וועל אבער נאך אמאל ניט איבער'חזר'ען דאס וואס איך האב שוין געברענגט אין שייכות צום ציוויל־געזעץ. אונזער היינטיג שטראף־געזעץ ווייסט פון באמת זונדערבארע סעקסועלע פערברעכענס, און די מאטיווען פאר דער בעשטראפונג זענען ווירקליך חדושים'דיג.

אין דער נויט פון א ניט־בעפרידיגטען געשלעכטס־טריב, ווערענדיג אויסגעלאכט פון אלע פרויען, פארט זיך צ. ב. אן ארימער דומקאפ אין די שטילע שאטענס פון דער שטאל מיט א רוהיג פרעסענדיגער קוה, וועלכע שטעהט זיך ווייטער רוהיג, ניט פערשעמט און ניט בעשעדיגט, און פרעסט. אויך דער אייגענטימער פון דער חיה ליידט איז איבערהויפט א קליינינגקייט ביים ריכטער, מחמת דער סאדאמיט און איבערהויפט א קליינינגקייט ביים ריכטער, מחמת דער סאדאמיט ווערט שווער בעשטראפט אפילו ווען די חיה איז זיין אייגענע. פון וואנען נעהמט זיך דאס געזעץ דאס רעכט צו בעשטראפען פאר אזא האנדלונג, בעת וועלכער קיין מענש, קיין געזעלשאפט און אפילו ניט די חיה האט ניט געליטען א שאדען? דאס איז אן איבערבלייבעניש פון א רעליגיעזען מיסטיציזם, וועלכע איז ענליך צו דער שטראף פאר הטאים קעגען דעם רוח־הקודש. די זינד פון סדום ועמורע האבען דערצארענט גאט און ער האט די דאזיגע שטעדט צושטערט. צוליב די אייגענע אורזאכען, הייסט עס, ווערט נאך היינט אויך בעשטראפט די סאדאמיע, די זינד וועלכע די בעוואוינער פון יענע שטעדט זענען בעגאנגען, ווי די ביבעל דערצעלט. אבער ווי די ביבעל דערצעלט איז גאט אויך דערצארענט געווארען פון מעשה אונן: היינט, פארוואס בעשטראפט איצט ניט אונזער געזעץ אויך פאר אנאנירען? אין א סך שווייצארישע קאנטאנען און אין דייטשלאנד ווערט אויך בעשטראפט פאר א געשלעכטליכע פערקער צווישען מענער. אין דער לעצטער צייט האבען אונזערע געזעץ חכמים געפירט א הארבען וכוח, אויב די שטראף פערדינט מען ערשט דעמאלט, ווען איין מאן פירט אריין זיין פענים אין דעם אנוס פון אן אנדערען מאן (פעדעראסטיע), אדער אויב די אורזאך

מיר טרייבען ניט איבער. אין גאנצען מיט עטליכע יאהרהונדערטען צוריק זענען משוגעים בכלל בעטראכט געווארען ניט אלס קראנקע, נאר אדער אלס פערברעכערס אדער אלס פער׳כשופ׳טע מענשען, און וועד־ליג דעם האט מען זיי אדער בעשטראפט אדער זיי בעהאנדעלט מיט עקסארציזם (ארויסגעטריבען א דבוק). נאך היינט אפילו בעגעגענען מיר ביי קאטאליקען און אפילו ביי געוויסע פראטעסטאנטישע סעקטען, מענשען וואס גלויבען אין מכשפים, און אין פאל זיי וואלטען געקראגען די מאכט אין זייערע הענד, וואלטען מיר נאך היינט געהאט די מכשפים פראצעסען, די פערפאלגונגען און זייער גרויזאמקייט. דער שרעקליכער פארורטייל פון פאלק קעגען משוגעים שטאמט, ווי עס איז בעקענט, פון דער צייט פון די פערפאלגונגען פאר כשוף.

איצט נאך שטעהען מיר אזוי ווייט אונטער דער מאכט פון דעם פארורטייל, אז עס איז בלויז גענוג צו ווערען פער׳משפט פון געזעץ, כדי דער פער׳משפט׳ער זאל זיין גאנץ לעבען ווערען בעווארפען מיט שאנד און אומ׳כבוד. איך וויל דא דערמאנען די געפליגעלטע ווערטער וועלכע איך פערזענליך האב געהערט פון דעם אמאליגען לאנג־יאהריגען געפענגעניש־דירעקטאר, און איצטיגען פארשטעהער פון דער פעדע־ראלער סטאטיסטישער ביורא, דר. גיללאום. הגם זיינע ווערטער קלינגען אביסעל פאראדאקסאל, ליגט אבער אין זיי א טיפער אמת. ער האט זיך רוהיג צוגעהערט צו א געשפרעך מכח דעם אויביגען עניין: צום סוף זאגט ער אין אן ערענסטען טאן דאס פאלגענדע: „מיינע הערען, אין מיין לעבען האב איך מיך בעקענט מיט זעהר א סך פער־ברעכערס. אבער איך האב צווישען זיי ניט געקאנט געפינען מעהר ווי צוויי קלאסען: אין איין קלאס זענען געווען קראנקע, און די אנדערע... אה, די אנדערע!... אלעמאל ווען איך האב זיי טיפער שטודירט, האב איך מיך אליין געמוזט פרעגען: צו וואלסט דו ניט געטון פונקט דאס איינענע אויף זייער פלאץ?" — עס פערשטעהט זיך, אז דערמיט איז ניט געמיינט געווארען אויפצושטעלען אזא מין שארפע איינטיילונג פון קלאסען. מחמת אין דער מעהרצאל פערברעכענס ליגט א טייל פון די עלעמענטען פון ביידע קאטעגאריעס. פונדעסטוועגען פאלט דער עיקר־געדאנק אבסאלוט צונויף מיט דער ווירקליכקייט. אין שייכות צו דעם וויל איך אויך דערמאנען דאס זעהר בעלעהרענדיגע בוך פון האנס לייסס „פון געפענגעניש". דער מחבר אליין איז געזעסען אין

געזעהען, בלייבט פאַר דער שטראָף־געזעץ ניט איבער קיין אנדערע ברירה ווי אָבצושניידען זיינע אייגענע וואָרצלען און זיך איבערצו־פלאַנצען אויף אַ וויסענשאַפטליכען און סאָציאַלען באָדען. אנשטאַט אַ שטראָף־געזעץ וואָלטען מיר דעמאָלט געהאַט אַ געזעץ וואָס בעשיצט די געזעלשאַפט קעגען אַלגעמיין געפערליכע מענשען, און אַ געזעץ וואָס וועט האָבען אַן אויפזיכט איבער יענע מענשען, וועלכע קאָנען זיך אַליין ניט פירען אויף אַ גלייכען וועג. דערמיט וועט זיין אויפגאָבע פולשטענדיג צוזאַמענפאַלען מיט דער אויפגאַבע פון דעם ציוויל־געזעץ. דעמאָלט אָבער וועט אויך דער ריכטער מוזען אויפהערען משפט'ען איבער די האַנדלונגען פון זיינע מיטמענשען און איבער זייערע מאָ־טיוון, און אויפהערען שפּילען די ראָלע פון אַ פערטרעטער פון גאָט. ער וועט מעהר ניט שטראָפען: זיין צוועק וועט נאָר זיין צו בעשיצען, צו וואָרענען און צו פערבעסערען.

מיט דער שטראָף האָט מען געמיינט אָבצושרעקען דאָס פאָלק, דער עיקר מענשען מיט שוואַכע כאַראַקטערס, און אויף דעם אופן זיי אָבצוהאַלטען פון פערברעכענס. אָבער די פּראַקטיק האָט געוויזען, אַז געוואַלט־מיטלען און ווילדקייט זענען אַנשטעקענדיג און וועקען אויף געוואַלט און ווילדקייט. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די אָב־שרעקונגס־טעאָריע איז בעצעם פאַלש. דער מענש ווערט צוגעוואוינט צו פערברעכענס, שטראָף און בלוט פּונקט ווי ער ווערט צוגעוואוינט צו אַלצדינג: אויף דעם זאָגען עדות די מלחמות. נאָר דער איינפלוס פון גוטסקייט און גערעכטיגקייט קאָן פירען צום גוטען. די טויט־שטראָף, פּונקט ווי דאָס האַלטען אין תפיסה, ווירקט נאָר דערמיט וואָס זי בעזייטיגט דעם פערברעכער און מאַכט איהם אונשעדליך. אָבער דאָס לעצטע קאָן דערגרייכט ווערען אָהן דעם בעגריף פון שטראָף און תשובה. דאָס היינטיגע געפענגעניש איז נאָך אַ שול פון אויסגעלאַ־סענקייט און פערברעכענס. אויב מען וועט דערפון ביסלעכווייז מאַכען אַ פּסיכאָלאָגיש געפירטען אויפזעהונגס־ און ערציהונגס־אַנשטאַלט, קאָן עס ווערען אַן אויסבעסערונגס־שול, אויף ווי ווייט עס איז מעגליך אויסצובעסערען. פאַר פערברעכער, וועלכע מען קאָן מעהר ניט אויס־בעסערען, וואָלט דאָס געפענגעניש געוואָרען אַ מין הילפס־צווייג פון דעם משוגעים־הויז.

די געשיכטע פון דער פּסיכיאַטריע און פון כשוף בעווייזט, אַז

טעט א מין רעלאטיווע אינוועניגסטע פרייהייט: זיי פיהלען ניט די מאכט איבער זיך. אבער די העכערע פארם פון אז עטישער צופאסונגס-פעהיגקייט אדער פרייהייט איז ניט די פריי־הייט פון דעם מענשליכען פוקס וועלכער, האלטענדיג זיך גופא פאר דעם צוועק פון אלעס, נוצט ער אויס איטליכען פאר זיין אייגענער טובה וועגען, נאר עס איז די פרייהייט פון דעם העכערען געהירן, פון דעם געהירן וועלכעס פאסט צו זיינע טעטיגקייטען קודם כל צו די סאציאלע צילען פון דער מענשהייט. אמוועניגסטען פריי אדרבה איז יענער מענש, וועלכער, זייענדיג בעהערשט פון נידעריגע ליידענשאפטען און אינסטינקטע, אדער ניט פערמאגענדיג גענוג אינטעליגענץ, אדער זייענדיג געבונדען פון זיין ווילענס־שוואכקייט, איז ער דעריבער ניט קאפאבעל זיין לעבען אליין צו פירען, גיט ער זיך איבער צו יעדען רייץ און צו יעדען אימפולס, פאלט ער אריין אין יעדער פאסטקע און דערי־בער איז ער כסדר צושלאגען מיט דער געזעלשאפט.

היינט וואס איז די פעולה פון א טעארעטישען גלויבען אין א ווילענס-פרייהייט אין אזא פאל? דער דאזיגער שטארק געבונדענער מענש פיהלט זיך סוביעקטיוו פונקט אזוי פריי ווי דער מענש וואס איז וועניגער געבונדען, — אבער אין דער אמת'ען איז ער דאך ניט פריי. אויב אזא מענש ווערט בעשטראפט, מחמת צוליב זיין פסיכישער גע־בונדענקייט האט ער איבערגעטראטען א געזעץ, פיהלט ער די שטראף אלס אן אונגערעכטיגקייט: דער ריכטער ווידער, וואס משפט איהם און רעדט זיך איין, אז ער טיילט אויס גערעכטיגקייט, פירט אין דער אמת'ען נאר אויס א ניט גערעכט געזעץ, אין וועלכען עס איז אין בעס־טען פאל פערקערפערט א מילדע פארם פון דעם פרינציפ פון נקמה אדער תשובה; אדער בענוצענדיג זיך מיט א רעכט וועלכעס איז א צווייג פון אלטע טראדיציעס מיט טיפע ווארצלען אין רעליגיעזע פאנטאזיעס, שפילט דער ריכטער די ראלע פון א פערטיידיגער פון גאט. מען קאן אפילו זאגען, אז דער מענש איז אלץ מעהר פריי, וואס קלארער איהם ווערט, אז ער איז עס ניט, דאס הייסט, אז זיינע האנדלונגען זענען אבהענגיג פון דער טעטיגקייט פון זיין געהירן!

דער צוועק פון דעם שטראף-געזעץ: זיינע טראדיציאנעלע פעהלערס בנוגע צום געשלעכטס-לעבען. — ווערליג מיר האבען

נעהמען פשוט אַז די וויסענשאַפטליכע וואַרהייט פון דעם דעטערמי־ניזם, דאָס הייסט פון דעם קויזאַליטעטס־געזעץ בנוגע צו די מאָטיוועןפון אונזערע האַנדלונגען*), וועלכעס לאָזט דורכוים צו פערשידענעמעגליכקייטען פאַר דער צוקונפט ניט אויפבויענדיג קיין השערה מכחאַן אַלמעכטיגען גאָט, דעמאָלט בעגרייפען מיר קלאָר, אַז די קאָמפּלי־צירטקייט פון אונזערע געהירן־טעטיגקייטען, צוזאַמען מיט דעם פאַקט,אַז אַ גרויסער טייל פון די דאָזיגע טעטיגקייטען, און מיט זיי אויך דיטרייב־פעדער, די מאָטיווען פון אונזערע האַנדלונגען בלייבען אונבע־וואוסט, ד. ה. אונטער ־בעוואוסט, — ווערט פאַר אונז קלאָר, אַז דאָסמוז פירען און פירט טאַקע צו אונזער אילוזיע פון אַ פרייען ווילען.

אָבער פון דער אַנדערער זייט זעהען מיר, אַז די פּלאַסטישע פע־היגקייט פון אַ מענשליך געהירן פּאַסט זיך צו ווי ווייט מעגליך נענוי,ד. ה. ווענדליג דער סביבה, צו וואָס מעהר און פערשידענערליי קאָמ־פּליקאַצעס פון לעבען, און בעזונדערס צו די סאָציאַלע פערהעלטניסען.גיבענדיג אויף דעם אופן די פּאַקטישע און אמת'ע מאָס פון דאָס, וואָסמיר האָבען צו פערשטעהען אונטער רעלאַטיווער פרייהייט. דער מענשוואָס האָט די גרעסטע פעהיגקייט זיך צוצופּאַסען איז דער פרייעסטערמענש, בעזונדערס אין דעם זין פון אַן אַקטיווער און בעוואוסטער צו־פּאַסונגס־פעהיגקייט. עס זענען אויך פאַראַן מענשען וועלכע פּאַסעןזיך צו פּאַסיוו, מענשען אָהן אַ ווילען און וועלכע לאָזען זיך קנעטעןווי אַ טייג. די דאָזיגע פּאַסיווע פּלאַסטיציטעט איז אַלעמאָל די אורזאַךפון זייער זיך־אַנשליסען און צושטעהען איבעראַל צו יעדער זאַך, אוןפאַלגליך העכסטענס ווערען ווערקצייגען פאַר מחלוקות. אָהן ספק,די דאָזיגע מענשען זענען אין ערך ווייניגער פריי, מחמת זיי פאָלגעןדי אימפּולסען פון אַנדערע. פונדעסטוועגען גיט זיי זייער פּלאַסטיצי־

*) דאָס קויזאַליטעטס-געזעץ גרעניצט זיך שפּעטער נאָהענט מיט דעם ענערגיע-געזעץ, וועלכעס זאָגט דאָ: „אין דעם געביט פון אונזער רעלאַטיווו וויסען קומט נאָך יעדער אַקציע אַ קוואַליטאַטיוו גלייכווערטיגע רעאַקציע: גאָרניט ווערט פערלויען.“ דערפון קאָן אָבער בשום אופן ניט געדרונגען ווערען די פאָרויס־בעשטימונג פון דעם פאַטאַליזם, מחמת מכח דעם בראשית און דעם סוף פון דעם אוניווערזום ווייסען מיר לגמרי גאָרניט.

אהער געוואוינט געווען צו משפּט'ן איבער אַנדערע מענשען דער עיקר וועדליג דעם רעכט פון דעם שטאַרקערן, טיילווייז זייענדיג געמיל־דערט דורך געפיהלען פון פאַמיליע און פריינדשאַפט, האָט ער שפּעטער אין זיין שרעק פאַר די נאַטור־סודות — וואַלד, נאַכט, בליץ און דונער, שטורימווינטען, שטערען, א. אז. וו. — און פאַר דעם טויט, זיך פאַר־געשטעלט דאָס אריינמישען־זיך פון פערבאָרגענע און שפּעטער פון העכערע כחות, וועלכע זאָלען אנשטאָט איהם משפּט'ן איבער מעשים טובים און מעשים רעים, הגם די בעגריפען גוט און שלעכט זענען דע־מאָלט געווען גאַנץ אַנדערע איידער היינט. די פּריווילעגירטע מענשען אָבער האָבען אַלעמאָל פאַר זיך איבערגעלאָזט די פונקציעס פון פער־טיידיגער און אויספירערס פון גאָט'ס ווילען, און שפּעטער גע'משפּט אין זיין נאָמען אמאָל אַלס פּריסטערס, אמאָל אַלס קעניגען און שפּע־טער אַלס ריכטערס. אז מען קאָן ארויסגעבען א פּסק־דין אָהן צו גלויבען אין דער פרייהייט פון ווילען, בעווייזט דאָס משפּט'ן פון דעם מאהאָמעדאַנישען פאַטאַליזם, צ. ב. פון הארון־אל־ראשיד. פּאַקטיש שליסט אויס דער פאַטאַליזם, לכלהפּחות זייענדיג לאָגיש, די השערה פון ווילענס־פרייהייט, מחמת אויב אַלצדינג איז אבסאָלוט בעשערט פון מזל, מוז דאָך דאָס זעלבינע זיין מיט די געדאַנקען, ענטשלוסען און האַנדלונגען פון די מענשען, וועלכעס שליסט אויס זייער פריי־הייט.

די פעראַנטוואָרטליכקייט. — אין אַן אַנדער ווערק („די צור־רעכנונגספעהיגקייט דעס נאָרמאַלען מענשען") האָב איך מיך בעמיהט צו ווייזען, אז א ראַציאָנאַל אויפגעבויט שטראָף־געזעץ דאַרף זיך גאָר־ניט פערנעהמען מיט דעם ענין פון ווילענס־פרייהייט. דער פאַקט וואָס מיר פיהלען זיך פריי און פעראַנטוואָרטליך, איז בשום אופן ניט גענוג צו רעכטפערטיגען דעם קאַטעגאָרישען אימפּעראַטיוו פון קאַנט. אפילו א שווער משוגע'נער פיהלט זיך סוביעקטיוו פריי, הגם איטליכער מענש מיט שכל זעהט, אז ער איז ניט פריי. די פראַגע אויב עס עקזיסטירט אָדער עס עקזיסטירט ניט אַן אַבסאָלוטע פאָרויס־בעשטימונג (פאַטאַ־ליזם, דער גלויבען אין מזל) אַלס א געזעץ פון דעם אוניווערזום, איז א פראַגע פון מעטאַפיזיק, ד.ה. זי שטעהט אויסער דער מענשליכער השגה און דאַרף אונז דעריבער דאָ גאָרניט אָנגעהען. אָבער ווען מיר

און ברענגען זעהר ווייניג אָדער גאָר קיין שום מאַטעריעלען נוצען פאַר דעם וויסענשאַפטס־מאַן אָדער אַרטיסט. אָבער פאַר די דאָזיגע וויכטיגע צווייגען פון אַלץ העכער און העכער שטרעבענדיגער קולטור, מוז אויף וואָסערען ניט איז אופן דעמאָלט זאָרגען דער אַ סך רייכער געוואָרענער שטאַאַט, און מאַטעריאַל אויך ממשות'דיג אונטערשטיצען די אמת'ע ווערטען אין דער וויסענשאַפט און אין הער קונסט, פונקט ווי עס האָבען פריהער (און אויך איצט) געטון קעניגען און מעצענאַטען: קודם כל אָבער מוז דער שטאַאַט אויסמיידען דעם פערזענליכען פּעוואָריטיזם, די פערזענליכע טובות דורך כל'ערליי קליקעס, דערמיט וואָס ער וועט בעשאַפען אַרבייטס־מיטלען און אַרבייטס־צענטערס.

## 3. דאָס שטראָף־געזעץ.

דאָס שטראַף־געזעץ איז דאָס רעכט צו בעשטראָפען. דאָס רעכט צו בעשטראָפען איז געבויט אויף די בעגריפען פון שולדיגקייט און תשובה, און די דאָזיגע ווידער זענען געבויט אויף דעם בעגריף פון אַ פרייען ווילען, וועלכער איז, ווי מיר האָבען אויבען געוויזען, אַן אילוזיע.

פון דער פשוט'ער בערעכענונג זעהט זיך אַרויס די צווייפעלהאַפטע פּאָזיציע פון אונזער היינטיגען שטראָף־געזעץ. די וויסענשאַפט פון די שטראָף־געזעצען האָט צו לאַנג איגנאָרירט דעם פּאָרטשריט פון די איבעריגע וויסענשאַפטען און פון דער הומאַניטעט; זי ליידעט פון אַן אונהיילבאַרער אויסצערונג, מחמת זי איז איינגעוואָרצעלט אין טעותים. דער בעגריף פון תשובה האָט זיך ענטוויקעלט אויף דעם פונדאַמענט פון דעם מיסטיציזם פון דעם ברוטאַלען רעכט פון דעם שטאַרקערען צוזאַמען מיט דעם נקמה־געפיהל וועלכע מיר האָבען געערש'ענט פון אונזערע חיה'שע אור־עלטערן. ביי זיי איז דער שוואַכער בעשטראָפט געוואָרען, ווייל ער איז געווען שוואַכער. אָבער דערנאָך איז געקומען דער בעליידיגטער גאָט, דער גאָט וועמען דער מענש האָט בעשאַפען בצורת אָדם, און האָט געפאָדערט נקמה פאַר מעשים רעים. די דאָזיגע בעליידיגונג פון אַ גאָט איז גאָר געווען דער ניט קלאָרער אויסדרוק פון אַ זיך־אויפוועקענדיג סאָציאַל געוויסען אין מענש, אַ פערוואָלקענט געמיש פון בעליידיגטע סימפּאַטיע־געפיהלען און אַ בעדערפעניש נאָך נקמה און תשובה. גאָכדעם ווי דער מענש איז ביז

געוועז מעגליך אויף אזוי ווייט ממשות'דיג צו בעשרענקען דאס רעכט אויף ירושה. אז די קינדער זאלען נאר האבען א רעכט צו געניסען די ירושה פון זייערע עלטערן ביז דעמאלט, ווען זיי גופא וואלטען גע־ווארען אונטער אלע אומשטענדען פעהיג צו ארבייטען און צו פער־דינען, לאמיר זאגען צ. ב. ביז צום 25טען אדער 26טען יאהר, אזוי, אז זיי זאלען אויך האבען די מעגליכקייט צו קריגען א העכערע בילדונג. אויף דעם אופן וואלט מען פון איין זייט ביי דעם מענש ניט אוועקגע־נומען די פרייד צו ארבייטען פאר זיך אליין און פאר זיין פאמיליע, און פון דער אנדערער זייט וואלט איטליכער יונגער מענש געמוזט פלייסיג ארבייטען בכדי צו דערגרייכען ערגיץ־וואו, וויסענדיג פון פאראויס, אז ביי 25 אדער 26 יאהרען וועט ער דארפען אליין פער־דינען אויף זיין לעבען און מעהר זיך ניט קאנען פערלאזען אויף קיין ירושה.

עס פאלט מיר גארניט איין אויף דעם יסוד פון אזא אידעע אויפ־צובויען א נייע סאציאלע טעאריע; אזוינע מינים פארשלאגען זענען שוין געמאכט געווארען אהן א צאל. וואס איך וויל, איז בלויז בע־טאנען איין עלעמענט פון דעם גאנצען פראבלעם, וועלכער בעשטעהט דערין, צו פערקלענערען די מעגליכקייט פון עקספלוטאציע, אהן דער־ביי ניט צו פאראליזירען דעם תענוג פון ארבייטען, און אויך דערין, צו העלפען בעשאפען און ערציהען א געזונדען דור.

עס פערשטעהט זיך, אז פריהער פאר דעם מוז קומען א נייער עטישער און סאציאלער צושטאנד, דעמאלט ווען עס וועט הערשען אן אנדער פאמיליען־געזעץ און ווען עס וועט זיין בעזארגט א גוטע ער־ציהונג און שול־בילדונג פאר איטליכען א. אז. וו., א. אז. וו., אבער דער אינטעליגענטער מענש וועט נאך אפילו דעמאלט האבען אן אינסטינקטיווען וואונש צו געהען העכער און ווייטער פון דעם דורכ־שניט, און אויך אזוי וועט ער ערציהען זיינע קינדער. דעם דאזיגען קולטור־אינסטינקט מוז יעדע סאציאלע ארגאניזאציע פארזיכטיג ענט־וויקלען און אבהיטען.

כמעט ביי אלע סאציאלע סיסטעמען האט מען אנגעוויזען, אז גע־וויסע צווייגען פון דער מענשליכער קולטור, א שטייגער די ריין ווי־סענשאפטליכע פארשונג און די קונסט, פאדערען אהן א שעור הוצאות

פערדינען די נויטיגע לעבענס־מיטלען, איז גראַד אַ בעדערפעניש פון דעם מענשליכען לעבען.

ביי זעהר רייכע לייט מערקען מיר ניט זעלטען די מורא, אַז אַ זעהר גרויס פערמעגען וועט פערלירען זיין מאַכט ווען מען וועט עס צוטיילען אין צופיל חלקים און אויף אַזאַ אופן אָבשוואַכען דעם איינפלוס פון דער פאַמיליע.

ווי מיר האָבען שוין געזעהען, איז קיין שום ספק ניט, אַז די גרויסע אָרימקייט און די גרויסע עשירות זענען צוויי שעדליכע סאָציאַלע עקסטרעמען. אין זיך גופא איז פאַר אַ קינד זעהר שלעכט, ווען עס וואַקסט אויס מיט דעם געדאַנק, אַז עס וועט ירש'ענען אַן עשירות, אַז זיין לעבען וועט עס געניסען אָהן מיה, אָהן זאָרג און אָהן אַרבייט און, אַז די אָרימע מענשען זענען נידעריגערע בעשעפענישען וועלכע שטעהען גרייט איהם צו בעדינען. עס איז אָבער אויך ניט בעסער, ווען אַ מענש קומט אויף דער וועלט מיט דער איינציגער אויסזיכט, אַז טראָץ זיין שווערער אַרבייט וועט מען איהם זיין גאַנץ לעבען האַלטען אין איין אויסנוצען, אויב זיינע בעזונדערע פעהיגקייטען אָדער עפּעס אַ בעזונדער מזל וועט איהם ניט אַ הויב טון און געבען די מעגליכקייט, מיט אָדער אָהן דער הילף פון דעם היינטיגען אומ'רחמנות'דיגען געיעג נאָך עשירות, זיך אַוועקצושטעלען אויף אַ העכערען שטאַפעל. פּונקט אַזוי שווער איז דאָס געפיהל ווען דורך שווערע און ביטערע אַרבייט קאָן אַ מענש צו גאָרניט קומען, ניט פאַר זיך, ניט פאַר זיין פרוי און ניט פאַר זיינע קינדער, און נאָר כסדר צו אַרבייטען פאַר די רייכע אָדער פאַר דער געזעלשאַפט אַלס אַזוינע.

דער מענשליכער אינסטינקט איז ניט גענוג סאָציאַל, כדי צוצולאָזען אַ צופרידענע, פלייסיגע און שווערע אַרבייט בלויז נאָר לטובת הכלל. דאָס געפיהל פאַר דער פאַמיליע און די עגאָיסטישע געפיהלען זענען אין איהם געוואַלדיג שטאַרק.

ווען מיר נעהמען אין בעטראַכט אַט די דאָזיגע פאַקטען, ווערט דעמאָלט דאָס ירושה־רעכט וויכטיג. מיט דער הילף פון אַלץ גרעסערע שטייערען אויף ירושות האָט מען געפּריפט וויפיל ניט איז זיך צו פערמעסטען אויף די גרויסע פערמעגענס. דאָס איז אָבער ניט גענוג. איך נעהם זיך ניט אונטער צו געבען אַ בעשטימטע מיינונג מכח די דאָזיגע ענינים, אָבער איך וויל בלויז שטעלען די פראַגע, אויב עס וואָלט ניט

דוקא ניט זיין א פולשטענדיגער גייסטיגער אידיאט. די אורזאך פון א הייראטס-פערבאט מוז אויך זיין געננג א שוואכזיניגקייט פון אפילו א מיטעלמעסיגען גראד. צוליב דער טובה פון דעם פאמיליען-לעבען און פון די קינדער איז עס די פליכט פון דעם שטאאט ניט צו ערלויבען דאס חתונה האבען צווישען שוואכזיניגע מענשען; און צוליב פיזיאלא־גישע אורזאכען נאך ענגער געזעצליך צוזאמענצוציהען דעם שראנקען ארום דער הייראטס-פעהיגקייט, בכדי ניט צו ענטוויקלען א קראנקען און א שוואכען דור. די דאזיגע ענטשיידונג דארף הארצליך בעגריסט ווערען צוליב דעם פרינציפ און צוליב דעם מאטיוו. מען הויבט זיך אן צו דערנעהענטערען צו דער דאזיגער פראגע.

**דאס ירושה-רעכט.** — הגם דאס ירושה־רעכט האט ניט קיין דירעקט שייכות מיט דער סעקסועלער פראגע, איז אבער אינדירעקט פאראן א שייכות: דאס ירושה־רעכט בעיינפלוסט ביז א הויכען שטא־פעל די קינדער-בעשאפונג. היינט־צוטאג האבען די גאנץ ארימע מענשען מעהר קינדער איידער די רייכערע; פון איין זייט איז דאס דערפאר, ווייל זיי האבען ניט וואס צו פערלירען און ווייל דער סעקסו־עלער פערקער איז זייער איינציג פערגניגען, בעת זיי ווייסען ניט פון די מיטלען קעגען שוואנגערשאפט; און פון דער אנדערער זייט, ווייל זיי האפען צו האבען א נוצען פון זייערע קינדער'ס ארבייט. פערקערט, די מענשען וועלכע האבען א פערמעגען, האבען מייסטענס מורא, אז זיי זאלען ניט ווערען ארים דורך א סך קינדער, און יענע ווידער וואס זענען נאך רייכער, זענען גאר אין הוילער ציטערניש, אז זייערע פיין־ערצויגענע קינדער זאלען חלילה ניט לעבע אין ארימקייט. דעריבער ווילען די לעצטע האבען נאר אזוי פיל קינדער, פאר וויפיל זיי קאנען נאך זייער אבשטארבען איבערלאזען א פערמעגען, וועלכעס זאל זיי האלטען אויף זייער סאציאלען שטאנד.

פון דער דאזיגער לעצטער דאגה נעהמט זיך דאס אזוי-גערופענע „פראנצויזישע צוויי־קינדער סיסטעם". די עלטערן האבען דעם אונ־גליקליכען געדאנק, אז זייערע קינדער מוזען קומען אויף דער וועלט מיט א געוויס פערמעגען, כדי שפעטער צו זיין זיכער מיט א לעבען אהן דאגות און צרות. זיי בעדענקען ניט, אז דאס ארבייטען, כדי צו

אנטווארטליכע מענשען, ביי וועמען ניט דער עולם און ניט דאס געריכט זענען אימשטאנד צו דערקענען אדער צו בעגרייפען דאס פאראן-זיין פון אן אבנארמאליטעט. די דאזיגע מענשען האבען מייגסטענס חתונה דעמאלט, ווען קיינער האט נאך ניט געוואוסט פון זייער אמת'ען גייסטיגען צושטאנד און ניט פארויסגעזעהען די פאלגען פון דער פערבינדונג. דער אונגליקליכער צד צו וועמען מען בינדט צו אט אזא מין זיווג פאלט אריין אין אן אייביגער מארטירעריי. די גייסטיגע אבנארמאליטעטען שפילען א געוואלדיגע ראלע אין די אונגליקליכע הייראטען, א ראלע וועלכע ווערט זעלטען ריכטיג אבגעשאצט. די דאזיגע אלע אורזאכען רעדען ווידער פאר דער ריכטיגקייט פון מיין אויבען אנגעוויזענער לייזונג פון דער גאנצער פראגע.

אין זומער 1905 האט דאס שווייצארישע בונדעס-געריכט ארויסגעגעבען אן ענטשיידונג, וועלכע האט א פרינציפיעלע וויכטיגקייט. א שוואכזיניגער מאן פון באזעל האט געוואלט חתונה האבען. קעגען דעם האט זיין מוטער אפעלירט, און די הייראט איז פערבאטען געווארען אי פון ציוויל- און אי פון אפעלאציאנס-געריכט פון באזעל. איצט האט דער מאן (30 יאהרען אלט) אפעלירט צום בונדעס-געריכט, אבער די מאיאריטעט פון די ריכטער, זייענדיג איינפערשטאנען מיט די געדאנקען פון דער מוטער'ס אדוואקאט, האט דעם געזעצליכען בעגריף „שוואכזיניגקייט“ זעהר ברייט פערטייטשט, און אויף דעם אופן וועדליג דער פראקטישקייט אויפגעשטעלט א **ממשות'דיגען שראנקען ארום דעם בעגריף הייראטס-פעהיגקייט**. ביים וועלען הייראטען ווערט בעטראכט אלס א בעדינג צו האבען א קלארע איינזעהעניש מכח די אויפגאבען וועלכע זענען פערבונדען מיט דער הייראט און צו פערשטעהען די פערשידענע פליכטען וועלכע מען נעהמט אויף זיך מיט דער הייראט. דער פאקט אז א הייראטס-קאנדידאט האט קענטיג זיך ניט בענומען גייסטיג אבנארמאל, אז ער איז פעהיג צו ארבייטען און צו פערדינען, אז ער איז פלייסיג און, אז פון מיליטער-דינסט איז ער ניט בעפרייט געווארען צוליב א גייסטיגען פעהלער, — די דאזיגע פאקטען קאנען נאך אליין ניט בעטראכט ווערען אלס א גענינגענדיגער בעווייז, אז ער פערמאגט אויך גענוג שכל צו פערשטעהען דעם בעדייט פון חתונה האבען. יעדענפאלס, כדי ניט צו קריגען די ערלויבניש צו הייראטען דארף מען

געזונדע קינדער דורך גייסטיג און קערפערליך פעהיגע מענער און פרוי־
ען. איז שוין א גייסטיג אבנארמאלער אדער קערפערליך קרענקליכער
מאן פערהייראט, דעמאלט מוז זיך זיין פרוי אונטערווארפען צו זיין
ווילען און האבען אזוי פיל אונגליקליכע קינדער וויפיל איהם געלוסט
זיך. און פערקערט, ווען א בראוו, אינטעליגענט און געזונד דינסט־
מיידעל איז אנגעשטעלט אין א הויז, לעגט מען זיך אין דער לענג און
אין דער ברייט, כדי זי אבצורעדען פון חתונה האבען, מחמת מען וויל
זי ניט פערליר׳ען; און אלץ גרינגער איז דאס אויסצופירען, וואס געווי־
סענהאפטער און מעהר צוגעבונדען און געטרייער זי איז צום הויז. מייד־
לעך וואס האבען אונגעזעצליכע קינדער פערלירען אפטמאל זייערע
שטעלען און זייער כבוד. מען בעדארף בלויז אין זין האבען די דאזיגע
צוויי פאלען כדי צו בעגרייפען וואס דא פעהלט. מיר דארפען האבען
מעהר פערזענליכע פרייהייט פאר נארמאלע, צופאסונגס־פעהיגע און
גוטע מענשען, און מעהר פערזענליכע בעשרענקונג פאר אבנארמאלע,
געפערליכע און שלעכטע מענשען. דערמיט וועט זיך דאס געזעץ פון
דער צוקונפט מוזען רעכענען, אויב עס וועט וועלען בלייבען אויף איין
הויך מיט דער וויסענשאפט.

דערווייל ערשט האט מען געפרופט צו ברענגען די ישועה דערמיט,
וואס מען וועט ניט ערלויבען חתונה צו האבען גייסטיג קראנקע,
אדער אין פאל זיי האבען שוין חתונה געהאט, זייער חתונה מבטל צו
זיין, אדער זיי צו גט׳ען. אלס א נויטמיטעל בעת דער איבערגאנגס־
צייט קאנען אזוינע איינפירונגען זיין גוט. זיי נעהמען אן, אז שוואנ־
גערשאפטען קומען פאר בלויז אין דער הייראט און, אז די הייראט
צווינגט צו דער שוואנגערשאפט. פאקטיש אבער זענען די דאזיגע
ביידע השערות פאלש, דאס הייסט, זיי טרעפען בלויז טיילווייז אין
ציל אונטער דעם דרוק פון די היינטיגע מנהגים און דער היינטיגער
געזעצגעבונג. פונדעסטוועגען האבען די דאזיגע געזעץ־פאראגראפען
וועניגסטענס די מעלה וואס זיי מאכען מעגליך די אויפלעזונג פון
אזוינע מאנסטערליכע געצוואונגענע פערבינדונגען, ווי עס זענען די
הייראטען פון משוגעים און פון די ערגסטע פסיכאפאטען. ליידער
אבער ווערט א גט בכלל צוגעלאזט בלויז דארט וואו די גייסטיגע
קראנקהייט איז קלאר און שארף, בעת אין דער אמת׳ען קומען פאר
די ערגסטע פערבינדונגען צווישען אזוינע אבנארמאלע וועניג פער־

געוועזן דער פאַל מיט מיינע ביידע קראַנקע. עס וואָלט שוין געוועזן אַ געוואַלדיגער פאָרטשריט, ווען דאָס געזעץ וואָלט געגעבען אַן אָפּיציעלע בערעכטיגונג צו אַ פרייוויליג צוגעשטימטער קאַסטרירונג אָדער דיסלאָקאַציע פון די טובען. אָבער היינט־צוטאָג שטעהט פאַקטיש די זאַך מיינסטענס אַזוי אַז אַ פסיכאָ־פּאַטהאָלאָגישער מאַנסטער קאָן זיך ניט לאָזען קאַסטרירען אפילו ווען ער וויל, מחמת די דאָקטוירים וועלען ניט אויפנעהמען אַזאַ אָפּעראַציע אָהן אַ פּאָזיטיווער מעדיציינישער אָנווייזונג, און מחמת אַזוינע פאַלען ווערען ניט בעשיצט פון געזעץ און ניט קאָנטראָלירט פון ערגיץ אַנדערש. אָבער ווען די אָפּעראַציע וואָלט געמאַכט געוואָרען אין צייט, וואָלט זי געקאָנט ראַטעווען סאַדיסטען, קינדערשענדער און אַנדערע מענשען מיט אַ פּערווערזען און געפערליכען געשלעכטס־טריב פון אַן אונגליקליך פערברעכער־לעבען, און די געזעלשאַפט בעשיצט פון זייערע פערברעכענס און די פערברעכענס פון זייערע קינדער. ביי דער פרוי נאַטירליך וואָלט אין אַזוינע פאַלען געווען נויטיג די קאַסטירונג און ניט בלויז די דיסלאָקאַציע פון איהרע טובען.

אָבער די גאַנצע זאַך פאַלט אַנדערש אויס אויב די פראַגע איז בלויז צו פערהיטען דאָס האָבען פון קינדער און, אויב די קראַנקע זענען פעהיג צו בעגרייפען זייער צושטאַנד און די קאָנסעקווענצען. אין אַזוינע פאַלען איז גענוג אויפצוקלערען מכח די מיטלען קעגען שוואַנגערשאַפט און זיי אָנצואווענדען; מיט די דאָזיגע פערהיטונגס־מיטלען קאָן איטליכער מענש נאָכגעבען זיין געשלעכטס־טריב אָהן דערביי צו האָבען קינדער. דאָס דאָזיגע האָט אָבער גאָרניט צו טון מיט דעם געזעץ. עס איז באמת שרעקליך ווען מען זעהט ווי אין אַ סך לענדער ווערט דער פערקויף פון פערהיטונגס־מיטלען צו רעגולירען די שוואַנגערשאַפט (קאָנדאָמען א. ד. גל.) נאָך אַלץ געזעצליך פערבאָטען און פערפאָלגט אַלס אונמאָראַליש. צו דעם דאָזיגען ענין וועלען מיר צוריקקומען אין קאַפּיטעל 14. ל

עס איז זעהר וויכטיג פאַר אונז צו געדענקען, אַז דער היינטיגער צושטאַנד פון דער הייראַט פערשטאַרקט אָפּטמאָל פון איין זייט די פאָרטפלאַנצונג פון פערברעכערס, משוגעים און אינוואַלידען, בעת פון דער אַנדערער זייט מאַכט ער שווער אָדער שטערט די בעשאַפונג פון

זיינע פערזענליכע ליידען. איך האב אויך געלאזט קאסטרירען א פיערצען־יאהריג היסטעריש מיידעל, וועמעס מוטער און באבע זענען געווען בארדעל־האלטערינס און פראסטיטוטקעס, און וועלכע האט זיך שוין איבערגעגעבען צום ערשטען בעסטען איינגעל אויף דער גאס אויס פשוט'ען פערגעניגען, ווייל מיט דער קאסטראציע האב איך אויך דא געוואלט פערהיטען דאס געבוירען־ווערען פון אונגליקליכע קינדער. דעמאלט איז געווען א מאדע היסטעריקער טהעראפיוטיש צו קאסטרירען, און איך האב די דאזיגע מאדע אויסגענוצט פאר מיין האנדלונג, וועלכע האט אין דער אמת'ען געהאט נאר א סאציאלען צוועק. בכדי לכל הפחות צו פערהיטען דאס פרוכפערען זיך פון די אונגליקליכסטע, ערגסטע און געפערליכסטע בעשעפענישען, זאל מען, לויט מיין מיינונג, אויב ניט דוקא קאסטרירען, ווענינגסטענס מאכען, אדער בעסער, דארפען מאכען, געוויסע מילדערע אפעראציעס, ווי די דיסלאקאציע צ. ב. אדער דאס אויסשניידען פון די טובען ביי דער פרוי, אן אפעראציע וועלכע מאכט די פרוי סטעריל אהן צו צושטערען די אייער־שטעק און אהן צו פערקלענערען די ליבידא סעקסואליס.

ביי געוויסע מענשען, ווי א שטייגער די סאדיסטען, וועמעס געשלעכטס־טריב אלס אזוינער איז אן אלגעמיינע געפאר, איז אהן ספק נויטיג די פולשטענדיגע קאסטראציע. לויט מיין מיינונג זענען די דאזיגע אפעראציעס נויטיג ביי אלע יענע מענשען, וועמעס פסיכאפאטהאלאגישער צושטאנד אין דעם דאזיגען געביט איז אזוינער, אז זיי זענען אינגאנצען ניט בכח ביינצוקומען זייערע אימפולסען, אדער קאנען ניט בעגרייפען דאס ווארענען פון שכל: מחמת אויף דעם אופן וועלען זיי, לפחות אין געוויסע פאלען, זיין פריי אנשטאט צו זיין, צ. ב. אינטערנירט אין פערשלאסענע אנשטאלטען, וועלכע איז פאר זיי אבסאלוט א סך ערגער.

אבער איך מוז נויטיג בעטאנען, אז אזוינע שטרענגע און ערנסטע מיטלען זאלען נאר זיין ערלויבט אין יענע פאלען, וואו דער צושטאנד איז קלאר, אונצווייפעלהאפט און געפערליך. ווייטער גלויב איך, אז, בעזונדערס סעקסועל אבנארמאלע און געפערליכע מענשען, זענען אפטמאל אליין איינפערשטאנען זיך צו לאזען אפערירען, פונקט ווי עס איז

זענען מיינסטענס דעגענערירט דורך דער בלאַסטאָפטהאָריע פון זייערע אַלקאָהאָלישע עלטערן, זאָלען ניט אַרויסגעבען נאָך אַ דור (זעה קאַפּיטעל 1). די ערשטע פראַגע דאַרף אונז דאָ ניט אַנגעהען; אָבער איך נעהם מיר די ערלויבניש צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער מכח דער צווייטער פראַגע.

רעפאָרמערס מיט התמדה און געוואַגטקייט האָבען אין אַזוינע פאַלען פאָרגעשלאָגען די קאַסטראַציע (מסרס־זיין), וועלכעס האָט פון אַלע זייטען אַרויסגערופען שאַרפע פּראָטעסטען, (לעצטענס האָט דאָס־זעלביגע פאָרגעשלאָגען רידין). אונזערע פיין־פיהלענדע, מאָדערנע קולטור־מענשען קאָנען ניט פערטראָגען אַזוינע געדאַנקען, בעת געוויסע אַלטע פעלקער און הערשער, אַ שטייגער היינט־צוטאָג נאָך די איסלאַמיטען, האָבען זיך גאַנץ רוהיג געהאַלטען יעוונוכען, בכדי צו האָבען בעקוועמע און ניט געפערליכע קנעכט פאַר זייערע פרויען; אַ חוץ דעם איז הענגען אָדער אָראָבהאַקען דעם קאָפּ ביי זיי געווען אַ שפּילכעל. אפילו דער פּאַפּסט האַלט זיך ביז איצט קאַסטראַטען אין רוים, בכדי צו האָבען סאָפּראַנאָ־זינגערס פאַר די קירך־קאָנצערטען, און פאַר דעם דאָזיגען צוועק זענען קאַסטרירט געוואָרען יונגע אינגלעך. ערשט איצט וויל דאָס אָבשאַפען פּיוס דער צעהנטער. די מאָדערנע מלחמות און די גרויזאַמקייטען פון די אייראָפּעער אין אַפריקאַ, כינאַ, א. אַז. וו., בעווייזען, אַז עס איז בלויז נענוג אַ תרוץ, כדי אין דעם מענש אויפצוּוועקען די דרעמלענדיגע בעסטיע, וועלכע וועט שפּעטער מיט אַ לייכט הארץ מאָרדען און שענדען בלינדערהייט.

אָבער אין דער לעצטער צייט האָט מען די קאַסטראַציע אַנגעווענדט אַלס אַ היילמיטעל פאַר אַלערליי קראַנקהייטען סיי ביי מענער און סיי ביי פרויען, בעזונדערס אָבער ביי פרויען צוליב היסטעריע. איך בין זיך מודה, אַז אין מיין אַנשטאַלט האָב איך געלאָזט קאַסטרירען אַ נײַנציג־יאָהריגען מאַנסטער, וועלכער האָט געליטען פון אַ גייסטיגער קראַנקהייט און וועלכער, אמת, האָט אַליין פערלאַנגט די קאַסטראַציע צוליב אַ וועהטאָג אין זיין זאָמען־שטראַנג. הגם מיר איז אָבער אין דעם דאָזיגען פאַל מעהר געגאַנגען דעם קראַנקען צו מאַכען אונפעהיג צו בעשאַפען קינדער איידער איהם צו העלפען אין

ווערען פון פסיכיאטרישע עקספערטען, וועט ניט קאָנען צושטאנדקומען קיין שום גוטע רעפאָרם. בכדי צו פערבעסערען די דאזיגע צושטאנדען איז נויטיג א געוויס זיך־צוזאמענקומען פון יוריסטען און פסיכיאטרען: אָבער אזא מין געגענזייטיג זיך־פערשטעהען איז בלויז מעגליך דעמאָלט, ווען די יוריסטען וועלען שטודירען פסיכאָלאָגיע, און בעת זייערע שטודיען וועלען דורכגעהן א מין פראקטישען קליניק צווישען די איינגעשפּארטע פערברעכערס. ווי אזוי קאָן א מענש אורטיילען און פערורטיילען זיין שכן, אָהן דערביי ניט צו האָבען קיין ברעקעל בעגריף מכח דעם געהירן־צושטאנד פון יענע אויסוואורפען פון דער געזעלשאפט? אַלע יענע יוריסטען, וועמעס הערצער שלאָגען פאר דעם וואוילזיין פון דער מענשהייט, זאָלען מוטיג אונטערשטיצען די אנשטרענגונגען און די רעפאָרם־ארבייט פון דעם רעכטס־געלעהרטען און רעפאָרמער פראָפעסאָר פראנץ פאָן לישט.*)

עס פערשטעהט זיך דאָך, אז ניט בלויז מוז מען בעקעמפען די דירעקטע געוואלט־אקטען און עקסצעסען פון אזוינע אינדיווידוען, צ. ב. די סאדיסטען, אנטקעגען אנדערע מענשען, דערמיט וואָס די פערברעכער מוזען געשטעלט ווערען אונטער א זיכערער אויפזיכט און אויף דעם אופן געמאכט ווערען אונשעדליך, נאָר מען מוז אויך געפינען מיטלען מיט וועלכע צו פערהיטען, אז זייערע זאמען־צעלען, וועלכע

---

*) איך דערמאָן דאָ די פאָלגענדע ביכער: דעלבריק: „געריכטליכע פסיכאָפאטהאָלאָגיע" (יאה. אמבר. באַרטה, לייפציג 1897). — דעלבריק. „די פאטהאָלאָגישע ליגע אונד דער פסיכיש אַבנאָרמע שווינדלער" (פערדינאַנד ענקע, שטוטגאַרט 1891). — קעללע: „געריכטליך־פסיכיאַטרישע גוטאַכטען" (אויס דעם קליניק פון פראָפ. פאָרעל, אין צוריך. פרידריך ענקע, שטוטגאָרט 1894). — לישט: „שוטץ דער געזעלשאפט געגען געמיינגעפעהרליכע גייסטעסקראַנקע אונד פערמינדערט צורעכנונגספעהיגע" (מאָנאַטשריפט פיר קרימינאַלפסיכאָלאָגיע אונד שטראַפרעכטסרעפאָרם). — פאָרעל: „די פערמינדערטע צורעכנונגספעהיגקייט" (די צוקונפט, 1899, נר. 15). — עריך וואולפען: „די פסיכאָלאָגיע דעם פערברעכערס" (פערלאַג דר. פ. לאַנגענשיידט, גראָסס־ליכטערפעלדע 1908).

פאטהאלאגיע, רעדען זיך איין (איך האב דא בלויז אין זין די ערליכע אדוואקאטען און ניט יענע וואס זוכען אן אראטישען ערפאלג און ווילען זיך קרוינען מיט לארבער קרענץ). אז זיי זענען פערטיידיגער פון דער פערזענליכער פרייהייט, און זיי מערקען ניט, אז דער עיקר־רעזולטאט פון זייערע אנשטרענגונגען איז דער, וואס א גרויסע צאל פון משוגעים און גייסטיג אבנארמאלע מענשען ווערען פערורטיילט און געפינען זיך אין די געפענגניסען, בעת זעהר א סך אנדערע געפערליכע מענשען זענען פריי און בעגעהען כסדר די שרעקליכסטע פערברעכענס. שולדיגע און געדולדיגע גייסטיג געזונדע מענשען, בעזונדערס זייערע פר,יען און קינדער. א פסיכיאטער, וועלכער זעהט דעם דאזיגען גאנצען פרויען און קינדער. א פסיכאטער, וועלכער זעהט דעם דאזיגען גאנצען יאמער און עלענד, ווערט לייכט א פעסימיסט, פיהלענדיג קלאר זיין אונמעכטיגקייט אנטקעגען דער אונוויסענקייט פון דער מאסע און אנטקעגען די כוואליעס פון זייערע געפיהלען. די נאטירליכע שרעקעדיגקייט פון די מענשען מאכט זיי גערן צו פערמאכען די אויגען און זיך צו היטען קעגען אנשיקעניש און *אויס פחד גראד צו שוינען די געפערליכסטע מאנסטערס*, און אויף דעם אופן הערט קיינמאל ניט אויף די מארטירעריי פון אונגליקליכע ארימע פרויען און קינדער, וועלכע ווערען געפייניגט פון אזוי פיל כראנישע שכורים, סאדיסטען און אנדערע פסיכאפאטען, מחמת אזוי וויל דאס נארישע געשריי קעגען דער כלומרשט'ער געפאר פון דער אזוי־גערופענער אינדיווידועלער פרייהייט. אין דער אמת'ען ווערען אונטערדריקט די שוואכע און די גוטמוטיגע און זייער פרייהייט טרעטען מיט די פיס, בעת זיי לאזען זיך היפנאטיזירען פון דעם פרייהייטס־געשריי פון די אונטערדריקער און די ליארם־מאכערס.

אויף דעם דאזיגען פעלד שפילען די סעקסועלע פערברעכענס און גרויזאמקייטען, ווערענדיג ביז א הויכען שטאפעל פערשטארקט דורך שכרות, א וויכטיגע ראלע. ניט רעדענדיג מעהר מכח פארורטיילען, וויל איך איצט זאגען בקצור וואס עס איז נויטיג.

כל זמן יוריסטען און געזעצגעבערס וועלען ניט שטודירען קיין פסיכאלאגיע און פסיכיאטריע, און כל זמן אלע געוואוינהייטס־פערברעכערס און געפערליכע מענשען וועלען ניט גרינדליך אונטערזוכט

און ראכע־געפיהלען, נאך תשובה און נקמה. אמליבסטען וואלטען זיי דעם דאזיגען נפש באלד אבגעשונדען און צוריסען אויף שטיקער.

דעם פסיכיאטער, וועלכער איז דער עקספערט אויף דעם דאזיגען פעלד, און וועמען מען בעשולדיגט אפטמאל סיי ווי סיי, אז איבעראל זעהט ער משוגעים, אז איטליכען פערדעכטיגט ער און, אז ער האט א ספעציפישע מאניע גייסטיג געזונדע מענשען ארייננצווזעצען אין משוגעים־הייזער, — דעם פסיכיאטער איז דא שווער איינצופירען רוה און זאכליכקייט. ער וואלט געוואלט אננעהמען מיטלען וועלכע זאלען זיין אי מענשליך און אי אין דערזועלביגער צייט בעשיצען די געזעל־שאפט, בכדי אויף דעם אופן ווי ווייט מעגליך גוט צו בעהאנדלען דעם אונגליקליכען וועלכער איז מעהר אדער ווענינער, און טיילמאל גאר אין גאנצען ניט פעראנטווארטליך פאר זיינע האנדלונגען; ער וואלט געוואלט בעשאפען געזעצען און אנשטאלטען וועלכע זאלען דעם גייס־טיג־קראנקען בעשיצען אי קעגען זיך גופא און אי קעגען דעם מיסברויך דורך אנדערע, אבער אין דערזעלביגער צייט איהם ניט צו לאזען שע־דיגען די געזעלשאפט. אבער די געזעלשאפט און מיט איהר געוויסע אלטפרענקישע יוריסטען, אין זייער הוילער ציטערניש און אין זייער נארישקייט, בענוצען אלערליי מיטלען כדי צו בעשיצען די מיושב'ע פאר די פסיכיאטערען, דערביי אינגאנצען ארויסלאזענדיג פון אויג די אמת'ע אינטערעסען סיי פון די קראנקע און סיי פון די געזונדע! די מורא און דער מיסטרויען פון עולם ווערען כסדר אויפגעהאלטען מיט דער הילף פון "שרעקליכע רויבער געשיכטעס" וועלכע ווערען דערצעלט פון געוויסע פעריאמערטע האלבע אדער גאנצע משוגעים, וועלכע ליידען פון א פערפאלגונגס־מאניע, און וועלכע ווערען פערשפרייט פון דער פרעסע.

די דאזיגע צושטאנדען, וועלכע מאכען שווער די לופט ארום יעדען משוגעים־אנשטאלט און לעגען אויס דעם וועג פון דעם פסיכיאטער מיט דערנער און אפטמאל טאקע מיט וועהטאגען, זענען א געוואלדיגע שטערונג פאר דער ענטוויקלונג פון די נויטיגע רעפארמען. דאס גוטע פובליקום און די טעקסט־יוריסטען, יענע וועלכע זענען שקלאפען צו דעם טויטען טעקסט פון זייער געזעצבוך, ביידע ניט פערשטעהענדיג קיין ברעקעל פון דער מענשליכער פסיכאלאגיע און פון דער פסיכא־

געזעהען איז בלויז שעדליך דאָס אָנזאַמלען־זיך פון פעהלערס וואָס קומען בירושה, און דאָס קאָן פאָרקומען סיי ווען מען האָט חתונה מיט פרעמדע און סיי ווען מען האָט חתונה מיט קרובים. בכלל אָבער זענען ניט ראַטזאַם כסדר'דיגע קאָנסאַנגווינישע הייראַטען, הייראַטען אין איין און דערזעלביגער פאַמיליע, און לכל הפחות זאָל מען פון זיי אַבראַטען, מחמת אויף דעם אופן זאַמעלט מען לייכט אָן געוויסע פאַמיליען־פעהלערס.

**דאָס בעשרענקען פון דער פערזענליכער פרייהייט בנוגע צום געשלעכטס-לעבען ביי סאָציאַל שעדליכע אָדער געפערליכע מענשען.** — די אונפעהיגקייט פון די מענשען צו קאָנען אונטערשיידען און צו האַלטען בעזונדער דאָס, וואָס איז אַבנאָרמאַל, קראַנק און בייז פון דאָס, וואָס איז געזונד, נאָרמאַל, וואָס לאָזט זיך צופּאַסען אָדער מאָדיפיצירען אין די מאָטיווען פון די האַנדלונגען פון זייערע מיטמענשען, איז איינע פון די אונגליקליכסטע ערשיינונגען אין דעם סאָציאַלען לעבען. זי מאַכט אָהן אַ שעור שווער אי די ענטוויקלונג פון אַ ראַציאָנאַלער געזעצגעבונג און אי פון שכל'דיגע אדמיניסטראַטיווע מיטלען. די ליידענשאַפטליכע, ניט קלאָרע און בלינדע געפיהלען פון די מאַסען, בעשאַפען דאָ צוויי אַנטקעגענגעזעצטע אבסורדיטעטען און אונגערעכטיגקייטען, וועלכע ווערען אויסגעדריקט דורך דער עפענטליכער מיינונג: פון איין זייט פּראָטעסטירט מען און מען שרייט, אַז עס איז אַ דעספּאָטישער געוואַלט־אַקט, אַ פערלעצונג פון דער פערזענליכער פרייהייט און אַן אונגעזעצליכע בעשרענקונג אָדער איינשפּאַרונג, אַזוי גיך ווי אַ קאָמפּעטענטער ריכטער אָדער עקספּערט שטעלט אויף אַ צוים אַנטקעגען אַ גייסטיג אַבנאָרמאַלען און געפערליכען מענש, וועלכער אָבער זעהט אויס גייסטיג קלאָר אין די אויגען פון דער מאַסע, אָדער ווען צוליב דער זיכערקייט פון דער געזעלשאַפט פערשיקט מען איהם אין אַ משוגעים־הויז אָדער מען בעשרענקט זיין פרייהייט אויף אַ וואָסערען ניט איז אַנדערען אופן. פון דער צווייטער זייט אָבער, ווען אַזאַ מענש איז פריי, שווינדעלט, גנב'עט, רויבט, הרג'עט, שענדט אָדער בעגעהט סאַדיסטישע גרוילטאַטען, שרייט די איינענע אויפגערעגטע מאַסע, איצט פּלוצליך צופלאַמט פון לינטש־

ווען גראד אזוינע מענשען וועלען דורך אט אזא מין נעגאטיוווער צוכט־וואהל זיך אליין אומברענגען און אונטערגעהען. אויף דעם דאזיגען אופן שטעלען מיר אוועק צוויי נאטור־טריבען אנטאגאניסטיש איינעם אנטקעגען אנדערען: דעם טריב פון דער פארטפלאנצונג און פערמעהרונג אנטקעגען דעם טריב פון דעם זינליכען געשלעכטליכען גענוס. ווער עס וויל נאכגעבען דעם ערשטען טריב, וועלכער איז דער העכערער און וועלכער האלט אויף דעם מין, איז געצוואונגען אויפצושטעלען געוויסע צוימען אנטקעגען דעם צווייטען טריב, אהן דערביי אבער ניט אריינצופאלען אין אן אונגאטירליכען אסקעטיזם. די ארבייט פון דעם געזעצגעבער וועט דא זיין פראקטיש צו רעגולירען די דעטאלען. דאס דאזיגע דארף ניט זיין אזוי שווער. עס איז ניט פאראן קיין שכל׳דיגע און קיין עטישע אורזאך געזעצליך צו פערביטען די פאליאנדריע און די פאליגיניע אלס א הילפס-מיטעל, דעמאלט ווען ביידע געשלעכטער וועלען זיין גלייכבערעכטיגט.

די קאנסאנגווינישע הייראט. — איך ווייז אן אויף דעם, וואס וועגען דעם ענין איז געזאגט געווארען אין קאפיטעל 6. בכדי צו פערמיידען א שעדליכע קאנסאנגוויניטעט צווישען מענשען, איז מיין מיינונג, פולשטענדיג ניט צו ערלויבען די הייראט, ד. ה. די געשלעכטליכע פערבינדונג כדי צו האבען קינדער, צווישען דירעקטע קרובים, בעזונדערס צווישען עלטערן און קינדער, און צווישען שוועסטער און ברידער. אלעס איבעריגע אויסער דעם זענען בלויז ביוראקראטישע צוטשעפענישען אהן וואסערען ניט איז נוצען און צוועק. אינגאנצען אהן א ברעקעל זין זענען די געזעצען וואס ערלויבען ניט די הייראט צווישען אזוינע קרובים וועמעס קרובה׳שאפט איז בלויז א חתונה־קרובה׳שאפט, צ. ב. דאס געזעץ וואס ערלויבט ניט חתונה צו האבען מיט א שוועגערין א. דגל. עס האבען עקזיסטירט פעלקער ביי וועלכע אדרבה דאס געזעץ האט געצוואונגען צו אזוינע הייראטען! איך זעה אויך ניט קיין שום ווירקליכע אורזאך פארוואס מען זאל ניט ערלויבען חתונה צו האבען פעטערס מיט טאנטעס, אדער פלימעניקעס מיט פלימעניצעס. עס איז ניט פאראן קיין שום בעוויז, אז אזוינע פערבינדונגען זענען שעדליך פאר דעם צווייטען דור. ווערליג מיר האבען

און וואו אימליכע פערהייראַטעטע פרוי ווערט די בעזיצערין און די אמת׳ע בעל־הבית׳טע פון דעם הויז און פון דער פאַמיליע. אַזוי גיך ווי די פרוי שטעהט אויף דעם גלייכען שטאַפעל בנוגע סיי צו רעכטען און סיי צו אייגענטום, הערט אויף די סכנה פון איהר דערנידערונג דורך דער פּאָליגיניע. פאַקטיש, אין אַזאַ סאָציאַלען צושטאַנד קאָן די פּאָליגיניע נאָר זיין אַן אויסנאַהם. זי איז געבויט אויף דער פולשטענדיגסטער פּריוויליגקייט און זי ווערט אַלץ מעהר און מעהר אונשולדיג און אונשעדליך וואָס מעהר עס ווערען פון איין זייט לייכטער געמאַכט דאָס גט׳ען־זיך, בעת פון דער אַנדערער זייט בעשאַפען די שטרענגע געזעצען, בנוגע צו דער פליכט פון דער קינדער־ערנעהרונג און ערציהונג, די נויטיגע ענגע גרעניצען אַרום דעם מענליכען געשלעכטס־בעגער.

נאָך מעהר, איך האַלט אַפילו, אַז דער קיום פון דער מאָנאָגאַמישער הייראַט, וועלכע מוז זיין געבויט אויף די געפיהלען פון אַ געגענזייטיגען דרך־ארץ און ליבע, וועט דורך דער געזעצליכער פרייהייט פון איין זייט און, פון די ארויפגעלעגטע פליכטען פון דער אַנדערער זייט, וועלכע איך האָב דאָ פאַרגעשלאָגען, אַ סך בעסער זיין גאַראַנטירט איידער ביז איצט. מחמת וואָלט זיך דער דאָזיגער מנהג איינגעבירגערט, מוז עס דעמאָלט פאַר יענע מענשען, וואָס זענען קאַפּאַבעל זיך געגענזייטיג צו פערשטעהן, און לאַנג צו ליבען, ווערען אַ סך לייכטער זיך צו געפינען, און שפּעטער וואָלטען זיי זיך פון זיך גופא אַלץ פעסטער געגענזייטיג פערבונדען, וואָס פרייוויליגער עס וואָלטען געווען זייערע קייטען. אויב דעמאָלט וואָלטען פאַרגעקומען אָפטע פריה־הייראַטען אין דער פאָרם פון קורץ־דויערענדיגע פערבינדונגען, ענדיגענדיג זיך מיט אַ צוגעהען־זיך, וואָלט דאָס ראשית ניט געווען קיין זעהר גרויס אונגליק, מחמת הייגט טרעפט דאָס טאָג־טעגליך אין אַ סך אַ נידעריגערער און טרויריגערער פאָרם, און שנית וועט אַ שטרענגע געזעצגעבונג בנוגע צו קינדער זיין דער זיכערסטער צוים אַנטקעגען דער לייכטזיניגקייט און דער געגוסזוכט. אין פאַל מען וועט מיר זאָגען, אַז דעמאָלט וועלען לייכטזיניגע מענשען, בכדי אויף אַ בעקוועמען אופן צו קאָנען האָבען אַבזועקסלונג מוחל־זיין דאָס בעשאַפען פון קינדער, וועל איך אויף דעם ענטפערען, אַז עס וועט דוקא ניט זיין קיין איבעריג גרויסער שאָדען

אין אונמעגליך שטרענג דורכצופירען ביי דער גרויסער מאסע פון פאלק.

בכלל איז די פאליאנדריע די פעולה פון ארימקייט; פאליאנדרישע ראסען זענען וועניג פרוכטבאר און שיינען זיך צו דערנעהענטערען צו זייער אונטערגאנג. א חוץ דעם איז דער נארמאלער מאן אינסטינקטיוו מעהר פאליגאמיש, איידער די נארמאלע פרוי איז פאליאנדריש. פונדעסטוועגען קאנען טיילמאל פארקומען פאלען וועלכע רעכטפערטיגען אפילו די פאליאנדריע. הגם די אורזאך איז מעהר אדער וועניגער פון א פאטהאלאגישען כאראקטער, זענען פאראן פרויען וועמעס געשלעכטליכער אפעטיט איז אזוי אונערזעטליך, אז א י י ן נארמאלער מאן קאן זיי וועניג בעפרידיגען. סוף כל סוף איז דאך אלץ בעסער ווען עטליכע דאן זשואנס זאלען לויט א פריוויליגען אבמאך לעבען מיט אזוינע פרויען, איידער זיי זאלען זיך אין פערצווייפלונג איבערגעבען צו דער פראסטיטוציע (ווי מיר האבען געזעהען, זענען פאראן פראסטיטוטקעס צוליב נימפאמאניע) אדער אז יענע דאן זשואנס זאלען סיסטעמאטיש פערפירען און פערדארבען ארענטליכע, נארמאלע מיידלעך.

דארט וואו די סטעריליטעט אדער די אבשטויסונג פון די פרויען צום געשלעכטס-פערקער זענען די אורזאכען פון צוריסענקייט אין דעם פאמיליען-לעבען, דארט איז אודאי דער פלאץ פאר געוויסע פארמען פון פאליגאמיע. מיט דער הילף פון אזוינע מיטלען וואלטען מיר אבגעשאפט א סך אונגליקען אין דעם פאמיליען-לעבען און א סך ניצליכע עלעמענטען אין אונזער ציוויליזאציע וואלטען געווארען פרוכטבאר.

רעדענדיג מכח דער פאליגאמיע אין קאפיטעל 6, האבען מיר געוויזען, אז די פאליגאמיע האט א סך פארמען און, אז אויף קיין פאל זענען ניט אלע אזוי דערנידערענדיג פאר דעם ווייבליכען געשלעכט ווי מען דענקט בכלל, האבענדיג פאר די אויגען אלס מאדעל דעם שענדליכען מוסלומאנישען הארעם. דאס וואס דערנידעריגט די פאליגאמיע מעהר פאר אלעם, איז דאס בארבארישע סיסטעם פון דער קויף-הייראט, ווערדליג וועלכען די פרויען זענען ניט בלויז א סחורה, נאר זיי זענען א סטאדע צוזאמענגעטריבענע שקלאפינען. מיר האבען געזעהן, אויף א וואסערען העכערען שטאפעל עס שטעהט די פאליגיניע ביי געוויסע אינדיאנער שבטים, ביי וועלכע עס הערשט דער מאטריארכיזם

אז זי באַט אַן אָדער לכל הפחות, אַז זי קאַן אָנבאַטען די בעסטע בעד־דינגען פאַר אַ דויערהאַפטען גליק סיי פאַר מאַן און ווייב און סיי פאַר זייערע קינדער, מוז מען אָבער זיין פשוט בלינד פון פאַרורטיילען בכדי ניט איינצוזעהען, אַז עס איז אַ פונדאַמענטאַלער פעהלער קעגען דער נאַטור בלויז די מאָנאָגאַמיע אַליין צו בעטראַכטען אַלס די איינציגע בעגליקענדיגע הייראַטס־פאָרם, אַלס דעם איינציגען אַנקער, די איינציגע הילף פון די סעקסועלע פערהעלטניסען, און פון איהר צו צושנייד דען אַ געזעצליכע צוואַנגס־יאַקע פאַר דער מענשהייט. ערשטענס לערענט אונז די געשיכטע און די עטהנאָגראַפיע, אַז וועניגסטענס פּאָליגאַמישע פעלקער האָבען זיך שטאַרק ענטוויקעלט און ענטוויקלען זיך נאָך איצט, בעת אדרבה פּאָליאַנדרישע פעלקער האָבען געהאַט אַ מעהר אָדער וועניגער טרויעריגע עקזיסטענץ און האָבען פערוועלקט. צווייטענס אָבער, אויב מיר בעטראַכטען אונזער אייגענע קריסטליכע מאָנאָגאַמיע אָהן פאָרורטיילען, זעהען מיר, אַז ביז צו אַ ניט קליינעם טייל איז זי ניט מעהר ווי אַ שפּיל, פאַר'ן קוק, פול ליגען און שווינדעל, פול מיט צבוע'אַצטווע, און אַז די אַנשטרענגונג דורך אַ געזעצליכער צוואַנג זי צו פערזיכערען פאַר דעם גאַנצען לעבען, איז אַן אַבסאָלוטע אונמעגליכקייט. אין יענע קאַטאָלישע לענדער וואו דאָס גט'ען זיך איז אַ פערבאָט, איז דער גט פערביטען געוואָרען אויף אַן אָבשיידען זיך פון טיש פון בעט און פון הויז, און דאָס, ווי מיר ווייסען, איז אַן אייביגער קוואַל פון אונטרייקייט און, וואָס עס איז נאָך ערגער, פון דער צוריסענקייט פון דער פאַמיליע. אַ חוץ דעם, וואָס שטרענגער עס זענען די מאָנאָגאַמישע געזעצען פון אַ לאַנד, אַלץ מעהר איז מען געד־צוואונגען פריי צו לאָזען אַנגעהען די פּראָסטיטוציע, ד. ה. די פּראָ־מיסקואיטעט, און, ווי מיר האָבען געזעהען, האָט מען אפילו בעשאַפען דאָס פערזעהעניש — די שטאַאַטליכע רעגולאַציע פון דעם באָרדעל־האַנדעל.

די דאָזיגע ביטערע לעהרען, וועלכע דאָס פּראַקטישע לעבען האָט געגעבען די אַנהענגער פון דער געצוואונגענער מאָנאָגאַמיע, בעווייזען ווי נאַריש עס איז דורך קינסטליכע מיטלען צו וועלען מיט געוואַלט צוימען די רייסענדע נאָרמאַלע נאַטור־טריבען פון דעם מענש. וואָס עס געלינגט ביי געוויסע געצעלטע שטאַרקע נאַטורען, ניט אַלעמאָל אָהן מיה און אָנשטרענגונג, און לייכטער ביי קאַלטע טעמפּעראַמענטען,

דערונגען וועלכע מיר האבען ארויסגעשטעלט — קודם כל צו מאכען ליכטער דאס גט'ען זיך — זאלען דערגרייכט ווערען דורך א סאציאלער געזעצגעבונג. דעמאלט וועט דער חלוק צווישען דער הייראט און דער פרייער ליבע זיין כמעט נאר א פארמעלער. די קאנסעקווענצען פון די דאזיגעביידע פארמען פון פערבינדונגען וואלטען געווארען די זעלביגע, סיי פאר די עלטערן און סיי פאר די קינדער. דער איינציגער חלוק וואלט בלויז געווען אין דעם זיין אדער ניט־זיין פון א געזעצליכער כתובה אויף א בעשטימטער אדער ניט־בעשטימטער צייט. טראצדעם אבער קאן די אמת'ע מאנאגאמיע דערפון גארניט פערלירען: אדרבה זי וועט נאך זעהר א סך געווינען. אהן ספק, מיר וואלטען דעמאלט מעהר ניט געהאט אונזער היינטיגע געצוואונגענע מאנאגאמיע, וועלכע ווערט קינסטליך אויפגעהאלטען מיט דער הילף פון דער פראסטיטוציע, ד.ה. מיט דער הילף פון דער שמוציגסטער פראסיסקואיטעט, מאכענדיג פון דער מאנאגאמיע אן אילוזיע; דערפאר וואלטען מיר אבער געהאט א רעלאטיווע מאנאגאמיע, אויפבויענדיג זיך אויף די שטארקע פונדאמענטען פון די נאטור־געזעצען. אין דער פארם וועט זי זיין א סך פרייער, אבער אין איהר תמצית וועט זי זיין בעסער און שטארקער א דאנק דעם אינוועניגסטען און דרויסענדיגען דראנג פון די פליכטען וועלכע אמת פרייע עלטערן פיהלען צו זייערע קינדער.

עס ווערט היינט אנגעפירט א קאמף מיט די שלאגווערטער „לעבענסלענגליכע געצוואונגענע הייראט" און "פרייע ליבע". דער ענין ווערט אבער איבערגעטריבען. די פרייע ליבע קאן קיינמאל ניט געגליכען ווערען צו פראסיסקואיטעט אדער צו א ניט־ערפילען די פליכטען אלס א טענה קעגען געשוואנגערטע פרויען אדער קינדער. אונזער אויפפאסונג פון דער גאנצער זאך שטיצט זיך אויף דער נאטור־ און דעם סאציאל־וויסענשאפטליכען גאנג פון דעם פראבלעם.

די פארמען און די דויער-צייט פון דער הייראט. — בכדי צו פערמיידען איבער'חזר'ונגען ווייז איך אן אויף דעם קאפיטעל 6. א חוץ דעם האבען מיר אין דעם אויביגען מיינסטענס שוין ארויסגעזאגט און בעוויזען אונזער מיינונג מכח דעם דאזיגען פונקט. — הגם עס איז אמת, אז די מאנאגאמיע איז די נארמאלסטע און נאטירליכסטע פארם פון דער הייראט און פון דער פאמיליע און.

מענער טאָג־טעגליך. ווען די ציוויליזאַציע וועט האָבען פולשטענדיג בעזיגט אונזער ערד, קאָן מען האָפען, אַז דעמאָלט וועט פאַר די שווינד־לערס ווערען נאָך שווערער זיך אַרויסצודרעהען פון זייערע פליכטען דורך געלם ווערען. ווען מיר האָבען אַלעס אין אויג, קאָנען מיר בשום אופן זיך ניט אָבזאָגען פון דעם עיקר־בעדינגג, פון דעם יסוד פון דער אויפהאַלטונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, וועלכער בעשטעהט דעריין, צו מאַכען די עלטערן פעראַנטוואָרטליך פאַר דער ערנעהרונג און ערציהונג פון זייערע קינדער.

אָדער וועדליג מיר האָבען געזעהען, איז די פעראַנטוואָרטליכקייט פון די עלטערן נאָך גרעסער און געהט אויך אַריין אין אַן אַנדער געביט — די פליכט ניט צו בעשאַפען קיין גייסטיגע אָדער קערפּערליכע קריפּלען. אין אַזוינע פאַלען האָט מען געוואָלט פערזאָגען די היירואַט. אָבער דאָס איז אַ זעהר געפערליכער שריט. דער דאַזיגער ענין געהערט אָבער ניט אַהער און מיר וועלען שפּעטער צו איהם צוקומען.

אפּוטרופּסות. — אַ לויבענסווערטע אינסטיטוציע פון אונזער היינטיגען שטאַאַטס־לעבען איז די אפּוטרופּסות פון יתומים, משוגעים, א. אַז. וו., די דאַזיגע אינסטיטוציע בעדאַרף ווערען גרינדליכער און זאָרגפעלטיגער ענטוויקעלט. פערקערט, אַ זעהר מאוס'ער מנהג אין טייל לענדער איז דאָס רעכט פון די געמיינדעס איבערצוגעבען אָרימע און פערלאָזענע קינדער אָדער יתומים, פאַר וועלכע זיי דאַרפען זאָרגען, צו מענשען וועלכע פערלאַנגען אַמווענינגסטען פאַר זייער פלעגע. דער פועל יוצא איז אַ טרויעריגער — די קינדער ווערען אויסגענוצט, ערצויגען צו בעטלען, פערנאַכלעסיגט, א. ד. גל. נאָך ערגער איז דאָס מזל פון די אונגעזעצליכע קינדער, וועלכע ווערען פון זייערע הארצלאָזע מאַמעס איבערגעגעבען צו „מלאכים מאַכערקעס". די זשעדנעגקייט נאָך געלד פּאָרט זיך דאָ צונויף מיט דער סאָציאַלער געשלעכטליכער היפּאָק־ריטסטווע פון די אַזוי גערופענע גוטע מדות, און דער פועל יוצא איז אָט אַזוינע צושטאַנדען. די נויט און די בושה טרייבען אויך צו אַ סך קינדער־מאָרדען און צום מפּיל־זיין. דאָ זאָל דאָס ציוויל־געזעץ צוזאַמען מיט דעם שטראַף־געזעץ אָננעהמען די שטרענגסטע מיטלען, כדי צו מאַכען אַ סוף צו אַזוינע טרויעריגע צושטאַנדען.

די פרייע ליבע און די ציוויל־היירואַט. — ווען אַלע פּאַ־

אין שייכות צו דעם ענין האב איך שוין פריהער דערמאנט דעם היינטיגען נארוועגישען מנהג צו רעכענען בלויז א האלבען פרייז פאר פערהייראטע פרויען און גרעסערע קינדער אויף שיפען, און איצט אפילו אויך אויף באנען. דא קאן איך ניט באריכות בעהאנדלען די דאזיגע פראגע; אבער ווען יענע סאציאלע רעפארמען וועלען אמאל פערווירקליכט ווערען, ווען איבעראל וועט באמת זיין איינגעפירט א שול־ביל־דונג פאר וועלכע מען וועט ניט דארפען צאלען, א פענסיע פאר אלטע לייט, פאר יתומים און קראנקע, א. א. וו., דעמאלט וועט קיין מענש זיך מעהר מיט רעכט ניט דארפען אבזאגען פון דער פאדערונג צו זארגען פאר דער ערנעהרונג פון זיינע קינדער און פאר זייער ערציהונג אין דער פאמיליע. בלויז פוילענצער און מאוס׳ע פערדארבענע מענשען וועלען דאס טון. מיט אונזער גאנצער קראפט רופען מיר דא ווידער צו טהעמיס, וועלכער איז בעפרייט פון דער בינד פון איהרע אויגען: „עפען אויף דיינע אויגע און זעה, מיט דער הילף פון די נאטור־וויסענשאפטליכע און סאציאלע װארהייטען, אז דו זאלסט האלטען דיין וואג איז אן אמת און גערעכט גלייכגעוויכט.“

דאס נאכפרעגען מכח דער פאטערשאפט. — פונקט ווי מען טוט עס אלעמאל וועט מען איצט ווידער צו מיר האבען א טענה, אז דאס אויסגעפינען פון דער אמת׳ער פאטערשאפט איז אפטמאל א זעהר שווערער און נעפערליכער ענין. איך לייקען דאס ניט אב. אבער ווען די פרויען וועלען קריגען די רעכטען וועלכע זיי קומט, און ווען ביי דער ערציהונג פון מיידלעך וועט מען זיך האלטען ביי די כללים וועלכע מיר שטעלען אויף אין קאפיטעל 16, וועט דעמאלט דער ענין ווערען א סך לייכטער. א חוץ דעם, איז אפילו היינט שוין מעגליך מיט א גוטען ווילען און מיט דער נויטיגער ענערגיע פעסטצושטעלען די פאטערשאפט אין די מייינסטע פאלען. און ווען אפילו לאמיר זאגען, די געוואלדיגע פערבעסערונגען פון די טראנספארט־מיטלען מאכען לייכטער דאס אוועקפארען און נעלם ווערען, פערלייכטערען זיי אין דערזעלביגער צייט נאך מעהר דאס אויסגעפינען פון די מענשען איבער דער גאנצער וועלט. די אינטערנאציאנאלע בעציהונגען פון אלע ציוויליזירטע שטאאטען פערבעסערען זיך און ווערען פולקו־

מען מוז אוועקנעהמען די קינדער, זאָלען ווערען געצוואונגען צו זאָרגען פאַר זייער אויפהאַלטונג דורך געלד אָדער דורך אַרבייט.

דאָ וועט מען מיר אָבער באַלד פּאָרוואַרפען און טענה'ען, סטייטש ווי קאָן איך אַזוי אונ'רחמנות'דיג ארויפלעגען אויף אַרימע מענשען אַזאַ שווערע פליכט, בעת זיי קאָנען זיך אָפטמאָל קוים אַליין ערנעהרען. איך בין מודה אַז אין אונזער היינטיגער סאָציאַלער אָרדנונג איז דאָס נעהמען אויף זיך אַזאַ שווערע פליכט אָפטמאָל פּשוט אַן אונמעגליכע זאַך. אָבער פליכט מיינט רעכט, און עס איז דעריבער זעלבסטפער־שטענדליך, אַז אַנטקעגען די פליכטען, וועלכע מען מוז פאָדערען פון אַלע עלטערן, מוזען מיר אוועקשטעלען דיזעלביגע רעכטען.

קודם כל קאָן די פולע גערעכטיגקייט אין דעם דאָזיגען געביט ערשט דערגרייכט ווערען דורך אַ ממשות'דיגען פאָרטשריט פון סאָציאַ־ליזם. מיט סאָציאַליזם מיין איך דאָ ניט בלינדע קאָמוניסטישע, און אויך ניט מאַרקסיסטישע טעאָריעס, נאָר איך מיין אַ ממשות'דיגען סאָציאַלען פאָרטשריט אין דעם קאַמף קעגען דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט. דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען זאָל זיך אַזוי איינשטעלען, אַז די מענשען זאָלען באמת קריגען דעם פולען לוין פאַר זייער אַרבייט, און אַזוי אַרום האָבען די מעגליכקייט צו פירען אַ ווערטפול מענשליך לעבען אויך אין דער סעקסועלער בעציהונג. אָבער דאָס דאָזיגע איז נאָך ניט אַלעס. פון אַ סאָציאַלען שטאַנדפּונקט איז עס אַן אונגע־רעכטיגקייט, אַז די לאַסט פאַר דער ערציהונג פון די צוקונפטיגע דורות זאָל נאָר פאַלען אויף די מענשען וועלכע האָבען קינדער, אַ געזונדע סאָציאַלע געזעצגעבונג טאָר ניט לאָזען גילטען דעם עגאָיס־טישען כלל פון די מענשען אָהן קינדער, וועלכע זאָגען: „איך האָב דאָס רעכט צו פירען אַ בעקוועם לעבען, צו געניסען און פוילענצען, ווייל פריוויליג אָדער ניט־פריוויליג שטעה איך ניט נאָך דעם גליק פון האָבען קינדער". דער שטאַאַט האָט די פליכט גרינגער צו מאַכען די משא וואָס ליגט אויף גרויסע פאַמיליעס, דורך דעם צו פערלייכ־טערען די בעשאַפונג פון געזונדע און שטאַרקע קינדער, און דערפאַר ארופצולעגען אַ שווערערע לאַסט אויף די מענשען וואָס האָבען ניט קיין קינדער, אַ שווערערע אַרבייט אָדער גרעסערע שטייערן. פריהער (1695־1706) האָבען אין ענגלאַנד די „בעטשלאָרס" געצאָלט אַ שטייער. היינט וויל מען דאָרט ווידער איינפירען אַזאַ שטייער.

קולטור, און די עלטערליכע אויטאָריטעט טאָר ניט האָבן דאָס רעכט דעריין צו שטערן. אויף דעם דאָזיגן אופן איז דער אָבליגאַטאָרישער און ניט־בעצאָלטער שול־אונטעררי־כט א פליכט פון דעם שטאַט, וועלכע איז כמעט איבעראַל אַנערקענט, הגם זי ווערט אָפטמאָל ניט פול־שטענדיג דורכגעפירט.

דער שטאַט זאָל אויך בעשיצען די קינדער דערמיט, וואָס ער זאָל די מאַכט פון די עלטערן איבער זייערע קינדער אין געוויסע פּרטים ענגער בעגרעניצען איידער ער טוט עס היינט־צוטאָג. דאָס קינד טאָר ניט זיין אַ געגענשטאַנד וועלכעס די עלטערן זאָלען מעגען אויסנוצען. דאָס קינד האָט אויך אַ רעכט צו ווערען בעשיצט קעגען שעדליכע און אומזיסטע שטראָפען, בעזונדערס ווען די שטראָף נעהמט אָן דעם כאַראַקטער פון אַ פּייניגונג. עס פערשטעהט זיך, אַז די ער־לויבעניש צו שטראָפען קינדער דורך שלאָגען אָדער ענליכע שטראָפען, אַז ערלויבעניש וועלכע מיר בעגעגענען נאָך אָפטמאָל אין די שולען, מוז אונבעדינגט אָבגעשאַפט ווערען אַלס באַרבאַרישע ווילדקייט.

אָבער פריהער פאַר אַלעם מוז דער שטאַאַט שטרענג אַכטונג געבען אויף דער פליכט פון ביידע געשלעכטער צו ערנעהרען זייערע קינדער. רייך אָדער אָרים, אַ געזעצליך אָדער אַ ניט געזעצליך גע־בוירען קינד, קיין פאָטער אָבער (און אויך ניט קיין מוטער) טאָר זיך ניט אַרויסדרעהען פון דער דאָזיגער פליכט. צוליב אונזערע ניט־פול־קומענע סאָציאַלע פערהעלטניסען איז היינט־צוטאָג, בעזונדערס פאַר דעם מאַן וואָס איז ניט רייך, נאָך זעהר לייכט אַלעם פון זיך אַראָב־צושאַקלען, צו פערשווינדען און איבערלאָזען זיינע קינדער צו דער מוטער אָדער פאַר דעם יתומים־הויז. דעם רייכערען איז לייכטער צו כאַפּען. ער מוז געצוואונגען ווערען אַהן קאָרגשאַפט צו זאָרגען פאַר דעם לעבען און פאַר דער ערציהונג סיי פון זיינע ניט־געזעצליכע און סיי פון זיינע געזעצליכע קינדער, אויב ער אַליין וויל זיי ניט ערציהען. דער, וועלכער האָט ניט קיין געלד, זאָל געצוואונגען ווערען זיינע קינ־דער אויפצוהאַלטען דורך אַרבייט. אַט אויף דעם דאָזיגען אופן וועלען אַ סך בעסער אויפגעהאַלטען ווערען די טרייקייט און די מאָנאָגאַמיע אין דעם פערהייראַטען צוזאַמענלעבען, איידער ווען דאָס געזעץ מישט זיך דירעקט אַריין אין די סעקסועלע פערהעלטניסען גופא. איך חזר איבער נאָך אַמאָל, אַז אויך אַזוינע ווערטלאָזע עלטערן, פון וועלכע

קאָנען מיר פערמאַכען די אויגען און ניט זעהען, אַז פערדאָרבענע סאָציאַלע מנהגים בעשאַפען אוננאַטירליכע צושטאַנדען ביי וועלכע די עלטערן בעגעהען זיך שענדליך אַנטקעגען זייערע קינדער, עקספּלואַטירענדיג זיי, טרייבענדיג זיי צו דער פּראָסטיטוציע און פערברעכען, זיי מיסהאַנדלענדיג, מאַטערנדיג, א. אַז. וו. ניט זעלטען אפילו ווערען ניט־בעקוועמע קינדער אויף אַ שטילען אופן לאַנגזאַם פערמאַטערט צום טויט. פאַר די דאָזיגע אַלע אויסנאַהמספאַלען מוזען דעריבער אויפגעשטעלט ווערען בעזונדערע געזעצליכע בעשטימונגען, וועלכע זאָלען בעפרייען די קינדער פון דער געוואַלט פון עלטערן אַדער לכל הפּחות די קינדער צו בעשיצען קעגען זייער מיסברויך.

איך וויל דאָ דעם לעזער אויפמערקזאַם מאַכען בעזונדערס אויף דער לעצטער בעוועגונג אין עסטרייך פאַר דער געזעצליכער בעשיצונג פון דעם קינד, וועלכע, אַ דאַנק דעם איניציאַטיוו פון פּרויליין לידיאַ פאָן וואָלפרינג, האָט זיך אָבגערופען אין דער געזעצגעבונג . מיסהאַנדעלטע, פערנאַכלעסיגטע אַדער פערלאַזענע קינדער זאָל דער שטאַאַט לאָזען ערציהען אין פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטען, נאָכדעם ווי מען נעהמט זיי אַוועק פון זייערע ווערטלאָזע עלטערן, דערמיט אָבער בשום אופן ניט בעפרייענדיג זיי פון זייערע פליכטען אויפצוהאַלטען די קינדער. ווערליג דעם סיסטעם פון פרויליין וואָלפרינג, איז די בעסטע זאַך די דאָזיגע קינדער גרופּענווייז איבערצוגעבען צו ערליכע פּאַרפעלקער, וועלכע האָבען ניט קיין אייגענע קינדער, כדי פון זיי ערציוגען צו ווערען, מחמת אויף דעם דאָזיגען אופן געפינען די קינדער גראַד דאָס וואָס זיי פעהלט — דאָס פאַמיליען-לעבען. צוליב פּעדאַגאָגישע אורזאַכען זאָלען אַזוינע קינסטליכע פאַמיליעס אַדער קינדערהיימען, אימיטירענדיג דערמיט די נאַטירליכע פאַמיליעס, ערציהען קינדער פון ביידע געשלעכטער און פון פערשידענע יאָהרען. אַזוי אַרום ווערט מיט דער דאָזיגער אויסנאַהם אמבעסטען בעשטעטיגט דער כלל.

אָבער דער נאָרמאַלער צושטאַנד איז און בלייבט, אַז די עלטערן, און טאַקע ביידע זאָלען ערציהען זייערע קינדער. דער שטאַאַט מוז זיך דאָ אַריינמישען, קודם כל דורך די שולען, און זיי העלפען: דער שטאַאַט האָט אפילו אַ רעכט צו צווינגען, מחמת די געזעלשאַפט האָט אַ פליכט איהרע קינדער אויפצוהויבען ביז צו אַ געוויסען שטאַפּעל פון

קערפער, איידער דער פאטער, אז עס איז נאטירליך און דעריבער אויך גערעכט אז איהר נאמען זאל זיין דער נאמען פון דער פאמיליע. אבער צום בעדויערען זענען נאך אונזערע געזעצגעבונגען נאך זעהר ווייט פון אנצוערקענען אזוינע נאטירליכע רעכטען. מיר מוזען אבער די דאזיגע רעכטען פארשלאגען, מחמת ווערליג אונזער מיינונג וועט זייער אנערקענונג אברוימען פון וועג א סך שווערע וכוחים.

איבעראל אין דער נאטור, וואו דאס יונגוואַרג האט דורכצומאכען א לאנגע און אונבעהאלפענע קינדהייט, איז די פליכט פון די עלטערן זייערע קינדער צו ערנעהרען און אויפצוהאדעווען. צו ווענען די דא־זיגע פליכט אראבנעהמען פון די מענשליכע עלטערן א דאנק געוויסע רויהע און אוננאטירליכע סאציאלע טעאריעס, הייסט איינצופירען די פראמיסקואיטעט, און קאנסעקווענטערווייז די סאציאלע דעגענעראציע. אזוינע סאציאלע מנהגים, וועלכע האלטען זיך בלויז אויף קינסטליכע און דורך דער טראדיציע פערהייליגטע דאגמעס, מאדעס און גע־וואוינהייטען, קאן מען לייכט ענדערען אהן א סכנה, מעגען זיי זיין פון א רעליגיעזען אדער פון אן אנדערען כאראקטער. קיינמאל אבער קאן א סאציאלע ארגאניזאציע ניט איבערטרעטען די הייליגסטע גע־זעצען פון די נאטירליכע אינסטינקטען, וועלכע זענען פילאגענעטיש טיף איינגעווארצעלט אין דער מענשליכער נאטור, אהן דערמיט באלד ניט צו ברענגען אויף זיך די נקמה פון די דאזיגע פערגעוואלדיגונגען דורך זייערע טרויריגע סאציאלע פאלגען.

אין די קאפיטלען 6 און 7 האבען מיר געברענגט דעם אונבע־שטרייטבארען בעווייז, אז דאס פאמיליען־לעבען און די סימפאטיע־געפיהלען צווישען מאן און ווייב, עלטערן און קנדער, זענען דער פילא־געגעטישער יסוד פון די סעקסועלע פערהעלטעניסען פון דעם מענש און, אז דעריבער איז די טיפע און אמת'ע מאנא־גאמיע די נארמאלסטע, העכסטע און בעס־טע פארם פון זיינע סעקסועלע פערהעלט־ניסען און פון זיין ליבע, ניט קוקענדיג אפילו וואס ער, בעזונדערס דער מאן, מעג האבען עגאיסטישע, פאליגאמישע אינסטינקטען. בשום אופן קאנען מיר ניט פערמאכען די אויגען און ניט זעהען, אז עס זענען דא און אז עס מוזען זיין א סך אויסנאהמען, און אז זיי מוז מען אויך אריינגעהמען אין חשבון. אבער אמוועניגסטען

טירליכע קינדער"? זענען אפשר די געזעצליכע קינדער „איבערנאַ־טירליך" אָדער גאָר אוננאַטירליך? און וואָסערע שאַנד מיינט דאָס ניט, ווען אַלע אונזערע געזעצען שטעמפּלען די אונשולדיגע קינדער, וועלכע ווערען געבוירען אויסער דער הייראַט, מיט דעם שטעמפּעל פון שאַנד נאָך איידער זיי ווערען געבוירען, דערמיט וואָס בלויז די דאָזיגע קינדער קריגען דעם פאַמיליענאָמען פון דער מוטער אַנשטאַט פון דעם פאָטער? ווערליג דעם עלעמענטאַרען נאַ־טור־רעכט דאַרפען אַלע קינדער, געזעצליכע אָדער ניט־געזעצליכע, האָבען דיזעלביגע סאָציאַלע רעכטען און, אַז דעריבער זאָלען אַלע טראָגען דעם נאָמען אָדער פון זייער אמת'ען פאָטער אָדער דעם נאָמען פון זייער מוטער. דאָס לעצטע וואָלט געווען אבסאָלוט לאָגישער און נאַטירליכער. דאָס רופען די קינדער נאָך דער מוטערס צד איז ענליך צום סיסטעם פון דעם אַזוי גערופענעם מאַטריאַרכיזם, וועלכען מיר געפינען אָפטמאָל ביי די ווילדע פעלקער (זעה קאַפּיטעל 6 און 19), און וועלכער איז אַ סך גערעכטער און פירט צו ווייניגער מיסברויך און אויסגעלאַסענקייט איידער דער פּאַטריאַרכיזם. אַ חוץ דעם, ווען די פרוי וועט פולשטענדיג האָבען געוויגען איהרע סאָציאַלע רעכטען, דע־מאָלט וועט מוזען נעהמען אַ סוף צו דער געזעצליכער הערשאַפט פון איין איינציגער פערזאָן אין דעם פערהייראַטען צוזאַמענלעבען.

די גלייכבערעכטיגונג פון ביידע געשלעכטער וועט פירען דערצו, אַז פון זיך אַליין, צוליב דער קלאָרקייט און איינפאַכקייט, וועט דער מוטערליכער נאָמען מוזען ווערען דער פאַמיליענאָמען, מחמת ווערליג דער סאַמער נאַטור פון דער זאַך איז די מוטער אַ סך נעהענטער צום קינד איידער דער פאָטער. אמת, ניט זעלטען אפילו איז אויך די מוטערשאַפט ניט בעקענט אָדער צווייפעלהאַפט (קינדער וואָס מען געפינט, קינדער וואָס מען פערטוישט אָדער קינדער וואָס מען וואַרפט אונטער), פונדעסטוועגען אָבער איז די מוטערשאַפט אָהן אַן ערך גרינגער פעסטצושטעלען און ווערט טאַקע אָהן אַן ערך אָפטער בעוויזען איידער די פּאַטערשאַפט. אַזוי צ. ב. איז געגוג, אַז די מוטער זאָל האָבען אַ סעקסועלען פערקער מיט צוויי מענער, כדי עס זאָל אָפטמאָל ווערען אונמעגליך צו בעווייזען די פּאַטערשאַפט. ווייטער, ביי דער בעשאַפונג און ביי דער ערציהונג פון די קינדער האָט די מוטער אויך אַזוי פיל מעהר זאָרגען, וועהטאָגען און געפאַרען פון איהר אייגענעם

**די הייראַט פון האָמאָ-סעקסואַליסטען.** — אַן אייגנאַרטיגע און כאַראַקטעריסטישע ערשיינונג ביי אַ סך סעקסועל פּערווערזע מענשען, בעזונדערס פון האָמאָ־סעקסואַליסטען, איז זייער טיפער האַרציגער וואונש, אין געהיים צו ווערען פערלאָבט אָדער חתונה־האָבען מיט דעם פון דער נאַטור אבנאָרמאַלען אביעקט פון זיין ליבע. עס פערשטעהט זיך, אַז דאָ קאָן קיין רייד ניט זיין מכח אַ געזעצליכער רעגולאַציע פון אזוינע פּאַטהאָלאָגישע „הייראַטען". כל זמן אָבער זיי טון ניט קיינעם קיין שאַדען, זאָלען זיי פון געזעץ איגנאָרירט ווערען אַלס פּריוואַטע אנגעלעגענהייטען, בעזונדערס שוין דערפאַר אליין וואָס זיי ברענגען ניט קיין קינדער אויף דער וועלט.

**די רעכטען פון קינדער. מאַטריאַרכיזם.** — ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, זענען עס די קינדער דער טיף פילאָגענעטיש און פּסיכאָלאָגיש איינגעוואָרצעלטער צעמענט פון דער הייראַט און פון דער פאַמיליע. דער דאָזיגער אמת איז אזוי קלאָר, אַז, ווי מיר האָבען געזעהען אין קאַפּיטעל 6, ביי אַ סך ווילדע פעלקער ווערט די הייראַט אזוי לאַנג ניט בעטראַכט אַלס געזעצליך גילטיג כל זמן עס זענען ניט דאָ קיין קינדער און, אַז אפילו ביי די מיינסטע ציוויליזירטע פעלקער האָבען די עקרות אַ קלענערען ווערט. אָט דעריבער קאָן מען גאַנץ פּשוט דעם פּאַראַגראַף אין דעם נאַפּאָלעאָנישען געזעצבוך, וועלכער פערביט דאָס נאָכפאָרשען זיך מכח דער פּאָטערשאַפט, בעטראַכטען אַלס אַ געוואַל־דיגע אוננאַטירליכקייט און אַלס אַ מאָנסטער פון דעם צווילינגזעץ. די פליכטען וועלכע צוויי מענשען נעהמען אויף זיך אַ דאַנק זייער בעשאַפונג פון אנדערע מענשען, די דאָזיגע פליכטען זענען גרויס, און אפשר טאקע די סאַמע גרעסטע סאָציאַלע פליכטען וועלכע מענשען זענען איבערהויפּט בכח אויף זיך צו נעהמען. עס איז דעריבער אַ טיפע שענדליכע אוננאַטירליכקייט א י נ ע ם פון די בעשאַפער, דעם מאַן, געזעצליך פולשטענדיג צו בעפרייען פון די דאָזיגע פליכטען בלויז נאָר דערפאַר, מחמת איידער דער בעשאַפונג האָט מען ניט מקיים־געווען געוויסע רעליגיעזע און געזעצליכע פאָרמאַליטעטען.

איז אפשר דער מאַן ביי אַן אויסער־פערהייראַטער בעשאַפונג וועניגער שולדיג איידער די פרוי, אויב דאָ קאָן איבערהויפּט גערעדט ווערען פון אַ שולד? איז עס אפשר ניט אַ חוזק און אַן נאַרישקייט, ווען מען רופט די קינדער וואָס ווערען געבוירען אויסער דער הייראַט "נאַ־

האַלטעריןן מיט אַ בעשיצער, ווערט אָנגערופען „אַ געטליכע אינסטי־טוציע". פאַרצייטענס ביי דער קויף־הייראַט איז געווען נאָך ערגער. (זעה קאַפּיטעל 10).

מען האָט פאַרגעשלאָגען אַלערליי פּלענער ווי אַזוי צו געבען דער פרייער ליבע, וועלכע איז אַן עקזיסטירענדיגער פאַקט, אַ מעהר בכבוד'יגע פאָרם. מאָדערנע פרויען האָבען אָנגעוויזען דערויף, און מיט דעם פולען רעכט, אַז דער נאַרישער מנהג צו רופען אַ ניט־פערהייראַטע פרוי אַנדערש איידער אַ יאַ־פערהייראַטע פרוי, בראַנדמאַרקט אין די אויגען פון דער געזעלשאַפט אַ גאַנצע קאַטעגאָריע פון אָרימע פרויען און אונשולדיגע קינדער. און, אַז דעריבער וואָלט געווען פונקט אַזוי רעכט אַ ניט־פערהייראַטען מאַן צו רופען „הערליין" פונקט ווי מען רופט אַ ניט־פערהייראַטע פרוי „פרויליין". אַ ניט פערהייראַטע פרוי וועלכע האָט אַ קינד און וועלכע האָט דערביי ניט בעגאַנגען קיין אַנדערען חטא ווי בלויז געפאָלגט די נאַטור, ווערט דורך דעם דאָזיגען טיטעל געבראַנדמאַרקט מיט דעם שטעמפּעל פון שאַנד. אַ פרוי וועלכע האָט געלעבט מיט איהר מאַן אין פרייער ליבע און געהאַט נײַן קינדער, ווערענדיג שפּעטער גייסטיג קראַנק, האָט מיר אַמאָל געענט־פערט ווען איך האָב זי גערופען „פרויליין": „ניט קיין מאום פרויליין מיט נײַן קינדער!". אָט דער דאָזיגער ענטפער איז שווערער פון אַ געזעצבוך. די קינדער זענען דער אמת'ער באַנד פון דער הייראַט. ווען קיין קינדער זענען ניט פאַראַן, האָט דאָס קאָמפּליצירטע געזעצליכע אַריינמישען־זיך פון דעם שטאַאַט אין אַזעלכע הייראַטס־פערהעלטניסען קיין שום שכל ניט כל זמן קיינער ווערט דורך דעם ניט בעשעדיגט, און די ציוויל־הייראַט קאָן דעריבער שפּעטער ווערען אַ סך איינפאַכער. איך דענק, אַז די דאָזיגע בעמערקונגען זענען גענוג. מיר וועלען באַלד צו קומען צו דעם וויכטיגערען פונקט פון דעם דאָזיגען ענין. אין טייל לענדער קאָן מען היינט שוין מיט דער הילף פון די עקזיסטירענדיגע ציוויל־געזעצען שליסען הייראַטס־אַבמאַכען מיט אַ תנאי אויף דער אָבגעזונדערטקייט פון דעם פערמעגען, און אויף די רעכטען פון איטליכען צד אויף דעם פערדינסט פון זײַן אַרבייט, און געווויסע געגענזײַטיגע רעכטען און פליכטען צווישען עלטערן און קינדער פון פאָרויס אויף אַזאַ אופן צו רעגולירען, אַז די פעהלערס פון דער גע־זעצגעבונג ווערען ביז אַ געוויסען שטאַפּעל פערבעסערט.

פון דעם מענש טראגט אין זיך לאגישערווייז דעם האנדעל מיט זיין אייגענעם קערפער. דאס לעצטע צו פערביטען וועט יידער גארניט אויפטון. כל זמן מען קאן אלעם קריגען פאר געלד, וועט מען פאר געלד אויך קאנען קויפען א צושטימונג צום געשלעכטס־פערקער. די זיטליכקייט דארף פערדאמען דעם דאזיגען צושטאנד. דער שטאאט זאל דעריבער קודם כל צוריקציהען פון דעם דאזיגען שמוץ זיין האנד וועלכע בעשיצט און דערפאר אנערקענט זי, און מיט די אלע געזעצליכע און אדמיניסטראטיווע מיטלען וועלכע ער קאן אנווענדען זאל ער פערפאל־גען ניט בלויז דעם בארדעל־האנדעל, נאר אויך די עפענטליכע אויס־וואקסען פון דער פראסטיטוציע; אויף דעם אופן וועט די פראסטי־טוציע איינגעצוימט ווערען אין די גרעניצען פון ריין פערזענליכע און אינטימע פערהעלטניסען, ביז א גערעכטע סאציאלע ארגאניזאציע פון ארבייט און לוין, צוזאמען מיט א ממשות'דיגער בעקעמפונג פון שכרות וועלען טריט נאך טריט אויסרייסען די ווארצלען פון דעם האנדעל מיט דעם אייגענעם לייב.

ווען מיר נעהמען דאס געזאגטע צוזאמען, קומען מיר צום סך־הכל, אז א דאנק ביסלווייז איינגעפירטע רעפארמען מוז די ציוויל־הייראט ווערען א סך א פרייערער אבמאך פאר א געמיינשאפטליך געשלעכט־ליך צוזאמענלעבען, איידער זי איז ביז איצט. ניט אין אוננויטיגע, אונניצליכע און אפטמאל נאר שעדליכע פייניגונגען און אונטערדריקונ־גען אין שייכות צום געשלעכטליכען פערקער, צו דער ליבע און צום גט, נאר אין דער רעגולאציע פון די פליכטען פון די עלטערן אנטקעגען זייערע קינדער זאל דאס געזעץ זוכען די בעשיצונג אין די געשלעכט־ליכע אויסבעסערונג פון דער געזעלשאפט פאר דעם קומענדען דור. דער חלוק צווישען דער הייראט און א פרייער ליבע זאל ביסלעכווייז פערשווינדען דורך דעם, וואס דער געזעצגעבער זאל מעהר ניט פער־ווענדען זיין גאנץ דענקען און טראכטען אויף דער אויפהאלטונג פון א כלומרשט געטליכער סעקסועלער אינסטיטוציע, נאר ער זאל אויפ־בויען די נאטירליכע פערהעלטניסען פון דער פאמיליע אויף דעם יסוד פון די ערעלסטע עטישע און סאציאלע געפיהלען. עס איז שווער צו בעהאלטען א שמייכעל בעת מען הערט ווי דאס חתונה האבען פון א רייך מיידעל מיט א געקויפטען אפיציר, אדער גאר פון א בארדעל־

ווענערישע קראַנקהייטען. — אַ זעהר וויכטיגע פראַגע פון דעם היגיענישען און הומאַניטאַרען שטאַנדפּונקט איז די ווענערישע אַנ־שטעקונג. אַ מענש וויסענדיג אַז ער האָט אַ ווענערישע אַנשטעקענדיגע קראַנקהייט און, טראָצדעם האָט ער אַ געשלעכטס־פערקער, זאָל לויט מיין מיינונג בעטראַכט ווערען אַלס פערברעכער, כיבאַ דער צווייטער ליידט אויך פון דערזעלביגער קראַנקהייט. אין אַזא פאַל זאָל זיך דאָס געזעץ אריינמישען אַזוי אַז עס זאָל צו׳פּסק׳ענען אַ גרויסען שאָדען־ער־זאַץ פאַר דעם אָבגענאַרטען אָדער אַנגעשטעקטען צד און דעם שולדיגען צד, ווערדליג די בעזונדערע אומשטענדען, אַנקלאָגען קרימינעל. דאַ קאָן זיך נאָר האַנדלען מכח אַן אָבנאַרען און דער בעשעדיגטער מוז אויפ־הויבען די קלאַגע; אָבער אוים בושה ווערט דאָס היינט־צוטאָג אַזוי גוט ווי קיינמאָל ניט געטון. אין דעם פּרט קאָן אָבער דאָס געזעץ פער־בעסערט ווערען: דאָס וואָלט געווען אַ גליק פאַר דער מענשהייט, מחמת דערמיט וואָלט מען בעשאַפען איינס פון די בעסטע מיטלען צו בעד־קעמפען די ווענערישע אַנשטעקונג און אויף דעם אופן אויך אָבגע־שאַפט אַ סך צרות און אונגליקען פון דער פאַמיליע און פון די קינדער. עס וואָלט אויך געווען זעהר ווינשענסווערט צו געפינען פערשידענע מיטלען מיט וועלכע צו פערהיטען דאָס געבוירען־ווערען פון סיפיליטי־שע קינדער. אַ סיפיליטישע פאַרפאָלק, ווענינגסטענס כל זמן מען איז ניט אויסגעהיילט, קאָן זיך פערהיטען פון האָבען קינדער נוצענדיג אַ קאָנ־דאָם. (זעה קאַפּיטעל 14).

פראָסטיטוציע. — נאָך אַ שווערע פראַגע, וועלכע מיר האָבען שוין טיילוויז בעהאַנדעלט אין קאַפּיטעל 10, איז דאָס שייכות פון דעם געזעץ צו דער פראָסטיטוציע. מיר האָבען שוין געזאָגט, אַז יעדע שטאַאטליכע טאָלערירונג, רעגולאַציע און געזעצליכע סאַנקציאָנירונג זאָל באַין אופן ווערען פערדאַמט; אָבער ווי זאָל זיך דאָס געזעץ פער־האַלטען בנוגע צו דער פרייער פראָסטיטוציע? אַז די פראָסטיטוציע איז אַ שרעקליך אונגליק פון עטישען און היגיענישען שטאַנדפּונקט, האָבען מיר שוין געזעהען איבערגענוג. אָבער מיר האָבען אויך געזעהען, אַז עס וועט זיין פערלוירען די מיה און מאַטערניש זי צו וועלען אָבשאַפען כל זמן מען וועט ניט האַלטען ביים האַלז דעם גאָט מאַמאָן. די קויפליכקייט

אָדער אַ קראַנקהייט פון איינעם פון פּאַרפאָלק, ניט נאָר מחלוקות אָדער אונטרייקייט, נאָר דאָס פּשוט'ע צוריקווייזען פון דער ליבע מאַכט דאָס לעבען פון אַ מענש מיט אַזוינע פאַנטאַזיעס אוננויטיגערווייז אַ מאַר־טירעריי. אין אַזאַ מין צניעות'דיגען סענטימענטאַליזם ליגט אַ שטאַרק עלעמענט פון סוגעסציע, און עלעמענט וועלכעס מען דאַרף ניט קולטיווירען.

אויב יענער וועלכער ליבט ניט, מוז באַין אופן האָבען דאָס רעכט צוריקצואוויייזען די געשלעכטליכע פאָדערונגען פון דעם אַנדערען צד, דעמאָלט מוז ניט נאָר דאָס געזעץ, נאָר אויך די מאָראַל יענעם ווידער, וועלכער האָט געליבט אָבער וועמעס ליבע ווערט צוריקגעוויזען, ער־לויבען צו האָבען אַן אַנדערע אויסוואַהל ביי וועלכער זיין ליבע ווערט יאָ אויפגענומען. אָבער היינט־צו־טאָג ווילען אַ סך מענשען גיכער גערולדיג טראָגען זייער אייגען אונגליק און דאָס אונגליק פון זייערע קינדער, איידער צו זוכען דאָס גליק ערגיץ אַנדערש און צוליב דעם שטעהען אין אַ סכנה געבראַנדמארקט צו ווערען פון דער עפּענטליכער מיינונג. עס איז דעריבער אַ חוב פון דעם געזעצגעבער ארויסצוואַר־פען פון די געזעצען איטליכען פּונקט וועלכער קאָן אויף וועלכען ניט איז אופן סאַנקציאָנירען אַזאַ בראַנדמארקונג.

מייסטענס איבעראַל ווערען דירעקטע סעקסועלע שאַדענס, ווע־נערישע קראַנקהייטען, שלאָגען, אונטרייקייט, פערברעכען און, ווי מיר האָבען שוין געזעהען, אויך אימפּאָטענץ, פון געזעץ אַנערקענט אַלס אורזאַכען פאַר אַ גט, אָבער צוליב דעם דרוק פון דער עפּענטליכער מיינונג ווערען ליידער די דאָזיגע געזעצען זעהר ווייניג אָנגעווענדט. איך וויל בלויז דערמאָנען, אַז אַ חוץ דעם, גיבען שווערע שאַדענס דאָס רעכט אויף אַ ציוויל־אַנקלאַגע פאַר שאַדען־ערזאַץ, און טיילמאָל אויך אויף אַ קרימינאַל־אַנקלאַגע. פונדעסטוועגען מוז דאָ געזאָגט ווערען, אַז אַ ציוויל־אַנקלאַגע, שוין אָבגערעדט פון אַ קרימינאַל־אַנקלאַגע, פון איין צד קעגען דעם אַנדערען אַהן אַ גט, איז אַן עקעלדיגע און שרעק־ליכע זאַך. ווען אַ פּאַרפאָלק איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען שטעלט זיך שוין ניט אָב פאַר געריכטליכע אַנקלאַגען, דעמאָלט איז שוין זייער פערהייראַט צוזאַמענלעבען פּאַקטיש צוריסען און דאָס ווייטער־דיגע צוזאַמענזיין איז אַ חרפּה און אַ בושה.

לע בעדערפענישן, און ווען זיי ווילען ביידע לעבן צוזאמען, איז דער גט אַ גרויזאַמקייט.

איך גיב געדן צו, אַז אַזוינע עקסטרעמע אומשטענדען דאַרפען ניט זיין קיין כלל, אַז אין אַ סך פֿאַלען קאָן אדרבה דער מעהר עראָ־טישער צד זיך צוריקהאַלטען, און דער קאַלטער צד זיך צוגעוועגען צום קויטוס: מען קאָן אַ סך אויפטון מיט אַ גוטען ווילען. אַבער אין איצטיגען קאַפּיטעל האָבען מיר ניט צו טון מיט מאָראַל; דאָ האַנ־דעלט זיך מכח געזעץ און מיר האָבען בלויז צו געבען אַן ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס זאָל מען טון, אין שייכות צום געשלעכטליכען פער־קער, ווען כסדר איין צד וויל, בעת דער אַנדער צד וויל ניט. דאָס וואָס די סעקסועלע ליידענשאַפט פון דעם מענש קאָנצענטרירט זיך מיינס־טענס אויף איין אינדיווידיום, הגם דאָס איז גוט פון דעם סאָציאַלען שטאַנדפּונקט, איז אַבער אין די דאָזיגע פֿאַלען דאָס אונגליקליכסטע. אַ מאַן פֿערליבט זיך ליידענשאַפטליך אין אַ פרוי, אָדער אַ פרוי אין אַ מאַן, אַבער די ליבע ווערט ניט געענטפערט, אדרבה זי ווערט פער־אכט. דאָס דאָזיגע ליידער טאָג־טעגליכע אונגליק, וועלכעס פירט צו די טראַגישסטע קאָנפליקטען אי אין דער פּאָעזיע און אי אין דעם ווירקליכען לעבען, קאָן פונדעסטוועגען בכלל נאָר פערלייכטערט ווערען דורך דעם צוריקווייזען פון דעם וועלכער ליבט. עס איז ווייניגער גרוי־זאַם אָבצוזאָגען אַ געליבטען, איידער צו ווערען אַ סעקסועלער קרבן פון אַ מענש צו וועמען מען פיהלט אַן אבשטויס אָדער אַן עקעל. עס איז דעריבער אונמעשליך, ד. ה. אונמאָראַליש, סיי אין דער רעליגיע, סיי אין דער פּאָעזיע און סיי אין וואָסערער ניט איז אַנדערער פאָרם, צו פּרעדיגע, דעם עקסקלוזיוויזם, די אויסשליסליכקייט און די מאָנאָגאַ־מישע אונפערענדערליכקייט פון דער ליבע, און דאָס אַוועקצושטעלען אַלס אַ דאָגמע. מאָנאָגאַמיש מיין איך דאָ אין דעם זין פון דעם כלל, אַז: „אַ פרוי (אָדער נאָר אַ מאַן!) קאָן און זאָל אין משך פון איהר לעבען ליבען נאָר איינמאָל, ד. ה. נאָר איין מענש.“ אַנטקעגען אַזאַ גרויזאַמען כלל מוז מען קעמפען מיט אַלע כחות. סענטימענטאַלע פּאָעטען מעגען אַריינפאַלען אין אַ טיפער התפעלות, אַבער יענע מענשען וועלכע האַלטען זיך ביי אַזוינע כללים צוליב אַ דאָגמאַטישער געוויסענהאַפטיגקייט, זענען אָפטמאָל אונגליקליך, ניט נאָר דער טויט

פון דער אַנדערער זייט אָבער, פּשוט צוליב פיזיאָלאָגישע אורזאַ־
כען, קאָן אַ שטאַרק עראָטישע און סעקסועל צווינגענדיגע פרוי אויף
קיין פאַל ניט פאָדערען אַ קעגען־רעכט, פּשוט דערפאַר ווייל דער מאַן
קאָן ניט קריגען קיין ערעקציעס אויף קאָמאַנדאָ. זי קאָן בלויז פערקלאָ־
גען אויף אַ גט, אויב זי קאָן בעווייזען אַז איהר מאַן איז פולשטענדיג
אימפּאָטענט.

עס איז גענוג אויפמערקזאַם צו מאַכען אויף די דאָזיגע צושטאַנ־
דען, כדי צו ווייזען ווי עס איז שווער געזעצליך צו רעגולירען די איינ־
צעלקייטען פון די געשלעכטליכע פערהעלטניסען. דערמיט ווערט נויט־
ווענדיג דאָס געזעצליכע רעכט אַן אונגערעכטיגקייט. דעם דאָזיגען
אמת אַנערקענט מען מייסטענס אין די געריכטליכע פּראָצעסען און די
„הייראַטס־פליכט" ווערט וועדליג דעם אַזוי פערטייטשט.

מיר האָבען שוין געזעהען ווי אַהן אַן ערך גרויס עס זענען די
אינדיווידועלע אונטערשידען פון דעם געשלעכטס־טריב. איהם צו
וועלען רעגולירען על־פּי מאָנאָגאַמישע הייראַטס-געזעצען, פירט צו די
נאַרישע פּייניגונגען און עס איז אַ חוץ דעם ניט דורכפירבאַר. מיט
דעם טיפסטען דרך־ארץ פאַר די עטישע געפיהלען פון טאָלסטאָי, מוזען
דעריבער זיינע שטרענגע מיינונגען מכח דעם געשלעכטס־לעבען דער־
קלערט ווערען אַלס חלומות פון אַן ענטוזיאַסט.

ווען אַ שטאַרק ליבידינעזער מאַן האָט חתונה מיט אַ מיידעל
וועלכעס איז געשלעכטליך קאַלט, און ווען זיין פרוי פיהלט כסדר אַ
שוידער פאַר דעם סעקסועלען פערקער, איז דעמאָלט צו פאָדערען פון
דעם מאַן צוריקגעהאַלטענקייט פונקט אַזוי גרויזאַם ווי צו פאָדערען
פון דער פרוי אַ געשלעכטליכע אונטערוואַרפונג. אין די פאַלען קאָן
בלויז אַ גט אָדער אַן ערלויבניש צו אַ קאָנקובינאַט אָדער ביגאַמיע
מאַכען די פערהעלטניסען צווישען ביידע צדדים ערטרעגליך, אויב
אַ צופּאַסונג קאָן ניט דורכגעפירט ווערען אויף דעם יסוד פון אַ גע־
גענזייטיגער צושטימונג. אָבער אונזערע היינטיגע אַנשויונגען לאָזען
העכסטענס צו אַ גט. דאָרט ווידער, וואו מאַן און ווייב זענען צווישען
זיך פערבונדען דורך אַ שוואַנגערשאַפט אָדער דורך אַ קינד אָדער דורך
ליבע און האַרמאָניע, ניט קוקענדיג אויף זייערע פערשידענע סעקסוע־

זיין איז דאָס גיכער אַ פראַגע פון מאָראַל איידער פון געזעץ. אין אַזוינע פאַלען זעהט מען אויף די טיפע פערצווייפלונג פון דעם טריי געבליבע־נעם צד, סיי ביי אַ קאָנקוביניש צוזאַמענלעבען און סיי ביי אַ געזעצליך־פערהייראַט צוזאַמענלעבען. דאָס געזעץ קאָן ממילא ניט טון אַלצדינג, און דאָ איז עס מאַכטלאָז. עס קאָן פריפען צו מאַכען שלום, אָבער קוים וואָס עפּעס מעהר.

דאָס רעכט צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס-טריב. — מיר קומען איצט צו אַ צאַרטען ענין. מיר האָבען שוין געזעהן, צו דאָס רעכט צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס־טריב מוז נויטיגערווייז אין אַ סך פרטים בעשרענקט ווערען בכדי דורך זיי זאָלען ניט בעשע־דיגט ווערען די רעכטען פון אַנדערע מענשען. די עיקר־שוועריגקייט ליגט דאָ אין דעם פאַקט, וואָס צו דער דאָזיגער בעפרידיגונג (אויס־שליסענדיג די פּאַטהאָלאָגישע פאַלען) זענען נויטיג צוויי מענשען און אַז דאָס, וואָס בעפרידיגט איין צד קאָן דעם אַנדערען צד וועה טון און שעדיגען. דאָס דאָזיגע קאָן קומען אונטער דער השגחה פון דעם שטראַף־געזעץ און דעריבער וועלען מיר צו דעם צוריקקומען בעת מיר וועלען בעהאַנדלען דעם דאָזיגען ענין. אָבער אפילו פון דעם שטאַנד־פונקט פון דעם ציוויל-געזעץ, אין פריוואַטען לעבען, מוז די ערלויבניש צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס־טריב נויטיגערווייז געמאַכט ווערען אַבהענגיג פון דער פרייוויליגער צושטימונג פון ביידע צדדים. וועלדיג מיין מיינונג טאָר דער דאָזיגער כלל ניט האָבען קיין אויסנאַהמען. עס איז ניט גענוג בלויז צו בעשיצען די מינדער־יאָהריגע: אויך די פול־יאָהריגע דאַרפען קערפּערליך ניט מיסברויכט ווערען קעגען זייער ווילען. פּאַקטיש אָבער געפינט זיך אין דער אינסטיטוציע פון דער אַזוי גע־רופענער קריסטליכער, און בעזונדערס פון דער קאַטאָלישער הייראַט, נאָך עד־היום באַרבאַרישע ווילדקייטען אין דעם דאָזיגען פרט, מחמת די פרוי איז מיינסטענס פערפליכט געשלעכטליך זיך איבערצוגעבען צו איהר בעל־הבית און הערשער וויפיל ער פערלאַנגט נאָר, אויב זי איז נאָר ניט קראַנק, שוואַנגערט אָדער מענסטרואירט ניט. אַט דאָס איז אַזוי־צוזאָגען די שאָטען־זייט פון דער געשלעכטליכער פרייקייט וועלכע דער מאַן פאָדערט פאָרמעל אין דעם פערהייראַטען צוזאַמענ־לעבען.

א וויכטיגער פונקט איז די אונטרייקייט אין דעם פערהייראטעטן צוזאמענלעבען. אויך דא גלויבען מיר, אז דאס געזעץ דארף זיך אונ־בעדינגט ניט אריינמישען פון זיך אליין. קודם כל זאל די בעוויזענע אונטרייקייט, אין פאל מען האט פערשפראכען טרייקייט, פשוט פונקט ווי ביז איצט געבען דעם געקריוודעטען צד דאס רעכט אויף א גט און ער זאל קריגען אלע פארצוגען וועלכע קומען א געקריוודעטען. אבער פון געוויסע פארמען פון אונטרייקייט, וועלכע צוליב דער איינשטי־מיגייקט פון ביידע צדדים נעהמען גיכער אן דעם כאראקטער פון ביגאמיע אדער ביאנדריע, זאל דאס געזעץ שטעהען פון דער ווייטענס. איך וויל צום ביישפיל דערמאנען דעם פאל, וואו א פארפאלק וויל לעבען צוזאמען צוליב פערשידענע אורזאכען, בעת אבער די סטעריל־ליטעט אדער די אימפאטענץ פון איין צד מאכט איהם דעם אנדערען צד צו ערלויבען אן אויסער־פערהייראטען געשלעכטס־פערקער מיט א דריטער פערזאן. אין אזא פאל איז ניט פאראן קיין שאדען, ניט פאר אנדערע מענשען און ניט פאר דער געזעלשאפט, און דעריבער פעהלט די אורזאך פאר דעם אריינמישען זיך פון געזעץ.

אהן אן ערך שווער ווערט די פראגע אין פאל איין צד וויל א גט בעת דער אנדערער צד וויל ניט, און ווען קיין אנדערע אורזאכען פאר א גט זענען ניט פאראן. דא האבען מיר צו טון מיט די פער'עקשנ'טע קאפריזען פון דעם „גאט פון ליבע", פון וועלכע די וועלט וועט שוין קיינמאל ניט פטור ווערען. לויט מיין מיינונג האט אין אזא פאל דאס געזעץ צו האלטען אין אויג כמעט נאר, און טאקע דערפאר נאך שטרענ־גער, די רעכטען פון די קינדער, אויב עס זענען פאראן קינדער, און די פליכטען פון די דאזיגע עלטערן אויפצוהאלטען די קינדער.

דאס געזעץ מוז אויך בעשיצען די רעכטען בנוגע צו געלד און אויך אנדערע רעכטען פון די פארפעלקער וואס ווילען לעבען צוזאמען. גראד דא ווייזט זיך קלאר ארויס די נויטיגקייט פון אן אבגעזונדערט פער־מעגען.

פון דער אנדערער זייט בין איך איבערצייגט, אז א הייראט וועלכע מען האלט צוזאמען מיט געוואלט, א הייראט פון וועלכער איין צד וויל אבסאלוט ניט וויסען און קענען, האט קיין שום ווערט ניט. פראקטיש ווערט דערמיט קיין גוטס ניט אויפגעטון. אין אן ענגערען

קאן דאס אויסזעהען גרויזאם, אבער די געזעלשאפט האט אבסאלוט דאס רעכט זיך דא אריינצומישען. ערשטענס מוזען אונרייפע קינדער ווערען געשיצט און זיי טארען ניט האבען דאס רעכט צו שליסען הייראטס־אבמאכען אדער צו פערקערען געשלעכטליך. א מיידעל אונטער זיבענצען און א איינגעל אונטער אכטצען אדער צוואנציג יאהרען זאל ביי אונז אבסאלוט ניט האבען דאס רעכט צו האבען א געשלעכטס־פערקער. דאס איז א געזעץ פון א געזונדער סאציאלער און אינדיווידועלער היגיענע, און דעריבער איז עס א געזונד רעכט.

דאס זעלביגע איז אויך גילטיג בנוגע צו משוגעים. דא אבער שטעלט זיך א שווערע פראגע: האבען מיר א רעכט מיט געוואלט צוצושיידען א פארפאלק דערפאר, ווייל פאר דעם הייראטס־אבמאך איז איין צד געווען גייסטיג קראנק, און ווען דער צווייטער צד וויל זיך ניט שיידען? אין דייטשלאנד האט מען ענדעקט א מיטעל פאר אזוינע פאלען, מען דערקלערט די הייראט פאר ניט גילטיג, מבטל. דערמיט געווינט מען אבער ניט זעהר א סך. אין שייכות צו אנדערע פראגען וועל איך צו דעם דאזיגען ענין שפעטער צוריקקומען. איך וויל אבער באלד בעמערקען, אז די געזעלשאפט ווערט דא בעשעדיגט ניט פון דער ווייטערדיגער גילטיגקייט פון דער הייראט און אויך ניט פון דעם ווייטערדיגען געשלעכטליכען פערקער, נאר בלויז פון דער בעשאפונג פון קינדער. דעריבער זאל אונבעדינגט פערבאטען ווערען דאס קינדער־האבען: בעת דעם געשלעכטס־פערקער זאל מען בלויז שטערען דעמאלט, ווען דער געזונדער צד איז מסכים דערצו, אדער ווען עס איז לטובה די אינטערעסען פון דעם קראנקען. די רעגולאציע פון אזוינע בעזונדערע פאלען בלייבט איבער פאר דער צוקונפט.

געוויסע קערפערליכע פעהלערס, וועלכע מען האט פערשוויגען אדער פון וועלכע מען האט אליין ניט געוואוסט, זענען אויך אן אורזאך וואס זאל מבטל זיין א הייראטס־אבמאך. צו די דאזיגע פעהלערס געהערען צום ביישפיל כראנישע אנשטעקענדיגע, בעזונדערס ווענערישע קראנקהייטען, סעקסועלע אימפאטענץ ביים מאן און סטעריליטעט ביי דער פרוי. אבער אויך דא זאל זיך דאס געזעץ אריינמישען נאר דעמאלט, ווען דער בעשעדיגטער צד פאדערט עס, און בלויז אננעהמען מיטלען קעגען דער בעשאפונג פון קריפלען, אבער ניט שטערען דעם געשלעכטס־פערקער אלס אזוינעם.

פערברעכען, אָבער פריהער פאַר אַלעם מחלוקת און די פערשידענקייט פון די טעמפּעראַמענטען. די סטעריליטעט פון איינעם פון פּאָרפּאָלק אָדער די אונפעהיגקייט צום קויטוס דאַרף אין אַ סך פאַלען אויך גע־רעכענט ווערען אַלס אורזאַכען פון אַ גט, הגם, ווי מיר וועלען שפּעטער זעהען, קאַן אונטער געוויסע אומשטענדען אַ בעשרענקטע פּאָליגאַמיע אָדער פּאָליאַנדריע זיין מענשליכער איידער אַ גט. איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען אַ פאַל וואו אַ פרוי האָט זיך גע׳גט מיט איהר מאַן נאָכדעם ווי ער האָט געליטען אַ לאַנגע צייט פון אַ גייסטיגער קראַנקהייט נאָך און אַפּאָפּלעקסיע, כדי חתונה צו האָבען מיט אַן אַנדערען. ניט קוקענדיג דערויף האָט זי איהם שפּעטער כסדר בעזוכט אין משוגעים־הויז. ווען ער איז געוואָרען רוהיגער, האָט זי איהם צוריק אַהיים גענומען נעבען איהר צווייטען מאַן, וועלכער האָט די זאַך בע־טראַכט פאַר גאַנץ נאַטירליך. און רעכט.

אַזוי גיך ווי עס ווערט צוגעלאָזען אַ גט, און ווען עס זענען פאַראַן קינדער, הויבען זיך אויף קאָמפּליצירטע און וויכטיגע פראַגען פון גע־זעץ. אָבער מכח דעם דאָזיגען פּרט וועלען מיר שפּעטער רעדען. די געזעצליכע ערלויבניש פון אַ פולשטענדיגער שיידונג פערוואַנדעלט פּאַקטיש אויף דעם אופן די הייראַט אין אַ דערוויילינגען אַבמאַך, וועל־כער איז מעהר ניט אַזוי ווייט אָבגערוקט פון דעם אידעאַלען פערהעלט־ניס פון אַ פרייער ליבע. בכדי אָבער באַלד פון אָנהויב אָבצושלאָגען אַלע פּוסטע דבורים, מוזען מיר אונטערזוכען די אומשטענדען וועלכע, אויסגעשלאָסען די בעשאַפונג פון קינדער, קאָנען דעם געשלעכטליכען פערהעלטניס פון צוויי מענשען צושרייבען אַ ציוויל־געזעצליכע וויכ־טיגקייט. איך זאָג אָבער טאַקע באַלד דאָ, אַז פאַר דער ציווילער גע־זעצגעבונג איז זעהר לייכט צו בעשאַפען רעכטליכע פערהעלטניסען אויף פאַר די קינדער וואָס ווערען געבוירען אויסער דער הייראַט, און אויף דעם אופן זיי גלייך בערעכטיגען מיט די געזעצליך געבוירענע קינדער; און איך לעג נאָך אַפּילו צו, אַז אַזאַ גלייכבערעכטיגונג וועט זיין אין איינקלאַנג מיט די עלעמענטאַרסטע, מענשליכע רעכטס־געפיהלען, ווען די דאָזיגע געפיהלען וואָלטען ניט געווען פערדאָרבען פון פאָרורטיילען און מיסטישע דאָגמעס.

ווייטער מוז דאָס געזעץ בעשטימען, אַז מענשען איידער זיי ווערען פול־יאָהריג האָבען ניט קיין רעכט צו הייראַטען. אין געוויסע פאַלען

די פרוי האָט שוין גרעסערע רעכטען, קאָן זי ווידער פון איהר זייט, אויב זי איז שלעכט, שעדיגען דעם מאַן אַ דאַנק דער געמיינשאַפטליכקייט פון דעם פערמעגען. נאָך מעהר, אין געמיינשאַפטליכען צוזאַמענלעבען זאָל די הויז־אַרבייט פון דער פרוי ניט בעטראַכט ווערען אַלס אַ זעלבסטפּער־שטענדליכע אַרבייט וועלכע דאַרף ניט בעלוינט ווערען, נאָר אדרבה, זי דאַרף געשאַצט ווערען פונקט אַזוי גוט ווי די מענליכע פערדינסט־אַרבייט און זי דאַרף פערשריבען ווערען אויף דעם חשבון פון דעם ווייבליכען פערמעגען. די געמיינשאַפטליכקייט פון פערמעגען איז ניט גערעכט און זי זאָל ניט נאָר ניט זיין קיין כלל, נאָר זי זאָל דירעקט דערקלערט ווערען ציוויל־געזעצליך פאַר בטל. מאַן און ווייב, כל זמן זיי זענען איין האַרץ און איין נשמה, קאָנען זי פּראַקטיש צוזאַמען דורכפירען. ווען עס קומט אָבער צו אַ מחלוקת אָדער צו אַ גט, דעמאָלט קאָן זי ניט און זאָל קיינמאָל ניט אַנערקענט ווערען אַלס געזעצליך, מחמת בעשעדיגט ווערט בלויז דער ערליכער און דער אַרבייטזאַמער צד צוזאַמען מיט די קינדער. אויף אַזאַ אופן וואָלטען פערמידען גע־וואָרען אַ סך צרות וועלכע זענען דאָס מזל פון אַ גרויסער צאָל הייראַ־טען. אפילו ווען דאָס פערהייראַטע צוזאַמענלעבען איז ניט אונגליקליך, קאָנען ביי אַ געמיינשאַפליכקייט פון פערמעגען די פעהלערס אָדער די פערשווענדערישקייט פון איין צד מאַכען אַ חרבן פון דער גאַנצער פאַמיליע.

ניט דער ערך וויכטיג איז די דויערצייט פון דער הייראַט. אויב אַ כתובה פאָדערט די געשלעכטליכע טרייקייט ביז צום טויט, דעמאָלט איז דאָך דער גט אַ שטות; און פונדעסטוועגען ווייזט די פּראַקטיק, אַז עס איז אַ גרויזאַמקייט געזעצליך צו האַלטען צוזאַמענגעשמידט צוויי מענשען, וועלכע ווילען מעהר ניט און קאָנען מעהר ניט לעבען צוזאַמען. צוליב דער דאָזיגער אורזאַך איז דער גט אַ ציוויל־געזעצליכע נויטיגקייט, אמת זיכער ניט קיין אידעאַל, לכל הפחות אָבער דאַרף ער בעטראַכט ווערען אַלס אַבסאָלוט נויטיגע איינפירונג, בכדי צו פערהיטען די פאַמיליע פון אַ שטענדיגער צוריסענקייט און בכדי באַלד פון פאַרויס שטילערהייט ניט צו סאַקציאָנירען די אונגעזעצליכקייט.

צווישען דער גרויסער צאָל גיטין איז די הויפּט־אורזאַך ווערענישע קראַנקהייטען, גייסטיגע קראַנקהייטען, אונטרייקייט, אויסגעלאַסענקייט,

דער מענש האָט בלויז דאָס רעכט צו שליסען אָבער ניט אויפצושליסען די הייראַט, א. אַז. וו. מיר ווילען זיך דאָ ניט פערנעהמען באריכות מיט די רעליגיעזע הייראַטס־פאָרמען און מיר ווייזען צוריק אויף די קאַפּיטלען 6 און 12. פון אונזער הייגטיגען, ריין מענשליך־סאָציאַלען שטאַנדפּונקט איז קלאָר, אַז מיר קאָנען נאָר אָנערקענען די ציוויל־הייראַט. די רעליגיעזע הייראַטס־פאָרמען און צערעמאָניעס מוזען בעטראַכט ווערען אַלס א פּולשטענדיגע פּריוואַטזאַך. זיי געהען גאָרניט אַן דעם שטאַאט און דער געזעלשאַפט אַלס אַזוינע און, אַלס שטאַאַטליכע אינסטיטוציעס, פּונקט ווי די אַזוי־גערופענע שטאַאטס־רעליגיע, מוזען זיי מיט אַלע כחות בעקעמפט ווערען און די מענשהייט בעפרייען פון דער טיראַניי פון שקלאַפישע און אַרויפגעצוואונגענע גלויבענס.

די ציוויל־הייראַט. — וואָס איז די ציוויל־הייראַט און וואָס זאָל זי זיין? אונזער הייגטיגע ציוויל־הייראַט איז דערווייל נאָך אַן עקספּערימענט, אַן אָנהויב, און מען דאַרף זי ערשט פערבעסערען. זי מיינט אַן אָבמאַך צווישען צוויי מענשען פון געגענזייטיגען געשלעכט לטובה דער געמיינשאַפטליכער פאָרטפּלאַנצונג פון דעם מענשליכען מין. אין דעם דאָזיגען אָבמאַך איז זיך דאָס געזעץ צופיל מתעסק מיט די פּערזענליכע שייכות'ען פון ביידע צדדים און צו ווייניג מיט די אינטערעסען פון דעם שפּעטערדיגען דור, וועלכע זאָלען זיין כמעט דער אויסשליסליכער צוועק פון דעם סאָציאַלען געזעצגעבער. ווייטער מערקען מיר אין דער ציוויל־הייראַט נאָך גאַנץ שטאַרק די אָבהענגיגע שטעלונג פון דער פרוי און דאָס פערפעלקט די געזעצליכע ריינקייט פון דער ציוויל־הייראַט.

לויט אונזער מיינונג האָט דער ערשטער עיקר־פּרינציפּ פון דער ציוויל־הייראַט געזאָלט זיין די אַבסאָלוטע געזעצליכע גלייכהייט פון דעם פאָרפאָלק און די פולשטענדיגע אָבגעזונדערטקייט פון דעם פערמעגען. דער מאָמענטאַנער ליבעס־רויש פון דער פרוי זאָל ניט קאָנען געבען דעם מאַן די מעגליכקייט זיך צוצושרייבען איהר האָב און גוט. דאָס לעצטע איז אַז אמת באַרבאַרישע איינפירונג, וועלכע דאַרף פולשטענדיג פערשווינדען פון אונזער ציוויל־געזעץ. אין יענע לענדער וואו

זמן עס זענען ניט פאראן קיין ווייטער־דיגע פּאַלגען, ליגט ניט קיין שאַדען פאַר דער געזעלשאַפט אָדער פאַר איהרע מיטגלידער.

פונדעסטוועגען האָט די געזעץ־פּראַקטיק נאָך ווייט־ווייט ניט איבעראַל אַנערקענט דעם דאָזיגען כלל. אַ סך געזעצען, בעזונדערס ביי גערמאַנישע פעלכער, בעשטראָפען דאָס קאָנקובינאַט, ד. ה. דעם אויסער פערהייראַטעי געשלעכטס־פערקער אַלס אַזוינעם. און דאָרט וואו דאָס קאָנקובינאַט ווערט אפילו טאָלערירט, ווערט עס מיינסטענס בעהאַנדעלט אַלס נידעריג און מינדערוועדטיג, מיט דער פּעולה, אַז דאָס ווייב מיט די קינדער האָבען דערביי אויסצושטעהען פיל צרות. הגם די פאַרשריפטען פון ליגוּאָרי, די פאַרשריפטען פון דער קאַטאָלישער קירך בנוגע צו דער נענויער אויספּירונג ביים געשלעכטס־פערקער, זענען ניט מעהר ווי קירליכע דינים, פונדעסטוועגען בעיינפלוסען זיי ביז אַ הויכען שטאַפּעל די הייראַטס־פערהעלטניסען אין די קאַטאָלישע לענדער.

בכלל ווערט דער געשלעכטס־פערקער אנערקענט אַלס ציוויל־געזעצליך בלויז אין דער פאָרם פון דער הייראַט. אָבער אין קאַפּיטעל 6 האָבען מיר געזעהען, ווי שטאַרק די הייראַטס־פאָרם ענדערט זיך, ווי זי בייט זיך פון דער פּאָליגיניע (פּאָליגאַמיע אין אַן ענגערן זין) דורך דער מאָנאָגאַמיע צו דער פּאָליאַנדריע, און פון דער הייראַט אויף אַ קורצען משך ביז צו דער אונבעדינגט ניט־צושיידבאַרער לעבענס־לענגליכער הייראַט (אין די קאַטאָלישע לענדער), אָדער גאָר ביז דעם אינדישען דין לויט וועלכען דאָס ווייב מוז שטאַרבען צוזאַמען מיט איהר מאַן. מיר האָבען געזעהען, אַז אין די הייראַטס־געזעצען שפּילען רעליגיעזע טראַדיציעס, וועלכע שטאַמען מיינסטענס אַליין אָב פון באַרבאַרישע מנהגים, אַ געוואַלדיגע ראָלע. מיט שווערע מיה און מאַטערניש האָט דאָס פּרינציפּ פון ציוויל־הייראַט פאַר זיך דורכגעבראָכען אַ וועג אין די מיינסטע ציוויליזירטע שטאַאַטען. אין אַ טייל לענדער איז נאָך עד־היום־הזה די רעליגיעזע הייראַט די איינציגע הייראַטס־פאָרם און כמעט איבעראַל הערשט זי נאָך אַלס אַ הויפּט־מנהג נעבען דער ציוויל־הייראַט. דער דאָזיגער פשוט'ער פאַקט ווייזט ווי שטייף עס ליגט נאָך אויף אונז די פּעטליע פון טראַדיציעס. דער מענש גלויבט, אַז די הייראַט איז אַ געטליכע אינסטיטוציע, אַ מין השפּעה־עליונה, און אַז

צו בעשאַפען דעם סאָציאַלען פונדאַמענט פאַר געגענזייטיגע אָבמאַכען און פערפּליכטונגען. פונדעסטוועגען גרעניצט עס זיך געבען דעם שטראַף-געזעץ צוליב דעם בעגריף פון שאַדען-ערזאַץ פאַר א פערורזאַכטען שאַדען און צוליב די אַדמיניסטראַטיווע צוואַנגס-מיטלען. הגם עס שטעהט אויף א מעהר נאַטירליכען יסוד און עס איז אויך בעסער צוגעפּאַסט צו דעם מענשליכען וואוילזיין און צו די סאָציאַלע פאָדערונגען איידער דאָס שטראַף-געזעץ, פונדעסטוועגען געפינען מיר אין ציוויל-געזעץ אויף שריט און טריט טראַדיציעס פון א רעליגיעזען מיסטיציזם און איבערבלייבענישען פון מאָוס'ע געוואוינהייטען.

אויף וויפיל דאָס איז נוגע אונזער ענין ווילען מיר דאָ מיט עטליכע ווערטער אַנאַליזירען דאָס, וואָס עס איז פאַראַן און דאָס, וואָס איז ווינשענסווערט אין דעם ציוויל-געזעץ, אָבער דאָ קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין איך זאָל באַריכות אַנאַליזירען די געזעצגעבונג, מחמת מיר פעהלט די בעזונדערע בעהאַוועגטקייט פון דער פּראַפעסיע און מחמת דאָס וואָלט אונז צו ווייט אָוועקגעפירט.

## די הייראַט און די סעקסועלע פערהעלטניסען פאַר זיך גופא.

— איך וועל צוריק אויף דעם וואָס מיר האָבען געזאָגט מכח דעם דאָזיגען ענין אין די קאַפּיטלען 6, 8, 10, 11, און 12, און איך בעט אויך צו האָבען אין אויג די איבעריגע קאַפּיטלען וועלכע מיר האָבען בעהאַנדעלט.—אַליין פאַר זיך איז דער געשלעכטס-פערקער צווישען צוויי דערוואַקסענע מענשען, אין פאַלביידע האָבען זיך דערצו פרייוויליג ענטשלאָסען און אין פאַל זיי ברענגען ניט דערמיט קיין לאַסט אָדער שאַדען צו א דריטען צד, א פּריוואַטע אַנגעלעגענהייט, ווי א שטייגער א האַנדדרוק אָדער א קוש, און ער זאָל ניט האָבען קיין שייכות ניט מיט דעם ציוויל-געזעץ און ניט מיט דעם שטראַף-געזעץ. וויפיל איינשרענקונגען עס זאָלען שפּעטערצו ניט נויטיג זיין צו דעם דאָזיגען כלל, מוז ער אָבער אַנערקענט און קודם כל אוועקגעשטעלט ווערען אַלס א פּרינציפּ. די געזעלשאַפט האָט בלויז דאָס רעכט די אינדיווידועלע פרייהייט אויף אַזוי ווייט צו בעשרענקען, אויף וויפיל זי אַליין אָדער איהרע איינצעלנע מיטגלידער ווערען דורך דער פּראַקטיצירונג פון דער דאָזיגער פרייהייט בעשעדיגט. אין דעם פרייען געשלעכטס-פערקער אַליין פאַר זיך צווישען דערוואַקסענע פעראַנטוואָרטליכע מענשען, כ״ל

דאָזיגע פראַגע צוליב וועלכער די סעקסועלע פערהעלטניסען גיבען די עיקר־שווערינקייטען אין דעם סאָציאַלען געביט.

ניט קוקענדיג וואָס עס זענען געמאַכט געוואָרען אַזוינע גרויסע פּאַרטשריטען, שטעהט נאָך אַלץ אונזער היינטיג רעכט ביז אַ הויכען שטאַפּעל אויף דעם באַרבאַרישען שטאַנדפּונקט פון אַ געזעצליכער אונגלייכקייט פון די געשלעכטער. אמת, דאָס מענליכע געהירן און דאָס ווייבליכע געהירן זענען ניט פון אַ גלייכער קוואַליטעט; פונ־דעסטוועגען, אין אַ געזעלשאַפט וועלכע פערמאָגט ניט קיינע געשלעכטס ליִזע אינדיווידוען און אין וועלכער ביידע געשלעכטער האָבען האַרמאָ־ניש צו אַרבייטען פּאַר טובת הכלל, אין אַזאַ געזעלשאַפט איז ניט פּאַראַן קיין ממשות'דיגע אורזאַך איין געשלעכט רעכטליך אונטער־צואָרדנען אונטער דעם אַנדערען. דער מאַן מעג אפילו האָבען דורכ־שניטליך 130 אָדער 150 גראַם מעהר געהירן איידער די פרוי, און וואָס איז שייך ערפינדונגס און קאָמבינאַציאָנס־פעהיגקייטען מעג ער טאַקע שטעהען העכער פון איהר, דאָס גיט איהם אָבער ניט קיין אורזאַך זיין סעקסועלע לעבענס־בעגלייטערין און זיין מוטער צו געבען קלענערע סאָציאַלע רעכטען איידער זיך גופא. זיין קערפּערליכע קראַפט וועט איהם סיי ו סיי שטענדיג קאָנען בעשיצען קעגען וואָסערע ניט איז ווייבליכע אָנגריפען. דער בראשית פון אַלע פּאָדערונגען איז דעריבער די סאָציאַל רעכטליכע גלייכהייט פון ביידע געשלעכטער. פּונקט אַזוי ווייניג דאַרפען די קינדער בעטראַכט ווערען אַלס אַן אייגענטום אָדער אַלס אַ געגענשטאַנד צו עקספּלואַטירען (זעה קאַפּיטעל 6). דאָס זענען די וויכטיגסטע עיקרים פון אַ נאַטירליך סעקסועל רעכט. ביי קיין שום חיה געפינען מיר ניט די מיסברויכען וועלכע דער מאַן האָט בעגאַנגען אַנטקעגען זיין ווייב און קינדער, — איצט וועלען מיר אריבערגעהען צו די ספּעציעלע פראַגען.

## 2. דאָס ציוויל־געזעץ.

דער ספּעציעלער צוועק פון דעם צ י ו ו י ל ־ ג ע ז ע ץ, א. אז. וו., איז צו רעגולירען די פערהעלטניסען צווישען מענש און מענש. איי־גענטליך שטראָפט ניט דאָס ציוויל־געזעץ, ד. ה. עס פּאָדערט ניט קיין תשובה און עס האָט ניט צו טון מיט קיין פערברעכענס. זיין צוועק איז

נארען ניט אב, וועט אין דער צוקונפט פון דעם היינטיגען שטראף־געזעץ בלייבען גארניט."

מיט דעם דאזיגען שלוס פון א ווערק פון איבער 1000 זייטען מוז איך זיין פולשטענדיג איינפערשטאנען, מחמת דעמזעלביגען געדאנק האב איך שוין ארויסגעזאגט מיט א לאנגער צייט צוריק (פארוואס, ווען און ווי אזוי האלט מען מענשען אין א משוגעים־הויז? גייסטיגע קראנקהייטען, געזעץ, מאראל און שטראף־אנשטאלטען—אין דעם בע־ריכט פון דעם צוריכ'ער הילפס־פעריין פאר גייסטיג־קראנקע, 1884. שפעטער: איבער די פעראנטווארטליכקייט פון דעם נארמאלען מענש, 1901).

סעקסועלע רעכטען. — בעת די געשלעכטס־געפיהלען זענען פון איין זייט א טייל פון די אינטימסטע און הייליגסטע בעדינגונגען פון דעם אינדיווידועלען גליק, זענען זיי פון דער אנדערער זייט פונקט אזוי טיף און אונצושיידבאר פערקניפט מיט דעם סאציאלען וואוילזיין פון דער מענשהייט. אויף קיין שום אנדער געביט איז ניט אזוי שווער הארמאניש צו פערבינדען דאס וואוילזיין פון דעם כלל מיט דעם וואוילזיין פון דער יחיד, און צוליב דער דאזיגער אור־זאך זענען די פראגען פון רעכט בנוגע צום געשלעכטס־לעבען אמ־שווערסטען צו פערענטפערען. מיר האבען פריהער געזאגט, אז די בעפרידיגונג פון דעם געשלעכטס־טריב ביים מענש איז זיין נא־טירליך רעכט. די נאטור־וויסענשאפט צווינגט אונז אויפצושטעלען דעם דאזיגען כלל. און פונדעסטוועגען איז דאס א פערפלאנטערטער, אפטמאל אן אונגליקליכער כלל: מחמת די בעפרידיגונג פון דעם געשלעכטס־טריב פון איין מענש איז ניט בלויז נוגע אנדערע מענ־שען אויף א דירעקטען אופן, נאר אויך אן אונדירעקטען אופן ציהט זי אויך אריין אין דעם אקט א סך א גרעסערע צאל מענשען, וועלכער קאן פאר זיי זיין אפטמאל מעהר שעדליך איידער נוצליך. וואלט דא ניט עקזיסטירט קיין פראגע פון פארטפלאנצונג, דעמאלט וואלט געוועזען רעלאטיוו לייכט הארמאניש צוזאמענצופארען דעם אינ־דיווידואליזם מיט דעם סאציאליזם. אבער גראד איז עס דווקא די

אמת, דאָס וואָס מיר פאָדערען דאָ מיינט א פולשטענדיגע איבער־קערעניש פון די טראַדיציאָנעלע רעכטס־בעגריפען, ניט בלויז אין אונ־זער אלטען, פערשימעלטען שטראַף־רעכט, נאָר אויך ביז א הויכען שטאַפּעל אין אונזערע ציווילע רעכטס־בעגריפען. אבער די דאָזיגע איבערקערעניש איז אונפערמיידליך, און א חוץ דעם האָט זי זיך שוין אנגעהויבען. איהר צוועק וועט מוזען זיין, צו בעפרייען דאָס רעכט פון די צוואַנגען פון אַן אַלטער מעטאַפיזיש־רעליגיעזער דאָגמאַטיק און פערגליווערטקייט, עס צו בעפרייען פון פסוקים און שפּרוכען וועלכע האָבען זייערע וואָרצלען אין אָבגעלעבטע מנהגים און מאוס'ע גע־וואוינהייטען, און עס אוועקצושטעלען אויף דעם יסוד פון א פּראַקטי־שער, סאָציאַלער נאַטור־וויסענשאַפט פון דעם מענש, וועלכער וועט ערשט דעמאָלט פערדינען דעם נאָמען „האָמאָסאַפּיענס" וועלכען לינגע האָט איהם געגעבען. צו לאַנג שוין האָבען די יוריסטען זיך פערנומען מיט א מעטאַפיזיק אויף דעם יסוד פון דאָגמאַטיזירטע, באַרבאַרישע מנהגים און אַן איבערגלויבישען מיסטיציזם. עס איז שוין צייט, אַז טהעמים זאָל אַראָבוואַרפען איהר בינד און זאָל שטודירען די פּסיכאָ־לאָגיע, פּסיכאָ־פּאַטהאָלאָגיע און די וויסענשאַפט; אַז די אונפּאַרטייי־ישקייט און די גערעכטיגקייט פון איהר וואָג זאָלען זיין געבוים אויף א געזונדערען, אינוועניג אמת'ערען און מעהר מענשליכען פונדאַמענט, אפילו ווען איהר ארבייט וועט דערביי ווערען שווערער און קאָמפּלי־צירטער.

דער גרויסער, מאָדערנער לעהרער פון שטראַף־רעכט, פ. פאָן לישט, שטעהט פולשטענדיג אויף א נאַטור־וויסענשאַפטליכען באָדען; ער זאָגט אבער, אַז אונזער געזעלשאַפט, זייענדיג ליידער נאָך טיף פערזונקען אין פאָראורטיילען, מוז פריהער ביסלעכוויי דערצו ענטוויי־קעלט ווערען. אין דער לעצטער צייט האָט שטאַאטס־פּראָקוראָר, דר. עריך וואולפען, אַנגעשריבען א בוך „די פּסיכאָלאָגיע פון דעם פער־ברעכער", 1908, וועלכעס ער ענדיגט מיט דעם פאָלגענדען זאַץ:

„יא, איבעראַל, זעהען מיר צייכענס און וואונדער! די בעקאַנטע פראַגע פון פּראָפעסאָר בירקמייער אין מינכען, דער טיפער קענער פון דער קלאַסישער קרימינאַליסטען־שול: „וואָס לאָזט לישט איבער פון דעם היינטיגען שטראַף־געזעץ?" איז פערענטפערט. אויב אַלע סמנים

זיך צו דורך זיינע האנדלונגען צו זיין סביבה און בפרט צו די האנד־לונגען פון אנדערע מענשען (דער געזעלשאפט): לאמיר שוין ענדליך אויך בעגרייפען, אז אונזער ווילען און אלע אונזערע האנדלונגען ווערען בסדר בעשטימט פון א ניט דער ערך טיפען קאמפלעקס פון בירושה׳־דיגע ענערגיען (דער כאראקטער), וועלכע זענען פערבונדען סיי מיט יענע ענערגיען וואס ווירקען אויף אונז פון דרויסען אין משך פון אונזער לעבען, און סיי מיט די אויגענבליקליכע ווירקונגען און איינדרוקען אויף אונזערע חושים — ווען מיר זאלען דאס אלעס בענעמען, מוז דעמאלט אונזער גאנצע אויפפאסונג פון רעכט און בפרט פון דעם שטראף־רעכט זיך ענדערען. דאס געזעץ פון מדה כנגד מדה מוז דעמאלט פולשטענדיג פערשווינדען אלס אן איבערבלייבעניש פון א חיה׳ש געפיהל נאך פון אונזערע אור־אורעלטערן, און די תשובה אלס אן אבפאל פון א פער־אלטערטען און אבערגלויבישען מיסטיציזם. מאדערנע און ריין ווי־סענשאפטליכע יוריסטען און רעפארמערס פון דעם שטראף־געזעץ האבען שוין אנערקענט די דאזיגע נויטיגקייט. אבער טראץ דעם פולשטענ־דיגען דורכפאל פון דעם ביז אהעריגען שטראף־סיסטעם בנוגע צו דער פערקלענערונג פון פערברעכענס, זענען זיי דערווייל בכח געווען פראק־טיש דורכצופיהרען ניט מעהר ווי א קליינעם טייל פון זייערע געדאנקען.

נאכדעם וואס מיר האבען געזאגט בלייבען נאר איבער צוויי אורזאכען אויף וועלכע די עקזיסטענץ פון רעכט און געזעץ קאן זיך באמת שטיצען.

1.) צו שיצען די מענשליכע געזעלשאפט קעגען די שאדענס פון פערברעכערס, און בעזונדערס צו בעשאפען בעגריפען, כללים און גע־זעצען, וועלכע זאלען רעגולירען די געגענזייטיגע אינטערעסען פון די מענשען אויף אזא אופן, אז דער פועל יוצא זאל זיין ווי ווייט מעגליך צוגעפאסטע און נאטירליכע לעבענס־בעדינגען אי פאר דעם יחיד און אי פאר דער געזעלשאפט.

2.) צו דערפארשען די אורזאכען פון פערברעכענס, אזוי גוט ווי די אורזאכען פון די סאציאלע קאנפליקטען, אונפולקומענקייטען און אונגלייכקייטען און דורך א שטענדיגען צוועקמעסיגען קאמף קעגען די דאזיגע אורזאכען צו פערבעסערען אי די מענשען און אי זייער סא־ציאלען צושטאנד.

און פון דער פסיכיאטריע, צווינגט זי אראבצונעהמען איהר בינד, ניט בכדי צו בעגעהן די זינד פון פארטייליכקייט, נאר צוליב טיפע מאטיווען פון גערעכטיגקייט,—בכדי צו קאנען קלאר אריינקוקען אין דעם מענש. עס האנדעלט זיך פשוט ניט מעהר אליין דעריז, צו וויסען אויב אז אנגעקלאגטער מענש האט יא אדער האט ניט בעגאנגען די טאט אין וועלכער ער ווערט בעשולדיגט, נאר די פראגע איז אויך, אויב ער האט געוואוסט וואס ער האט געטון, וואסערע מאטיווען האבען איהם געטריבען דערצו און ווער עס איז געווען דער אמת'ער פערורזאכער פון דעם פערברעכען. שכרות, גייסטיגע אבנאמאליטעטען און קראנקהייטען, סוגעסציעס, ליידענשאפטען, א. אז. וו., קעמפען צווישען זיך כדי דאס ארימע מענשליכע געהירן צו בעיינפלוסען אזוי. אז מען קאן עס גארניט אדער כמעט גארניט האלטען פעראנטווארטליך פאר זיינע האנדלונגען. א חוץ דעם, אז מען קוקט זיך נעהענטער צו ווערט דער טראדיציאנעלער בעגריף פון א פרייען ווילען, דער בעגריף פון אן אבסאלוטער ווילענס-פרייהייט פון דעם מענש, וועלכער אגב איז דער פארבעדינג פון אונזער אלטער שטראף-יוסטיץ, ניט בלויז אלץ מעהר און מעהר פראבלעמאטישער, נאר ער מוז אפילו בעטראכט ווערען אלס א מענשליכע אילוזיע, צוליב דעם פאקט וואס די אינדירעקטע, ווייטע מאטיווען פון אונזערע האנדלונגען בלייבען פאר אונז ביז א הויכען שטאפעל אונבעוואוסט און דעריבער אויך אונבעקענט.

שוין דער גרויסער פילאזאף שפינאזא האט דעם דאזיגען אמת בעוויזען אויף א מייסטערהאפטען אופן און היינט־צו־טאג ווערט ער בעשטעטיגט פון דער וויסענשאפט אין אלע פרטים. יעדע ווירקונג האט אין דער וועלט איהר אורזאך, און אלע אונזערע ענטשלוסען זענען די פעולה פון דער ארבייט פון אונזער געהירן, וועלכע ווידער פון איהר זייט ווערט בעיינפלוסט און בעשטימט פון די גע'ירש'ענטע און דערהאבענע ענגראמען, זייענדיג איהרע אינוועניגסטע אורזאכען, און וועלכע פערבינדען זיך מיט אורזאכען וואס ווירקען פון דרויסען. לאמיר איינמאל פאר אלעמאל פריי אנערקענען די פאלשקייט פון דעם אלטען אקסיאם פון א מענשליכען פרייען ווילען און לאמיר פערשטעהען, אז דאס וואס מיר פיהלען און בעטראכטען אלס א פרייען ווילען איז ניט מעהר ווי אן אינדיווידועל אהן אן ערך פערשידענע און מעהר אדער ווייניגער ענטוויקעלטע פעהיגקייט פון אונזער געהירן, וועלכעס פאסט

טער מנהג ביי כמעט אלע אלטע און ווילדע פעלקער, סיי בכדי גאט צו דערפרעהען און איהם צו דאנקען פאר א געוואונענעם זיג, סיי בכדי צו מילדערען זיין כלומרשט'דיגען גרימצארן. דערמיט וויל מען בע־פרידיגען זיין אנטהראפאמארפיש פארגעשטעלטע ליידענשאפט.

טהעמים. — טראץ אלצדינג איז שטענדיג געווען דאס סימבאל פון דעם אידעאל פון רעכט אין דעם ציוויליזירטען אלטערטום א געטין פון גערעכטיגקייט, טהעמים, מיט א בינד אויף איהרע אויגען און האלטענדיג א וואג אין איהרע הענד. די וואג האט בעדייט, אז ביי יעדער האנדלונג זאל רעכט און אונרעכט פינקטליך אבגעוואויגען ווע־רען; די בינד, אז דער ריכטער, ארויסגעבענדיג זיין פסק־דין זאל דערביי ניט האבען קיין איינזעהעניש פאר דעם מענש, און אז ער זאל זיין אבגעשיידט פון וואסערען ניט איז דרויסיגען ניט גערעכטען איינ־פלוס פון די צדדים. פאר די דעמאלטדיגע כמעט איינציג בעשטעהענ־דיגע בעגריפען פון מדה כנגד מדה און תשובה, איז די דאזיגע בלינדע פרוי מיט איהר וואג געווען א ניש'קשה'דיג סימבאל פון גערעכטיגקייט. מכח דער טיפער פסיכאלאגיע פון דער מענשליכער נאטור, מכח גייס־טיגע קראנקהייטען, פערקלענערטע פעראנטווארטליכקייט און מכח העכערע סאציאלע אידעאלען און פערבעסערונגען האט זי זיך דעמאלט נאך ניט געהאט וואס צו זארגען. אויב א ריכטער האט זיך געלאזט אונטערקויפען כדי צו פער'משפט'ען אן אונשולדיגען אדער כדי פריי־צולאזען א שולדיגען, און אפילו ווען ער האט דאס בלויז געטון אויס מורא פאר דער געוואלט פון א דעספאט אדער אויס מורא פאר דער אויפגערעגטער ליידענשאפט פון דעם פאלק, איז ער געווען שלעכט און פערדארבען; טהעמים האט דעמאלט אראבגענומען די בינד פון איהרע אויגען און האט פארטייאיש געדריקט אויף איהר וואג, און די וואג איז דעמאלט אראבגעזונקען אויף דער ניט גערעכטער זייט. פאקטיש איז די בלינדע טהעמים ווענינגסטענס אמאל געווען אונפארטייאיש. און אזוי מוז זי סיי היינט און סיי שפעטער בעטראכט ווערען.

היינט אבער איז די פליכט פון אונזער געטין פון גערעכטיגקייט ניט מעהר אזוי פשוט ווי פארצייטענס, מחמת דער פארטשריט פון דער מענשליכקייט און פון דער וויסענשאפט, בפרט פון דער פסיכאלאגיע

און שן תחת שן. דאָס רעכט פון מדה כנגד מדה איז בעצם זעהר „נאַ־
טירליך“ און זעהר מענשליך; הגם זייענדיג נאָך פון האַלב־ווילדען אור־
שפּרונג, האָט עס וועניגסטענס דאָס איינציגע גוטע אין זיך, וואָס עס
אַנערקענט — אמת, אויף אַ רויהען און ברוטאַלען אופן און אָהן דערביי
נעהמענדיג אין בעטראַכט די אינוועניגסטע מאָטיווען — דאָס גלייכע
רעכט פון דעם מענש צו נעהמען נקמה פאַר אַ פערורזאַכטען שאָדען.
פון דער אַנדערער זייט געפינען מיר אין די אַלטע געזעצען אַן אַנדערען
בעגריף, אַבשטאַמענדיג פון דעם רעליגיעזען מיסטיציזם, דעם בעגריף
פון תשובה און חרטה; נאָכדעם ווי דער מענש האָט זיך אויפגעבויט אַ
גאָט לויט זיין אייגענעם בילד און געשטאַלט, אַ גאָט מיט מענשליכע
ליידענשאַפטען, האָט ער צו איהם אויס מורא אויף צוגעשריבען בע־
זונדערס געפיהלען פון צאָרן צוליב זיין אייגענע נעזונקענקייט און
שלעכטסקייט אַנטקעגען זיינע מיטמענשען. און איצט, בכדי נישא
חן צו זיין און צו מילדערן דעם גרימצאָרן פון זיין איינגעבילדעטען
גאָט, האָט ער איהם געברענגט מענשליכע קרבנות.

תּחלת זענען די קרבּנות ניט אַלעמאָל געווען בלויז פערברעכער
און פערשולדיגטע מענשען, נאָר אָפטמאָל אויך אונשולדיגע און אָרימ־
זעליגע לעמער, מענשען אָדער חיות. וועלכע מען האָט געגלויבט אַז מען
מוז מקריב זיין, אָפטמאָל מיט אַלערליי מאַטערנישען, בכדי אויף דעם
אופן צו מילדערן דעם צאָרן פון גאָט. שטאַפּעל נאָך שטאַפּעל איז אָבער
דער מנהג געוואָרען הומאַנער און האָט זיך אריינגעשמוגעלט אין דעם
געזעץ אין דער פערענדערטער פאָרם פון דעם היינטיגען בעגריף פון
תשובה און חרטה. ווער עס בעגעהט אַ פערברעכען, מוז ווערען אַ בעל־
תשובה און אויף זיך ארויפנעהמען וואָסערע ניט איז שטראָף, טיילמאָל
אפילו דעם טויט. דער בעגריף פון תשובה און נקמה מישען זיך אָפט־
מאָל אויס אין דעם היינטיגען שטראָף־רעכט און ווען מען שטודירט
זיינע וואָרצלען אין דער עטהנאָלאָגיע, דאַרף מען זיך ניט חדוש'ן, אַז
היינט נאָך אפילו ווערט תשובה געטון און בעשטראָפט פאַר אַזוי־גע־
רופענע זינד קעגען גאָט אָדער קעגען דער רעליגיע. דערין ליגט אַ
זונדערבאַרע קאָמבינאַציע פון רעליגיאָנס־ און רעכטס־בעגריפען! אַ
זונדערבאַרער אופן תשובה צו טון פאַר גאָט איז דאָס מקריב זיין פון
חיות און דאָס ברענגען אַנדערע מתנות, וועלכעס איז אַן איינגעפיר־

אין דער פארם פון פלינדערונג און לענדער פערכאפונג, ווערען זיי בע־טראכט אלס דאס וואויל־דערוואָרבענע רעכט פון דעם זיגער. אין א קעניגרייך קוקט מען אויף דעם מאנארך ווי אויף א הייליגער פערזאן און די מאיעסטעטס־בעליידיגונג איז א פערברעכען; אין א דעמאקראַ־טיע ווידער ווערט דער וואס שטרעבט צו א זעלבסטהערשונג בע־שטראפט אלס פערברעכער. דער שקר און דאס ניט דערדערען זענען, לכל הפחות אין געוויסע פאלען, דאס רעכט אדער גאר די פליכט פון דעם קאטאליק, וועלכער טאר בלויז ניט געבען א פאלשע שבועה אויף גאט און אויף דער רעליגיע, בעת אנדערע האלטען יעדען שקר מעהר אדער ווייניגער פאר אן אונרעכט; ווידער, אנדערע בעטראכטען איט־ליכע שבועה אלס א זינד אדער פער׳משפט׳ען זי אלס אן אומ׳כבוד (דיינע רייד זאלען זיין „יא, יא“ און „ניין, ניין“).

„עס ערבען זיך געזעץ אונד רעכטע
ווי איינע עוויגע קראנקהייט פארט;
זי של־פען פאן געשלעכט זיך צום געשלעכטע
אונד ריקען זאכט פאן ארט צו ארט.
פערנונפט ווירד אונזינן, וואלטאט פלאגע;
וועה׳ דיר, דאסס דו איין ענקעל ביסט!
פאם רעכטע, דאס מיט אונז געבארען איסט,
פאן דעם איסט, לײדער! ניכט די פראגע“

(מעפיסטאפעלעס אין געטהע׳ס פאוסט.)

אהן א שעור זענען די הפוכים, ניט־אויסגעהאלטענקייטען, אוננאַ־טירליכקייטען און טיראנייען פון די אזוי־גערופענע טראדיציאנעלע רעכטען ביי פערשידענע פעלקער און אין תוך גענומען זענען אויך ניט א סך בעסער אונזערע אייגענע רעכטס־בעגריפען, וועלכע האבען זייערע ווארצלען אין דעם רוימישען רעכט.

אין דעם היסטארישען סדר פון דער צייט האבען נאך דעם רעכט פון דעם שטארקערען געפאלגט געוויסע רעכטס־בעגריפען וועלכע קאנען נאך אליץ בעטראכט ווערען אלס אורשפרינגליך; קודם כל דאס געזעץ פון מדה כנגד מדה אדער דאס „לינטש־געזעץ“, וועלכעס איז געבויט אויף דעם נאטירליכען נקמה־געפיהל און וועלכעס זאגט: עין תחת עין

פעלהאַפּט. דאָס זענען אַ שטייגער אַלע קירליכע און רעליגיעזע רעכטען און פליכטען, די פּאַטריאָטישע און נאַציאָנאַלע פליכטען, די מלחמה־רעכטען און פליכטען, א. אז. וו. ווען מיר שטודירען די ענטוויקלונג פון דער מענשהייט אָהן פאָרורטיילען, ווערט פאַר אונז קלאָר ווי דער טאָג, אַז די דאָזיגע אַזוי־גערופענע רעכטען און פליכטען זענען ניט קיין אַנדערע זאַך ווי היסטאָרישע ירושות פון בעגרעניצטע און ביז אַ הויכען שטאַפּעל קינסטליכע מענשליכע גרופּירונגען. די רעלאַטיווע רעכטען און פליכטען פון די מיטגלידער פון די דאָזיגע גרופּירונגען זענען בעשטאַנען אין אַ געגענזייטיגער בעשיצונג פון זייערע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע אַנשויונגען און אינטערעסען, און אין דער אונטערדריקונג און טרעטען אונטער די פיס די מיינונגען און די אינטערעסען פון אַנדערע מענשליכע גרופּען. די דאָזיגע בעטראַכטונגען פירען אונז איצט צו דער צווייטער קאַטעגאָריע פון די רעכטליכע בעגריפען.

**דאָס טראַדיציאָנעלע רעכט.** — ווערענדיג זיין פּינקטליך, איז דאָס טראַדיציאָנעלע רעכט קיין רעכט ניט. עס איז פּשוט אַ דאָגמאַטיזירטע פערהייליגונג פון אַלערליי מנהגים און מאוס׳ע געוואוינהייטען צו וועלכע די מענשען האָבען זיך צוגעפּאַסט ווערליג זייערע אָרטליכע אומשטענדען און צופעליגע ערפאָרונגען און דערווערבונגען. דאָ שפּילען דאָס נאַטירליכע רעכט פון דעם שטאַרקערען און דער פּועל יוצא דערפון, דער מיסטיציזם, אַלערליי מענשליכע ליידענשאַפטען און ביז אַ הויכען שטאַפּעל אויך דער געשלעכטס־טריב, אַ זעהר קאָמפּליצירטע ראָלע. דער בעסטער בעווייז, ווי אַבסורד און ניט גערעכט עס איז ביז אַ גרויסען טייל דאָס טראַדיציאָנעלע רעכט, איז די פערשידענקייט, יאָ אפילו דער אַבסאָלוטער הפוך, פון די ענטשפּרעכענדע רעכטס־בעגריפען צווישען די פערשידענע פעלקער. דאָ איז די פּאָליגאַמיע אַ רעכט און אַ געטליכע אינסטיטוציע: דאָרט אדרבה איז זי אַ פערברעכען. דער אינדיווידועלער מאָרד ווערט דאָס רוב איבעראַל בעטראַכט אַלס אַ פערברעכען, אָבער דער מאַסענמאָרד אין מלחמות אדרבה ווערט געהאַלטען אַלס אַ טוגענד און אַ פליכט. גנבה און רויבעריי בעטראַכט מען אין אַ פרידליכער צייט אַלס פערברעכענס קעגען דעם איינגעפירטען רעכט; אָבער אין מלחמה,

קאָנען נאָר געצויגענע ווערען שטאפּעלווייז און אויף דעם וועג פון פּראַקטישע ערפאַרונגען. אפילו ווען דאָס רעכט ווערט אַזוי פערשטאַנען און אַזוי בעגרעניצט, קאַן אבער דער אינסטינקט פון דער רויבר חיה, וועלכער ליגט נאָך טיף איינגעוואָרצעלט אפילו אין דעם ציוויליזירטען מענש, זיך נאָר ביסלעכווייז און מיט דער גרעסטער מיה צופּאסען צו אָט דעם נאטירליכען רעכט. דעריבער, כדי צו זיין ערליך מוזען מיר מודה זיין, אז דאָס דאָזיגע רעכט פערדינט בלויז זעהר רעלאַטיוו דאָס פּרעדיקאַט „נאַטירליך."

דאָס סאָציאַלע רעכט איז ביים מענש נויטיגערווייז קינסטליך. גאַנץ נאַטירליך זענען בלויז עטליכע עלעמענטאַרע רעכטען און פליכטען, בעזונדערס אויף דעם געשלעכטליכען געביט; דאָס זענען צופּאַסונגען אין דער פאָרם פון אינסטינקטען, וועלכע דינען פאַר דער דערהאַלטונג און ענטוויקלונג פון דער פאַמיליע, אזוי גוט ווי פאַר דער עלעמענטאַרער בעשיצונג פון דעם יחיד. אלס אַזוינע קאָנען מיר אָנרופען דאָס רעכט צו לעבען, דאָס רעכט און די פליכט צו ארבייטען, דאָס רעכט פון דעם קינד פון זיין מוטער געזויגט אָדער אויף וואַסערען ניט איז אופן ערנעהרט צו ווערען און פון זיינע עלטערן נעפלעגט און געשיצט צו ווערען, די פליכט פון די עלטערן צו ערנעהרען זייערע קינדער, די פליכט פון דעם מאַן צו בעשיצען זיין פרוי, דאָס רעכט צו בעקומען שפּייז פון פלאַנצען און חיות, דאָס רעכט צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס-טריב, א. ד. גל.

עס איז אבער פאַראַן נאָך אַ רייה פון אנדערע גרופּען-רעכטען און גרופּען-פליכטען, וועלכע זענען אזוי ווייט נויטיג, אז מען קאַן צו זיי צושטעלען דאָס פּרעדיקאַט „נאַטירליך". זיי זענען דאָס רעכט צו פערמאָגען אַן אייגענע וואוינונג, צו פערטיידיגען זיין לעבען קעגען אַנגריפען, צו דענקען און צו גלויבען וואָס מען וויל, כל זמן מען צווינגט ניט ארויף זיין דענקען און זיין גלויבען אויף אנדערע; די פליכט צו רעספּעקטירען דאָס לעבען און דעם נויטיגען בעזיץ פון אנדערע; די פליכט צו זאָרגען פאַר דער גייסטיגער און פיזישער ערציהונג פון דער יוגענד, א. אז. וו.

ווען מיר בעטראַכטען דאָס נאָר-וואָס געזאָגטע אָהן פאָרורטיילען, ווערען געוויסע רעכטען און פליכטען, וועלכע מען האָט ביז איצט געהאַלטען פאַר זעלבסטפערשטענדליך און נאַטירליך, אדרבה צוויי-

אַ העכערער ציוויליזאַציע, אַזוי. אַז דעריבער וועלען מיר סוף כל סוף באַלד האָבען צו וועהלען צווישען דעם אונטערגאַנג אָדער פון די דאַזיגע נידעריגע ראַסען אָדער פון אונזער אייגענער ראַסע צוזאַמען מיט איהר ציוויליזאַציע. דאָ איז נים דער פּלאַץ נעהענטער צו בעטראַכטען און צו ענטפּערען אויף דער דאַזיגער קאָמפּליצירטער פראַגע, אַנצואווייזען וואו מען קאָן ציהען די גרעניץ פון דער ציוויליזירטער מענשהייט, ד. ה. וואו עס דאַרפען זיך אָנהויבען די רעלאַטיווע גרופּען־רעכטען און וואו די פליכטען פון דער ציוויליזירטער מענשהייט אַנטקעגעניבער דער אי־בעריגער לעבעדיגער וועלט; ביז צו וואָסערען שטאַפּעל זאָל דער ציווי־ליזירטער מענש האָבען דאָס רעלאַטיווע רעכט צו אונטערוואַרפען אַנ־דערע לעבעדיגע ברואים, זיי צו עקספּלואַטירען פאַר זיין אייגענעם נו־צען און טובה וועגען, זיי צו בענוצען אַלס שפּייז און ענדליך זיי צו פער־טיליגען בכדי צו פערזיכערען דאָס אייגענע לעבען. וואָס איז נוגע דער וועלט פון פלאַנצען און חיות, אָנגעפאַנגען פון אָראַנג-אוטאַן אַרויפצו דאַרף די פראַגע זיין פּשוט און פערענטפערט. די פראַגע איז אָבער נים דער ערך שווערער צו פערענטפערען פאַר מענשען און פאָלקס־שטאַמען, וועלכע זענען אָבגעשיידט פון אונזער אייגענער ראַסע מיט אַ טיפען תהום פון ראַסען אונטערשידען. איך בעטאָן בכיוון די טיפע ראַסען־אונטערשידען, מחמת עס איז אָהן קיין שום ספק, אַז די העכערע, קול־טור־פעהיגע און קולטיווירטע ראַסען, אָדער בעסער געזאָגט ראַסען־מישונגען, וועלכע לעבען היינט אויף דער וועלט, וועלען טון בעסער אויב זיי וועלען לעבען בשלום צווישען זיך, איידער זיך גענענזייטיג צו פער־טיליגען.

עס איז געווען נויטיג אָנצוהויבען מיט דער דאַזיגער ניכטערער וויסענשאַפטליכער דיסקוסיע ניט קוקענדיג וואָס זי האָט געקאָנט וועה טון סענטימענטאַלע מענשען. וואָס איז די פּעולה צו בעהאַלטען דעם קאָפּ אין זאַמד ווי דער שטרויס־פויגעל? קלאָר מוזען מיר קוקען דער צוקונפט אין פּנים, מחמת נאָר אויף אַזאַ אופן קאָנען מיר דערגעהען צום גוטען און צום נוצליכען. דאָס נאַטירליכע רעכט פון מענש מוז בסדר מעהר און מעהר ווערען אַ קאָמבינאַציע פון סאָציאַלע רעכטען און פליכטען אַנטקעגען א י י ן גרויסע גרופּע, וועלכע מיר קאָנען רופען די ציוויליזירטע מענשהייט, די רעלאַטיווע גרעניצען פון וועלכער

צוואונגענע מנהגים און טראדיציעס איידער אויף דער מענשליכער נאַ־טור. די קינדער זענען תחלת מעהר ענליך צו יונגע קעץ איידער צו יונגע סאָציאַלע בעשעפענישען. אין די פּרימיטיווע צייטען, דעמאָלט ווען ביים מענש האָט די ערד נאָך אויסגעזעהען גרויס, זענען די גרופּען־רעכטען געווען בעגרעניצט אויף קליינע געמיינשאַפטען, וועלכע האָבען געקוקט אויף די איבעריגע מענשען, אזוי גוט ווי אויף די חיות און די פּלאַנצען, ווי אויף אַ ווילקאָמענעם רויב. דער קאַניבאַליזם בעווייזט גענוג דייטליך, אז דער מענש איז פון אנהויב צוריק געוואָרען אַ סך רויבערישער איידער זיין אַפען־ענליכער עלטער־זיידע. ערשט אַ סך שפּעטער, נאָך דער פּערגרעסערונג שטאַפּעל נאָך שטאַפּעל פון שטאַר־קערע געמיינשאַפטען אויף דעם חשבון פון שוואַכערע; נאָך שפּעטער, ווען דער מענש האָט בעגריפען די ליידען פאַר דעם כלל, וועלכע זענען דער פועל יוצא פון דער אונבעגרעניצטער אויטאָקראַטיע און גענוסזוכט פון איינצעלנע; און לסוף ווען ער האָט ענדעקט די בעגרעניצטקייט פון דעם שטח פון דער ערד, דעמאָלט ערשט האָבען זיך ענטוויקעלט די בע־גריפען פון מענשליכקייט און מענשהייט, אזוי גוט ווי דאָס געפיהל פון דער מענשליכער סאָלידאַריטעט: „איך בין אַ מענש און קיין שום מענשליכע זאַך קאָן מיר ניט זיין פרעמד“.

פאַר דעם מענש וואָס דענקט מוז ווערען פולשטענדיג קלאָר, אז די רעלאַטיוויטעט פון די מענשליכע גרופּען־רעכטען און דעריבער אויך פון די מענשליכע גרופּען־פּליכטען מוז ב י ס ל ע כ װ י י ז ארייג־נעהמען אין איהרע גרעניצען אַלע מענשליכע בעוואוינער פון דער ערד. אָהן אַן ערך שווער איז די דעפינאַציע פון דעם, וואָס מיר זאָלען פער־שטעהען אונטער די ווערטער אַ סאָציאַל־ און קולטור פעהיגע מענש־הייט.

אָהן ספק, דער אבגרונד צווישען די העכסטע איצט נאָך לעבעדיגע אַפען און די נידעריגע איצטיגע מענשען איז געוואַלדיג, און האָט היינט ניט מעהר קיין אריבערגאַנג פונדעסטוועגען הויבען מיר אָן ביסלעכ־ווייז צו בעגרייפען, פון איין זייט, אז מיר דאַרפען אַנערקענען געוויסע לעבענס־רעכטען פון חיות, וועלכע שטעהען נאָהענט צום מענש און, פון דער אַנדערער זייט, אז געוויסע נידעריגע היינטיגע מענשען־ראַסען (אַקאַס, וועדאַס און אפילו נעגערס) זענען ניט קאַפּאַבעל פאַר

דער אויבען דערמאנטער נויט־געשריי פון דער מענשליכער בעסטיע. מחמת די דערפילונג פון די פליכטען געשעהט אויף אן אינסטינקטיווען אופן און איז בעגלייט פון געפיהלען פון חשק. יעדע מוראזשקע וואלט געקאנט אונבעשטראפט פוילענצען און געניסען, ווען זי וואלט נאר געוועזן קאפאבעל דאס צו וועלען: דאס קאן זי אבער ניט. די קאמונעס פון מוראזשקעס קאנען עקזיסטירען בלויז אויף דעם יסוד פון יענעם סאציאלען אינסטינקט פון אויפאפפערונג און ארבייט, און אהן דעם דאזיגען אינסטינקט וואלט פון זיי באלד געווארען א תל.

**עגאיזם און דאס גרופען-רעכט ביי מענשען. מענשליכע רעכטען.** — ניט דער ערך קאמפליצירטער און שווערער צו פערשטעהען פארמירען זיך די בעגריפען פון דעם נאטירליכען מענשליכען גרופען־רעכט. ווי מיר האבען פריהער געזעהען, איז דאס אורשפרינגליכסטע אינסטינקטיווע מענשליכע געפיהל פון גרופען־רעכט בעגרעניצט אויף דער פאמיליע און אויף דער דירעקטער סביבה. אבער אפילו דא בלייבט איבער זעהר און זעהר א סך צו ווינשען. פאמיליען שטרייטיגקייטען, צאנקערייען און רייסערייען צווישען ברידער און שוועסטער איז א גאנץ אפטע ערשיינונג; אפילו עלטערן,־ברודער,־און קינדער־מארד איז ניט אזוי זעלטען. אבער ווען מיר לעגען נאך צו, אז א חוץ אין די ענגע קרייזען פון דער פאמיליע, זענען מחלוקות און שנאה צווישען די איינצעלנע, שווינדעל, גנבות און א סך נאך ערגערע זאכען דער געווענליכער טאג־טעגליכער גאנג פון דעם לעבען, אז אין די פארטייען און קלאסען־קאמפען, אין דעם מיסברויך פון פריווילעגיעס פון קאסטען און שטאנדען אדער פון דער געלד־מאכט, אין מלחמות, בקצור, אז איבעראל ווערען די פריוואטע אינטערעסען ווייט־ווייט העכער געהאלטען איידער די אלגעמיין מענשליכע אינטערעסען,—ווען מיר לעגען דאס צו און נאך הונדערט אנדערע טרויריגע ערשיינונגען פון דער מענשליכער געזעלשאפט, שטעלען זיי צוזאמען דעם אונגליקליכען סך הכל, וועלכער איז אן עדות פון דער אינדיווידיאליסטישער און בעסטיאלישער נאטור פון דעם מענש, און וועלכער בעווייזט ווי אהן אן ערך שוואך דער סאציאלער אינסטינקט איז ענטוויקעלט אין דעם מענשליכען געהירן. די מענשליכע געזעשאפטען זענען געבויט א סך מעהר אויף ארויפגע־

זיסטירען ווי נאַר ווען זיי פרעסען זיך גענענזייטיג אויף, איז פאַקטיש דאָס עלטסטע נאַטור־רעכט פון יעדען לעבעדיגען בעשעפעניש טאַקע דאָס רעכט אנדערע אויפצופרעסען. עס איז דעריבער דאָס רעכט פון דעם שטאַרקערען. ווען מען וויל קאָן מען זאָגען, אז דאָס אבסאָלוטע נאַטור־רעכט איז דאָס רעכט פון דעם שטאַרקערען.

אן אנדער פנים האָט אָבער דער בעגריף פון דעם רעלאַטיווען נאַטירליכען רעכט. דאָס דאָזיגע רעכט איז מעהר ניט נוגע אלע לעבע־דיגע בעשעפענישען, נאָר בלויז בעשטימטע גרופען פון לעבעדיגע בע־שעפענישען אויסשליסענדיג אלע איבעריגע. די רעלאַטיוויטעט פון דעם גרופען־רעכט איז א דאָפעלטע, פון איין זייט גיט זי דער בעשטימטער גרופע אינדיווידועו דאָס רעכט זיך אריינצומישען אין די לעבענס־רעכטען פון אנדערע גרופען, אפילו ביז צו זייער פערטיליגונג; פון דער אנדערער זייט אָבער — און דאָס איז די צווייטע זייט פון דעם גרופען־רעכט — וואַקסען ארויס פון דעמזעלביגען רעכט די אזוי־גערופענע **פליכטען** פון איטליכען יחיד אנטקעגען די איבעריגע יחידים פון דער זעלביגער גרופע, ד. ה. די פליכטען זייערע אינדיווידועלע רעכטען צו אכטען, צו שוינען און אפילו צו שיצען פונקט ווי זיינע אייגענע. ווער עס זאָגט גרופען־רעכט, זאָגט סאָציאַלע רעכטען און פליכטען.

די אידעאַלסטע אָרגאַניזאַציע פון דעם גרופען־רעכט געפינען מיר ביי די מוראַזשקעס. איטליכער יחיד פון א גרופע (פון א קאָלאָניע פון מוראַזשקעס) האָט דאָס רעכט אלעס צו פרעסען און צו מיסברויכען וואָס געהערט ניט צו דער קאָלאָניע (צו דער גרופע). אין דער גרופע האָט ער א רעכט אויף נאַהרונג, וואוינונג און אויף די בעפרידיגונג פון אלע זיינע אינדיווידועלע נויטען; און פערקערט ווידער, עס איז זיין פליכט דורך אן אונויפהערליכער ארבייט און דורך קאַמף צו העלפען בויען און אויפהאַלטען די געמיינשאַפטליכע וואוינונג, צו העלפען אָנ־זאַמלען נאַהרונגס־מיטלען, פאַרטצופלאַנצען און ערציהען די יונגע, צו פערטיידיגען די געמיינשאַפט און אָנצוגרייפען די דרויסענדיגע וועלט. רעכטען און פליכטען זענען דאָ געוואָרען פולשטענדיג אינסטינקטיוו אלס פעולה פון א פילאָגענעטישער צופאַסונג, און א דאַנק דער נאַ־טירליכער אָרגאַניזאַציע פון די מוראַזשקעס, קומען זיי פון זיך אליין אהן וואָסערען ניט איז דרויסענדיגען, געזעצליכען צוואַנג. דאָ פעהלט

דעם נויטיג געוואָרענעם סאָציאַלען לעבען און קענען דעם דוחק פון א פשוט'ער עלענבויגען־פרייהייט אויף דער ערד, וועלכע ווערט אַלץ ענגער פאַר דעם מענשליכען מין.

דער נאַטור־מענש רייסט זיך נאָך רוים און פרייהייט פאַר, זיין איך, און ער געוואוינט זיך צו ניט גערן צו די שטרענגע איינצווימונגען וועלכע די סאָציאַלע נויטיגקייטען צווינגען אויף איהם ארויף. זיין נאַטור איז נאָך אַלץ די נאַטור פון א האַלב נאָמאַדישער פאַמיליען־חיה, אין וועלכער עס לעבט נאָך דער חשק נאָך יאָגד און הערשונג, א חיה מיט א סך עגאָיסטישע בעדערפענישען נאָך גענוס, — און דאָ, וואו ער קערט זיך און ווענדט זיך, שלאָגען זיך אן זיינע עלענבויגענס אויף אַנדערע מענשען, אויף אַנדערע רעכטען און אויף דעם חשק פון אַנדערע מענשען נאָך פרייהייט און הערשונג, וועלכע צווינגען איהם צו אונ־טערוואַרפען זיין איך. דאָס איז די אורזאַך פון דעם שוואַכען און מאַכטלאָזען געשריי פון נויט און כעס אַנטקעגען די שלעכטסקייטען פון אַנדערע און אַנטקעגען דער סאָציאַלער אָרדנונג. און פונדעסטוועגען איז דער דאָזיגער כעס און דער דאָזיגער נויט־געשריי אַבסאָלוט נויטיג, בכדי מען זאָל געפינען און פּראַקטיש דורכפירען א ווי ווייט מעגליך האַרמאָנישע סאָציאַלע פאָרמולע פאַר דער צוקונפט. א חוץ אין דער פראַגע צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט עקזיסטירט ניט קיין אַנדער גע־ביט וואו עס פיהלט זיך די דאָזיגע פיינדליכע נויט אזוי שטאַרק ווי אין דער געשלעכטס־פראַגע.

וואָס איז דאָס אזוינס דאָס מענשליכע רעכט? איידער מיר געהען צו די פאָרמעל אַנערקענטע אונטערשידען, מוזען מיר פון פּסיכאָ־לאָגישען און מענשליכען שטאַנדפּונקט דאָס אזוי גערופענע רעכט איינ־טיילען אין צוויי קאַטעגאָריעס פון בעגריפען, דאָס נאַטירליכע רעכט און דאָס קאָנווענציאָנעלע אָדער טראַדיציאָנעלע רעכט.

דאָס נאַטירליכע רעכט. — דאָס נאַטירליכע רעכט איז א דורכויס דעלאַטיווער בעגריף: דאָס רעכט אויף לעבען און לעבענס־בעדינגונגען. אזוי ווי אָבער אויף דער ערד, וועלכע ווי עס הייסט איז א בעשאַפונג פון א גאָט, זענען די עסקים פון לעבען אזוי ליבליך איינגעפירט, אז לעבעדיגע בעשעפענישען קאָנען אַנדערש ניט עק־

## קאפיטעל XIII.

# דאס געזעץ אין געשלעכטס־לעבען.

### 1. אלגעמיינע רעכטס-בעגריפען:

די מענשליכע בעגריפען פון רעכט זענען זונדערבאר. איטליכער יחיד שרייט נאך רעכט און פרייהייט, דענקט דערביי נאטירליך קודם כל פון זיך אליין און מערקט ניט, ווי ער, כסדר פארדערענדיג זיינע אייגענע „נאטירליכע" רעכטען, צוטרעט אויף שריט און טריט די רעכטען פון אנדערע. ווי שעהן קלינגען די ווערטער פרייהייט און רעכט! אבער ווי צוריסען שטעהען זיי איינס אנטקעגען אנדערען אין דעם טאג־טעגליכען פראקטישען לעבען! מיין רעכט אויף פרייהייט, וועלכעס איך האב דא אין זין, דאס רעכט אויף א פולער אונבעשרענקטער ענטוויקלונג פון מיין איך ווערליג מיינע נאטירליכע געפיהלען, איז א זאך וועלכע איז פשוט אונמעגליך; דאס הייסט, דאס רעכט לאזט זיך גארניט דורכפיהרען אהן דערביי כסדר ניט צו פערמינדערען דאס גלייכע רעכט אויף דער גלייכער פרייהייט פון מיינע מיטמענשען. און פונדעסטוועגען דונערען די מענשען מיט פראזען איבער פראזען מכח דעם דאזיגען ענין; מיט א טיפער און ערענסטער איבערצייגונג אטאקירען זיי אונזערע סאציאלע איינריכטונגען, פערשילטען זיי די שלעכטסקייט פון אנדערע, אבער אליין ווייזען זיי דערביי ארויס אן אונפעהיגקייט פראקטיש צו לייזען די הפוכים, וועלכע האבען ביי זיי ארויסגערופען זייער טיפען דורשט נאך פרייהייט. דאס דאזיגע געשריי נאך רעכט און פרייהייט פון אונזער היינטיגער געזעלשאפט איז ניט קיין אנדערע זאך ווי דער אינסטינקטיווער אויסדרוק פון א געפיהל פון אונצופרידענקייט און כעס, וועלכעס שטעהט אויף דעם יסוד פון דער נאטירליכער עוואלוציע פון אונזער פילאגעניע. אן אינסטינקט וועלכער לעבט נאך שטארק אין דעם איבערבלייבעניש פון דער רויב־חיה אין דער מענשליכער נאטור און וועלכער רעוואלטירט קעגען דער צוואנגס־יאקע פון

ניט אלעמאל דוקא צוריקפאלען אין א ליידענשאפטליכער ליבע. אויב זי פאלט יא צוריק, דעמאלט איז דאך פאראן א מענשליכער ערזאץ. פאלט זי אבער ניט צורק, זענען וועדליג מיין מיינונג פאראן אנדערע ריין מענשליכע אידעאלען, וועלכע קאנען, אויב מען וויל, „רעליגיעז" אידעאליזירט ווערען פונקט אזוי גוט ווי דער מיסטיציזם פון א כלומרשט'דיגער געטליכער ענטפלעקונג. דאס קריסטענטום ווערט גערופען "די רעליגיע פון ליבע", און דער אפאסטאל פאול שטעלט די געבסטענליבע אפילו העכער פון דעם גלויבען. אבער וואס איז דען די געבסטענליבע אויב ניט די סינטהעזע פון די סאציאלע סימפאטיע־געפיהלען פאר דער היינטיגער און פאר דער צוקונפטיגער מענשהייט? קאן די דאזיגע געבסטענליבע ניט געבויט ווערען אויף אנדערע יסודות, איידער אויף וועקסלען וועלכע ווערען אויסגעצאלט מיט פערשפרעכונגען אויף א פלאץ אין גן־עדן? קאנען ניט די פער־הייליגונג, די התלהבות און דער טיפער גלויבען פערווענדעט ווערען אין א שעהנער, ערהאבענער פארם לטובה די סאציאלע אידעאלען און דער צוקונפט פון אונזערע קינדער? קאן מען ניט די רעליגיע פון די שפעטערדיגע דורות און זייער גליק אוועקשטעלען אויף דעם פלאץ פון דעם קולט פון רעליגיעזע לעגענדען און פון דער פערהערליכונג פון די ווערק פון יהוה, וועלכע מיר געפינען אין דער ביבעל? לויט מיין מיינונג קאן די סוגעסציע פון דעם רעליגיעזען ליבעס־עקסטאז פערווענדעט ווערען לטובת הכלל. אין זיין פאנאטיזם ליגט א בעדייטענ־דע טרייבקראפט, א פארציגליך מיטעל אויפצורודערען די מענשליכע גלייכגילטיגקייט און פערגליווערקייט. אבער די דאזיגע קראפט זאל ניט פערלוירען געהען אין תפלות צו פוסטע פאנטאזיעס און לעגענדען, נאר זי זאל פערווענדעט ווערען פאר א ריין מנשליכער רעליגיע פון ליבע דא בעת אונזער לעבען אויף דער ערד.

א סך שוואכע און אבערגלויבישע נאטורען ווערען געטריבען צו א מעהר אדער ווייניגער עטישער אויפפירונג קודם כל פון דעם פחד פאר דעם אייביגען עונש אין גיהנום. אויך די איבערצייגונג, אז דאס לעבען אויף דער ערד איז בלויז בעשאפען געווארען כדי דער מענש זאל גע־פריפט ווערען פון גאט און איז א צוגרייטונג פאר עולם הבא, קאן פירען צו א סך העלדישע טאטען און צו א גרויסער זעלבסט-פערלייקענונג. אבער דערביי פערזעהט מען די גיפטיגע פרות פון אונוויסענ־קייט, פון פאנאטיזם, פון אונטאלעראנץ און פון דער פערנאכלעסי־גונג פון דער מענשליכער עטיק, אט דאס אלעס, וועלכעס איז די פעולה פון אזא בלינדען גלויבען! זאל מען דאס סאציאלע לעבען פון די מענשען בויען אויף א יסוד פון א פוסטער פאטא מארגאנא, אויף אילוזיעס, אויף הבטחות און בעהויפטונגען פון כלומרשט געטליכע נביאים אדער נלחים, וועלכע זענען געווען און זענען אליין אונוויסענדע מענשען, וועלכע מישען אוים זייערע נידעריגע ליידענשאפטען און זייער ערגייציגקייט מיט א כלומרשט'ער פערטייטיגונג פון א גאט? מיר זאגען פאזיטיוו נײן. ווען די געטליכע אלמעכ־טיגקייט פון דעם אוניווערזום וואלט זיך געוואלט ענטפלעקען פאר די מענשען, וואלט זי דאס היינט ניט געטון דורך ניט־קלארע, אלטע לעגענדען, נאר אין דעם קלארען ליכט פון דער זון. אונצווייפעלהאפט איז אונז בלויז בעקאנט די מענשליכע עטיק, וועלכע האט שטענדיג בעשאפען דאס בעסטע, יא דאס איינציגע גוטע אין די רעליגיעס, און אין איהר ווילען מיר זיך האלטען.

מיר האבען פריהער געזעהען, אז די סימפאטיע־געפיהלען אין דער חיות־וועלט שטאמען אב, בדרך כלל, פילאלעגענטיש פון זייער ערשטער ערשיינונגס־פארם, פון די אנציהונגס־געפיהלען. און איצט זעהען מיר, ווי אן ענטוישטע, פערוואָרפענע אדער פערהערליכטע סעקסועלע ליבע ביים מענש זוכט אזוי אפט אן ערזאץ אדער אן אידעאליזירונג אין דעם ברען פון א רעליגיעזער התלהבות. גאנץ נאטירליך שטעלט זיך דא איצט די פראגע, אויב דער דאזיגער ערזאץ אדער דאס דאזיגע אידעאל איז אונענטבעהרליך, און אויב זייער פלאץ קאנען ניט פער־נעהמען אנדערע אביעקטען, אביעקטען פון א מענשליכער אנשטאט פון א מיסטישער נאטור.

מיר האבען געזאגט, אז די רעליגיעזע בעגייסטערונג דארף

דעם טויט, דאָס אַלעם פערשטעהט זיך שפּילט אַ וויכטיגע, טיילווייז די סאַמע וויכטיגסטע ראָלע אין דער געבורט פון דער רעליגיע, אָבער מען דאַרף ניט אונטערשאַצען די אונגעהייערע ראָלע פון דעם עראָטיש-סעקסועלען פאַקטאָר אין די רעליגיעזע געפיהלען און דאָגמעס, וועל-כער רייסט פון איין זייט צו אַ ברענעדיגער ליידענשאַפט, און פון דער אַנדערער זייט פירט ער צו אַ פער'עקשנ'טער טיראַניי, בעזונדערס אַנטקעגען יענע מענשען וועלכע פיהלען אַנדערש. פערגלייכט צ. ב. דעם פאָלגענדען פּאַעטישען אויסגוס פון געפיהלען:

הערר יעזוס, נימס מיך, הונד, ביים אָהר,
שמייסס מיר דען גנאַדענקנאָכען פאָר
אונד ווירף מיך זינדענלימטעל
אין דיינען גנאַדענהיממעל.

(אויס דער הערנהוטער געזאַנגבוך.)

הגם אין די דאָזיגע צייל געפינט זיך ניט קיין שום סעקסועלער מאָטיוו, פונדעסטבעגען קלינגט די דאָזיגע ווידערליכע זעלבסט-פער-לייקענונג כמעט מאַזאָכיסטיש. יעדענפאַלס קאַן זי אַ מאַזאָכיסט געשלעכטליך אויפרעגען און סוגעסטיוו שטאַרק בעיינפלוסען שוואַכע געמיהטער.

עס איז דעריבער אַ וויכטיגע און שווערע אויפגאַבע מצד דער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג אַנטקעגען דער צוקונפט פון דער מענש-הייט, די געשלעכטליכע פערהעלטניסען צו בעפרייען פון יעדער טיראַ-ניי פון רעליגיעזע דאָגמעס, און זיי ווי ווייט מעגליך צו ברענגען אין אַ האַרמאָנישען איינקלאַנג מיט אַ ריינער מענשליכער עטיק.

איך וויל אַבסאָלוט ניט אַבלייקענען, אַז אַ רעליגיע, זייענדיג געבויט אויף דעם גלויבען אין ענטפּלעקונגען, אויף דער האָפענונג אויף אַן אייביגען לעבען נאָך דעם טויט, אויף „אַ גן-עדן פאַר צדיקים“ און אויף „אַ גהינום פאַר רשעים“, האָט אַ געוואַלדיגע מאַכט אויף דעם מענשליכען געמיהט; דאָס וואָלט דאָך געווען נאַריש. איך גיב צו, אַז

פון ווענען זי חלומ'ט שטענדיג און רעדט מיט דער טיפסטער התלהבות. וואו זי איז געשטאנען און וואו זי איז געגאנגען האט זי גערעדט מיט די צערטליכסטע און געפיהלפולסטע ווערטער פון א הימלישען גע־ליבטען וועלכען זי האט געפינען און וועלכער ווארט אויף איהר אין אן אונשטערבליכער שעהנקייט, כדי זי צוצודריקען צו זיין שיינענדיגער ברוסט און איהר זו געבען די רויז פון אייביגען לעבען א. דגל. שפע־טער, ווען דער בייזער שטאדט־פערטרעטער האט זי צוגעבונדען צו א בראט־אייזען, אונטער וועלכען מען האט פערשפרייט גליהענדיגע קוי־לען אזוי, אז די היץ האט לאנגזאם געבראטען, האט דאס דעם צארטען קערפער דאך וועה געטון און זי האט עטליכע מאל פערשטיקט ארויס־געשריען. און ווען דער ערדישער געליבטער, טהעאפילוס האט זיך דורכ־געשפארט דורך דעם עולם און איז צו איהר צוגעלאפען וועלענדיג דורכ־שניידען די שטריק, און דערביי צו איהר געזאגג מיט א טרויריגען שמייכעל, „עס טוט דיר וועה, דאראטהעא?“, האט זי, פונקט ווי בע־פרייט פון אלע יסורים און פיהלענדיג דעם גרעסטען תענוג, פלוצלינג געענטפערט ״פארוואס זאל עס מיר וועה טון, טהעאפילוס? דאס זענען דאך די רויזען פון מיין הארציג געליבטען חתן, אויף וועלכע איך ליג! זעה, היינט איז מיין חתונה!“ — אין איין ווענס ווייזט דא קעללער די סוגעסטיווע ווירקונג פון דעם עקסטאז (זעה קאפיטעל 18), וועלכע ווי עס איז בעקענט, קאן ביי מארטירער דערגעהן ביז צו דער פולשטענ־דיגער אונעמפינדליכקייט (אנעסטהעזיע).

אויך געיטהע האט געשילדערט דעם עראטיש־רעליגיעזען עקסטאז. לעזט צ. ב. די מיסטיש־עראטישע תפלה פון פערשידענע נזירים צו דער קעניגין פון הימעל, אין דער שלוס־סצענע פון דעם צווייטען טייל פאוסט.

ווי מיר האבען שוין בעמערקט, ווערט דערמיט דורכויס ניט געזאגט, אז די רעליגיע שטאמט אב אויסשליסליך אדער אפילו נאר הויפטזעכטליך פון די סעקסועלע געפיהלען; דאס וואלט געווען אי איינ־זייטיג און אי פאלש. די מורא פאר דעם טויט און די סודות פון לעבען, די געפיהלען פון דער מענשליכער שוואכקייט און די ניט־געוגנקייט פון לעבען, דאס בעדערפעניש נאך טרייסט פאר אלע ביי־טערקייטען פון דער עקזיסטענץ און די האפענונג אויף א לעבען נאך

אין דעם קאנטאן צוריך האב איך אפטמאל געהאט די געלעגנהייט צו בעאבאכטען די אנהענגערס פון דער זונדערבארער אדטאדאקסישער סעקטע פון דעם פאסטאר צעללער, אין מעננעדארף. ער איז ווי א ליכטיגער נביא, וועלכער היילט חולאים לויט דעם שטייגער פון קריסטוס און יאהאן דעם טויפער ארויפלעגענדיג אויף זיי זיינע הענד און זאלבענדיג זיי מיט בוימעל. דער ערפאלג פון דער דאזיגער היילונג הענגט נאטירליך אב פון סוגעסציע, אבער ער בעטראכט די גאנצע זאך ווי א נס מן השמים. ער האט מיר גאנץ נאיוו דערצעלט, אז איינמאל אפילו האט ער אין א צובראכענעם ביין געהערט א מין רייבען און קנאקען, וועלכעס ער האט בעטראכט אלס א וואונדער־היילונג. א מאסע פרויען, מיינסטענס היסטערישע, זענען געווען בעגייסטערט און ענטציקט פאר דעם דאזיגען מאן אויף אזא אופן, אז זייער עקסטאז איז אונבעוואוסט אהן ספק א סך מעהר געווען געווענדעט אויף זיין פערזאן איידער אויף דער הייליקייט פון גאט אדער קריסטוס וועמען ער האט סימבאליזירט. איך האב בעהאנדעלט טייל פאציענטען וועלכע זענען געווען ביי איהם, און וועלכע האבען פערקניפט מיט זיין פערזאן די סאמע זיסטע, אבער אין דערזעלביגער צייט די סאמע פליישליכסטע עראטישע פאנטאזיעס. עס פאלט מיר ניט איין איהם און א סך אנדערע ענליך איבערצייגטע מענער, בעזונדערס גלחים וועלכע זענען ארומגערינגעלט מיט א הייליגען שיין, צו מאכען א פערזענליכען פארוואורף צוליב די דאזיגע פאקטען. איך קאנסטאטיר בלויז, אז ווען דער מענש ווערט בעגייסטערט זוכענדיג דעם ריינעם גייסט און די ריינע הייליגקייט דערמיט פערלייקענענדיג זיין אמת'ע נאטור, שטעהט ער דעמאלט אין דער געפאר אויף אן אונבעוואוסטען אופן אריינצופאלען אין דער רויהסטער ליידענשאפט, און אין דערזעלביגער צייט די דאזיגע ליידענשאפט נאך דערצו צו פערהייליגען.

**די פאעטישע שילדערונג פון דעם רעליגיעזען עראטיזם. —** דער שווייצערישער דיכטער גאטטפריעד קעללער האט אויף זיין געניאלען אופן וואונדערליך שעהן בעשריבען דעם מאטיוו פון דעם רעליגיעזען עראטיזם, בעזונדערס אין זיינע זיבען לעגענדען. לעזט צום בייספיל „דאראטהעא'ס בלומענקערבכען“, וואו דער ערדישער חתן פון דאראטהעא ווערט צום סוף אייפערזיכטיג אויף איהר הימלישען חתן.

שטעהט זיך, אז א סך, טאקע די מיינסטע אמת׳ע רעליגיעזע געפיהלען, שטאמען פון גאנץ אנדערע קוועלען.

ווען די רעליגיעזע געפיהלען ווערען טיפער אויסגעפארשט, הויפטזעכליך אין דער קריסטליכער רעליגיע און בפרט אין דעם קאטאליציזם, געפינען מיר אלעמאל אויף שריט און טריט די דערמאנטע מערקווירדיגע פערבינדונג זייערע מיט דעם עראטיזם. מיר געפינען זי אין דער התלהבות׳דיגער פערערונג פון די הייליגע פרויען (מאריא מאגדאלענא, מאריע פון בעטהאניען א. אז. וו.) פאר יעזוס׳ען, אין די הייליגע לעגענדען, אין דער מיטעלאלטערליכער פערגעטערונג פון דער הייליגער בתולה מאריע, און בעזונדערס אין דער קונסט. מיר דארפען בלויז בעטראכטען די עקסטאטישע מאדאנעס איבעראל אין אונזערע קונסט־גאלערים, וועלכע ווארפען זייער ליידענשאפטליכען בליק אדער אויף קריסטוס׳ען אדער אויף דעם הימעל. בעזונדערס דער אויסדרוק אין מארילא׳ס "די אונבעפלעקטע בעפרוכטונג״ קאן פערטייטשט ווערען אלס דער העכסטער עקסטאז פון ליבע פונקט אזוי גוט ווי אלס א געטליכע שכינה. די „הייליגע״ פון קאררעזשיא בעטראכטען די הייליגע בתולה מיט א פערליבטער ליידענשאפט, וועלכע, אמת, דארף זיין הימליש, אבער וועלכע זעהט אויס דוקא זעהר ערדיש און מענשליך.

ניט ווייניגער ליבידינעז זענען ארויף אויף דער סצענע א סך פארצייטיגע און מאדערנע סעקטען. מיר דערמאנען דא די סעקסועלע עקסצעסען פון די אנאבאפטיסטען אין די פריהערדיגע צייטען און די סעקסועלע עקסטאזען פון די מאדערנע סעקטען אין אמעריקא. אויב מען וועט מיר זאגען, אז די דאזיגע סעקטען זענען פאטהאלאגישע אויסוואוקסען פון דער רעליגיע, ענטפער איך מיט די אנהענגער פון די סעקטען דאס פאלגענדע: „מיר זענען געקומען אויף דער וועלט מחמת אייערע שטאאטס־רעליגיעס זענען פערזונקען אין אינדיפערענטיזם, אין צבו׳אצטווע און אין א פוסטען פארמאליזם, אנבאטענדיג דעם מענשליכען הארץ קיין שום אנדערע זאך א חוץ פוסטע פראגען. מיר דארפען זיך אויפוועקען פון דעם שלאף: מיר דארפען בעגייסטערונג און װארימקייט, בכדי איבערצובייטען דאס אינוועניגסטע לעבען פון דעם מענש און איהם צו בעקערען.״ און דערמיט ווערט גראד מודה געווען אויף דעם סוגעסטיווען פאקטאר אין דער רעליגיע.

אין טאָג־טעגליכען לעבען בעגעגענען מיר איבעראל די סמנים פון אן אויסמישונג פון רעליגיע מיט געשלעכטליכע פאַנטאַזיעס און גע־פיהלען. די רעליגיעזע חתונה־צערעמאָניעס ביי אלע פעלקער זענען א דייטליך איבערקלייבעניש דערפון. ווען מיר זוכען די אורזאך פון א פלוצליכער אדער ביסלעכווייז אָנקומענדיגער רעליגיעזער בעגייסטערונג, שטויסען מיר זיך אָן מיינסטענס אָדער לכל הפחות זעהר אָפט אויף אַן ענטוישטער אָדער אָבגענאַרטער ליבע, אָדער אויף א פעהלען פון ליבע גאָר אינגאַנצען. וועלכע האָט אין דער דאָזיגער בעגייסטע־רונג געפינען איהר בעלוינונג. איך האָב דאָ אין זין די אינווע־ניגסטע אמת׳ע ליידענשאַפטליכע התלהבות, א בעגייסטערונג בעת וועלכער עס הויבט זיך אויף דער גאַנצער איך, די גאַנצע נשמה, און ניט יענע געוואוינהייטס־רעליגיע, אין וועלכער דער דורכשניטליכער נאָרמאַלער מענש דערמאָנט זיך איבערהויפט קנאַפ־וואָס אינ׳ם האַנדעל און וואַנדעל פון טאָג־טעגליכען לעבען, און וועלכע ער נעהמט דאָס העכסטע אביסעל אַראָב פון דער פאָליצע מיט זיינע יום־טוב׳דיגע בגדים כדי צו מאַכען א קאָנווענציאָנעלען שפּאַציר אין דער קירך. די דאָזיגע געוואוינהייטס־רעליגיע איז נאָר א פוסטע פאָרם, וועלכע וועקט לגמרי ניט אויף קיין שום געפיהל ביי איהרע אָנהענגער, און דעריבער רופט זי אויך מעהר ניט ארויס קיין אָבקלאַנג אָדער צוזאַמענהאַנג מיט עראָטישע געפיהלען. אָבער פונדעסטבעגען איז מעגליך, אז ביי אנ־דערע מענשען איז די זאך אנדערש און בעזונדערס איז זי געווען אנ־דערש אין פריהערדיגע צייטען.

עס איז אָהן שום ספק, נאָך מעהר, אַלעס בעווייזט, אז די בעגייס־טערטע און הייסע געפיהלען פון סימפּאַטיע, פון וועלכע אונזער רע־ליגיע איז טיילווייז געבוירען געוואָרען, אז די הייליגע צופלאַמקייט, דער עונג פון איבערגעגעבענקייט, פון ענטציקונג און עקסטאַז, וועלכען זי האָט אַזוי אָפט פערשאַפט איהרע אָנהענגער און פערשאַפט נאָך היינט א טייל פון זיי, ניט קוקענדיג ווען זיי דינען, גאָט, קריסטוס, די הייליגע מאַריע, די קדושים און נביאים, — אז די דאָזיגע סענטימענטען האָבען מיינסטענס זייערע וואָרצלען אין עראָטישע גע־פיהלען אָדער זיי שטעלען מיט זיך פאָר זייער פערענדערונג. אז דאָס אלעס קאָן צושטאַנד קומען אויף אַן אונבעוואוסטען אופן און מיט דער ריינסטער אָבזיכט, איז ווירקליך ניט נויטיג צו בעטאָנען. עס פער־

רעליגיעזן סיסטעם און די מאָראַלישע לעהרען וועגען וועלכע דערויף געבויט און וועלכע פערבלייבען נאָך זיין אָבשטאַרבען. אזוי אַט קומט עס דערצו, אַז געפיהלען, וועלכע זענען זעהר פערשידען ביי פערשידענע אינדיווידועןן, מוזען זיך אונטערגעבען צו דער צוואַנג פון פער׳עקשנ׳ענטע און טיראַנישע דאָגמעס, וועלכע פייניגען הונדערטער, און טיילמאָל אפילו טויזענדער יאָהרען לאַנג מענשען מיט אנדערע געפיהלען.

איבעראַל געפינען מיר אין דער רעליגיע דעם עראָטיזם אידעאַליזירט, און אַ סך מאָל דעם אידעאַליזם אַנגעהויכט מיט עראָטיזם. שיר השירים, דער אורשפּרינגליכער זין פון וועלכען איז וועלטליך, פּונקט ווי דער זין פון די מיינסטע רעליגיעזע זאַכען, האָט מיט דער צייט וויפיל ניט איז געמענגט פערטייטשט ווערען פון די עקזעגעטיקער אלס אַן אַלעגאָריע אויף קריסטוס׳ען און זיין קירך, איז און בלייבט אַן עראָטישע דיכטונג. דרייסט און פריי, ווי אַלעמאָל, האָט היינע דעם דאָזיגען פאַקט פאַראַדירט אין זיין מעהר אָדער ווייניגער פאָרנאָגראַפישען שיר השירים.

עס איז קנאַפּ־וואָס נויטיג נאָך מעהר אָנצואווייזען, אַז דער עראָטיזם פון דעם נאָרמאַלען מענש פירט די שטרענגע און אַסקעטישע מאָראַל פּרעדיגער, וועלכע „ווילען אָבטויטען דעם חומר“, ניט זעלטען צו דער עקעלדיגסטער צבוע׳אַצטווע. טייל גלחים און אַנדערע כלי קודש פּרעדיגען אָפטמאָל דעם אידעאַליסטען אַסקעטיזם. בעת בסוד בעגעהען זיי אַליין די שמוציגסטע סעקסועלע עקסצעסען. די דאָזיגע געפאַר ליגט נאַטירליך זעהר נאָהענט צו אונז. מיר דאַרפען אָבער ניט צו שטרענג משפּט׳ען די דאָזיגע שרייענדיגע אינקאָנסעקווענצען: זיי טרעפען מייסטענס ביז אַ הויכען שטאַפּעל אונבעוואוסט אלס פּעולה פון דעם דרוק פון דער ליידענשאַפט פון איין זייט, און פון דער טיראַניי פון די דאָגמעס און פון דער עפענטליכער מיינונג פון דער אַנדערער זייט. אָפטמאָל זענען דאָס אויך די פּרות פון אַ גייסטיגער אַבנאָרמאַליטעט. דעמאָלט, ווען מען וועט לאָזען די וויסענשאַפט פריי און אָפען בעלייכטען דאָס געשלעכטס־לעבען, וועט די דאָזיגע צבוע׳־אַצטווע אויפהערען ביי גייסטיג געזונדע מענשען, און ביי גייסטיג אַבנאָרמאַלע מענשען וועט מען זי פריה ענטדעקען און מאַכען אונשעדליך.

כאַראַקטער שטריכען: ביי רוססאָ האָבען זיי געשפּילט אַ בעדייטענדע ראָלע אין דעם סעקסועלען געביט.

הגם אַ טייל פון די דאָזיגע פאַלען האָט ניט קיין דירעקטען שייכות מיט דער געשלעכטס־פראַגע, פונדעסטוועגען האָב איך זיי דאָ דערמאָנט, כדי צו ווייזען דעם אופן אויף וועלכען אַזוינע מענשען האָבען אַן איינ־פלוס אויף די מאַסען, און דורך זיי אויף דער געשיכטע. אַזוי גיך ווי די דאָזיגע מענשען טרעטען אַרויס און ווערען אַנגעזעהען, האָבען זייערע סעקסועלע אייגענטימליכקייטען און אַנשווינגען, מעגען זיי זיין ווי אַבסורד, אַ שטאַרקע צוריקווירקונג אויף זייערע מיטמענשען, ווי מיר זעהען דאָס היינט ביי טאָלסטאָי׳ן. פּלוצליכע בעקערונגען, מעגען זיי זיין פון וואָסערער ניט איז נאַטור, בעזונדערס ווען דער בעקערטער פאַלט פון איין עקסטרעם צום אַנדערען, זענען ניט די פּרות פון חכמה, נאָר זיי זענען געבויט אויף סוגעסציעס אָדער אויטאָ־סוגעסציעס ביי מענשען וואָס האָבען אַ היסטערישע דיספּאָזיציע (זעה קאַפּיטעל 9).

נאָך אין אַנדערע פּרטים האָבען די סעקסועלע אַבנאָרמאַליטעטען אַ ווירקונג אויף די האַנדלונגען פון היסטערישע מענשען און אַנדערע פּסיכאָפּאַטען און בעשטימען זייער ריכטונג. די רוימישע קיסרים נעראָ, טיבעריוס און קאַראַקאַללאַ זענען אָהן אַ ספק געוועזען סאַדיסטען און האָ־בען געפּיהלט אַ סעקסועלען תענוג צוזעהענדיג די יסורים ביי זייערע קרבנות. היסטאָרישע ווייבליכע סאַדיסטען זענען געוועזען וואַלעריאַ, מעסאַלינאַ און קאַטהאַרינאַ דע מעדיצי. ווידער אונטער דעם שלייער פון רעליגיע איז קאַטהאַרינאַ דע מעדיצי, ווי עס איז בעקענט, געוואָרען די הויפּט־בעשאַפערין פון דער באַרטהאָלאָמיוס־נאַכט אין פּאַריז און זי האָט זיך געבאָדען אין נחת און אין תאוה ביים אַנבליק פון דער ער־מאָרדונג פון די הוגענאָטען.

פערקערט געפינען מיר דעם מאַזאָכיזם אַלס דעם תמצית פון דעם סעקסועלען דענקען און פיהלען פון געוויסע בערימטע פּערזענליכקייטען, צ. ב. רוססאָ, אָדער פון אַסקעטישע סעקטען און געמיינדעס, ווי די פאַקירען, די פלאַגעלאַנטען אַ. דגל.

די סעקסועלע געפיהלען פון איטליכען נביא און גרינדער פון אַ רעליגיע, אַפטמאָל אפילו בלויז בעת אַ קורצער צייט פון זיין לעבען, בעשטימען דעריבער ניט ווילענדיגערהייט ביז אַ געוויסען שטאַפּעל זיין

האט זי טיף גערירט, און זייענדיג אנגעצונדען מיט דעם בעגער צו העל־פען איהר פאטערלאנד, איז איהר געהירן אוטא־סוגעסטיוו בעפאלען געווארען מיט האלוצינאציעס פון הייליגע שטימען און זעהונגען, וועלכע האבען איהר אנגעוויזען איהר מיסיע און וועלכע זי האט געגלויבט איז דאס בת־קול פון די אמת'ע קדושים אין הימעל. א וואונדערבארע צו־זאמענטרעפונג פון דעם מזל איז געווען דאס, וואס דאס דאזיגע פאט־האלאגישע און אין דערזעלביגער צייט געניאלע מיידעל, ווערענדיג בע־גייסטערט פון האלוציגירטע זעהונגען און זייענדיג אין עקסטאז, האט געראטעוועט פראנקרייך און געפירט צו א זיגרייכער בעפרייזונגס־מלחמה. ווערליג די צופערלעסיגסטע היסטארישע קוועלען איז דאס מאראלישע לעבען פון זשאן ד'ארק געווען אבסאלוט ריין און איהרע ענטפערס ביי דער אינקוויזיציע זענען עדות פאר איהר טיפען שכל און איהרע הויכע עטישע געפיהלען. עס איז קלאר, אז די ליבעס־געפיהלען האבען ביי איהר אנגענומען די פארם פון א רעליגיעזען עקסטאז אדער האבען זיך איבערגעביטען אין א התלהבות פאר איהר אידעאלער מיסיע, ווי דאס טרעפט ניט זעלטען ביי פרויען.

אן אנדערער וואונדערבארער ביישפיל איז טהאמאס בעקעט. די פלוצליכע ענדערונג פון א וועלט־מענש אין אן אסקעטישען פריסטער (אמת, ווי עס שיינט פון ערשטע בליק, צוליב זיין דערהויבונג צום ערץ־בישאף), פון אן אינטימען פריינד און דינער פון דעם קעניג פון ענלאנד אין זיין ביטערסטען געגנער און אין א פערטייטיגער פון דער קירך קעגען דעם שטאאט, שטעלט בעשיינפערלעך מיט זיך פאר די אוטא־סוגעסטיווע ענדערונג פו א היסטערישער פערזענליכקייט, מחמת נאר אויף אזא אופן קאן מען דערקלערען זיינע ווידערשפרוכען.

די רעליגיעזע התלהבות פון דעם מארמאן־נביא סמיטה איז אהן ספק געווען אויסגעמישט מיט א היבשען חלק עראטיזם, און דאס האט געמוזט זיין די אורזאך פארוואס ער האט ארגאניזירט זיין סעקטע אויף פאליגאמישע יסודות.

אויך מאהאמער האט געהאט זעהונגען און די געשלעכטליכע פער־העלטניסען האבען געשפילט א וויכטיגע ראלע אין זיינע לעהרען און אין זיין נביאות. דער אפאסטאל פאול האט אויך געזעהען גייסטער, און פאסקאל, רוססא, נאפאלעאן האבען געהאט שטארק פאטהאלאגישע

ארוים. א חוץ דעם פערשלייערט ער זיין תורה אין א שעהנער און פּאָעטישער מליצה און אויף דעם דאָזיגען אופן קומט איהם לייכט אָן צו געווינען פּאָר תלמידים און אָנהענגער ניט בלויז עטליכע מינדער־ווערטיגע, שמאָל־קעפּיגע און אונוויסענדע מענשליכע „נאָרמאַלע שאָף“, נאָר אויך געבילדעטע מענשען און אפילו א טייל פון די ווייטע קרייזען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. אין אַזוינע פּאַלען קאָן זיך די פּאַטהאָלאָגישע בעגייסטערונג פערקניפּען מיט הויכע מאָראַלישע אָדער אינטעלעקטועלע אידעאַלען, וועלכע קאָנען לייכט פערבאָרגען די קראַנקע פאַנטאַזיעס און קאַפּריזען פון דעם נביא; און דאָ שטעהען מיר פאַר דעם וואונדערבאַרען אָבער אונבעשטרייטבאַרען אמת, אז געוויסע גרויסע היסטאָרישע פּערזענליכקייטען, וועלכע האָבען געהאַט אויף דער מענשהייט א געוואַלדיגען איינפלוס, זענען געווען דורך און דורך פּאַט־האָלאָגישע נאַטורען. אמאָל מעהר און אמאָל ווייניגער ענטדעקען מיר ביי זיי עראָטיש־רעליגיעזע שטריכען אין די סאַמע עיקר־פּעדים פון זייערע לעהרען.

די דאָזיגע זעהר וויכטיגע קאַטעגאָריע מענשען שטעלען מיט זיך פאָר א סעריע פון איבערגענג צווישען די פריהער דערמאָנטע איינגאַנ־צען גייסטיג קראַנקע נביאים און מענשען מיט גאונות, וועלכע געפינען זיך אין א גייסטיג גוט גלייכגעוויכט. עס עקזיסטירט א גאַנצע רייה פון שטאַפּלען צווישען דער גייסטיגער אַבנאָרמאַליטעט און גאונות, וועלכע האט געפּירט און וועט נאָך פירען צו כל'ערליי פערדרעהטע און פערוויקעלטע פּלפּולים. אָבער דער פאַקט, אז א סך גאונים האָבען פּאַט־האָלאָגישע נאַטורען, גיט אונז יעדענפאַלס ניט דאָס רעכט אין איילעניש אויפצושטעלען כללים און צו בעטראַכטען איטליכע געניאַלע און אָרי־גינעלע פּערזענליכקייט פאַר גייסטיג אַבנאָרמאַל אַזוי גיך ווי זיי טרעטען ארויס אַנטקעגען דער רוטין און די פאָרורטיילען פון די נעראָנקענלאַזע מענשען מיט וועלכע זיי לעבען אין איין צייט, און ווען זיי עפענען נייע גייסטיגע וועגען אָדער וויכען אָב פון דעם אויסגע־טראָטענעם וועג. מיר וועלען דאָ געבען עטליכע משלים.

זשאַן ד'אַרק (די יונגפרוי פון אָרלעאַן) איז געווען וועדליג מיין איבערצייגונג א היסטערישער געניוס, וועמעס האַלוצינאַציעס זענען געווען פון אַן אוטאָ־סוגעסטיווער נאַטור. דער נויטפאַל פון פראַנקרייך

ביי קלוגערע, מעהר קולטורעלע פעלקער ווערט דער נביא גע־וועגליך גאנץ פריה פערשיקט אין א משוגעים־הויז, צו דעם גרויסען וועהטאג פון זיינע תלמידים, וועלכע בעשטעהען אפטמאל פון זיין פרוי און עטליכע טפשים. א דאנק דער ביליגקייט פון דרוקען טרעפט היינט־צוטאג זעהר אפט, אז אזוינע צומישטע נביאים פערעפענטליכען זייערע נייע רעליגיעזע סיסטעמען (אין ערגסטען פאל זענען זיי אליין די פערלעגערס). איך פערמאג א רייה פון אזוינע ווערק, וועלכע די מחברים גופא האבען מיר צוגעשיקט — אודאי האבענדיג א חשד, אז מען וועט זיי האלטען פאר משוגעים. ווערליג זייער פאנטאזיע, וועלכער איז געבויט אויף משוגעת, האט מיינסטענס גאט אליין פאר זיי ענטפלעקט דעם נייעם גלויבען, און האט זיי אויסגעוועהלט פאר די נביאים. זייערע סיסטעמען זענען געוועגליך פערבונדען מיט ער־אטישע פאנטאזיעס; צ. ב. איין משוגע׳נער בעשרייבט זיינע פאטהאָ־לאגיש סעקסועלע געפיהלען אלס „פסיכא־סעקסועלער קאנטאקט דורך א האנדלונג פון דער ווייטענס. ביי א צווייטען ווידער הייסט גאט י. הא. הו., וועלכער פירט די פלאנעטען, טייל פון וועלכע זענען מענ־ליכע און טייל ווייבליכע, א. אז. וו. דאס זענען ערשיינונגען מיט וועל־כע מיר בעגעגענען זיך היינט־צוטאג אויף שריט און טריט אין דער פסיכיאטריע, און וועלכע גיבען אונז דעם שליסעל צו דעם פאלגענ־דען:

די היסטארישע ראלע פון גייסטיגע אבנארמאליטעטען, וועלכע זענען ניט זעהר קענטיג, און וועלכע גרעניצען זיך מיט גאונות, זייער איינפלוס אויף דעם רעליגיעזען עראטיזם. — אויב עס האנדעלט זיך ניט מכח אן אייגענטליכער משוגעת אדער מכח א מענש וועלכער לייודט פון עפעס א שווערער גייסטיגער קראנקהייט, נאר מכח א קאנסטוטיציאנעלען, בירושה געווארענעם פסיכאפאט, וועלכער אבער איז נאר „האלב משוגע“ אדער בלויז היסטעריש, און וועלכער איז טראצדעם בעשאנקען מיט א גייסטיגער קראפט, דעמאלט נעהמט א, די גאנצע זאך, הגם איהר יסוד איז דער זעלביגער, א בעצם אנדערע ריכטונג. דער „נביא“ פערבינדט אין אזא פאל זיין התלהבות מיט א לאגיק, וועלכע איז אפטמאל שארף אויסגעהאלטען אין איהרע פרטים, ביי וועלכע עס איז נאר קראנק דער יסוד פון וואנען זי געהט

אדער זייער משוגעת האט זיי גופא אזוי שטארק אונטער זיין מאכט, אז זיי ווערען נביא׳יש־פאנאטיש, אז זיי דינען צו דעם צוועק פון זייערע קראנקע פארשטעלונגען מיט א געוואלדיגען ברען און אויסדויערקראפט, און א דאנק דער זיכערקייט, א דאנק דעם געפיהל פון אונפעהלבארקייט, און א דאנק דער פייערדיגער איבערצייגונג, וועלכע שטראמט ארויס פון זייער נביא׳ישער אויפפירונג, פערבלענדען זיי די שוואכע מוחות אין די קעפ פון די ארומיגע מענשען און בעצווינגען זיי דורך זייערע סוגעסטיווע ווירקונגען. געוועהנליך איז מיט זייער משוגעת פערבונדען אפטמאל א זעהר נידעריגער עראטיזם. ער איז אבער פערשלייערט מיט א רעליגיעזען עקסטאז, וועלכער האט א מאכט איבער מענשען וועלכע זענען געניינט לייכט ארייננצופאלען אין התפעלות און זיי קאנען נים זעהען דאס נידעריגע הינטער דעם דאזיגען שלייער. אזוינע קראנקע איבערצייגען די ארומיגע דערפאר, מחמת זיי גופא זענען אזוי איבערצייגט. ווי עס איז בעקאנט ווערט דער נארמאלער מענש א סך ווייניגער געפירט פון שכל איידער פון געפיהלען, און די מענשען, וועלכע מיר האבען נאר וואס געשילדערט האבען א געוואלדיגע וויר־קונג אויף דעם געפיהל, און דאס מיינסטענס דורך זייער בליק, זייער טאן, זייער גאנצען אויפטריט, איידער דורך זייער אפטמאל דורך און דורך פערפלאנטערטען אינהאלט פון זייערע רעדעס און פון זייערע לעהרען.

אויף דעם דאזיגען אופן הערען מיר שטענדיג ווי איינצעלנע מענשען ווערען פערבלענדט און פערפירט פון אזוינע גייסטיג־קראנקע נביאים, משיחים, הייליגע בתולות און אנדערע קדושים. אונטער זייער איינפלוס ווערען אפילו ארויסגערופען גייסטיגע קראנקהייטען וועלכע מען האט גערופען עפידעמישע משוגעת (א דאפעלטע, דרייפאכיגע און פיערפאכיגע). טאמער זענען די האנדלונגען און די רייד פון אזא מין „נביא“ אביסעל אויסגעהאלטען און לאגיש, אדער טאמער איז די סביבה אינגאנצען עמרציש און אבערגלויביש, דעמאלט פערגרעסערט זיך באלד די סטאדע גלויביגער און אזוי ארום געפינען מיר נאך היינט אפילו, בעזונדערס אין ווייניגער ציוויליזירטע לענדער, נייע פאריבערגעהענ־דיגע סעקטען און רעליגייעזע געמיינדעס. זייערע שמחות ענדיגען זיך נים זעלטען מיט סעקסועלע ארגיעס, וועלכע ווערען ארויסגערופען דורך דעם גייסט פון זייער נביא.

גיבען אונז א זעהר קלארען וואונק מכח דעם שייכות צווישען דעם עראטיזם און דער רעליגיעזער התלהבות. די פראנצויזישע פסיכי־אטרען האבען זיי אפילו אנגערופען מיט דעם נאמען „רעליגיעזע משוגעת". ווי מיר האבען שוין געזאגט, דארף מען אפטמאל בלויז איינמאל דורכגעהען דורך דער ווייבליכער אבטיילונג פון א משוגעים־הויז, כדי פון איהר צו האבען איבערגענוג.

א סך וועניגער אויפמערקזאמקייט האט מען געשענקט דעם היס־טאריש געוואלדיג וויכטיגען פאקט, וואס געוויסע פסיכאפאטישע פערזענליכקייטען, בעזונדערס היסטעריקער, אבער אויך געבוירענע משוגעים, האבען אין אלע צייטען געהאט אן אונגעהייערען איינפלוס אויף דער מענשליכער געשיכטע, געוועגליך דורך סוגעסטיווע ווירקונגען פון סעקסועלע און רעליגיעזע פאנטאזיעס, דער צוזאמענהאנג פון וועל־כע איז נים תמיד געווען קלאר. נאך אפילו אין יאהר 1906 האט אין קעשקעמעט, אונגארן, א רעליגיעז משוגע'נער און סעקסועל אבנאר־מאלער מאן, א פשוט'ער ארבייטער, געהאט א שפאגעל נייע „ענט־פלעקונג": א גרויסע צאל פרויען זענען געקומען אין זיין הויז צו זעהען דעם מופת. די גאנצע עדה ווייבער האט זיך געמוזט אויסטון נאקעט, און זייערע קליידער פערברענען אין אן אויוען וועלכער איז געשטאנען אין מיטען שטוב. מיט א רעליגיעזען עקסטאז האט מען שפעטער גע־קוקט אין דעם רויך, אין וועלכען עס האט זיך בעוויזען — דורך האַ־לוצינאציעס — דער היילינער גייסט מיט דער היילינער מאריע בעגלייט פון א כאר מלאכים. די מיידלאך האבען זיך דערנאך געהאלטען פאר קריסטוס' כלות און זיי האבען געזאגט, אז זיי שוואנגערען פון איהם. ענדליך ווען די גאנצע זאך איז ענטדעקט געווארען, האט מען ביי ארום צען פון זיי געפינען גייסטיגע קראנקהייטען. די דאזיגע גאנצע פאסירונג מוז מען גוט פערשטעהען.

איטליכער פסיכיאטער קען די, וועמעס קראנקע געדאנקען זענען פערבונדען מיט א רעליגיעזער אדער עפעס א געהיימניספולער בעגייס־טערונג, און גראד דוקא דערפאר, ד. ה. דורך זייערע פערבארגענע משוגע'נע אידעען, האבען זיי געהאט און האבען נאך איצט א טיפען איינפלוס אויף דער ארומיגער מאסע נארמאלע מענשען — אויף די מענשליכע נארמאלע שאף (מען זאל מיר מוחל זיין פאר דעם אויס־דרוק). דער פאטהאלאגישער איינפלוס פון זייערע אוטא־סוגעסציעס

פון דעם געדאנק, וואס עס איז געווארען פון דעם טייל וואס מען האט אבגעשניטען ביי יעזוס׳ מל־זיין״.

„צוליב איהר טיפער איבערגעבענקייט צום געטליכען לעמעלע, האט וועראניקא זשוליאני, ייעלכע איז פערהייליגט געווארען פון פאפסט פיוס דעם צווייטען, גענומען צו זיך אין בעט א לעמעלע פון דער ערד: זי האט עס געקושט, האט עס געלאזט זויגען איהרע בריסט און האט אויך נעגעבען עטליכע טראפען מילך פון זיך.״

„די הייליגע קאטהארינא פון גענוא האט אפטמאל געליטען פון אזא אינווענינגסטער היץ, אז, כדי זיך אבצוקיהלען, האט זי זיך געלעגט אויף דער ערד און געשריען: ליבע, ליבע, מעהר קאן איך ניט טון !״ דערביי האט זי געפיהלט א בעזונדערע צוציהונג צו איהר בייכטפאטער. איינמאל האט זי מיט זיין האנד בערירט איהר נאז און דערביי דער־פיהלט א ריח וועלכער איז דורכגעדרונגען איהר הארץ, „א הימלישער ריח, וועלכער האט געקאנט מיט זיין זיסקייט אויפוועקען די טויטע.״

„פון אן ענליכער תאוה האבען געליטען די הייליגע ארמעללע און די הייליגע עליזאבעטה צום יעזוס־קינד. עס זענען אויך בעקענט די האנדלונגען פון דעם הייליגען אנטאניוס פון פאדוא. כאראקטעריס־טיש איז אן אלטע תפלה: „א, גליקליך בין איך וואס איך האב דיך געפונען, ליבליכער עמאנועל, א, וואלט איך דיך געהאט אין מיין בעט, דערקוויקט וואלט זיך מיין לייב און נשמה. קום, קום ווילינ אריין צו מיר: מיין הארץ זאל זיין דיין חדר !״

**די ראלע פון משוגעת אין דעם רעליגיעזען עראטיזם.** — איך וויל דא קודם כל אנווייזען אויף דעם, וואס מכח דעם ענין איז שוין געזאגט געווארען אין קאפיטעל 8. ביי משוגעים, דאס רוב בעזונדערס ביי פרויען, אבער אויך ביי מענער וועלכע ליידען פון פאראנאיא (א גייסטיגע קראנקהייט), געפינען מיר אפטמאל אן עקעלדיגע קאמ־בינאציע פון עראטיזם און רעליגיעזע פאנטאזיעס. דאס איז די אייביגע פער׳קנס׳ונג מיט קריסטוס׳ן, מיט דער הייליגער מאריע, מיט גאט אדער מיט דעם הייליגען גייסט, וועלכע איז פערבונדען מיט דעם סעק־סועלען ארגאזם, מיט דעם איינגעבילדעטען געשלעכטס־פערקער און מיט דעם ווירקליכען אנאניזם, נאך וועלכע עס קומען האלוצינירטע שוואנגערשאפטען און געבורטען. די דאזיגע קרענקליכע פאנטאזיעס

לעבוויז געווינען דעם זיגעל און די מאַכט פון רעליגיעזע דינים; בעת געוויסע אַנדערע מנהגים זענען געבויט אויף דעם יסוד פון גוטע היגיענישע כּללים.

אָבער אין דעם געביט פון דער סעקסועלער פּאַטהאָלאָגיע בעווייזט זיך אפשר דאָס שייכות צווישע רעליגיע און געשלעכטס־לעבען אַמשאַרפסטען (זעה קאַפּיטעל 8). מיר דאַרפען ניט פערגעסען, אַז דער פאַקט פון פּאַרטפלאַנצונג איז אין די אויגען פון אונוויסענדע, און בפרט פון באַרבאַרישע פעלקער, איינער פון די טיפסטע סודות. די דיזיגע פעלקער האָבען ניט קיין בעגריף פון די זאַמען־צעלען און זייער קאַניונאַציע (פעריייניגונג), און אין דעם שוואַנגער־ווערען, געבורט, א. אז. וו. זעהען זיי די וואונדער פון א פערבאָרגענער העכערער מאַכט — פון א גאָט; און טיילמאָל אויך פון טייפעל. די שטאַרקע אויפרעגונג פון די געפיהלען, וועלכע שטראָמט צוזאַמען מיט דעם געשלעכטס־טריב און מיט דער ליבע, טרייבט דעם מענש סיי ווי צו אַן עקסטאַז; דעריבער איז זיך ניט דאָ וואָס צו חדוש'ן ווען דער עראָטיזם איז שטענדיג צונויפגעוועבט מיט געפיהלען פון א רעליגיעזען עקסטאַז.

אין זיין בוך „פּסיכאָפּאַטהיאַ סעקסואַלים" האָט קראַפט־עבינג מיט רעכט אַנגעוויזען אויף דעם דאָזיגען פאַקט. אין די טונקעלע און אונבעשטימטע געפיהלען פון דער וואַקסענדיגער יוגענד מישט זיך לייכט אוים רעליגיע, פּאָעזיע און עראָטיזם. אין דעם לעבען פון די הייליגע געפינען מיר אייביג סעקסועלע נסיונות, ביי וועלכע די העכסטע און אידעאַלסטע געפיהלען מישען זיך אוים מיט די ווידערליכסטע מאוס'סטע עראָטישע פאַנטאַזיעס. אויף דיזעלביגע יסודות האָבען זיך ענטוויקעלט די סעקסועלע אָרגיעס בעת די רעליגיעזע ימים־טובים אין דער אַלטער וועלט, אַזוי גוט ווי ביי געוויסע פאַנאַטישע סעקטעס פון דער נייער צייט. דער מיסטיציזם, דער רעליגיעזער עקסטאַז און די סעקסועלע תאוה פערבינדען זיך אָפטמאָל אין אַן אמת'ער דריי־ייניגקייט, און ניט זעלטען זעהט מען ווי די ניט בעפרידיגטע ליידענ־שאַפט זוכט און געפינט א בעפרידיגונג אין א רעליגיעזער התלהבות. קראַפט־עבינג דערמאָנט די פאָלגענדע ביישפּילען פון פרידריכ'ס „געריכטליכע פּסיכאָלאָגיע" (זייט 389):

„אַט אַזוי איז די גאַנצע בלאַנבעקין בסדר געמאַטערט געוואָרען

ציע פון דעם געשלעכטס-לעבען מיט רעליגיעזע דינים איז א געמיש פון א נארישער צניעות מיט אן אונטערדריקטען עראטיזם. אין געוויסע קאטאלישע ערציהונגס-קלויסטערס (צ. ב. די קלויסטערס פאר נא־נעס אין גאליציען) ערלויבען ניט די נאנעס זייערע שילערינס זיך צו וואשען זייערע געשלעכטס-טיילען, מחמת דאס איז ניט אנשטענדיג! אין דייטש-עסטרייך פערדעקען מיינסטענס די נאנעס דעם קרוציפיקס אין זייער שלאפצימער מיט א טיכעל, „כדי קריסטוס זאל חלילה ניט דערזעהען זייער נאקעטקייט!" אבער גראד די קלויסטערס זענען אין מיטעלאלטער געווען אפטמאל באַרדעלען: און אין זיי ווערט גאר ניט אזוי זעלטען, כלומרשט מיט דעם תרוץ פון א רעליגיעזער התלהבות, פון צבוע'אקעס און היסטעריש-עראטישע מענער און פרויען, געפייערט די ערגסטע, אפטמאל פערווערזע סעקסועלע ארגיעס. דער פועל יוצא פון א געצוואונגענעם אסקעטיזם איז די אויסגעלאסענקייט, פונקט ווי פון יעדער „זינד קעגען דער נאטור".

האטענטאטען און יעוונוכען. — ביי די האטענטאטען ווערען די קליינע שאמליפען ביי די פרויען קינסטליך פערלענגערט: און אויף דעם אריענט זענען פערשפרייט די יעוונוכען. אויף די דאזיגע אפעראציעס, וועלכע פאר זיך האבען זיכער גאר ניט צו טון מיט דער רעליגיע און זענען אורשפרינגליך געווען פשוט'ע און ואכעדיגע מנהגים, זענען שפעטער געווארען רעליגיעזע דינים און האבען זיך דעריבער ערשט דעמאלט טיף איינגעווארצעלט אין די מנהגים פון דעם פאלק.

רעליגיעזער עראטיזם. — די ביישפילען וועלכע מיר האבען דא געבראכט (זעה אויף קאפיטעל 6) זענען גענוג כדי צו ווייזען, ווי דער מענש איז גענייגט אנצוטון א רעליגיעזען שלייער אפילו זיין עראטיזם, ווי ער שרייבט איהם צו א געטליכען אורשפרונג, געטליכע געבאטען און דערקלערט איהם אלס הייליגקייט. אט אזוי ארום דרינגט ארייך אויף אן אינדירעקטען אופן און די נאטירליכע פערהעלטניסען פון דעם געשלעכטס-לעבען דער אוננאטירליכער איינפלוס פון א מיסטיציזם וועלכער איז קיין שום אנדערע זאך ווי דער קריסטאליזירטער פראדוקט פון די מענשליכע פאנטאסטישע בילדער, וועלכע ער האט אויפגעהויבען צום שטאפעל פון רעליגיעזע דאגמעס. וועדליג מען זעהט, זענען עס טיילמאל גראד די ערגסטע אויסגעלאסענקייטען, וועלכע האבען ביס־

די דאזיגע ווערטער שרייבט א מאן, וועלכער האט אליין צענדליגער יאהרען געמוזט זיין א בייכטפאטער, און ער האט געזעהן, ביז וואסערען שטאפעל דאס געהיימע מתודה־זיין־זיך פלעגט סעקסועל קארופטירען סיי די פרויען און סיי די גלחים. עס פערשטעהט זיך, אז גלחים און פרויען, וועלכע האבען געהאט א שטארקען כאראקטער, און בעזונדערס ווען זיי זענען געווען סעקסועל קיהלע נאטורען, זענען געווען בכח בייצוקומען די דאזיגע געשלעכטליכע אויפרעגונג. אבער דאס מתודה זיין זיך האט דאך גראד אמוועניגסטען צו טון מיט אט די דאזיגע מענשען!

איך האב ערהאלטען שארפע פראטעסטען פון די קאטאלישע קרייזען קעגען די אויביגע בעהויפטונגען. מען פריפט פערשטעהט זיך שעניקוי'ן אוועקשטעלען אין א פאלש ליכט און צו זייגע ווערטער ארויסרופען א ספק. דאס קאן אבער ניט אזוי לייכט געלונגען, מחמת די פאקטען רעדען צו הויך און זיין כאראקטער איז געווען צו גרויס. פונדעסטוועגען בין איך צופרידען צו גלויבען, אז אין ציוויליזירטע לענדער — און ניט אין דעם קאנאדא פון יענער צייט — ווערען די דאזיגע זאכען מילדער בעהאנדעלט אוז, אז לפנים־וועגען פערלאזט מען זיך אויף דעם גלח'ס טאקט און קלוגשאפט וואסערע פראגען צו שטעלען, אזוי, אז אויף דעם אופן איז ער ניט געצוואונגען א יונג מיידעל אויסצופרעגען וועגען אויסגעלאסענע זאכען. יעדענפאלס האט ער אבער א רעכט דערצו. צוליב די אויביגע פראטעסטען האב איך כלומרשט אהן אבזיכט און בדרך אגב, מכח דעם דאזיגען ענין געפרעגט א זעהר ערליך, טריי, אנשטענדיג און עלטער מיידעל, וועלכע איך קען שוין פאר א לענגערער צייט אלס שטרענג קאטאליש. ניט לאנג טראכטענדיג האט זי מיר געזאגט, אז ביים מתודה־זיין־זיך פרעגט אויס דער גלח זעהר א סך אוז, אז ער בעגנוגנט זיך אבסאלוט ניט מיט דעם, וואס מען איז זיך ספאנטאן אליין מתודה. אויף מיין פראגע אויב ער פרעגט פיל וועגען סעקסועלע זאכען, האט זי געענטפערט: „הויפטזעכליך". איך האב זי מעהר ניט געפרעגט. די דאזיגע פולשטענדיג פערטרויענסווערטע און אבסאלוט ניט בעיינפלוסטע דערקלערונג זאגט אלצדינג אויס.

רעליגיעזע צניעות. — די פעולה פון דער דאזיגער קאמבינא־

אז א פארפאלק האט בלויז צוויי ברירות: אדער זיך פולשטענדיג צוריק־צוהאלטען פון געשלעכטס־פעלקער (אויבביידע זענען דערצו מסכים) אדער כסדר צו בעשאפען קינדער, אויב די פרוי איז זעהר פרוכטבאר. די פרוי טאר זיך קיינמאל ניט אבזאגען פון א געשלעכטס־פערקער מיט איהר מאן, און דער מאן טאר זיך אויך ניט אבזאגען צו פער־קערען מיט זיין פרוי, כל זמן ער איז נאר פעהיג דערצו. מען קאן לייכט זעהען, וואסערע געוואלדיגע ווירקונגען די דאזיגע פארשריפטען מוזען האבען אויף דעם פערהייראטען לעבען פון די קאטאליקען און אויף דער צאל און קוואליטעט פון זייערע קינדער.

דאס מתודה זיין זיך—דאס מתודה זיין זיך פערדינט דא אונזער בעזונדערע אויפמערקזאמקייט. דער בערימטער רעפארמער פון קאנא־דא, שעניקווי, וועלכער האט א סך יאהרען אין דעם דארטיגען קא־טאלישען קלעריקאליזם געשפילט אן אנגעזעהענע ראלע און איז געקומען אין בעריהרונג מיט די פראמינענטסטע מענשען, אבער וועלכער איז שפעטער אריבער צום פראטעסטאנטיזם, דערמאנט אין זיין בוך „פופציג יאהרען איי דער רוימישער קירך“, אויף זייט 151, די פונק־טען ביי וועלכע דער גלח דארף זיך האלטען בעת ער פרעגט אויס די בעלי־תשובות פון ביידע געשלעכטער. שעניקווי׳ן קאן מען ניט חושד זיין אין ניט־באהאווענטקייט. ער האט די קאטאלישע קירך ניט פער־לאזען מיט א לייכט הארץ: ערשט נאך א לאנגען און ביטערען קאמף מיט זיין געוויסען, נאך טיפע פערצווייפלונגען אין א משך פון א סך יאהרען האט ער פערלאזען דעם קאטהאליציזם. דאס קאפיטעל מיט די דערמאנטע פונקטען הויבט ער אן מיט די פאלגענדע ווערטער:

„זאלען די געזעצגעבערס, די פאטערס און די מענער פון פרויען לעזען דאס דאזיגע קאפיטעל און שפעטער זיך אליין פרעגען, אויב דער דרך ארץ, וועלכען זיי זענען שולדיג צו זייערע מוטערס, צו זייערע פרוי־ען און צו זייערע טעכטער לעגט אויף זיי ניט ארויף א חוב, זיי צו פערביטען דאס געהיימע מתודה־זיין־זיך פאר דעם גלח. ווי קאן גאר א מיידעל בלייבען ריין אין הארץ און אין גייסט נאך אזא געשפרעך צווישען פיער אויגען מיט א ניט פערהייראטען מאן ? ווערט זי דען ניט גיכער צוגעגרייט פאר דעם תהום פון אויסגעלאסענקייט איידער פאר דעם פערהייראטען לעבען?“

מל זיין ביי די אידען האט תחלת פונקט אזוי ווייניג געהאט צו טון מיט דעם רעליגיעזען גלויבען; די מילה איז געווען א ריין היגיענישער מנהג. פונדעסטוועגען האט די מילה אין דער אידישער רעליגיע שפעטער געשפילט פונקט אזא וויכטיגע ראלע ווי דאס שמד'ען אין דער קריסטליכער רעליגיע, און די וויכטיגקייט איז פערבליבען עד היום הזה. פאר דעם אידישען פאלק האט זי די מעלה וואס זי פערהיט ביז ניט קיין קליינעם גראד קעגען ווענערישע אנשטעקונגען, און טיילווייז אויך קעגען אנאניזם.

קאטאליציזם. — מיר האבען שוין גערעדט מכח דער בחור'שאפט פון די קאטאלישע גלחים און מכח איהר אורשפרונג. אבער אין דער קאטאלישער רעליגיע געפינען מיר א גאנצע רייה פון פארשריפטען און כללים — וועלכע זענען ערשט שפעטער געווארען רעליגיעזע דאגמעס — מכח דעם געשלעכטס-פערקער בכלל און מכח דער חתונה בפרט, און די דאזיגע פארשריפטען, מחמת זיי בעשטימען ביז א הוייכען שטאפעל די געדאנקען און די מדות אין די גרעניצען פון דעם געשלעכטס-לעבען, האבען אויך א בעדייטענדען איינפלוס אויף דעם ס א צ י א ל ע ן ל ע ב ע ן.

דער אבסאלוטער פערבאט זיך צו גט'ען (וואס גאט האט צוזאמענגעפארט, טאר דער מענש ניט צושיידען) פערזינדיגט פאר אייביג די אונגליקליכסטע חתונות, און די פעולה איז כל'ערליי קערפערליכע שיידונגען, צוריסענקייט פון דער פארפעלקער און געשלעכטליכע פערבינדונגען אויסער דער הייראט. די קאטאלישע קירך שרייבט פאר, בעזונדערעס דורך ליגוארי, אלע מעגליכע איינצעלקייטען בנוגע צום געשלעכטס-פערקער אין דער הייראט. עס איז צ. ב. א זינד ווען די פרוי לעגט זיך אויף דעם מאן און ניט פערקערט. עס ווערען געגעבען די נויטיגסטע כללים און פארשריפטען מכח דער פאזיציע און דעם בענעמען-זיך ביים געשלעכטס-פערקער, וועדליג וועלכע דער פרוי קומט אויס צו שפילען א ניט פאסיגע און ניט ווירדיגע ראלע, בעת דעם מאן ווערט געגעבען די גרעסטע פרייהייט. ווייטער איז א שטרענג קאטאלישער דין צו האבען כסדר קינדער כל זמן מען קאן נאר שוואנגערען, מחמת אלע פערהיטונגס-מיטלען קעגען שוואנגערשאפט בעת דעם געשלעכטס-פערקער זענען שטרענג פערבאטען, אזוי

ווירקען זיי שפּעטער געוואַלדיג צוריק אויף דעם געשלעכטס־לעבען. און אויף דעם אופן, ווי אַזוי דאָס גאַנצע געשלעכטס־לעבען ווערט בעגריפען. כשוף און כשוף־מאַכעריי זענען דערמיט ענג פערבונדען. „דער גאַנצער כשוף קומט פון דער תאוה", האָט אַן אַלטער אינדיאַנער געזאָגט צו דעם עטהנאָגראַף מאַרטיוס. מיר וועלען דאָ געבען עטליכע קלאָרע ביישפּילען.

ביי מכשפים און ביי דער כשוף־מאַכעריי שפּילען סעקסועלע עקס־צעסען און פּערווערזיעס אַן עיקר־ראָלע. מיר האָבען געזעהן אין קאַפּי־טעל 6, אַז די פּאָליגאַמיע פאַלט מייגסטענס צוזאַמען מיט דעם אייגענ־טום און מיט דער קויף־הייראַט און, אַז זי האָט אין זיי איהרע היסטאָרי־שע וואָרצלען. אָבער דערפאַר, וואָס צום ביישפּיל ביי די מאַהאָמעדאַנער און ביי די מאָרמאָנען איז זי געוואָרען אַ טייל פון די רעליגיעזע דאָג־מעס, האָט די גאַנצע סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע פון יענע פעלקער אָדער רעליגיעזע סעקטען, און זייער גאַנצער געדאַנקענגאַנג, בעקומען אַן אייגענאַרטיגען כאַראַקטער. פּאַקטיש זענען מיר פּונקט אַזוי פּאָליגאַמיש ווי זיי, אָבער מיר האָבען אַ מאָנאָגאַמישע בעת זיי האָבען אַ פּאָליגאַמי־שע סעקסועלע מאָראַל, און מיר ביידע פעררופען זיך אויף די בעזונדערע „געטליכע געבאָטען". זונדערבאַרע רעליגיעזע בעגריפען פון געוויסע הינדוער (בודהיסטען) האָבען געפירט צום געבאָט, אַז ווען דער מאַן שטאַרבט מוז די פרוי מיטגעהען אין זיין קבר, וואָס דאָס פערשטעהט זיך שניידט זיך טיף אַריין אין דעם געשלעכטס־לעבען. ביי אַ סך ווילדע פעלקער לעבט אַ מנהג, לויט וועלכען די פרוי קריגט ירושה, וועלכעס הויבט זי אויף צו אַ העכערען סאָציאַלען שטאַפּעל. אויף דעם דאָזיגען מנהג האָט מען אויך אַרויפגעצויגען אַ רעליגיעזען שלייער, בעת אורשפּרינגליך שטאַמט ער פּשוט פון דעם נאַטירליכען געדאַנק, וואָס די מוטער איז אַ סך נעהענטער פערבונדען מיט די קינדער איי־דער דער פאָטער. אַן ענליכען מנהג האָבען מיר געפינען ביי די פּאָ־ליגאַמישע גואַזשירען (אינדיאַנער) פון קאָלאָמביע.

די פּליכט פון דעם מאַן חתונה צו האָבען מיט זיין ברודער'ס אלמנה, איז אורשפּרינגליך אויך געווען ניט מעהר ווי אַ וואַכענדיגע פאָדערונג בכדי צו רעגולירען די חתונה, וועלכע איז אין משך פון דער צייט אויפגעהויבען געוואָרען צו אַ רעליגיעזער דאָגמע. דער מנהג פון

# קאפיטעל XII.

## רעליגיע און געשלעכטס־לעבען.

ראשית כל לאז איך ווייסען, אז אונטער רעליגיע פערשטעה איך דא סיי דאס אזוי־גערופענע רעליגיעזע געפיהל און סיי די קירכליכע דאגמעס. לערנענדיג דרש האט מען היינט־צוטאג די טענדענץ צו לעגען דעם הויפט־טראפען אויף דעם רעליגיעזען געפיהל, עס צו דעפינירען אלס א געפעלדיגע קאמפליקאציע פון דער עמפינדונג איידער געדאנק און געפיהל צושיידען זיך, אלס אן אינטואיטיווע אויפפאסונג פון דעם אוניווערזום, וועלכע נעהמט ארום די נשמה מיט א טיפען עקסטאז און אין וועלכער עס טאנט אויף דער איך. דעם דאזיגען אינדיווידועלען געפעל פון דעם געפיהל קאן מען אנווענדען צו אלצדינג, אבער קיין ממשות׳דיגע זאך קאן מען דערמיט ניט אנהויבען.

די עטהנאגראפיע האט אונז געלערנט דעם העכסטסט אינטערעסאנטען פאקט, אז די מענשליכע שבטים האבען אין לויף פון דער צייט, אפטמאל אונבעוואוסט, אורשפרינגליך די סאמע וואכעדיגסטע מנהגים געמאכט פאר טיילען פון זייער רעליגיע, טיילמאל צושרייבענדיג זיי א געטליכען אורשפרונג, אדער דערקלערענדיג זיי אלס די געבאטען פון גאט, אדער צוקניפענדיג זיי צו אנדערע דאגמעס, אדער פערוועבענדיג זיי מיט רעליגיעזע תפלות, א. אז. וו. אין דעם דאזיגען שייכות שפילען די סעקסעלע פערהעלטניסען א זעהר וויכטיגע ראלע. א גרויסע צאל רעליגיעזע צערעמאניעס און מנהגים זענען קיין שום אנדערע זאך ווי סימבאליזירטע מנהגים פון דעם געשלעכטס־לעבען (אין א ברייטען זין); און ווידער אנדערע דאגמעס האבען בלויז דעם צוועק צו געבען די סעקסועלע מנהגים א רעליגיעזען אונטערשלאג און דערמיט זיי צו געבען א מעהר בינדענדיגע קראפט. פון זייער זייט ווידער

ווירקען זיי שפעטער געוואלדיג צוריק אויף דעם געשלעכטס-לעבען, און אויף דעם אופן, ווי אזוי דאס גאנצע געשלעכטס-לעבען ווערט בעגריפען. כשוף און כשוף־מאכעריי זענען דערמיט ענג פערבונדען. „דער גאנצער כשוף קומט פון דער תאוה", האט אן אלטער אינדיאנער געזאגט צו דעם עטהנאגראף מארטיוס. מיר וועלען דא געבען עטליכע קלארע ביישפילען.

ביי מכשפים און ביי דער כשוף־מאכעריי שפילען סעקסועלע עקס־צעסען און פערווערזיעם אן עיקר־ראלע. מיר האבען געזעהן אין קאפי־טעל 6, אז די פאליגאמיע פאלט מייגסטענס צוזאמען מיט דעם אייגענ־טום און מיט דער קויף־הייראט און, אז זי האט אין זיי איהרע היסטארי־שעווארצלען. אבער דערפאר, וואס צום ביישפיל ביי די מאהאמעדאנער און ביי די מארמאנען איז זי געווארען א טייל פון די רעליגיעזע דאג־מעס, האט די גאנצע סאציאלע ארגאניזאציע פון יענע פעלקער אדער רעליגיעזע סעקטען, און זייער גאנצער גערדאנקענגאנג, בעקומען אן אייגענארטיגען כאראקטער. פאקטיש זענען מיר פונקט אזוי פאליגאמיש ווי זיי, אבער מיר האבען א מאנאגאמישע בעת זיי האבען א פאליגאמי־שע סעקסועלע מאראל, און מיר בוידע פעררופען זיך אויף די בעזונדערע „געטליכע געבאטען". זונדערבארע רעליגיעזע בעגריפען פון געוויסע הינדוער (בודהיסטען) האבען געפירט צום געבאט, אז ווען דער מאן שטארבט מוז די פרוי מיטגעהען אין זיין קבר, וואס דאס פערשטעהט זיך שניידט זיך טיף אריין אין דעם געשלעכטס־לעבען. ביי א סך ווילדע פעלקער לעבט א מנהג, לויט וועלכען די פרוי קריגט ירושה, וועלכעס הויבט זי אויף צו א העכערען סאציאלען שטאפעל. אויף דעם דאזיגען מנהג האט מען אויך ארויפגעצווינגען א רעליגיעזען שלייער, בעת אורשפרינגליך שטאמט ער פשוט פון דעם נאטירליכען געדאנק, וואס די מוטער איז א סך נעהענטער פערבונדען מיט די קינדער איי־דער דער פאטער. אן ענליכען מנהג האבען מיר געפינען ביי די פא־ליגאמישע גאאזשירען (אינדיאנער) פון קאלאמביע.

די פליכט פון דעם מאן חתונה צו האבען מיט זיין ברודער'ס אלמנה, איז אורשפרינגליך אויך געווען ניט מעהר ווי א וואכענדיגע פאדערונג בכדי צו רעגולירען די חתונה, וועלכע איז אין משך פון דער צייט אויפגעהויבען געווארען צו א רעליגיעזער דאגמע. דער מנהג פון

# קאפיטעל XII.

## רעליגיע און געשלעכטס־לעבען.

ראשית כל לאז איך וויסען, אז אונטער רעליגיע פערשטעה איך דא סיי דאס אזוי־גערופענע רעליגיעזע געפיהל און סיי די קירכליכע דאגמעס. לערנענדיג דרש האט מען היינט־צוטאג די טענדענץ צו לעגען דעם הויפט־טראפּען אויף דעם ר ע ל י ג י ע ז ע ן ג ע פ י ה ל, עס צו דעפינירען אלס א נעפעלדיגע קאמפּליקאציע פון דער עמפּינדונג איידער געדאנק און געפיהל צושיידען זיך, אלס אן אינטו־איטיווע אויפפאסונג פון דעם אוניווערזום, וועלכע נעהמט ארום די נשמה מיט א טיפען עקסטאז און אין וועלכער עס טאנצט אויף דער איך. דעם דאזיגען אינדיווידועלען נעפּעל פון דעם געפיהל קאן מען אנווענדען צו אלצדינג, אבער קיין ממשות'דיגע זאך קאן מען דערמיט ניט אנהויבען.

די עטהנאגראפיע האט אונז געלערנט דעם העכסטט אינטערע־סאנטען פאקט, אז די מענשליכע שבטים האבען אין לויף פון דער צייט, אפטמאל אונבעוואוסט, אורשפּרינגליך די סאמע וואכעדיגסטע מנהגים געמאכט פאר טיילען פון זייער רעליגיע, טיילמאל צושרייבענדיג זיי א געטליכען ..ורשפרונג, אדער דערקלערענדיג זיי אלס די געבאטען פון גאט, אדער צוקניפּענדיג זיי צו אנדערע דאגמעס, אדער פערווע־בענדיג זיי מיט רעליגיעזע תפלות, א. אז. וו. אין דעם דאזיגען שייכות שפּילען די סעקסועלע פערהעלטניסען א זעהר וויכטיגע ראלע. א גרויסע צא ? רעליגיעזע צערעמאניעס און מנהגים זענען קיין שום אנדערע זאך ווי סימבאליזירטע מנהגים פון דעם געשלעכטס־לעבען (אין א ברייטען זין); און ווידער אנדערע דאגמעס האבען בלויז דעם צוועק צו געבען די סעקסועלע מנהגים א רעליגיעזען אונטערשלאג און דער־מיט זיי צו געבען א מעהר בינדענדיגע קראפט. פון זייער זייט ווידער

גונג איז אי ניט געזונד און אי ניט נארמאל. ווער עס וויל פירען א געשלעכטליך צוריקגעהאלטען לעבען, צוליב רעליגיעזע אדער אנדערע טעמים, דארף זיך ניט כסדר רייצען דורך א צו אינטימען אדער א צו אפטען קאנטאקט מיט דעם צווייטען געשלעכט; אדרבה, ער זאל פער־מיידען אלצדינג, וועלכעס רעגט איהם אויף, און זוכען דאס, וואס שוואכט אב דעם געשלעכטס־טריב. עס פערשטעהט זיך, אז איך האב דא ווענינער אין זין יענע מענער אדער פרויען, וועלכע זענען סעקסועל קאלט אדער אינדיפערענט.

דעריבער זענען געוויסע בעשעפטיגונגען, צ. ב. די ארבייט פון די אנגעשטעלטע אין קראמען, טעלעגראפיסטען, א. אז. וו., וועלכע ברענגט נאהענט צוזאמען ביידע געשלעכטער, א מין שווערט מיט צוויי שאר־פען און רייצט אדער קיהלט אב ווערליג דער נאטור פון דעם אינ־דיווידיום. אזוינע בעשעפטיגונגען ווידער, וועלכע זענען בעצם מאנאטאן און אונגעזונד און וועלכע געהען האנד אין האנד מיט שלעכטע וואוינונגען און דוחק אין עסען, א חוץ אלערליי פערפירונגען, א שטייגער די בעשעפטיגונגען פון די פאבריק־ארבייטער, זענען אבסאלוט שעדליך פאר דעם געשלעכטס־לעבען. דער צושטאנד איז גאר א טרויריגער אין פאל ביידע געשלעכטער ארבייטען צוזאמען, און ער ווערט ניט פיל בעסער ווען זיי זענען בלויז אבגעזונדערט בעת די ארבייטס־שטונדען.

**צייטונגען און אנאנסען.** — א גרויסער טייל פון די אלערליי סעקסועלע מיסברויכען ווערט בעגאנגען פון דער פרעסע. פון איין זייט זענען פאראן כל המינים פאראגראפישע צייטונגען, אויף אזוינע וואס טראגען אויף זיך דעם מאנטעל פון קונסט, וועלכע לעבען בלויז אויף סעקסועלע סקאנדאלען, סענזאציאנעלע פראצעסען און פון זייער רייצען א קרענקליכען עראטיזם; און פון דער אנדערער זייט ווערען אלע שפאלטען פון דער אנאנסען־אבטיילונג אויסגענוצט אויף אלערליי מינים און אופנים פון די בארדעלען און פון דער פראסטיטוציע: הייראטס־ביוראס, מעבלירטע צימערען, פערשידענע ראנדעוואו־פלעצער, הלואות — פאר א סעקסועלער רייצונג, א. אז. וו. אויך די האמאסעקסואליסטען, אלגאלאגניקער, א. אז. וו., בענוצען זיך מיט די אנאנסען פון געוויסע צייטונגען.

קינדוויין אַז, טעמפּט בכלל אָב דעם סעקסועלען רייץ צווישען זיי, פּונקט אַ שטייגער ווי צווישען שוועסטער און ברידער. אין אַלגעמיין געפינען מיר אָביסעל אַן ענליכע ערשיינונג ביי אַ פריי צוזאַמענזיין פון ביידע געשלעכטער אין פערשידענע צווייגען פון דער מענשליכער טעטיגקייט, צ. ב. אין שולען, ביי דער לאַנד־אַרבייט און איבערהויפּט ביי געמיינשאַפטליכע אַרבייטען און אונטערהאַלטונגען.

פונדעסטוועגען האָט דער דאָזיגער כּלל געוויסע אויסנאַהמען און בעדינגען, און ער דאַרף דעריבער ניט גענומען ווערען דאָגמאַטיש. אונטער געוויסע אומשטענדען וועט אַן אינטימער צוזאַמענלעבען פון ביידע געשלעכטער פירען צו שלעכטע און אפילו צו פערווערזע סעקסועלע רייצונגען. דאָס דאָזיגע טרעפט מייסטענס ווען דער אַלקאָהאָל האָט דערביי אויך אַן איינפלוס, און ביי פסיכיש אָדער נערוועזן אַבנאָרמאַלע מענשען. עס איז צ. ב. אַ געוואַלדיגער טעות, ווען אַ דירעקטאָר פון אַ משוגעים־אַנשטאַלט אָרגאַניזירט בעלער פאַר די גייסטיג־קראַנקע פון ביידע געשלעכטער, ביי וועלכע עס ווערט געטרונקען ביר און אַנדערע אַלקאָהאָלישע געטראַנקען. בלויז שלעכטס האָב איך געזעהען דערפון; פערקערט אָבער האָב איך דערגרייכט די בעסטע רעזולטאַטען ווען איך האָב ביי דעם געמיינשאַפטליכען פערברענגען פון די גייסטיג־קראַנקע פערמידען אַלע אַלקאָהאָלישע געטראַנקען אַזוי גוט ווי איטליכע מעגליכקייט צו אַ געשלעכטליכער אויפרעגונג. דער עיקר דאָס טאַנצען און דאָס צוזאַמענקומען־זיך פון סעקסועל רייצבאַרע און פערווערזע אינדיווידועןן. איך בין איינמאָל קאָנסולטירט געוואָרען פון אַ מיידעל, וועלכעס האָט געליטען פון אַ סעקסועלער אויפרעגונג און אַגאַניזם קאָמפּליצירט מיט אַ נערוועזען צושטאַנד. בעקלאָגענדיג זיך פאַר מיר, אַז אַלס טעלעגראַפיסטקע קומט איהר אויס צו אַרבייטען צוזאַמען מיט יונגע מענער, ווערענדיג דעריבער כּסדר געשלעכטליך גערייצט אָהן צו ווערען בעפרידיגט.

פון דעם דאָזיגען לעצטען פאַל, וועלכער איז אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך ביי ביידע געשלעכטער, קאָנען מיר זיך אַנשטויסען אויף אַ וויכטיגען פונקט. אמת, דאָס צוזאַמענלעבען פון ביידע געשלעכטער איז נאַטירליך און נאָרמאַל, אָבער בלויז אויף דעם בעדינג, אַז עס קאָן סוף כּל סוף פירען צו דעם נאָרמאַלען געשלעכטס־פערקער פון די גערייצטע און פערליבטע. די כּסדר׳דיגע אויפרעגונג אָהן אַ בעפרידי־

דאָס אינדיווידועלע לעבן. — עס איז ניט דאָ דער קלענסטער ספק, אז דער אופן ווי א יחיד לעבט, האָט אן איינפלוס אויף זיין געשלעכטס-לעבן. בכלל ווערט דער געשלעכטס-טריב פערשטאַרקט ווען מען האָט אַ בעקוועם לעבען, מען עסט גוט און מען ארבייט ווע־ניג פיזיש, בעת א דוחק אין עסען און א שווערע קערפערליכע האָראָ־וואניע פערקלענערט דעם געשלעכטס-טריב. די גייסטיגע ארבייט האָט א פערשידענערליי ווירקונג. בעת אַ בעוואוסטער פאַרשער און פסיכאָ־לאָג האָט מיר פערזיכערט, אז יעדע אַנגעשטרענגטע גייסטיגע ארבייט רעגט איהם אויף געשלעכטליך, האָבען מיר אנדערע געזאָגט פונקט דאָס פערקערטע. בכלל ווערט דער געשלעכטס-טריב פערשטאַרקט דורך אַן ארבייט ביי וועלכער מען דאַרף זיצען, און ער ווערט פערקלענערט דורך אַ לעבען פול מיט בעוועגונג. אבער דערביי שפּילען אויך מיט אַנדערע איינפלוסען.

מיר האָבען געזעהען דעם געוואַלדיגען איינפלוס פון אַלקאָהאָל אויף דעם געשלעכטס-לעבען, ווי פון איין זייט פערקלענערט ער די פּאָטענץ בעת פון דער אנדערער זייט פערשטאַרקט ער און פערדאַרבט דעם טריב. אויף אביסעל אַן אנדערען אופן ווירקען די אַלערליי קינ־סטליכע רייצמיטלען פון דעם געשלעכטס-טריב, וועלכע זענען די פּרות פון אונזער ציוויליזאציע, פון אונזער זשעדנעקייט נאָך געלד. דעם דאָזיגען ענין האָבען מיר בעהאַנדעלט ווען מיר האָבען גערעדט מכח דער פּאָרנאָגראַפיע. עראָטישע בילדער, פּאָרנאָגראַפישע ראָמאַ־נען און דראַמעס, קאַבאַרעטען, א. אז. וו., בעשאַפען אַן אונגעזונדע אַטמאָספערע אין אונזערע קולטור־צענטערס און זי האַלט אין איין רייצען און פערוויסטען דעם געשלעכטס-טריב. ווער עס פאַלט אריין אין אזא סביבה ווערט מיינסטענס באַלד אַנגעשטעקט פון דעם דאָזיגען ריח, אויב אַ טיפער עקעל שטויסט איהם ניט אָב. וואָס צאַרטער עס איז דער ריח פון יענער פער'סמ'טער אַטמאָספערע, וואָס גראַציע־זער און עסטעטישער די פיינקייט מיט וועלכער מען קיצעלט די חושים, אַלץ לייכטער ווערט מען פערפירט.

דאָס צוזאַמענלעבען פון ביידע געשלעכטער איז אַ פראַגע וועלכע שפּילט אַ כאַראַקטעריסטישע ראָלע. מיר האָבען געזעהען אין קאַפּיטעל 6, אַז דאָס צוגעוואוינטע צוזאַמענזיין פון מיידלאַך און אינגלעך פון

אנשטעקען א גאנץ רעגימענט. צוויטענס, דער מאנגעל אין א נארמא־לען געשלעכטס-פערקער איז די אורזאך פון אלערליי פערדארבענקייטען, ווי די פעדעראסטיע און דער אנאניזם. ווייטער, דער פועל יוצא פון זייער טרויריג געשלעכטס־לעבען איז, אז זיי ווערען ביז א הויכען שטאפעל סעקסועל קארופטירט און שפעטער, ווען זיי האבען חתונה, ברענגען זיי צו זייערע פרויען, א חוץ אלערליי מאוס'ע סעקסועלע גע־וואוינהייטען, סיפילים און טריפער; די פעולה איז, אז זיי האבען פער־קריפעלטע קינדער, וואס דערין האט נאטירליך א גרויסען חלק אויך דער אלקאהאליזם. ווידער אויף זיין שטייגער האט פונקט אזא שער־ליכע ווירקונג דאס פריהער דערמאנטע סיסטעם, וועדליג וועלכען אז ארימען אפיציר אין דער דייטשער ארמעע, כדי צו קאנען לעבען לויט דעם שטאנד, איז בלויז ערלויבט צו הייראטען א פרוי מיט א גע־וויס פערמעגען.

עס איז געווען א פערגעניגען צו זעהען דעם קאנטראסט צום אויביגען, וועלכען איך האב געפינען אין דער נארוועגישער האנדעלס־מארין, וואו די אפיצירען איז וועניגסטענס ערלויבט צו וואוינען מיט זייערע פרויען אויף דער דעק פון זייער שיף. אין דער סעקסועלער פראגע קאנען מיר אין א סך פרטים זיך פיל אבלערנען פון נארוועגען. איז דען די איינפירונג ניט אי שעהן און אי גערעכט, וואס פאר פרויען וואס רייזען צוזאמען מיט זייערע מענער אויף שיפען (עס הייסט, אז איצט איז דאס אייגענע אויך איינגעפירט אויף די אייזענבאנען) ווערט בלויז גערעכעט א האלבער פרייז — ווערט דערמיט ניט ערמוטיגט דאס פאמיליען־לעבען!

די איבריגע שטאנדען האבען בכלל א וועניגער שארפען איינפלוס אויף דעם געשלעכטס־לעבען. אבער יעדע סעקסועלע אבזונדערונג פון א שטאנד האט א ניט גינסטיגע ווירקונג. איבעראל וואו צוליב פאר־ורטיילען פון א שטאנד. א קלאס מענשען שליסט זיך אויס פון איבריגען פאלק און האט חתונה בלויז צווישען זיך, זעהען מיר אלס א פעולה דערפון געוויסע ספעציעלע דעגענעראציעס. ניט דער הויכער שטאנד דארף זיין דער ציל פון דער פאזיטיווער צוכטוואהל, נאר דער אמת'ער אינווענינגסטער יחוס, וועלכער איז די מתנה פון דער גוטער מענשליכער קוואליטעט אהן אונטערשייד פון קלאסען.

טראדיציעס און דעגענערירענדיגער פוילענצעריי, אויב ער איז נאר געטריי צו יענע אלטע טראדיציעס און ער פאסט זיך ניט צו צו דעם מאדערנעם לעבען פון ארבייטען; ער האט דעמאלט אין זיך בלויז די אויסגעלאסענקייט פון זיינע אבות.

די זעהר צווייפעלהאפטע פרות פון די ערשט דערמאנטע ניט פערהייראטע פערבינדונגען פון דעם אדעל, זענען אפטמאל שפעטער אויפגעהויבען געווארען צו דעם אדעל־שטאנד. קעניגען און פירסטען האבען אויך אפטמאל געמאכט פאר אללערלייט אפילו נידעריגע ברואים, וועלכע האבען פערשטאנען ווי אזוי זיך צוצופאסען, רייצען זייערע געשלעכטליכע תאוות און זיי שפעטער אויסנוצען, און דעריבער דארף מען זיך ניט חדוש'ען, ווען פון אזא מין צוכטוואהל זענען ארויס אזוינע דעגענערירטע פרות, אין וועמעס אדערען עס פליסט דאס בלוט פון דעם העכסטען אדעל אויסגעמישט מיט דעם בלוט פון די ערגסטע מענשען און אפילו פון פערברעכערם.

נאך אן אורזאך און אין דערזעלבינער צייט אויך א סמן פון דעגענעראציע פון דעם אדעל־שטאנד איז די, וואס ארימע אדעללייט, כדי ווידער צו פערגילדען זייער טיטול, האבען חתונה מיט רייכע יורש'־טעס, טעכטער פון באנקירען, א. דגל., אפילו דעמאלט, ווען זיי זענען גייסטיג און קערפערליך הינטערשטעליג. אונזער מאדערנע צייט האט די דעגענעראציע פון דעם אדעל־שטאנד נאך מעהר פערשנעלערט צו־ליב זיין מיטעל־אלטערליכען פארורטייל קעגען ארבייטען און פערדינען די מיטלען צום לעבען; הייגט־צוטאג פעהלט זיי אויס די נויטיגע סביבה פאר זייערע ריטערליכע העלדען־טאטען פון מיטעל־אלטער.

אויך ביי אנדערע שטאנדען געפינען מיר געוויסע סעקסועלע אייגענטימליכקייטען. מיר דערמאנען די בחור'שאפט פון די קאטאלישע גלחים און איהרע שעדליכע פאלגען; פון איין זייט שליסט זי אויס א גרויסען טייל פון דער אינטעליגענץ צו האבען קינדער און, פון דער אנדערער זייט, ערמוטיגט זי די געהיימע אויסגעלאסענקייט (דאס מתודה זיין זיך א. אז. וו.).

די ארמעע און די פלאטע האט אויך א שעדליכע ווירקונג אויף דעם געשלעכטס־לעבען. ערשטענס, האלטען זיי אויף איינע פון די ני־דעריגסטע און געפערליכסטע פארמען פון פראסטיטוציע: סאלדאטען־הורען זענען שפריכווערטליך און איין סאלדאטען־פראסטיטוטקע קאן

טיגער אָרדנונג צו קריגען געלד אויף אַלערליי אַנדערע אופנים אַ חוץ דורך אַרבייט, מאכט אַ חהבן פון דעם געשלעכטס-לעבען ניט בלויז ביים פער'תענוג'טען נגיד און ביים פערביטערטען קבצן, נאָר ליידער אויך ביי דעם מיטעל־קלאַס. אַ נאָרמאַל און געזונד געשלעכטס-לעבען איז בלויז דער לוין פון אַ פלייסיגער און ערליכער אַרבייט.

ווען די מענשהייט וואָלט געקאָנט אַרבייטען פאַר דעם סאָציאַלען וואוילזיין אַהן דעם צו ווערען גערייצט פון דעם פּריוואַטען געלד־איג־טערעס, וואָלט דאָס סעקסועלע לעבען באַלד אַריין אין זיינע נאַטירלי־כע גרעניצען. אַבער די מיטלען פּראַקטיש דורכצופירען די דאָזיגע סאָציאַלע עקאָנאָמיע זענען אויסערגעוועהנליך שווער צו געפינען.

יחום און שטאַנד. — די אַזוי גערופענע קלאַסען־ און שטאַנד־אונטערשידען האָבען ביז אַ געוויסען שטאַפּעל געשפּילט און שפּילען נאָך איצט אַ ראָלע אין דעם געשלעכטס-לעבען. בפרט איז דאָס אמת דאָרט וואו געוויסע מנהגים אָדער פאָרורטיילען, וואָס האָבען געהערשט אין אַ שטאַנד אָדער קלאַס, האָבען בעשאַפען בעזונדערע הייראַטס־געזעצען. די הייראַט צווישען קרובים ביי דעם הויכען אַדעל און ביי די הערשער פאַמיליעס, וועלכע דאַרפען נאָר חתונה האָבען צווישען זיך, האָט קענטיג געהאַט אלס פעולה אַ טרויריגע דעגענעראַציע. אורשפּרינג־ליך איז דער געדאַנק געווען, אויפצוהאַלטען דאָס ריינע בלוט פון דעם אַדעל־שטאַנד, און ביז צו אַ געוויסען שטאַפּעל איז תחלת אויך געלונגען צו דערגרייכען דעם דאָזיגען צוועק. אַבער אין משך פון דער צייט האָט די דאָזיגע איינזייטיגקייט פון אַזאַ אויסוואַהל אַ שעדליכע ווירקונג. פון דער אַנדערער זייט „ידער האָט די דאָזיגע שטרענגקייט זייערע קודם כל געהאַט די פּעולה, אַז דעם אַדעל־שטאַנד האָט געצויגען צו נעפערליכע קאָנווענציאָנעלע געשלעכטליכע פערבינדונגען אויסער דער הייראַט און צו אויסגעלאַסענקייטען מחוץ למחנה, און דערביי האָבען אַדעללייט און אפילו געקרוינטע לעדיגגעהער זיך פערליבט, ניט חלילה אין אַנשטענדיגע און אַרבייטזאַמע מיידלעך, נאָר אין ניט איבעריג צ' עה'דיגע שוישפּילערינס, באַלעט־טענצערקעס, היסטערישע סירענעס און כל'ערליי אַנדערע ריזיקאַנטקעס! בעזונדערס זינט דעם אונטער־גאַנג פון דעם פעאָדאַליזם האָט דער אַדעל־שטאַנד פערלוירען דעם אמת'ען יסוד פאַר זיין עקזיסטענץ: ער לעבט נאָר אין זכות פון זיינע

דוקט פון זיין עשירות, זעהען מיר אין אונזער היינטיגער ציוויליזאציע דעם כאראקטעריסטישען פאקט, אז וואס גרעסער עס ווערט דאס רייכטום אלץ קלענער ווערט די צאל קינדער. ווי מיר האבען געזעהען, זענען היינט־צוטאג קינדער ניט מעהר א קוואל פון עשירות: אדרבה, זיי זענען די אורזאך פון א סך הוצאות, בפרט ווערליג דער פאדערונג פון דער מאדערנער צייט. און א חוץ דעם האט דער העכערער סאציאלער שטאנד פון דער פרוי אין איהר בעשאפען א מורא פאר טראגען קינדער. די גרעסערע ראפינירטקייט פון איהר לעבען מאכט זי אויך שוואכער און צארטער, אזוי, אז זי קאן ווענינער אריבערטראגען דעם פראצעס פון טראגען און האבען קינדער. די דאזיגע לעצטע ערשיינונגען, וועלכע דערגרייכען אן אמת פאטהאלאגישען שטאפעל אין אמעריקא, זענען אבסאלוט קרענקליכע אויסוואוקסען פון אונזער קולטור.

בכלל זעהען מיר, אז א מיטעלמעסיגער וואוילשטאנד, וועלכער גיט די מעגליכקייט פאר א לעבען אהן נויט און אהן זארג פאר דעם טעגליכען שטיקעל ברויט און אונטער גוטע היגיענישע בערינגען. דערביי צווינגענדיג ז״ז אלץ דעם מענש צו ארבייטען פאר זיין חיונה, האט אלס פעולה דאס בעסטע סעקסועלע צוזאמענלעבען בפרט, און די געזונדסטע און גליקליכסטע לעבענס־פערהעלטניסען בכלל. געשלעכטליך ווערט פון דעם עושר א תל צוליב דעם לוקסוס, די עקסצעסען, דער פוילקייט און מחמת ער איז שוין מיינסטענס נאך אלס קינד פערצויגען געווארען. דער ארימאן ווידער ווערט צובראכען צוליב דעם דוחק אין עסען, צוליב די אונגעזונדע וואוינונגען, דער פערנאכלעסיגטער ערציהונג און די מאוס׳ע ביישפילען: זיין לעבען, הגם עס געפינט זיך אויף א פונקט אן אנטקעגענגעזעצטען פאל, איז אין געוויסע פונקטען געגליכען צום לעבען פון דעם עושר — דער עקספלואטאטאר און דער עקספלואטירטער בעגעגענען זיך דא ביידע אין דער בלאטע. אזוי איז עס צ. ב. אין אלערליי שפיל־הייזער, ביי דער פראסטיטוציע און ביי די סעקסועלע אבנארמאליטעטען: דארט, וואו דער ארימאן איז דער געלד־ארויספרעסער און דער רייכער איז דער קרבן, בעת דער לעצטער, זייענדיג א סאציאלער עקספלואטאטאר, גיט אינדירעקט זיין גרויסע הילף אויפצוהאלטען די פראסטיטוציע.

די כסדר זיך פערגרעסערענדיגע מעגליכקייט אין אונזער היינ־

אינפעקציע צו שכרות, און איך האב אויסגעפונען, אז דריי-פיערטעל פון אלע פאלען איז געווען בעיינפלוסט פון אלקאהאל. דא ניט לאנג צוריק האט דר. לאקווער-וויעזבאדען, אין בערלין, געזאגט אין זעל-ביגען זין דאס פאלגענדע: „דער שכור געהט (שלעפט זיך ארויס) פון דער קנייפע אויף דער גאס... די גאסען-פרוי שפאצירט פארביי, דער האנדעל הויבט זיך אן, דאס אונגליק איז פארטיג — די ווענערישע אנשטעקונג“: אדער מען געהט בשותפות פון דער קנייפע אין באר-דעל און מען טראגט פון דארט ארויס א קאלעקטיווע אנשטעקונג.

דער שענק רייסט אב דעם מאן פון זיין הויזגעזינד: די שכרות פון א פאלק געהט האנד אין האנד מיט זיין סעקסועלער דעגענעראציע. דעם דאזיגען פאקט מוזען מיר גוט געדענקען, מחמת קיין סביבה איז ניט אזוי שעדליך פאר א געזונד געשלעכטס-לעבען ווי יענע, וואו דער אלקאהאל האט די מאכט. די שכרות האט א דירעקטע ווירקונג קעגען דער פערגרעסערונג פון דער בעפעלקערונג. דאס קאן מען זעהען אין רוסלאנד, ווען מען פערגלייכט די וואס טריגקען ניט מיט די וואס טרינקען יא. ניט בלויז דאס כראנישע שכור'ען, נאר אפילו אן אייגציג מאל זיך אנ'שכור'ען קאן זיין די אורזאך פון א בלאסטאפטהא-רישע ווירקונג אויף די זאמען. איך וויל דא נאך אמאל דערמאנען די סטאטיסטיק פון דר. בעזזאלא (דאס מאקסימום פון שוואנגער-ווערען מיט אידיאטען). פון די דאזיגע און פון נאך א סך אנדערע פאקטען קאן מען קלאר זעהן די טרויריגע רעזולטאטען פון א געשלעכטס-פער-קער בעת מען איז שכור. איך גופא האב זעהר א סך געשריבען מכח דעם ענין פון ראסען-דעגענעראציע אלס פעולה פון שכרות, אבער איך וויל דא אויך אנרופען דאס בוך "די אלקאהאל-פערגיפטונג און די דעגע-נעראציע" פון בונגע, לייפציג 1904, און אויך מיין בוך „די היגיענע פון די נערוועז און פון דעם גייסט“, שטוטגארט 1903. דעמאלט ווען דער אלקאהאל וועט אויפהערען צו זיין א גענוס-מיטעל, וועט א גרוי-סער טייל פון דער געשלעכטס-פראגע ווערען א ברכה און ניט א קללה פאר דער מענשהייט.

רייכטום און ארימקייט. — בעת אויף די פריהערדיגע שטאפלען פון דער ציוויליזאציע האט דער רייכער בעטראכט א סך פרויען און א סך קינדער אלס א בעדינג און אין דערזעלביגער צייט אלס א פרא-

„מענער וועלכע וועלען קיינמאל נים וואגען צו זאגען א גראב וואָרט צו א פרוי וועלכע אַרבייט אין א קראם, גלויבען, אז אנטקעגען א קעלנערקע איז אַלעס רעכט. נים דוקא בלויז קאן מען דאָס מערקען אין די קליינע קנייפּעס: מען קאן טאָג־טעגליך זעהן אין די פיינע רעסטאָראַנטען ווי סוחרים, דאָקטוירים, פּראָפעסאָרען און אַנדערע מע־נער, וועלכע ווייסען אפילו שכור'עהייט ווי אזוי צו זיין אנשטענ־דיג און זיך צו האלטען אין צוים אנטקעגען אַנדערע מיידלעך, זענען פריי מיט זייערע וויצען און מיט זייערע הענד אנטקעגען די קעלנער־קעס: אהן ספק, דאָס דאָזיגע בענעמען־זיך בעליידיגט אביסעל דעם מאָ־ראַלישען שטאַפּעל פון די דאָזיגע הערען".

„און עס איז ניט נויטיג, אז דאָס מיידעל וואס דערלאַנגט צום טיש זאָל פון איהר זייט ערשט דאַרפען ערמוטיגען די מענער, — אויפ־וועקען זייער טריב. מאוס'ע און צווידייטיגע רייד און דער שמוציג־סטער פלירט קומט צום גאַסט פון זיך אליין. — דורך דעם בלויזען בעוואוסטזיין, אז ער האָט פאַר זיך א „קעלנערקע".

„די צוריקגע־ לטענקייט און בעשיידענקייט פון א מיידעל ווערט אבגעלאַכט אלס א פאַלשע צניעות און די מיינסטע ווירטען, וועל־כע ווילען שוין יאָ „שטרענג" אבהיטען די אנשטענדיגקייט און אָרד־נונג" אין זייערע פּלעצע, האלטען פאַר'ן גאַסט אויב א מיידעל בע־קלאַגט זיך".

„אהן ספק, אונטער דעם דאָזיגען פלוצליכען פערשוואונדען־ווע־רען פון יעדען ברעקעל טאַקט־געפיהל ליגט די אַלקאָהאָלישע ווירקונג; זי איז אָבער ניט אליין. עס קומט נאָך צו א פּרינציפּיעלער פּאָרור־טיל: דאָס קעלנער־מיידעל ווערט בעטראַכט אלס א מינדער ווייכטיגע פּערזאָן, טיילמאָל אפילו שאַצט מען זי פּשוט אלס א פּראָסטיטוטקע אנטקעגען וועלכער מען מוז, אמת, זיין אביסעל צירליך און מאַנירליך, אָבער קומען קומט איהר קיין שום זיטליכקייט און קיינע פיינע בע־נעמונגען!"

דאָס טרינקען מאַכט דעם מאַן און די פרוי ניט בלויז אויסגעלאַ־סען און וואולגאַר, נאָר אויך נאַכלעסיג, אונפאַרזיכטיג און אונ־בערעכענט. ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט, האָב איך גע־פּריפט סטאַטיסטיש בעוויזען דאָס שייכות פון דער ווענערישער

געמישטע ראסע פון נארד־אמעריקא בּיסלעכווייז מעהר אויסשטארבּ־
איידער צוקומען, און איהר פּלאץ וועט פערנומען ווערען פון כינע־
זערס און נעגערס. פּונקט ווי דער מאן מוז ארבּייטען מוז אויך די
פרוי ארבּייטען און פאלגען דעם וועג וועלכען די נאטור האט פאר
איהר בּעשטימט. די ראסע, וועלכע פערשטעהט דאס ניט, שטארבּט
אוים. דאס אידעאל פון דער פרוי דארף ניט זיין, צו לעזען ראמאנען
אדער זיך צו וויגען אין א שאקעל־שטול, און אויך ניט בּלויז צו אר־
בּייטען, אין קאנטארען, בּכדי ווי ווייט מעגליך צו פערהיטען די צאר־
קייט פון איהר הויט: די פרוי דארף זיך ענטוויקלען געזונד און
שטארק, זי דארף צוזאמען מיט איהר מאן ארבּייטען קערפּערליך און
גייסטיג, און זי דארף האבּען א סך גייסטיג און פיזיש געזונטע קינ־
דער. דאס הייסט אבּער ניט, אז מען זאל ניט בּעשרענקען די שוואנ־
גערשאפט הארט, וואו עס פעהלען די גייסטיגע און קערפּערליכע פע־
היגקייטען, געזונד און קראפט.

**דער שענק און דער אלקאהאל.** — איך וויל זיך דא מעהר ניט
צוריקקערען צו דעם וואס איך האבּ שוין געזאגט אין קאפּיטעל 1
מכח דער בּלאסטאפּטהאריע, אין קאפּיטעל 3 און 8 מכח דער ווירקונג
פון אלקאהאל אויף די זאמען פון אנדערע קינדער, אויף דעם געהירן
און אויף דעם געשלעכטס־לעבּען, און אויך אין קאפּיטעל 10 מכח
זיין שייכות צו דער פּראסטיטוציע. דא וויל איך נאך דערמאנען די
שעדליכע ווירקונג פון דעם שענק אדער גאסט־הויז. די געוואוינהייט
צו טרינקען פערדארבּט דאס גאנצע געשלעכטס־לעבּען. ווי מיר האבּען
געזעהען, טרייבּט די שכרות צו די שמוציגסטע פארמען פון פּראסטי־
טוציע און בּארדעל־האנדעל, זי איז א מיטעל צו פערפירען מיידלעך
און זי האלט אויף די גאנצע שעדליכע פּראפּעסיע. עס איז גענוג בּלויז
צו דערמאנען די אלערליי בּיר־קנייפּעס און די קעלנערקעס, און יעדער
זעהט קלאר דעם שרעקליכען איינפלוס פון אלקאהאל אויף דעם גע־
שלעכטס־לעבּען. מכח דעם שרייבּט מיר הער יוליוס וו. ע"ד. וואונד־
זאם פון צוריך דאס פאלגענדע:

„בּאמת, מען ווערט איבּעראשט צו הערען, מיט וואסערען צי־
ניזם און מיט וואסערער גרינגשאצונג מענער, אפילו פון דעם געבּיל־
דעטען שטאנד, בּענעמען זיך אנטקעגען קעלנערקעס“.

דעם דאָלאַר, ד. ה. אין דער עגאָיסטיש־אינדיווידועלער געלד־קאָנקורענץ, וועלכע הערשט אין די פעראייניגטע שטאַאַטען מעהר איידער ערגיץ אַנדערש. איך וויל דאָ רעדען מכח דעם אוננאַטירליכען געשלעכטס־לעבען פון די אַמעריקאַנער, אָבער בעזונדערס וויל איך רעדען מכח דעם אוננאַטירליכען געשלעכטס-לעבען פון זייערע פרויען.

דער נאָרד־אַמעריקאַנער פעראַכט די אַגריקולטור אַרבייט אין בכלל האָט ער פיינד די האַנד־אַרבייט, בפרט פאַר די פרויען. זיין ציל איז אַלעס צו מאַכען מיט דער הילף פון מאַשינען, צו האַנדלען, צענ־טראַליזירען א. אז. וו., בכדי צו לעבען בלויז קאָמערציעל, גייסטיג, און אויף אַזאַ אופן אויך געניסען זיינע פערגעניגענס. די אַמעריקאַ־נישע פרויען האַלטען פאַר אַ דערנידערונג פון זייער געשלעכט צו טון אַביסעל שווערע מוסקעל־אַרבייט און בעזונדערס צו אַרבייטען אויף דעם פעלד. דאָס זענען איבערבלייבענישען פון דער צייט פון דער שקלאַפעריי, ווען די גאַנצע האַנד־אַרבייט איז געטון געוואָרען פון דעם נעגער, און דיזעלביגע אַרבייט ווערט מיינסטענס היינט נאָך איבער־געלאָזט פאַר איהם. מחמת זי וויל זיין יונג און פריש אַזוי לאַנג עס איז נאָר מעגליך, מחמת זי וויל פערהיטען דעם בליהענדיגען קאָליר אין איהר פנים און וויל פערמיידען דאָס אָבוועלקען פון איהר רייץ, מחמת זי האָט מורא פאַר די געפאַרען, וועהטאָגען און פאַר די פאָלגען פון טראָגען, האָבען, זויגען און האָדעווען פון קינדער, דעריבער האָט די אַמעריקאַנישע פרוי (איך רעד דאָ ניט פון דעם פראַנצויזישען קאַ־נאַדאַ, וואו די מנהגים זענען גאַנץ אַנדערע) בכלל אַ טיפען ווידער־ווילען קעגען שוואַנגערען, ליגען אין קינפעט און איבערהויפט קעגען האָבען גרויסע פאַמיליעס. ווייל, אַ חוץ דעם, זינט דער בעפרייונג פון דעם נעגער איז די בעקוועמליכקייט פון האָבען דינערשאַפט געוואָרען זעהר טייער אין די פעראייניגטע שטאַאַטען, העלפט מען זיך אַלץ מעהר און מעהר מיט אַ מין האָטעל־לעבען און „באָרדינג האוז“, און דאָ ליגט אַן אורזאַך פאַר דער פרוי צו זוכען אַלערליי מיטלען קעגען שוואַנגער־שאַפט און מורא צו האָבען פאַר אַ גרויסער פאַמיליע.

עס איז קלאָר, אַז דער דאָזיגער מין פרויען־עמאַנציפאַציע איז בעצם אונגעזונד און פירט צו אַ סאָציאַלער דעגענעראַציע. אַהן אַן אייזוואַנדערונג פון דרויסען וועט דעריבער די אַרישע (אייראָפּעישע)

זענען געווארען וואגאבונדען, גנבים, פראסטיטוטקעס און אנדערע גע־זעלשאפטליכע מכות. עס איז געווען א היבשע צאל פון זיי. אומזיסט איז געווען די מיה טייל פון זיי פון קינדווייז אן גוט צו ערציהען; זיי זענען אנטלאפען פון דער שול און פון אן אנשטענדיגער פאמיליע, כדי אנצוהויבען א לעבען פון וואגאבונדען. ביי א טייל פון זיי האט די ערציהונג יא עפעס אויפגעטון, אבער די רעזולטאטען זענען געווען ניט איבעריג גוטע. שכרות און איהר בלאסטאפטהאריע האט אין דער דאזיגער פאמיליע פערנומען א בעדייטענדען פלאץ.

מיר ווייזען אן דעם לעזער אויף דעם אריגינאל. דערמאַ־נענדיג דא איצט דעם דאזיגען פאל, מוזען מיר זאגען, אז מיר האבען איהם געקאנט פונקט אזוי גוט ברענגען בעת מיר האבען בע־האנדעלט די בלאסטאפטהאריע, די ירושה־פראגע אדער די ווירקונג פון אלקאהאל אין קאפיטעל 8, מחמת די דאזיגע אלע פאקטארען וויר־קען צוזאמען מיט דעם איינפלוס פון אזא בראדיאגא־לעבען, בכדי צו קומען צו דעם דאזיגען שרעקליכען סוף הכל. מיר קאנען ניט אנ־נעהמען, אז די מנעמישע פראצעסען, וועלכע מיר האבען דערקלערט אין קאפיטעל 1, האבען געקאנט האבען א קענטיגע ווירקונג אין אזא קורצען משך פון צוויי אדער דריי הונדערט יאהרען, אזא קורצע פע־ריאדע פאר דעם מענשליכען מין. אמת, די שטאם־מוטער פון דער אוי־בינער וואגאבונדען־פאמיליע האט אליין אבגעשטאמט פון א וואגאבונ־דען־געשלעכט פון נארד־איטאליען. פונדעסטוועגען גלויב איך ניט, אז איך מאך א טעות ווען איך שרייב דא צו צו דער אלקאהאלישער בלאסטאפטהאריע צוזאמען מיט דער כסדר זיך איבער׳חזר׳ענדיגער אונגליקליכער קאמבינאציע פון זאמען, וועלכע איז דאס מזל פון דעם וואגאבונדען־לעבען, די הויפט שולד פון דער דאזיגער טיפישער פאַ־מיליען אדער גרופען־דעגענעראציע, א דעגענעראציע אין וועלכער די סעקסועלע געזונקענקייט האט די איבערמאכט. ווער עס וויל נאכדענ־נארד־אמעריקא, און וועלכע האט איהרעווארצלען אין דער יאגד נאך קען, ראט איך זעהר דעם דאזיגען עניין גענוי צו שטודירען.

אמעריקאניזם. —מיט דעם דאזיגען ווארט וויל איך בעצייכע־נען אן אונגעזונדע ערשיינונג פון דעם געשלעכטס־לעבען, וועלכע איז די פעולה פון אנשווינגען א דאנק די בעזונדערע אומשטענדען פון

מא און מאלאריא, די אבגעזונדערטקייט, א שטייגער ווי עס לעבען געוויסע שבטים (צ. ב. די טשימילאס־אינדיאנער אין קאלאמביע) וועלכע ווערען צוליב דעם אבגעלאזען, נאכלעסיג און פערטעמפט, די כסדר'דיגע קאנסאנגוויניטעט, א. דגל.

מיט דעם פראלעטאריאט פון דער גרויסער שטאדט פערבינדט זיך מיינסטענס דער קלאס פון פערברעכערס. אין דעם קרייז פון קופלערס, קאדעטען, געוואוינהייטס־פערברעכערס און געבוירענע פערברעכערס א. אז. וו., ענטוויקעלט זיך אן אייגענער בליק אויף דעם לעבען, וועדליג וועלכען דער גרעסטער באנדיט ווערט די אנגעזעהענסטע פערזענליכקייט. אויב א קינד ווייזט ארויס א פערברעכערישע נייגונג בירושה, דעמאלט איז זיין צוקונפט „פול מיט האפנונגען". ערליכע קינדער מיט אלטרואיסטישע געפיהלען, ווערען אין דער דאזיגער געזעלשאפט בעטראכט פאר פרידען־שטערער, פעררעטער, לא יוצלח'ס אדער אידיאטען און זיי ווערען דעריבער' פעראכט, געהאסט און אפטמאל געשעדיגט. די פליכט פון דעם שטאאט און פון דער פילאנטראפיע איז דעריבער נאך גרעסער, זיך אנצונעהמען פאר די ארימע קליינע קינדער.

די בעזונדערע שעדליכע איינפלוסען, וועלכע מיר האבען דערמאנט, ווירקען נאטירליך ניט אליין; זיי זענען מיינסטענס פערבונדען מיט די אנדערע שעדליכע אורזאכען פון דעם געשלעכטס-לעבען. עס קאן צום ביישפיל טיילמאל פארקומען א סעקסועלע פערדארבענקייט אויף דעם לאנד און, אדרבה, א נארמאלער סעקסועלער צושטאנד אין א שטאדט, וועדליג די מאכט פון די אדער יענע איינפלוסען; מען מוז זיך דעריבער אלעמאל היטען, כדי ניט איבערצושרייבען די וויכטיגקייט פון אן איינציגען פאקטאר ביים אויפשטעלען א כלל. אין א דארף מיט שכורים קאן דאס געשלעכטס-לעבען זיין ערגער און מאוס'ער איידער אין א שטאדט וועלכע ווערט געפירט אויף א ריינעם, ניכטערנעם און שכל'דיגען אופן.

וואגאבונטענטום. — אין דער „ארכיוו פאר ראסען־ און געזעלשאפטס־ביאלאגיע" פון 1905, דערצעלט דר. יערגער די געשיכטע פון עטליכע דורות קינדער פון א פארפאלק וואגאבונדען (בראדיאגאס), וועלכע ער האט גענוי שטודירט. עס רופט ארוים א געפיהל פון שרעק צו זעהן, ווי כמעט אלע מיטגלידער פון דער דאזיגער פאמיליע

בעשטעהט אין דעם פערוועלקט־ווערען פון די נאטירליכע, גייסטיגע דיספאזיציעס צוליב דעם דוחק אין א סטימולאציע. א דאנק די פער־בעסערע טראנספארט־מיטלען קאן די דאזיגע גייסטיגע סטימולא־ציע אלץ מעהר און מעהר געברענגט ווערען אויף דעם לאנד. אזא צו־קינפטיג אויסלעגען פון דער טעריטאריע פון א קולטור־שטאאט, אזא צושטאנד וועלכען איך האב אין אויג, קאן מען רופען א ג ר א פ א ־ ל י ס — א שטאדטיש דארף אדער א דארפישע שטאדט. אויף דעם דאזיגען אופן ווערט בעשאפען די מעגליכקייט פאר דעם מענשליכען דענקען און פיהלען זיך אויפצוהויבען אויף אן אידעאלערען שטאפעל און אויך צו דערגרייכען צו א געזונדער און אידעאלער געשלעכטס־לעבען.

דער פויערים שטאנד איז א מעלה פאר דער הייראט, ניט בלויז ־־רפאר ווייל די פראסטיטוציע געפינט דא ניט קיין גוט פעלד וואו אויפצובליהען, נאר אויך דערפאר, ווייל, צוליב דעם פאקט וואס אויף דעם לאנד קען איינער דעם אנדערען א סך בעסער, איז אויך קלענער די געפאר צו ווערען אנגעשטעקט, און ווייל געזונדע קינדער פערגרע־סערען דאס גליק אין דער הייראט און זענען א ברכה פאר איהר דווי־ערהאפטיגקייט. פון א רעליגיעזען שטאנדפונקט האט מען געוויסע סעקסועלע אויפפירונגען פון די פויערים מיט וועהטאג בעשולדיגט אלס אונמאראליש. די עברה איז געוועגליך די, וואס אינגלעך און מיידלעך האבען אין פערשידענע פארמען א פרייען געשלעכטס־פערקער פריהער פאר דער חתונה. דער דאזיגער פערקער איז מיינסטענס ענליך צו א מין פריוף־הייראט, וועלכע מיר געפינען ביי ווילדע פעלקער און מכח וועלכער מיר האבען גערעדט אין קאפיטעל 6. מענשען וועלכע דולדען די פראסטיטוציע, זאלען זיך פריהער פערשעמען מיט איהר היפא־קריטסטווע און דערנאך מיט איהר מאראלישער פערוויסטונג, אויב זיי קומען צום פויערים־פאלק דרש'ענען מאראל איבער זיינע נאטיר־ליכע געשלעכטליכע פערבינדונגען אויסער דער הייראט. ווי געזונד דאס לאנד־לעבען איז פאר דער ענטוויקלונג פון קינדער קאן מען זעהען פון דעם ערפאלג פון די פעריען־קאלאניעס פאר שטאדטישע קינדער.

עס פערשטעהט זיך, אז אויף דעם לאנד זענען פונדעסטוועגען פאראן אנדערע אורזאכען וועלכע קאנען אויך דארט פירען צו א דע־גענעראציע, צ. ב. געוויסע ענדעמישע קראנקהייטען, ווי מיקסעדע־

מענשען אפטמאל ביי נאכט א געשלעכטס־פערקער אויף דער גאס פונקט ווי חיות און ניט א סך בעסער איידער די אנגע׳שכור׳טע קאַ־פערס אין זיד־אפריקא. וואס בלייבט דא איבער פאר ליבע, פאמיליע און קינדער־ערציהונג, און וואס קאן מען ערווארטען פון די קינדער פון אזוינע דעגענערירטע מענשען? יענע אביסעל וואולגארע, אבער מענשליך נאטירליכע הייראטס־מנהגים און דאס קאנקובינאט צווישען די פויערים, איז דאך פשוט גאלד אין פערגלייך צו דעם!

מיר מוזען דא האבען אין זין א זעהר אינטערעסאנטע און העכסט מאדערנע ערשיינונג, וועלכע איך וויל בקצור איבערגעבען אויף דעם פאלגענדען אופן: די געוואלדיגע ענטוויקלונג און דאס ביליג־ווערען פון די טראנספארט־מיטלען, צוזאמען מיט דעם היגיענישען פארטשריט בנוגע צו וואוינונגען, וועקען און פערשטארקען אלץ מעהר און מעהר די מאדערנע שטרעבונג די שטאדט צו פערפלאנצען אויף דעם לאנד און אין דערזעלביגער צייט דאס לאנד צו פערפלאנצען אין דער שטאדט, ד. ה.ביידע צו מאכען געגענזייטיג ענליכער, און אין דעם זעה איך דאס מעגליכע אויפטאגען פון א גאולה פאר דער צוקונפט. די מאַ־דערנע אמעריקאנישע שטעדט, א דאנק זייער געוואלדיגער ברייט און לענג, און צוליב דעם וואס איטליכס הויז, זייענדיג ארומגערינגעלט מיט א גארטען, זעהט אויס ווי א ווילא, ווייזען ארויס א שטארקע טענדענץ צו ווערען לאנד־ענליך. די עלעקטרישע גאסען־באנען קירצען אב די ווייטסטע שטרעקעס, און דערמיט ווערט לייכטער דאס בויען פון אט אזוינע מינים שטעדט. אויף דעם דאזיגען סמך האבען זיך שוין אין אייראפא אויך ארגאניזירט אזוי־גערופענע גארטענשטעדט־פעריינען און עס האבען זיך אויך אויפגעבויט גארטען־שטעדט. אויב דער טעכניק וועט געלונגען — אין דעם איז כמעט ניט דא קיין ספק — די טראנספארט־מיטלען צו מאכען נאך ביליגער און נאך איינפאכער, אזוי, אז מען וועט איבעראל נאך נעהענטער קאנען דערנעהנטערען שטאדט און לאנד, דעמאלט וועט בילעכווייז אויך ניט נויטיג זיין די א מ ע ר י ק א נ י ש ע שטאדט אדער די גארטען־שטאדט. מען וועט טאקע אויף דעם לאנד קאנען געניסען אלע אמת׳ע בעקוועמליכ־קייטען און מעלות פון דעם שטאדטישען לעבען און דערביי פטור ווערען פון דער אונבעקוועמליכקייט און די חסרונות פון דער שטאדטי־שער פראמיסקואיטעט. דער חסרון פון דעם לעבען אויף דעם לאנד

שטאָדטישען פּראָלעטאַריאַט, זייער לעבען מכח וועלכען עס ווערט היינט־צוטאָג אַזויפיל גערעדט; מיר וועלען זיך דעריבער מיט דעם דאָזיגען ענין ניט פיל פערנעהמען. בעזונדערס טרויריג, נעבען דער פּראָסטיטוציע און די וועגערישע קראַנקהייטען, זענען די ארבייטס־צושטאַנדען און די וואוינונגען פון א סך פּראָלעטארישע צענטערס, וועלכע פירען צו דער נידעריגסטער פּראָמיסקואיטעט. וואָס קאָן זיין דער סוף פון דעם געשלעכטס־לעבען פון די גרעסערע קינדער, וועלכע שלאָפען און וואוינען אין איין חדר, יאָ, אָפטמאָל אפילו אין איין בעט צוזאַמען מיט זייער פאָטער און מוטער?!

דאָס נעזאָגטע איז נאָך אפשר מעהר אמת מכח די פאַבריק־צענטערס, אין די געגענדען וואו מען ארבייט אין מינעס, א. אז. וו. דאָ פערוועלקען די מענשען ביי זייער מאַנאָטאָנער, אונגעזונדער ארבייט אין פערשטיקטע פלעצער און אונטער די ערגסטע סעקסועלע פערהעלטניסען. שכרות, פּראָסטיטוציע און פּראָמיסקואיטעט פון איין זייט, און דאָס געיעג נאָך לוקסוס און געלד פירען צו דער פולשטענדיגער דעגענעראציע פון גאַנצע אינדוסטריעלע בעפעלקערונגען.

די דאָזיגע געוואַלדיגע קערפּערליכע און גייסטיגע דעגענעראציע פון א גאַנצער פאַבריק־בעפעלקערונג, האָב איך געקאַנט גענוי שטודירען אין דעם קאַנטאָן צוריך. די מענשען וועלכע האָבען אמוועניגסטען געטויגט פאַר דער אויבען דערמאָנטער שפּיטאָל־ארבייט אין דעם משוגעים־אנשטאַלט, זענען געווען געוועזענע פאַבריק־ארבייטער פון ביידע געשלעכטער. זיי זענען געווען קערפּערליך, גייסטיג און מאָראַליש מיינסטענס אַזוי ווייט פערוועלקט און אַטראָפירט, אז זיי האָבען אָפטמאָל ניט געטויגט צו קיין שום אַנדערע בעשעפטיגונג א חוץ צו זייער ביז איצטיגער אוטאָמאַטישער ארבייט פון וועבען און וויקלען זייד, באוועל א. דגל. אין א סך אַנדערע ערטער איז נאָך ערגער: אזוי א שטייגער צווישען דעם ענגלישען שטאָדטישען פּראָלעטאַריאַט (צ. ב. אין ליווערפּול), צווישען דעם פּויליש־אידישען פּראָלעטאַריאַט אין ווארשא, און צווישען דער בעפעלקערונג פון געוויסע בעלגישע מינען־דיסטריקטען. פון דער בושה, פון דער מאָראַל און פון דעם געזונד ווערט א תל אָט אין דעם דאָזיגען זומפּ. צווישען א פאַבריק־מיידעל און א פּראָסטיטוטקע איז כמעט ניט דאָ קיין חלוק. אין געוויסע בעלגישע אינדוסטריעלע געגענדען, וואו עס בושעוועט דער אלקאָהאָל, האָבען

איינקלאנג מיט דער נאטור; בכלל געפינען מיר דארט דאס קאנקובי־נאט, אונטרייקייט אין פערהייראטען לעבען און ווען־ניט־ווען די פראס־טיטוציע, אבער די דאזיגע עקסצעסען קאנען זיך קיינמאל ניט זעהר ווייט פערשפרייטען צווישען א קליינער בעפעלקערונג, וואו אלע מענ־שען זענען צווישען זיך גענוי בעקענט. א גרינדליכע אויספארשונג פון דער אלקאהאל־פראגע האט מיך איבערצייגט, אז די סעקסועלע שא־דענס און אויך די דעגענעראציעס בירושה אין די דערפער זענען כמעט בלויז צו פערדאנקען דער שכרות אין איהר בלאסטאפטהארישע וויר־קונג (זעה קאפיטעל 1). דאס לעבען פון דער דארפישער בעפעלקערונג ווערט פעראנדערשט ווען אויף דעם לאנד ווערען אויפגעבויט פאברי־קען, געגראבען מינעס און ווען ער ווערען בעשאפען נאך ענליכע אונ־געזונדע אינדוסטריעלע פערהעלטניסען, און דעמאלט בעווייזען זיך אויך אין דארף די שאדענס פון דער שטאדט, אפטמאל אפילו אין א גרע־סערער מאס.

די בעפעלקערונג פון גרויסע שטעדט איז צוזאמענגעשטעלט פון א סך בעזונדערע קרייזען, וועלכע האבען גאר קיין אדער א גאנץ קנאפ־פען שייכות צווישען זיך, וועלכע ווייסען ניט איינס פון אנדערען און וועלכע אינטערעסירען זיך ניט איינס מיט דעם אנדערן. דער יחיד איז בלויז בעקענט אין זיין אייגענעם קרייז. דער דאזיגער צושטאנד העלפט דאס ענטוויקלען זיך פון דער אויסגעלאסענקייט אין פערבאר־געניש, וועלכע האט א שעדליכע ווירקונג. דערצו קומען נאך צו די מיינסטענס שלעכטע, אונסאניטארישע וואוינונגען, דאס אויפגערעג־טע לעבען, די אונצעליגע פערגעניגענס, און די פעולה דערפון איז אן אונגנאטירליך און צורודערט לעבען. די לעבענס־בעדינגען פון די מענ־שען: לופט, ליכט, די פרייע נאטור, גענוג און ניט קיין איינפארמיגע און מאנאטאנע ארבייט און בעוועגונג פון קערפער, דאס אלעס איז אין דער שטאדט, בפרט ביי די ארימע, אין דוחק. אנשטאט דעם גיט מען זיי קינסטליכע, אונגעזונדע בייצאכטיגע פערגעניגענס, א ניט בעשטראפטע פראסטיטוציע מיט אלע איהרע פריהער בעשריבענע גע־פערליכע פאלגען, צו וועלכע די עפענטליכע מיינונג איז גלייכגילטיג. בעת זיי זענען ניט בכח צו האבען קינדער דורך אן אמת געזונדער און נאטירליכער ליבע אדער אפילו זיי אנשטענדיג צו דערהאלטען, ער־נעהרען און ערציהען. דאס זענען די בעקענטע בעדינגען פון דעם

קאפיטעל 6, נאר איבעראל וואו די לאנדווירטשאפט ווערט געפירט פון געזונדע און פרייע פויערים, דעמאלט, ווען דאס לאנד איז צווישען זיי רעלאטיוו גלייך צוטיילט. די פאמיליעס אין די דערפער, דאס פויערים־פאלק, האבען דורכשניטליך מעהר און א סך געזונדערע קינדער איידער די פאמיליעס אין די שטעדט. ניט קוקענדיג דערויף וואס אפטמאל בלייבען אין די מאדערנע שטעדט, א דאנק דער מעדיצינישער היגיעי־נישער קונסט,מעהר קינדער לעבען איידער אין די דערפער, וועלכע זענען אין דעם דאזיגען פרט פערנאכלעסיגט און וועניגער גינסטיג, זענען אבער פונדעסטו״נגען די דארפס־קינדער בעסער ענטוויקעלט און אין אלע בעציהונגען דורכשניטליך געזונדער און שטארקער. זייענדיג א סך יאהרען דירעקטאר פון א משוגעים־אנשטאלט, האב איך געהאט די געלעגענהייט זיך אין דעם צו איבערצייגען. דאס שטאדטישע מאטעריאל פוןביידע געשלעכטער האט מייגסטענס גיט גע־טויגט פאר א שפיטאל־ארבייט, פאר פלעגערס און פלעגערינס. אמת, די שטאדט־מענשען האבען זיך געוועגליך שנעלער אויסגעלערנט די מלאכה, זיי האט אבער געפעהלט געדולד, אויסדויערקראפט, כאראק־טער, און ביי א געגויערער אויספריפונג האט זיך ארויסגעשטעלט זייער גייסטיגע און פיזישע אונפעהיגקייט. אדרבה, די דארפס־קינדער זע־נען תחלת אומגעלומפערט און ניט געלענקט צו דער דאזיגער ארבייט, אבער צוקוקענדיג זיך פאסען זיי זיך ביסלעכווייז צו און זיי ווערען פעהיגער. דאס דאזיגע קאן מען מערקען איבעראל. דאס איז א קלא־רער בעווייז, אז די גע'ירש'ענטע דיספאזיציעס פון די דארפס־קינדער זענען דורכשניטליך בעסער איידער פון די שטאדטישע קינדער. אמת, ביים שטאדטישען קינד צובליהען זיך פריהער, שנעלער און פולשטענ־דיגער זיינע מיטגעבוירענע פעהיגקייטען א דאנק זיין געזעלשאפט־ליכען פערקער און געשליפענקייט איידער ביים דארפס־קינד, וועלכעס קאן דעריבער ביים ערשטען בליק אויסזעהען צוריקגעשטאנען און וועניגער בעגאבט, הגם אין דער אמת'ן איז ער מעהר פעהיג איידער דאס שטאדטישע קינד. דער אויבערפלאכליכער בעאבאכטער ווערט דע־ריבער לייכט אבגענארט, אבער דאס דארפישע לעבען ענטוויקעלט און זאמעלט אן א גרעסערען זאפאס כח און געזונד איידער דאס שטאד־טישע לעבען.

די סעקסועלע אויסגעלאסענקייטען אין די דערפער איז מעהר איז

דאָס לעבען אין שטאָדט און אויף דעם לאַנד, איינזאַמקייט, געזעלשאַפטליכקייט און דאָס פאַבריק-לעבען. — דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען פון דעם מענש האָט אַן אומגעהייערען איינפלוס אויף זיין געשלעכטס-לעבען. לעהררייך זענען אין דעם דאָזיגען פּרט די פּרושים און די איינזאַמע פערמערס וואָס לעבען אָבגעזונדערט פאַר זיך. אַ טיפע איינזאַמקייט רופט ביים מענש מיינסטענס אַרויס די משונה'דיגסטע אייגענשאַפטען און אַ מעלאַנכאָלישע שטימונג, אויב ער האָט ניט מיט זיך אין זיין איינזאַמען חדר'ל אַ מענגע ספרים, וועלכע ער לייענט אין דער אַרומיגער שטילקייט. אין דעם פאַל אָבער איז דער עקספּערימענט ניט אינגאַנצען כשר, מחמת ער האָט דעם דאָזיגען רייכטום פון וויסען פריהער דערוואָרבען אין אַ קולטור-געזעלשאַפט, מיט וועלכער ער לעבט גייסטיג ווייטער צוזאַמען און זיין אָבגעשלאָסענקייט. לגמרי אַנדערש איז עס מיט יענע וואָס האָבען ניט קיין גייסטיגען אַנהאַלט, אָדער מיט יענע וואָס זענען איינזאַם פון קינדווייז אַן. דער דאָזיגער פּרוש ווערט אַ מין ווילדער, קערט זיך צוריק צו דעם פּרימיטיווען צושטאַנד, ווערט שעמעדיג, און זיין גייסט ווערט פערוועלקט. דער דערוואַקסענער מענש, וועלכער בעזעצט זיך אַלס פערמער ערגיץ וואו אין דער שטילער איינזאַמקייט, דערביי ניט האָבענדיג קיין ברעקעל גייסטיג פערמעגען, האָט אַ שטאַרקע נייגונג מיט דער צייט צו ווערען פּסיכיש נידערגעשלאָגען און צובראָכען: דאָס ווערט אָפטמאָל בעאָבאַכט צווישען די נאָרד-אַמעריקאַנישע פערמערס, ווערליג ווי דאָס האָט מיר פערזיכערט מיין פערשטאָרבענער פריינד, פּראָפעסאָר סעגין פון נויאָרק. ער איז געווען אַ נערווען-דאָקטאָר און זעהר גוט בעקענט מיט דעם דאָזיגען לעבען. דער מענש, וועלכער לעבט איינזאַם אַליין אָדער בלויז צווישען די סאַמע נאָהענסטע פון זיין פאַמיליע, איז אַ חוץ דעם זעהר אָפט אויף געניינט צו געוויסע סעקסועלע פערווערזיטעטען, צו וועלכען זיין מין לעבען פיהרט איהם נאָהענט צו, ווי אַ שטייגער די בלוטשטאַנד, סאָדאָמיע, פעדעראַסטיע און אָנאַניזם.

פערקערט צווישען דער בעפעלקערונג וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט אַגריקולטור, געפינען מיר די געזונדסטע סעקסועלע פערהעלטנישען, און בכלל דאָס נאָרמאַלסטע לעבען. דאָס זעהען מיר ניט בלויז ביי די פראַנצויזען אין קאַנאַדאַ, וועלכע מיר האָבען דערמאָנט אין

## קאפיטעל XI.

# דער איינפלוס פון דער סביבה אויף דעם געשלעכטס־לעבען.

ווי שטארק דאס געשלעכטס־לעבען פון איטליכען יחיד, האבענדיג זיינע ווארצלען אין די אלטע און טיפע פילאגענעטיש־גע׳ירש׳ענטע אינסטינקטען, זאל ניט פון דער טיפעניש לאזען פיהלען זיין מאכט, איז אבער פון דער אנדערער זייט אהן שום צווייפעל, אז אויף אזא קאמפליצירטען ארגאניזם, מיט זיין פילזייטיג געהירן־לעבען, ווי דער מענש איז, האט די ארומיגע סביבה פון לעבען א געוואלדיגען איינפלוס אויף זיין געשלעכטס־טריב און אויף זיין ליבע. מיר וועלען זיך דא פערנעהמען מיט די אויפפאליגסטע פון די דאזיגע איינפלוסען, אויף וויפיל זיי ווערען ניט בעהאנדעלט אין אנדערע קאפיטלען.

דאס קלימאט. — ביים סוף פון קאפיטעל 6 האבען מיר שוין געזעהען, אז דאס קלימאט ווירקט קענטיג אויף אזא אופן, אז א גרע־סערע ווארימקייט פערשטארקט דאס געשלעכטס־לעבען. אין הייסע לענדער ווערען די מענשען מיינסטענס פריהער געשלעכטליך רייף און זיי זענען אויך מעהר גענייגט צו סעקסועלע עקסצעסען. איך וויים ניט פון אנדערע איינפלוסען וועלכע קאנען אויך ווערען צוגעשריבען צום קלימאט. עס איז מעגליך, אז די געוואלדיגע ווירקונג וואס דאס קלי־מאט האט אינדירעקט אויף דער גאנצער מענשליכער עקזיסטענץ, קודם כל די שווערע לעבענס־בעדינגען און די אנגעשטרענגטע אר־בייט צו וועלכע די פעלקער פון די קאלטערע געגענדען זענען גע־צוואונגען, שוואכען אב זייער געשלעכטס־טריב. אין די ווארימע לענ־דער נויטיגט זיך ניט דער מענש אין קיין בעהייצונג און אין קיין קאמ־פליצירטע וואוינונגען און קליידער: דאס לעבען איז אהן אן ערך פערייגפאכט, און דאס אלעס רייצט איהם צו אן אינטענסיווער גע־שלעכטס־לעבען.

מאכען קלאר די ברייטקייט און די טיפקייט פון דעם דאזיגען ענין. די פראסטיטוציע, די געלד־הייראט און דאס בעצאלטע קאנקובינאט זענען אלע, איטליכע אויף זיין שטייגער, אינסטיטוציעס וועלכע פירען צו א קארופציע און דעגענעראציע, און וועלכע צוזאמען מיט שכרות, ספעקולאציע און דאס געיעג נאך געלד בכלל, סטראשען צו מאכען א חרבן פון אונזער מאדערנער קולטור. צווישען אלע אבנארמאליטעטען איז די שטאאטליכע ארגאניזאציע פון דער פראסטיטוציע דער גרעסטער מאנסטער. איהם מוז מען אונבעדינגט אינגאנצען אויסווארצלען.

אין אלע צייטען איז ווענוס אדער אפראדיטע געווען דאס סימבאל פון שעהנקייט און ליבע. הגם זי איז געווען ביז א געוויסען שטאפעל בייזוויליג, איז זי אבער געווען פרוכטבאר און פול מיט בענקשאפט, און האט אין זיך פערקערפערט ניט בלויז די נאטירליכע בעגערען פון דעם מענש, נאר אויך זיינע קינסטלערישע אידעאלען. אבער היינט פעריינינגען זיך צוויי פאלשע געטער אלעמאל מיט מעהר חוצפה, כדי זי אריינצוציהען אין דער בלאטע, — באקכוס מאכט פון איהר א נידעריגע און וואולגארע בעסטיע, און דער גאט מאמאן, דאס עגל הזהב, מאכט פון איהר א געזונקענע פראסטיטוטקע, בעת פון דער אנדערער זייט ווידער וויל א פאנאטישער, ניידישער אדער צבוע'אצקער רעליגיעזער אסקעטיזם זי אלעמאל בינדען אין א צוואנגס־יאקע. איך האף, אז די מאדערנע קולטור וועט נאך געפינען גענוג כח זי צו בעפרייען פון דער דאזיגער צוואנגס־יאקע און פון דער טיראניי פון יענע צוויי שענדליכע פערפירערס: דעמאלט ערשט וועט די געטין פון ליבע ווידער אויפשיינען און בעלייכטען דעם הימעל פון דעם מענשליכען גליק.

צירטער און זענען בעקענט מיט די מיטלען וועלכע פערהיטען שוואַנ־גערשאַפט.

דאַס מזל פון די קינדער פון אזוינע פרויען וועלכע גיבען זיך אי־בער פאַר געלד, איז אין די מיינסטע פאַלען זעהר טרויריג. די דאָזיגע קינדער זענען ניט די פרוכט פון ליבע, נאָר מיינסטענס פון אן אונ־נאַטירליכער פערבינדונג צוליב דער גענוסזוכט, לייכטזיניגקייט און פוילקייט. דאַס קינד קומט צו זיי אַלס א שטערונג פון זייער שלום. דעריבער ווערט עס אין זיין עמבריאָ אַבגעטריבען דורך א קינסטליכען מפיל, אדער נאָך זיין געבורט ווערט עס געגעבען צו עפּעס א מכשפה, וועלכע גיט שוין אכטונג אַז דאַס קינד זאָל באַלד אריין אין הימעל. עס איז אָהן ספק אויך פאַראַן א בעסערער קלאַס פון פערקויפטע פרויען: מען זעהט אפילו ווי פשוט'ע באָרדעל־פּראַסיטיטוטקעס פלעגען און פערזאָרגען זייערע טיילמאָל געבוירענע קינדער מיט אַן אמת'ער מו־טער־ליבע. בעת, פערקערט, פרויען פון דער העכסטער געזעלשאַפט שטרענגען אַן אלע זייערע כחות צו פּטר'ען זייערע אונגעזעצליכע קינ־דער, מחמת זיי זענען אויסגעזעצט צו א סך א גרעסערער שאַנד. אפילו פערהייראַטע פרויען זענען קינסטליך מפיל צוליב דער פשוט'ער בע־קוועמליכקייט.

די נאָר־וואָס בעהאַנדעלטע פיערטע גרופּע פון פרויען האָבען מיר דאָ גענומען אין בעטראַכט בלויז צוליב איהר קאָמערציעלער, סוחר'־ישער זייט. דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך מכח א פערקויף פון דעם אייגענעם לייב פאַר געלד, איז דאַס צוזאַמענלעבען אוננאַטירליך און נידעריג. פערקויפטע ליבע איז ניט קיין ליבע. זי איז א שענדליכער אַבמאַך צו בעפרידיגען דעם נידעריגסטען חיה'שען געשלעכטס־טריב פון דעם מאַן. טיילמאָל טרעפט אויך, אַז ענליכע קאָנטראַקטען ווע־רען אַבגעמאַכט אין אַן אַנדערער אַדער אין א פערקערטער ריכטונג: דעמאָלט, ווען א האָמאָ־סעקסועלער מאַן (זעה קאַפּיטעל 8) קויפט זיך יונגע מענער כדי צו בעפרידיגען זיין אַבנאָרמאַלען טריב, אַדער ווען א נימפאָמאַנישע פרוי, הגם בעהאַלטענדיג איהר אמת'ען מאָטיוו אונ־טער אַלערליי תרוצים, קויפט זיך אָרימע אבער שעהנע יונגע מענער.

וויפיל דער אינהאַלט פון דעם גאַנצען לעצטען קאַפּיטעל זאָל ניט האָבען אויפגעוועקט א געפיהל פון עקעל, איז אבער דאַס קאַפּיטעל געווען נויטיג צו שרייבען, כדי פאַר די אויגען פון דעם לעזער צו

כער א בארדעל־האלטער איידער א טעאטער־דירעקטאר. פון דעם דאַ־זיגען, הגב שוין אביסעל קאנצענטרירטען און צו שטרענגען משל, קאן מען זעהען ווי עלאסטיש און פערפלאכטען די דאזיגע אלע בעגריפען זענען צווישען זיך.

די פראגע פון מעטרעסען איז א סך מעהר פערוויקעלט און א סך דעליקאטער אין שייכות צו פערהייראטע מענער. אויך דא אינטערעסירען אונז בלויז די בעצאלטע מעטרעסען. אזוינע מעטרעסען געפינען מיר ביי פערהייראטע מענער מיינסטענס נאר דעמאלט, ווען דאס פערהייראטע לעבען האלט אין צופאלען, סיי ווען מאן און ווייב זענען צושיידט, סיי ווען צווישען זיי געהט אן א מחלוקת. אמאל, פערקערט, קאן פערהייראטער מאן, הגם ער לעבט צופרידען מיט זיין פאמיליע, פונדעסטוועגען בסוד אדער אפילו מיט זיין ווייב'ס וויסען בעזוכען בארדעלען אדער פראסטיטוטקעס, מחמת די פראסטיטוטקע קאן נים האבען קיין דירעקטען איינפלוס אויף די פאמיליען־פערהעלטניסען. מען האט אויך אפילו דעם דאזיגען טרויריגען ארגומענט בענוצט, כדי צו פערטייטיגען די פראסטיטוציע. עס איז אמת, אז א סך פערהייראטע מענער האבען זעהר אפט געהיימע ליבעס־פערהעלטניסען מיט אנדערע פרויען און דערפאר ווערט אויך דאס ווארט „מעטרעסע" אזוי אפט גענוצט. אבער דא שפילט דאס געלד אדער קיין שום ראלע נים אדער נים די געוועהנליכע ראלע ווי אין אנדערע פאלען. אפטמאל האבען מיר דא צו טון מיט אן אינטריגאנטקע, וועלכע צילט אוועקצונעהמען א מאן פון זיין פרוי כדי איהם צו הייראטען צוזאמען מיט זיין פערמעגען, אדער פערקערט, מיט אן אינטריגאנט, וועלכער וויל פערפירען פרעמדע פרויען. מיר בערירען בלויז די דאזיגע צושטאנדען, כדי צו ווייזען ווי שווער עס איז אפטמאל צו זעהען די גרעניץ צווישען דער בעצאלטער מעטרעסע און דער סעקסועל ליידענשאפטליכער פרוי, וועמעס סעקסועלע סאנעווורע איז נים געבויט אויף קיין געלד־אינטערעסען.

קאקאטקעס, גריזעטקעס און בעצאלטע מעטרעסען האבען זעלטען קינדער. די דאזיגע פרויען, לכל הפחות די בעסערע סארטען פון זיי, זענען א סך וועניגער אנגעשטעקט מיט ווענערישע קראנקהייטען איידער די פראסטיטוטקעס; זיי זענען געבילדעטער, כיטרער, קאמפלי־

מענער. דזשאַרדזשעס סענד צ. ב. איז געווען אַ מין העטערע, אָבער זי איז געווען אַ העטערע אויס רייגער ליבע. בעת ביי די גריכישע העטערען האָט די געלד־פראַגע געשפּילט אַ געוואַלדיגע ראָלע. עס זע־נען פאַראַן בעצאַלטע מעטרעסען; ווייטער זענען דאָ אַזוינע וואָס לע־בען מיט זייער געליבטען אויף דעם יסוד פון קאַמעראַדשאַפטליכקייט און גלייכהייט; און אַפילו אַזוינע מעטרעסען וואָס האַלטען אויס זייער געליבטען. אַ חוץ דעם מוזען מיר אויך היינט מאַכען אַ אונטערשיד צווישען מעטרעסען, וועלכע לעבען מיט פערהייראַטע מענער און אַזוי־נע וועלכע לעבען מיט ניט־פערהייראַטע מענער. דער טיפּישסטער פאַל איז יענער, וואו אַ „בעטשעלאָר“, וועלענדיג בלייבען פריי, נעהמט זיך אַ מעטרעסע, וועלכע ווערט אויך די בעל־הבית'טע פון זיין הויז, און אויף דעם אופן איז זי אַן אונגעזעצליכע פרוי, וועלכע קאָן איהם פער־לאָזען ווען זי וויל אָדער קאָן פון איהם ווערען אָבגעזאָגט ווען ער וויל. טייל פרויען פערבינדען זיך אויף דעם אופן אָהן דערפאַר צו קריגען וואָסערען ס'איז לוין, בלויז פאַר זייער דערהאַלטונג, פאַר וועל־כער זיי צאָלען ווידער צוריק מיט זייער הויז־אַרבייט. דאָ, אין דעם דאָ־זיגען פאַל, פאַלט אַוועק דער אייגענטליכער פערקויף פון דעם קערפּער. דער אָבמאַך קאָן ווערען געמאַכט אויף אַ בעשטימטער אָדער אויף אַן אומבעשטימטער צייט. בכלל אָבער דויערט ער אַ סך לענגער איידער דאָס צוזאַמענלעבען מיט גריזעטקעס אָדער קאָקאָטקעס. ביי אַזאַ צוזאַמענ־לעבען איז די ווירקונג פון דעם געלד אַ בעשיינפערליכער, מחמת די בענעמונג פון דעם מאַן אַנטקעגען אַ בעצאַלטער מעטרעסע איז אַ גאַנץ אַנדערע, ער איז צו איהר מעהר גראָב און בעפעהלעריש, איידער אַנט־קעגען אַ ניט בעצאַלטער מעטרעסע. די ליבע ביי יענע מעטרעסען, וועל־כע קריגען פשוט בעצאַלט, איז ניט פיל שטאַרקער און דויערהאַפטער איידער די ליבע ביי די גריזעטקעס; די סיטואַציע איז כמעט די זעל־ביגע. עס זענען אויך פאַראַן פערהייראַטע מעטרעסען.

זאָלאַ'ס נ א נ א פּראָסטיטואירט זיך געוועגליך מיט רייכע מענער. דערביי אָבער איז זי פאַנטאַנ'ס אונטערטעניגע מעטרעסע אָדער קאָנקובינע, וועלכער שפּילט די ראָלע פון אַ בעשיצער און אַ חוץ דעם פיהלט זי אַן אידילישע און אמת'ע ליבע צו דעם קליינעם דזשאָרדש. דער טעאַטער־דירעקטאָר באָרדענאַוו האָט רעכט ווען ער וויל; אַז זיין טעאַטער זאָל מען רופן באָרדעל; און ער אַליין איז גע־

היינט־צוטאג איז זעהר פערשפרייט דאס צוזאמענלעבען אין פאר־טיג מעבלירטע צימערען: א מאן און זיין „פטיט פעם“ דינגען אב איין צימער אין די אזוי־גערופענע „האטעל־גארניע“ און די דאזיגע האטעלען האבען דעריבער א זעהר צווייפעלהאפטען נאמען. טיילמאל ווערט זייער צוזאמענלעבען אביסעל העכער דערפאר, מחמת דאס פארפאלק לעבט מעהר אינטים און ווייל דאס מיידעל טוט פאר איהר געליבטען אלערליי נויטיגע ארבייטען, קאכט פאר איהם, נעהט א. אז. וו. די דאזיגע בעציהונגען נעהמען שוין אן אן ערענסטערען כאראקטער, און ביי דער גריזעטקע איז אבסאלוט אויך ניט אויסגעשלאסען א געוויסער גראד סימפאטיע אדער אפילו ליבע. דאך פירען זיך די דאזיגע פער־העלטניסען בכלל אזוי, אז די ליבע קאן ניט אננעהמען קיין טיפע ווארצלען: די דאזיגע „הייראטען“, ווי געזאגט, דויערען זעהר א קורצע צייט און אלע פאר וואכען אדער מאנאטען בייטען זיי זיך, אזוי, אז דורך אזא פאליאנדריע ווערען ביסלעכווייז אבגעטעמפט די נאטירליכע וווייבליכע ליבעס־געפיהלען. סוף כל סוף האנדעלט זיך דא שטענדיג מכח א „זייטיגער הכנסה“.

עס זענען פאראן פערשידענערליי קאקאטקעס און גריזעטקעס: אבער זיי לעבען מיינסטענס מיט קליינע סוחרים, סטודענטען, ארביי־טער א. דגל. איידער מיט דעם רייכערן קלאס מענשען. עס איז א מין גע־גענזייטיג איינשטימיגער געשלעכטליכער אבמאך פאר א קורצען משך. דאס דאזיגע סיסטעם איז זעהר פערשפרייט אין די גרעסערע שטעדט, וואו די איינוואוינער קענען זיך ניט און מישען זיך ניט אין יענעמס עסקים. אין קלענערע שטעדט, וואו איינער קען דעם אנדערען, איז אזא צוזאמענלעבען שווער דורכצומאכען.

מעטרעסען. — יענע פרויען וועלכע שטעהען אויף א העכערען שטאפעל פון דעם דאזיגען צוזאמענלעבען, קאן מען רופען מיט דעם נאמען מעטרעסען. דא אבער זעהט זיך שוין קלאר ארוים דער אי־בערגאנג פון דער פראסטיטוציע צו דעם קאנקובינישען צוזאמענלעבען, וועלכעס איז געבויט אויף ליבע, מחמת א מעטרעסע גיט זיך ניט אלע מאל איבער בלויז צוליב געלד. די העטערען פון די אלטע גריכען (זעה קאפיטעל 6) זענען מעהר אדער ווייניגער געוועזען ענליך צו די מאדער־נע מעטרעסען, בעזונדערס צו די געבילדעטע מעטרעסען פון בערימטע

קאנקובינאט איז דער פאקט וואס בטבע איז די ערשטע א ב ע־צ א ל ט ע „ליבע". אבער די גרעניצען זענען זעהר ניט קיין דייט־ליכע די אריגינאלען פון די ביז־אהער אויפגעקומענע מינים ליבעס־שפילען זענען מיינסטענס געליפערט און כאראקטעריזירט געווארען פון פאריז.

אין דייטשע לענדער שפילען אין דעם פרט די קעלנערינס א בע־זונדערע און טרויריגע ראלע. אזוי ווי אבער דער דאזיגער פאקט שטעהט אין א נאהענט שייכות צו דעם אלקאהאל־געברויך און צו דעם גאסט־הויז (שענק), דעריבער וועלען מיר די פראגע מכח די ראלע פון די קעלנערקעס איבערלאזען פאר דעם קומענדיגען קאפיטעל.

די בעצאלטע פרויען, פון דעם נידעריגסטען שטאפעל, אבער וועל־כע זענען אייגענטליך ניט קיין רעגולערע פראסטיטוטקעס, קאן מען רו־פען קאקאטקעס (פריהער לארעטקעס). מען קאן זיי קוים אבשיידען פון די שעמעדיגע פראסטיטוטקעס, יענע וועלכע זענען ניט איינגע־שריבען אין דער פאליציי. פונדעסטוועגען קאנען מיר דעם דאזיגען קלאס צוזאמענשטעלען פון יענע פרויען, וועלכע לכל הפחות פערקויפען זיך ניט אויף דער גאס צום ערשטען בעסטען מאן, נאר וועלכע זענען מעהר אדער ווייניגער וועהלעריש און האלטען זיך טיילמאל, ווייניגס־טענס פאר א קורצער צייט, בלויז אין איין אדער אין עטליכע און דיזעלביגע מענער.

אויף א מאראליש העכערען שטאפעל שטעהען די פריהער בע־קענטע גריזעטקעס אדער די „פטיט פעם" פון דעם פאריזער סטודענט און עטליכע מענער. דאס צוזאמענלעבען מיט א גריזעטקע קאן מען פערגלייכען מיט אן אבסאלוט פרייער און קורץ־דויערענדיגער הייראט, ביי וועלכער עס הערשט א רעלאטיווע געטריישאפט. די גריזעטקע, פונקט ווי געוויסע פרייע פראסטיטוטקעס, לעבט ניט בלויז אויף דעם געלד פון איהר ליבהאבער. מיינסטענס איז זי דערביי אן ארבייטס־מיידעל, א מאדיסטען, א שניידער־מיידעל אדער א קראם־מיידעל, זי איז פריהער געווען מעהר אדער ווייניגער בעשיידען און פשוט, אבער בכדי צו לעבען בעסער און צו האבען מעהר פערגעניגען, האט זי זיך געלאזט אויפהאלטען פון א מאן, מיט וועמען זי האט געוואוינט און געשלאפען און וועמעס בעל־הבת'ישקייט (א צימער) זי האט געפירט. די דאזיגע פערהעלטניסען בייטען זיך אבער זעהר אפט.

אין זיך ווערען די דאזיגע אבטיילונגען פשוט אן אבקומעניש. עס איז דעריבער זיך ניט דא וואס צו חדש'ען, ווען אונטער אזוינע צושטענ־דען וועלען בעזונדערס פרויען, און אפילו אנשטענדיגע פראסטיטוטקעס (מחמת אזוינע זענען פאראן) ווי ווייט מעגליך אויסמיידען זיך צו לאזען בעהאנדלען אין שפיטעלער: זיי ווערען דעריבער דער ערגסטער קוואל פון אנשטעקונג. דער דאזיגער וויסטער צושטאנד קאן לייכט אבגעשאפט ווערען דורך אן אנשטענדיגערע און זארגפולערע בעהאנד־לונג אין שפיטעלער, בכלל דורך א מעהר מענשליכען און פרייערען זיך פערהאלטען בנוגע צו דער גאנצער פראגע פון געשלעכטס־קראנק־הייטען, און דורך א בעסערער אבזונדערונג פון די פאציענטען וועד־ליג זייער אויפפירונג. דעמאלט וועלען פאציענטען מיט ווענערישע קראנקהייטען א סך לייכטער זיך קאנען אונטערווארפען צו א שפיטאל־בעהאנדלונג, ווי א שטייגער עס טון איצט פאציענטען מיט הויט־קראנקהייטען א. דגל., און זיי וועלען א סך לייכטער געהיילט ווערען. געוויסע פארטשריטען אין דער דאזיגער ריכטונג האט מען שוין גע־מאכט אין איטאליען.

צום סוף וויל איך ארויסזאגען מיין איבערצייגונג, אז נ ע ב ע נ־ ז ו ע ר ט י ג קאן די פראסטיטוציע בלויז ווערען איינגעהאלטען און קוואליטאטיוו אויסגעבעסערט, אבער זי קאן ניט ווערען אינגאנצען אונטערדריקט: אז נאר די ענדערונג פון דעם סאציאלען לעבען, קודם כל די אבשאפונג פון דעם סיסטעם פון עקספלואטאציע צוזאמען מיט שכרות, קאן און מוז סוף כל סוף אבשאפען די גאנצע פראסטיטוציע. און, אז צוערשט וועט אויף איהר פלאץ זיך ענטוויקלען דאס א סך וועניגער שלעכטע קאנקובינאט, און אז דערנאך ערשט וועט שטא־פעלוויין אנקומען א מענשליכע, פרייע ליבע און הייראט.

## 4. קאקאטקעס און מעטרעסען (דאס בעצאלטע קאנקובינאט).

די גרופע וועלכע מיר דארפען איצט בעהאנדלען איז ניט זעהר שארף אבגעגרעניצט: זי איז דער איבערגאנג פון דער אייגענטליכער פראסטיטוציע צו די ליבעספערהעלטניסען אויסער דער הייראט, ד. ה. צום קאנקובינאט. דער חלוק צווישען דער פראסטיטוציע און דעם

זונד, און איך בעצאל דעם קצב מיט פאלש געלד אדער ער האט פון מיר עפעס אן אנדערען שאדען, דעמאלט האט ער פונקט דאסזעלביגע רעכט מיך צו פערקלאגען.

די דאזיגע מיטלען זענען אבער ניט די עיקר־זאך. כדי ערפאלג־רייך צו בעקעמפען די פראסטיטוציע און די װענערישע קראנקהייטען, זענען נויטיג טיפע סאציאלע רעפארמען.

ערשטענס מוז בעקעמפט װערען דאס מאדערנע סיסטעם פון עקספלואטאציע פון ארימע דורך רייכע, די נידעריגע בעלוינונג פאר זייער ארבייט און די סאציאלע ארדנונג מוז גרינדליך איבערגעביטען װערען.

צװייטענס מוז אבגעשאפט װערען דער געברויך פון נארקאטישע מיטלען און בעזונדערס פון אלקאהאל.

דריטענס מוז מען אװעקװארפען די פאלשע בושה בנוגע צו דעם נארמאלען געשלעכטס־לעבען.

פירטענס מוז מען איבעראל בעקענט מאכען מכח די געפארען פון די װענערישע קראנקהייטען און די מיטלען מיט װעלכע צו פער־מיידען די אנשטעקונג.

פיפטענס מוז מען איבעראל אבהיטען די כללים פון ריינליכקייט, און בעזונדערס אין געשלעכטס־פערקער און.

זעקסטענס מוז די בעהאנדלונג פון װענערישע קראנקהייטען אין ש-יטעלער צוגעהען אויף אן אנשטענדיגען און מענשליכען אופן, כדי דערביי זאל געשוינט װערען דאס געפיהל פון בושה ביי ביידע געשלעכ־טער, בעזונדערס אבער ביי די פרויען. אזוי, אז אנגעשטעקטע, אויב זיי זענען נאר ניט די געזונקענסטע ברואים, זאלען פריהער ניט דאר־פען דורכמאכען אלע שבעה מדורי גיהנום ביז זיי קאנען ביי זיך פועל'ען זיך צו לאזען גרינדליך אונטערזוכען אין א שפיטאל. דערצו איז נויטיג אן ארדנונג און א פארזיכטיגקייט, בעת איצט זענען די אבטיילונגען אין שפיטעלער פאר װענערישע קראנקהייטען פאקטיש מעהר ענליך צו קליינע בארדעלען איידער צו לאזארעטען. דאס קאן אנדערש ניט זיין, כל זמן די אנגעשטעקטע פראסטיטוטקעס, װעלכע דער שטאאט האט מיט זיין אויפפאסונג אראבגעזונקען ביז צום טיפסטען שטאפעל װערען דארט אריינגעשפארט װי א סטאדע פון די סאמע נידעריגסטע אויסװאורפען: פאר מענשען מיט א פונק פון בושה

פערוועהרען א דערוואקסענעם און פעראנטווארטליכען מענש צו טון מיט
זיין קערפער וואס ער וויל, אהן דערביי ניט צו נעהמען אויף זיך די ראָ־
לע צו פערטייטיגען די געטליכקייט, און אהן דערביי צוריק ניט אריינ־
צוברענגען די מעטאפיזיק — די רעליגיע — אין דער געזעצגעבונג.
ער קאן אבער פערלאנגען, אז דער מאן אדער די פרוי, וועלכע פראָס־
טיטואירען זיך, זאלען ניט זיין א שטערונג פאר דער עפענטליכקייט
און פאר זייטיגע מענשען, און דעריבער האט ער דאס רעכט די גאסען־
פראסטיטוציע, ד ה. די עפענטליכע סעקסועלע פראוואקאציע פון
יידע געשלעכטער, צו בעשטראפען מיט געלד אדער קליינע געפענג־
ניס־שטראפען, און ווען דאס פערברעכען ווערט אפטמאל בעגאנגען,
אויך מיט צוואנגס־ארבייט. ווייטער קאן ער די וועגעריש קראנקע פון
ביידע געשלעכטער געבען דאס רעכט מיט דער הילף פון דעם ציוויל־
געזעץ צו פאדערען שאדען־געלד פון יענע וועלכע האבען זיי אנגע־
שטעקט. דאס לעצטע רעכט ווערט זעהר א סך בעקעמפט. נאך מיין
מיינונג דארף אזא רעכט יא עקזיסטירען, אזוי באלד ווי דער שטאאט
מישט זיך מעהר ניט ד. ה. טאלערירט און רעגולירט מעהר ניט די
פראסטיטוציע. כל זמן דער שטאאט צווינגט די פראסטיטוטקעס
זיך אונטערצווארפען צו א מעדיצינישער אונטערזוכונג און בעהאנד־
לונג, נעהמט ער אויף זיך די פעראנטווארטליכקייט פאר זייער געזונד־
צושטאנד. היינט, דעריבער, אויב אן אנגעשטעקטער פערקלאגט, פאר
שארען־געלד, דארף ער לאגישערווייז פערקלאגען דעם שטאאט און ניט
די פראסטיטוטקע, אדער, אויב ניט דעם שטאאט גופא, דארף ער פער־
קלאגען דעם קאנצעסיאנירטען בארדעל־האלטער. אבער גאנץ אנדערש
איז מכח דער פעראנטווארטליכקייט בעת די פראסטיטוציע איז א
פרייע. דער פערקער פון א פראסטיטוטקע מיט איהר קליענט איז אזוי־
צוזאגען א פריוואט אבמאך לויט וועלכען ביידע צדדים האבען די־
זעלביגע פליכטען און רעכטען; דעריבער, אין פאל פון א שאדען, זאל
דער בעשעדיגטער האבען דאס רעכט דעם אנדערען צו פערקלאגען. אויב
ער האט גענוג בעווייזען מיט וועלכע ער קאן איבערצייגען די ריכטיג־
קייט פון זיין טענה. אויב דאס פלייש וועלכעס איך האב געקויפט
ביים קצב איז אלט אדער עס קומט פון א קראנקער בהמה, און איך
ווער דערפון קראנק, דעמאלט האב איך א פולשטענדיג רעכט צו פער־
קלאגען דעם קצב; פערקערט אבער, אויב דאס פלייש איז פריש און גע־

שטעדט, צ. ב. אין ביעל, ווערען באַרדעלען טאָלערירט פון דער שטאָדט־רעגירונג, צום טראָץ פון געזעץ; זיי ווערען אָבער ניט רעגולירט.

נאָך אַ טענה איז געווען, אַז דורך דער אָבשאַפונג פון דער שטאַאַט־ליכער רעגולאַציע וועט זיך פערמעהרען די צאָל פון סעקסועלע פער־ברעכענס. אויך די דאָזיגע סטראַשידלע איז ניט מעהר ווי אַן אילוזיע. אַלע אָדער כמעט אַלע סעקסועלע פערברעכענס זענען די פאָלגען פון נייסטיגע אָבנאָרמאַליטעטען (זעה קאַפּיטעל 8) אָדער פון שכרות, און אַן אָרגאַניזירטע פּראָסטיטוציע איז זיכער ניט קיין רפואה צו דער דאָזינער מכה. די פאַקטען בעווייזען, אַז אויך די דאָזיגע טענה פון די רעגולירונגס־אַנהענגער איז אַ ליגען.

די הילפס־מיטלען. — קודם כל זאָלען געמאַכט ווערען שטרענגע געזעצען נעגען דעם באַרדעל־האַנדעל. צו זיין אַ באַרדעל־האַלטער איז אַ פערברעכען; עס איז אָהן ספק אַ שווער פערברעכען צו האַנדלען מיט דעם לייב פון אַנדערע מענשען, אפילו דעמאָלט ווען די לעצטע זענען מסכים דערצו. עס איז אַ פערברעכען, וועלכעס זאָל פערפאָלגט און בעשטראָפט ווערען פּונקט ווי דער שקלאַפען ־ האַנדעל אָדער די וואוכעריי. מיר זאָלען ניט וואַרטען ביז די קלאַגע וועט אויפגעהויבען ווערען. מחמת דער קרבן גופא פון די באַרדעל־האַלטערס זוכט אויס בושה אָפטמאָל צו האַלטען די זאַך בסוד. דער שטאַאַט אַליין זאָל אויף זיין אייגענע ערבות פערפאָלגען די באַרדעל־פּראָפעסיע, פּונקט ווי ער פערפאָלגט אַ פערברעכען קעגען זיטליכקייט, שקלאַפענהאַלטעריי, וואוכעריי א. אז. וו. דער באַרדעל־האַלטער און דער בעשיצער געהערט צו די ערגסטע אויסוואורפען פון דער מענשהייט. פּונקט ווי איבעראַל, געפינען מיר אויך דאָ מילדערע פאָרמען פון פערברעכענס, וועלכע דאָס געזעץ וועט מוזען מילדער בעהאַנדלען. מיר ווילען גאַרניט איבערטריי־בען און אויך אין דעם דאָזיגען געביט ניט בעטראַכטען דאָס שטראָפ־רעכט אַלס אַ נוקם און די שטראָף אַלס אַן אָבקומעניש; ניין. דאָס ערשטע דאַרף זיין אַ שוצמיטעל פון דער געזעלשאַפט. בעת דאָס צווייטע אַ מיטעל אויסצובעסערען די פערברעכערס.

וואָס ס'איז שייך דער פּראָסטיטוציע אַליין, איז ניט מעגליך זי צו האַלטען פאַר אַ פערברעכען, אָהן דערביי ניט צו עפענען טיר און טויער פאַר דער ערגסטער דעספּאָטיע. דער שטאַאַט קאָן ניט

אויב עס געלינגט מבטל צו זיין דעם אבמאך צווישען דעם שטאאט און דעם שענדליכען בארדעל־האנדעל און דער פראסטיטוציע, הויבט זיך ערשט דעמאלט אן די פאזיטיווע ארבייט.

אין די קומענדיגע קאפיטלען וועט זיין אונזער צוועק קלאר צו מאכען וואסערע רפואות וועלען קאנען העלפען אונזער היינטיגער סעק־סועלער געזונדקייט, און דעריבער וועלען מיר דא די דאזיגע פראגע איבערלאזען. מיר מוזען אבער שוין דא אויפמערקזאם מאכען די פער־טייטיגער פון דער רעגולירונג פו דער פראסטיטוציע אויף געוויסע פונקטען, פון דעם מעדיצינישען און היגיענישען שטאנדפונקט. זיי שרייען געוואלט, אז די אבאליציאניסטען זענען פאנטאזיארען און פאנאטיקער, וועלכע וועלען דורך זייער אונוויסענשאפטליכקייט אונזער געזעלשאפט פערפלייצען מיט א נייעם מבול פון ווענערישע קראנק־הייטען. אז די דאזיגע סטראשידלע איז געבויט אויף זאמד, האבען מיר שוין געוויזען. קיינמאל ניט און אין ערגיץ ניט קאן די שטאאטליכע רעגולירונג און קאנצעסיאנירונג פון דעם קויפען און פערקויפען פון פרויען, בעקעמפען אדער פערמינדערען די ווענערישע קראנקהייטען. די פערגרעסערונג פון אן אונגאטירליכער אויסגלאסענקייט מיט דער הילף פון דעם שטאאט קאן ניט זיין היגיעניש. א חוץ דעם האבען מיר דאך געזעהען, ווי ניט זיכער און אפילו ווי ניט דורכפירבאר עס איז א גרינדליכע דעזינפעקציע פון די פראס־טיטוטקעס, א דעזינפעקציע וועלכע פערפעהלט איהר צוועק אהן א גלייכצייטיגער דעזינפעקציע אדער אבזונדערונג פון די קליענטען וועל־כע שטעקען זיי אן. פאקטיש זעהען מיר גראד אין פראנקרייך, וואו דאס סיסטעם איז איינגעפירט געווארען אמפריהסטען און אמשטרענגסטען. די וועגערישע קראנקהייטען אממיינסטען פערשפרייט, בעת אין דער שווייץ, דארט וואו די רעגולאציע עקזיסטירט נאך איצט נאר אין גענף אליין, נאכדעם ווי מען האט זי מיט עטליכע יאהרען צוריק אויך אב־געשאפט אין גאנצען קאנטאן צוריך, זענען זיי וועניגער פערשפרייט. טראץ די גרויסארטיגע בארדעלען איז גענף אויך בשום אופן ניט סא־ניטאריש בעסער איידער אנדערע שטעדט אין די שווייץ, אין צוריך איז שוין צום צווייטען מאל דורך א געוואלדיגער מאיאריטעט שטימען גע־ווי פאר דעם פריהער שוין דורכגעפירטען פאלקס־איניציאטיוו פאר דער אבשאפונג פון דער שטאאטליכער דולדונג. אין עטליכע אנדערע

זיי ווענינער פאַרזיכטיג: די פערמעהרונג פון דעם געשלעכטס־פערקער, וועלכע מיר האבען אויבען דערקלערט, פערגרעסערט די געפאַר צו ווערען אַנגעשטעקט לכל הפחות אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זי ווערט פערקלענערט פון דער אַבזונדערונג פון עטליכע שווער־קראַנקע פראָס־טיטוטקעס דורך דעם דאָקטאָר. די קאָרופּציע פון דעם שטאַאַט און זיינע בעאַמטער, פון דער פּאָליציי מיט די באַרדעל־דאָקטוירים בפרט, און פון דער עפּענטליכער מאָראַל און זיטען בכלל, אלס א פּעולה פון אַזא שעדליכער אינסטיטוציע, פערשטאַרט די פּראָסטיטוציאָנס־גע־וואוינהייטען און צוזאַמען מיט זיי די געפאַר צו ווערען אַנגעשטעקט. א חוץ דעם פערגרעסערט די פרעכקייט פון די באַרדעלניקעס און זייערע קאַדעטען און משרתים די צאָל פון די פּראָסטיטוטקעס: בעת פון דער צווייטער זייט, צוליב דער מורא פאַר דער פּאָליציי, דרעהט זיך אַרוים א גרויסע צאָל פון פּראָסטיטוטקעס פון געזעץ און טרייבען אַז זייער פּראָפעסיע אין געהיים. בקצור, דער זומפּ ווערט וואָס אַמאָל טיפער און גרעסער אָבער בשום אופן ניט היגיענישער. דאָס ווערט קלאָר און שאַרף בעוויזען ווען מען פערגלייכט די צאָל פון ווענערישע קראַנקהייטען אין לענדער וועלכע זענען בעגליקט מיט דער רעגו־לאַציע, מיט דער צאָל אין יענע לענדער וועלכע האָבען ניט קיין רע־גולאַציע.

בכלל איז די צאָל פון אַנשטעקונגען כמעט די אייגענע מיט אָדער אָהן דער רעגולאַציע און א חוץ דעם איז זי אָבהענגיג פון א סך אַנ־דערע אומשטענדען. עס וואָלט אונז צו ווייט אוועקגעפירט זיך דאָ צו פערנעהמען מיט דעם ענין באריכות. דעריבער ווייז איך אַן דעם לעזער אויף די שריפטען און טאַבעלען פון דער אַבאָליציאָניסטישער פעדעראַ־ציע אין גענף. אַמקלאָרסטען איבערצייגענדיג שיינט מיר איז די מיים־טערהאַפטע און אונפּאַרטייאישע סטאַטיסטיק פון מוניער (אין האָלאַנד 1889).אפילו צווישען די דאָקטוירים פערנעהמט דער אַבאָליציאָניס־טישער שטאַנדפּונקט אַלץ מעהר און מעהר פּלאַץ.

אָבער די אַבשאַפונג פון דער רעגולאַציע וועט ניט לעזען די פּראַ־גע פון דער פּראָסטיטוציע בכלל. די דאָזיגע בעצם נעגאַטיווע האַנדלונ־גען זענען אמת נעגוג פאַר דער קאַמף־טאַקטיק פון דער אַבאָליציאָניס־טישער בעוועגונג, אָבער זיי טויגען בשום אופן ניט פאַר דער העכערער אויפגאַבע, פאַר דער אַבשאַפונג פון די סאַמע יסודות פון דעם איבעל.

כער דאַס געזעץ דאַרף בעשטראָפען ? אויב יאַ, וואָלטען געמוזט ניט בלויז די פּראָסטיטוטקעס אַליין, נאָר אויך זייערע קליענטען, די מע־נער, ווערען בעשטראָפט אָדער ווערען פערשיקט אין אַ פערבעסערונגס־אַנשטאַלט. דאַס וואָלט געווען די גערעכטע, פּשוט'ע און קלאָרע לאָגיק. אָבער ווי אַזוי קאָן מען געבען גערעכט דעמאָלט, ווען אַנשטאַט דעם שטעמפּעלט מען מיט אַ פּאָליציייסקען בילעט בלויז די פּראָסטיטוטקעס אַליין: ווען איהר שענדליכע פּראָפעסיע ווערט ניט בלויז טאָלערירט, נאָר אָפיציעל אָרגאַניזירט, דערמיט טרייבענדיג זי אַלץ טיפער און טיפער אין זומפּ, ועל־כולם, ווען זייערע אויסזויגערס, די באָרדעל־האַלטערס. ווערען געזעצליך סאַנקציאָנירט ? דאַס דאָזיגע סיסטעם האַלט זיך נאָר אויף דער בלויזער היפּאָקריטסטווע און אויף די טיפסטע ווידערשפּרוכען.

פּאַרצייטענס ווען די שקלאַפערייַ איז געהאַלטען געוואָרען פאַר אַ גוטער מדה, איז דער בלויזער ווילען און דער גענוס פון די מענער געווען גענוג מיט וואָס צו רעכטפערטיגען אַלע מיטלען, וועלכע האָ־בען בעשאַפען פאַר זייער פערגעניגען וועגען אַ קלאַס פון פערשטויסענע פרויען. היינט־צוטאָג, צוליב דער אָפיציעל אַנערקענטער גלייכבערעכטיגונג פון אַלע מענשען, ווערט דאָס מעהר ניט ערלויבט אין די ציוויליזירטע לענדער. נאָר היגיענישע אַרגומענטען קאָנען געבען אַ כלומרשט'ען הכשר אַט אַזוינע מאָדערניזירטע באַרבאַ־רישע מדות.

משוגעים און פערברעכערס פערשפּאַרט מען אויס נויט, אָדער מען וויל זיי ווי ווייט מעגליך פערבעסערען: מען דערלאָזט אָבער ניט, אַז זייערע ליבער זאָלען ווערען אַ רויב און אַ סחורה פאַר דעם גענוס פון אַנדערע מענשען, אין די הענד פון דריטע (די באָרדעל־האַלטערס).

אָבער יענער כלומרשט'ער הכשר אין נאָמען פון היגיענע, שטאַאַט־ליך צו רעגולירען די פּראָסטיטוציע און די באָרדעלען ווערט אין גאַנ־צען בטל ווען מען נעהמט אין בעטראַכט די רעזולטאַטען פון ערליך פערטייטשטע סטאַטיסטישע ציפערן. מען וויל הייסט עס, די מענער פערזאָרגען מיט און אונגעפערליכען געשלעכטס־פערקער. פאַקטיש אָבער ווערען די ווענערישע קראַנקהייטען בשום אופן ערפאָלגרייך ניט בע־קעמפט אָדער אפילו קענטיג פערמינדערט דורך דעם גאַנצען סיסטעם פון רעגולאַציע. די פאַלשע זיכערקייט וועלכע מען גיט די מענער, מאַכט

סטיטוציע און ער ווייסט וואסערע געפאר ער נעהמט אויף זיך. עס איז ווירקליך שווער איינצוזעהען, פארוואס די געזעלשאפט דארף אויף זיך טראגען דעם חוב, די דאן זשואנס און ענליכע לעבע־מענשען צו בעזארגען מיט שעהנע און געזונדע פראסטיטוטקעס און פאר זיי צו מאכען אונגעפערליך זייערע סעקסועלע עקסצעסען. מען ברענגט אבער דא באלד ארויס דעם ארגומענט, אז אומשולדיגע פרויען ווערען אפט־מאל אנגעשטעקט און זיי מוזען ליידען די זינד פון זייערע מענער. אבער אזא טיף זיך אריינמישען פון דעם שטאאט אין דעם פאמיליען־לעבען, וואס דאס וואלט געווען די פעולה פון אזא שטאנדפונקט, קאן ניט צוגעלאזט ווערען, מחמת דאס וואלט געפירט צו די ערגסטע מיסברויכען. די געזעלשאפט האט ניט דאס רעכט און ניט די פליכט צו פערגרינגערען און צו מאכען וועניגער געפערליך די געפערליכע, איינגעשטעלטע אין ביזוויליגע האנדלונגען פון געוויסע יחידים, בכדי דער דריטער צד זאל זיין אין א קלענערער סכנה; דאס איז דער ריינסטער סאפיזם. די פליכט פון דער געזעלשאפט איז פשוט צו האלטען פער־אנטווארטליך יענע וואס זענען בעגאנגען די געפערליכע אדער שעד־ליכע טאט און זיי בעשטראפען דעמאלט, ווען זיי מאכען אן א שאדען. דא, אדרבה, צווינגט מען איין צד פון די בעלי־עברות (די פראסטי־טוטקעס) ריכטיג ערשט זיך צו פערנעהמען מיט זיין האנדעל, בעת דער אנדערער צד (די מענער) איז פריי פון יעדער פעראנטווארטליכ־קייט. ווייטער דארף דער שטאאט זיך ניט אריינמישען אין דעם לעבען פון איינצעלנע מענשען מיט דעם תרוץ, אז זייערע אבזיכטען אדער האנדלונגען קאנען אפשר שפעטער זיין געפערליך פאר אנדערע; דאס עפענט טיר און טויער פאר יעדער ביזוויליגקייט און פאר יעדען מיס־ברויך פון מאכט.

די איינציגע אויסנאהם זענען נאר די משוגעים און זייערע נאָ־הענסטע קרובים, די פערביסענע, איינגעפונדעוועטע פערברעכערס, מחמת דא איז די קרענקליכע אדער אבנארמאלע ארגאניזאציע פון דעם איינצעלנעם'ס געהירן א שטענדיגע געפאר פאר דער געזעלשאפט, ווען מען קאן ניט האלטען פעראנטווארטליך.

אבער דא הויבט זיך אויף די פראגע: אויב די פראסטיטוציע אלס אזוינע, ד. ה. דער פערקויף פון דעם אייגענעם לייב פאר א סעקסועלען צוועק, דארף בעטראכט ווערען אלס א שלעכטע אויפפירונג פאר וועל־

אבאליציאניזם און רעגולאציע. — מרס. דזשאזעפין באטלער, א מוטיגע און פעהיגע ענגלישע פרוי, זועהענדיג די שרעקליכע צו־שטענדען, וועלכע מיר האבען דא בעשריבען, האט אין נאמען פון גערעכטיגקייט און פרייהייט פאר פרויען, בעשאפען א בעוועגונג גע־גען די באָרדעלען, ווייסע שקלאפעריי און געגען דער שטאאטליכער דולדונג און רעגולירונג פון דער פראסטיטוציע. זי האט אויך אטאקירט די געוואלדיגע אונגערעכטיגקייט פון די נאפאלעאנישע געזעצען קע־גען פרויען, בעזונדערס דעם פערבאט אנצוקלאגען די פאטערשאפט, א פערבאט וועלכער טרייבט די ארימע פערפירטע מיידלעך אין די ארימס פון דער פראסטיטוציע. די אבאליציאניסטען טענה'ען אז די געזעלשאפט האט ניט קיין רעכט צו צווינגען די פראסטיטוטקעס זיך איינצושרייבען אין דער פאליציי: זיך צו לאזען אונטערזוכען ביי דאָק־טוירים, זיי צו שטעלען אונטער א פאליצייסקער אויפזיכט, אדער גאר אריינצוזעצען אין באָרדעלען. זיי פערלאנגען שטרענגע געזעצען קע־גען דער באָרדעל־אינסטיטוציע און זיי בעקעמפען די דולדונג.

אין די מעדיצינישע קרייזען איז מען געווען קעגען דעם דאָ־זיגען שטאנדפונקט: זיי האבען גע'טענה'עט, אז די געזעלשאפט האט אן אבסאלוט רעכט זיך צו בעשיצען קעגען געפערליכע אנשטעקענ־דיגע קראנקהייטען, און פונקט ווי זי האט א רעכט צו אינטערנירען אין איזאלירונגס־לאזארעטען צ. ב. פאקען־קראנקע, כאָלערא־קראנקע, האט זי לאגישערוויין אויך דאס רעכט זיך צו שיצען קעגען אנגעשטעק־טע פראסטיטוטקעס און זיי צו צווינגען זיך צו לאזען בעהאנדלען. זיי האבען גע'טענה'עט, אז די פראסטיטוטקעס האבען סיי ווי סיי אנגעוואוירען אלע רעכטען אויף ספעציעלע ערלויבנישען צוליב זייער שענדליכער פראפעסיע.

אז מען בעטראכט די דאזיגע ארגומענטען אויבערפלעכליך, שיי־נען זיי צו זיין שכל'דיג: זיי קריגען אבער א גאנץ אנדער פנים ווען מען שטודירט די פאקטען טיפער.

קודם כל איז דער פערגלייך מיט פאקען און כאָלערא א פאל־שער, מחמת די דאזיגע קראנקהייטען שטעלען אין געפאר א מאסע מענשען וועלכע זענען אונשולדיג און ריכטען זיך אויף גארניט, בעת יענער מענש, וועלכער בענוצט זיך מיט דער פראסטיטוציע, טוט דאס מיט דעם פולען בעוואוסטזיין מכח דער שאנד פון דער דאזיגער איינ־

צוזאַמען מיט דעם וואָס מיר האָבען געזאָגט אין קאַפּיטעל 8. דאַרפען די דאָזיגע פאַקטען זיין גענוג צו ווייזען, אַז די גאַנצע מאָדערנע פּראַסטיטוציע און די באָרדעלען, דער יסוד פון וועלכע עס זענען די אינטענסיווע און קאָמערציאַליזירטע פּאָליאַנדריע און פּאָליגאַמיע, זענען ניט קיין אַנדערע זאַך ווי די טיפסטע שאַנד פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, בכדי אויסצונוצען די מענליכע סעקסועלע ליידענשאַפט אין דעם נאָמען פון דעם גאָט מאַמאָן. די דאָזיגע שאַנד ווערט פאַרטיידיגט מיט דעם תרוץ פון היגיענע, און בכדי צו פערהיטען אַנשטענדיגע פרויען קענען די געוואַלט־טאַטען פון די מענער א אַז. וו. אָבער באמת האָט מען מיט איהר הילף די מענער געמאַכט ווייביש און קאָרופּטירט; מען האָט דערשטיקט דעם גאַרמאָלען געשלעכטס־פערקער אין דער יוגענד, וועלכער איז פערבונדען מיט דער ריינער ליבע, מען האָט פערדאָרבען די ליבע גופא; אַ גרויסע צאָל פון אַנשטענדיגע און פעהיגע פרויען האָט מען ניט געלאָזט הייראַטען, אָוועקגעריסען פון דער ליבע און דעם געשלעכטס־פערקער בכלל און דאָס גאַנצע געשלעכטס־לעבען פון אונזער מאָדערנער געזעלשאַפט האָט מען פערקרימט און פערפירט אויף וויסטע וועגען. אַהן דעם געלד און אַהן דעם אַלקאָהאָל וואָלט פון דער אייגענטליכער, דאָס הייסט פון דער געוועהנליכער ברוטאַלער און גראָבער פּראַסטיטוציע גאָרניט אָדער כמעט גאָרניט פערבליבען.

די מאָדערנע ליטעראַטור האָט זיך ביז אַ געוויסען שטאַפּעל פערנומען מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון דער פּראַסטיטוציע. מיר האָבען שוין דערמאָנט „**La Maison Tellier**“ פון גיו דע מאָפּאַססאַן. עמיל זאָלאָ'ס ‚**Nana**‘ איז אַן אַריסטאָקראַטישע פּראַסטיטוטקע, וועמעס לעבענס־געשיכטע ווערט דערצעהלט אין דער בעקענטער שאַרפער און שטרענג רעאַליסטישער פאָרם פון דעם בערימטען קינסטלער. אין דעם בוך מאַלט זאָלאָ מיט די קלאָרסטע פאַרבען די סעקסועלע פערדאָרבענקייט אין געוויסע פּאַריזער קרייזען בעת דער צייט פון דעם צווייטען קייזערייך.

מיר ווילען נאָך זאָגען אַ פּאָר ווערטער אין שייכות צו דער בעוועגונג געגען דער סאָציאַלער שאַנד פון אַ שטאַאַטליך רעגולירטער פּראַסטיטוציע, וועלכע מען רופט אַבאָליציאָניזם.

רעט־מיידלעך, און הינטער די אונפערשעמטע קונסט־שטיק פון א סך פּראָסטיטוטקעס: ווען מיר וואָלטען זיך געקאַנט פאָרשטעלען זייער פערגאַנגענע לעבען און די אורזאַך פון זייער געפאַלענקייט, דעמאָלט וואָלט קיינער מיט א פונק פון רחמנות פאַר זיינע מיטמענשען, ניט גע־קאַנט געניסען אַט די „פריידי" מיט אזא לייכט געוויסען..

**די פּראָסטיטוציע און די סעקסועלע פערווערזיעס.** — אויב עס איז אמת, אז א סך פּראָסטיטוטקעס זענען פּאַטהאָלאָגישע נאַטורען, בעווייזט דאָס נאָך מעהר דעם צווייטען אמת, אז א גרויסער טייל פון זיי מוזען בעפרידיגען די פּאַדערונגען פון פּאַטהאָלאָגישע קליענטען. די צאָלרייכע סעקסועלע אַבנאָרמאַליטעטען, מכח וועלכע מיר האָבען גערעדט אין קאַפּיטעל 8, זענען ענג פערבונדען מיט דער פּראָסטיטוציע. די ראַפינירטקייט פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע פערזאַגט אויף דעם ראַזינגען פּרט, און זי האָט פאַר יעדער פּאַטהאָלאָגישער פאָרם פון גע־שלעכטס־טריב, בעזונדערע באָרדעלען, אדער לפחות פאַר איטליכער פאָרם, בעזונדערס פאַר איהר אויסגעלערענטע פּראָסטיטוטקעס.

ביז איצט אָבער האָבען מיר נאָר גערעדט מכח פּראָסיטואירטע פרויען. מיר ווייסען, אז זיי ווערען אויך אָבגעריכט פאַר די מאַזאָכיס־טען, סאַדיסטען א. אז. וו. זיי מוזען שלאָגען די מאַזאָכיסטען, און מו־זען זיך לאָזען שלאָגען פון די סאַדיסטען; אדער זיי מוזען פאַר ביידע אויפשפּילען סימבאָלישע סצענעס פון גרויזאַמקייט אדער פערקנעכ־טונג.

פאַר די האָמאָ־סעקסועלע מענער זענען אָבער פאַראַן בעזונדערע מענער־באָרדעלען וואו יונגע אינגלעך פּראַקטיצירען די פּעדעראַסטיע פאַר געלד. אויך קינדער פון ביידע געשלעכטער ווערען דאָרט געהאַלטען פאַר ראַפינירטע בעלי־תאוות און פאַר אזוינע וואָס האָבען נאָר א נייגונג צו קינדער, (פּעדעראַזים). די לעצטע סחורה איז אָבער זעהר א טייערע, מחמת צוליב איהר קומט מען אין קאָנפליקט מיט דעם נעזעץ. פאַר יונגע בתולות ווערען אויך געצאָלט זעהר הויכע פּרייזען: מען געהט אזוי ווייט, אז מען פערגעהט צוריק איהר הימען (בתולים־הייטעל), כדי זיי פאַר הויכע פּרייזען עטליכע מאָל צו געבען אלס בתולות.

דעם מזל פון די דאָזיגע מיידלעך. יעדענפאַלס איז קיין שום זאַך ניט נאַרישער איידער די בעקענטע טענה, אַז די אָבשאַפונג פון די באָרדע־לען פערשטאַרקט די גאַסען־פּראַסטיטוציע אָדער, פערקערט, אַז די איינפירונג פון באָרדעלען שאַפט אָב די גאַסען־פּראַסטיטוציע. עס איז דאָך אַ קלאָרער חשבון, אַז אַזוי ווי די פרויען פון אַ באָרדעל מוזען גוטיגערהייט כסדר ווערען איבערגעביטען, מוזען דעריבער די אַלטע כסדר ווערען ארויסגעוואָרפען אויף דער גאַס. זעהר אַ סך שטאַרבען יונג פון שכרות, סיפילים א. אז. וו. פאַר אַ סך אַנדערע אָבער בלייבט קיין שום זאַך ניט איבער, ווי נאָר צו ווערען גאַסען־פּראַסטיטוטקעס אָדער אַנצוקומען אין ביליגערע באָרדעלען און ענליכע קנייפּעס. די קלוגערע, יענע וואָס קוקען אויף זייער פּראָפעסיע פון אַן אַרטיסטישען און אינדוסטריעלען שטאַנדפּונקט, ד. ה. יענע וואָס זענען מעהר כיטרע, ווייסען ווי אַזוי זיך ביסלעכווייז ארויסצואַרבייטען און ווערען אליין „מאַדאַמען“: אָבער דאָס זענען בלויז זעלטענע פּריווילעגירטע. טייל בעגעהען זעלבסטמאָרד אָדער זייער לעבען ענדיגט זיך אין משוגעים־הויז. סוף כל סוף, דעמאָלט ווען קיין מאַן וויל זיי ניט מעהר, נעהמען זיך די מיינסטע פון זיי צו די ערגסטע און שמוציגסטע אַרבייטען. זיי ריינינגען אָבטרעטען, ווערען גאַסען־הענדלערקעס, וואָרזאָגערינס, כל המיגים מכשפות, וועלכע מיר קאָנען דאָ אַלע ניט אויסרעכענען, צו וואָס זיי פּאַסען זיך צו ווערליג זייער כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט. אין מינכען איז פריהער ארומגעגאַנגען אַ שפּריכוואָרט, אַז צווישען די אַזוי־גערופענע „ראַדיווייבער“ און „נוס־ווייבער“ (אַלטע פרויען וועל־כע זיצען אין די ווינקלען פון די גאַסען און פערקויפען רעטיכער אָדער ניס) געפינען זיך אַ סך געוועזענע פּראַסטיטוטקעס. ווען־ניט־ווען גע־לינגט אַ קלוגערער אין אַביסעל אַ בעסערער פּראַסטיטוטקע צו הייי־ראַטען.

אויב מיר בעטראַכטען אָהן פּאַרורטיילען דאָס עלענדע לעבען פון אַ פּראַסטיטוטקע, קאָנען מיר אָהן אַ געפיהל פון וועהטאָג ניט הערען דאָס וואָרט „לוסטיגע מיידלעך“, מחמת אין דעם דאָזיגען וואָרט ליגט אַ טראַגישע און ביטערע איראָניע, וועלכע דאַרף איטליכען מאַן, וואָס בענוצט זיך מיט דער פּראַסטיטוציע, רויט מאַכען זיין פּנים פאַר בושה. ווען מיר גופא וואָלטען געקאָנט מיטפיהלען דעם וועהטאָג, וועל־כער איז בעהאַלטען הינטער דעם לאַכען און זינגען פון אַ סך קאַבאַ־

א באָרדעל־האַלטערין איז געוואָרען ערשטוינט הערענדיג ווי א פרוי האָט זיך געָ׳גט מיט איהר מאַן צוליב זיין סעקסועלער אינפּאָטענץ און אַנעסטהעזיע, א. דגל. דער מענש מוז פאַר זיינע נאַטור־געפּיהלען אַלעמאָל האָבען וואסערע ס׳איז אָביעקטען, מעגען זיי זיין ווי פערדרעהט און פערקרומט.

מיר האָבען ערשט געזאָגט, אַז די אָרמעע פון פּראָסטיטוטקעס איז צונויפגעשטעלט טיילווייז פון פּאַטהאָלאָגישע אינדיווידועןָ. שכרות און אויסגעלאַסענע געוואוינהייטען פערשטאַרקען די דאָזיגע פּאַטהאָלאָגישע שטריכען אַלץ מעהר און מעהר, אַזוי, אַז אין דער בענעמונג פון די פּראָסטיטוטקעס פעהלען ניט קיין נאַרישע קאַפּריזען. פעהלט ניט דער ספּעציפישער טאַן, דער כעס, די אינפּולסיוויטעט, דער ציניזם און די פערכקייט. לעבעדיגע אילוסטראַציעס פון די דאָזיגע בענעמונגען גיבען אונז די שפּיטעלער פאַר ווענערישע קראַנקהייטען. אַזוי גיך ווי דער באָרדעל־פּראָסטיטוטקע הויבט אַן געהען בעסער אין איהר געזונד, וועקט אויף די סעקסועלע אַבסטינענץ, ד. ה. די צוריקגעהאַלטענקייט פון געשלעכטס־פערקער, איהר געשלעכטס־טריב ביז צו אַזאַ שטאַפּעל, אַז ניט זעלטען פּראַקטיצירט זי די לעסבישע ליבע מיט איהרע מיט־קראַנקע, אָדער שטעלט זיך אוועק א נאַקעטע ביים פענסטער כדי צו רייצען די מענער; זי ווערט ציניש און גראָב און איז אפילו גרייט צו שלאָגען די פּלעגערינס, א. אַז. וו. די פּלעגערינס פון די דאָזיגע שפּיטאַל־אַבטיילונגען ווערען אָפּטמאָל פערצווייפעלט דערפון. טייל פּראָסטיטוטקעס, וועלכע האָבען געהאַט א בעסערע ערציהונג, לייִדען די ערשטע צייט זעהר פיל פון דעם דאָזיגען באָרדעל־טאַן; זיי ווערען אָבער סוף כל סוף צו איהם צוגעוואוינט און טון שפּעטער דאָס אייגענע. פרויען, ניט קיין פּראָסטיטוטקעס, וועלכע זענען צופעליג געוואָרען אַנגעשטעקט, האָבען די שרעקליכסטע אַבקומענישען, אַן אמת׳ע מאַרטירערייִ, ווען זיי ווערען געהאַלטען אין די דאָזיגע אַבטיילונגען פון א שפּיטאַל.

דער מזל פון דער פּראָסטיטוטקע. — מיט וואָס ענדיגט זיך דאָס לעבען פון די פּראָסטיטוטקעס ? אין די באָרדעלען קאָנען זיי ניט פערבלייבען זעהר לאַנג, מחמת אין זיי, בפרט נאָך אין די אַריסטאָקראַטישע לופּאַנאַרעס, ווערען געהאַלטען נאָר יונגע, בליהענדע און שעהנע מיידלעך. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט נאָכצופאָלגען

גאַסט־הייזער און ענליכע געשעפטען. וואָס איז שייך צו אַנשטעקונגס־געפאַר, דאַרף מען זי שטאַרק ניט זוכען, אָבער די מיידלעך אין די פלעצער זענען ווייניגער אַבהענגיג, קאָנען זיך לייכטער בעפרייען און זייער לעבען איז דעריבער אָביסעל מעהר מענשליך. טאַקע דערפאַר וואָס אַזוינע פלעצער ווערען ניט בעוואַכט פון געזעץ, קאָנען זייערע אויפהאַלטערס און בעשיצערס ניט האָבען דיזעלבינגע אוטאָקראַטישע מאַכט און אַזוי טעראָריזירען די פראָסטיטוטקעס ווי אין די שטאַאַטס-באָרדעלען.

כמעט אויף דעמזעלבינען שטאַפּעל שטעהען די פרייע גאַסען־פרויען. זיי זענען ניט אַבהענגיג פון באָרדעל־האַלטערס, נאָר פון זייערע בעשיצערס און פון די מענשען ביי וועלכע זיי וואוינען, וועלכע פערגרינגערען אָביסעל זייער לעבען, זיי ווערען טיף געזונקענע ברואים דורך דער פּאָליציי־איינשרייבונג, דורך די מעדיצינישע צוואַנגס־וויזיטען און דורך דעם שענדליכען סיסטעם צו זוכען די קונדען אויף דער גאַס. מען דאַרף שוין האָבען פערלוירען כמעט יעדען פונק פון בושה און האָבען אַ געוואַלדיגע ציגישע פרעכקייט, כדי צו ווערען אַ גאַסען־פראָסטיטוטקע.

אויף נאָך אַ העכערען שטאַפּעל שטעהען די פראָסטיטוטקעס וואָס שעמען זיך, יענע וועלכע פערקויפען זיך ווען־ניט־ווען דורך עפּעס אַ רעקאָמענדאַציע און וועלכע האָבען ניט דעם מוט צו געהען אויף דער גאַס און זיך מעלדען אין דער פּאָליציי. אָבער אין יענע לענדער, וואו עס איז איינגעפירט די רעגולירונג, זענען זיי אַלעמאָל אין דער געפאַר צו ווערען אַרעסטירט און צו ווערען אַראָבגענידערט צו דעם שטאַפּעל פון די גאַסען־פראָסטיטוטקעס. די דאָזיגע שעמעדיגע פריוואַטע פראָסטיטוטקעס זענען דער איבערגאַנג פון דער אייגענטליכער פראָסטיטוציע צו דעם שטאַנד פון די לאָרעטקעס און מעטרעסען, מכח וועלכען מיר וועלען רעדען שפּעטער.

הגב אורחה, דאָס דערשטיקטע געפיהל פון בושה און כבוד ביי די פראָסטיטוטקעס, גיט פון אַרויס זונדערבאַרע פירות. דורך פּראַקטיק און ערציהונג האָט זיך דאָ ענטוויקעלט אַ שלחן־ערוך פון די זונדערבאַרסטע מאַניערען און כבודים. צ. ב. אַ פראָסטיטוטקע אין אַ באָרדעל פיהלט זיך געוועהנליך זעהר געריהרט אין איהר „כבוד", אויב איהר קליענט וויל זיך אַנטון אַ קאָנדאָם אָדער אויב מען וויל זי אונטערזוכען.

אפאטיש, לייכט סוגעסטיבעל, וועלכע גיבען נאך יעדען דרויסיגען אימ־פולס און יעדער פערפירונג: די לעצטע שטעלען אפשר צונויף די גרעסטע צאל פראסטיטוטקעס, מחמת זיי זענען די לייכסטע און בע־קוועמסטע קרבנות פון די באַרדעל־האלטערס אבער א סך אנדערע קומען דערצו שריט נאך שריט דורך פערפירונג: תחלת שעמען זיי זיך מיט זייער פעהלער, זיי האבען אבער ניט דעם מוט צו טראגען זיינע פאלגען און הויבען אן ביסלעכווייז צו האבען עסקים מיט דער פראס־טיטוציע און זינקען אלץ טיפער און טיפער אין דעם זומפ. א וויכטיגער מאטיוו דא זענען די געבורטען פון אונגעזעצליכע קינדער. ווייטער איז פאראן א גרויסע צאל פראסטיטוטקעס, וועלכע פערקויפען זייער לייב דער עיקר צוליב נויט און אָרימקייט; זיי שעמען זיך דערמיט, אבער זיי דארפען דאס געלד אויפצוהאלטען זייער לעבען אדער דאס לעבען פון זייער פאמיליע. חוץ זיי איז אויך דא א קליינע אבער ניט אונינטערעסאנטע גרופע פראסטיטוטקעס, וועלכע גיבען זיך איבער אזוי־צוזאגען אוים ליבע צו דער פראסטיטוציאנס־קונסט. די דאזיגע זענען געוועהנליך קרענקליך סעקסועל אויפגערעגטע פרויען, זייענדיג א חוץ דעם מאראליש געזונקען, און זיי געפינען זייער פערגעניגען ביי דער דאזיגער בעשעפטיגונג. פראסטיטוטקעס זענען געווארען אפילו רייכע פרויען, גרעפינס און פרינצעסינס.

די פעולה פון דער דאזיגער פערשידענקייט פון פראסטיטוטקעס איז, ווי מיר האבען שוין פריהער געזעהען, אז עס מוזען עקזיסטירען פערשידענע גראדען פון פראסטיטוציע. הגם איהר געזונקענקייט ווערט אביסעל פערדעקט דורך א געוויסען מין וואוילטאג, גוט עסען און שעהנע קליידער, איז אבער דער טיפסטער שטאפעל די באַרדעל פראס־טיטוציע, ביי וועלכער די פרוי איז ניט מעהר ווי אן אינסטרומענט פאר דעם געשלעכטס־פערקער אין די הענד פון דעם באַרדעל־האלטער. די פראסטיטוטקעס אין די באַרדעלען פאר סאלדאטען און פאר דעם אָרימען פאלק פירען דאס עלענדסטע לעבען. אזוינע הייזער האלטען נאך דעם בראך, די „אויסשוס־ווארע", ד.ה. אלטע, אויסגעדינטע הורען. עס איז דאכט זיך ניט פאראן א טרויריגער בילד ווי צ. ב. א באַרדעל פאר סאלדאטען אין אלזשיריע.

פון א ביסעל א העכערען ראנג זענען די קלענערע פראסטיטו־ציאנס־פלעצער, ווי די שוין דערמאנטע פריזיר־שעפער, געוויסע

„אויף אלע אונזערע רייד און בעמיהונגען זי זאל אנהויבען פירען אן אנדער לעבען, אז מיר זענען גרייט איהר צו העלפען, האט זי ניט געוואלט איינגעהען: תחלת האט זי געשטאמעלט, זיך געשלאגען מיט דער דעה, אבער ביסלעכווייז האט זי זיך דערפון אבגעזאגט: אפילו ווען זי וואלט געוואלט, וועט זי די „מאדאם" ניט אוועקלאזען: א חוץ דעם וועט מען איהר אלעמאל פארווארפען איהר פערגאנגענהייט און זי וויל ניט זיין צווישען מענשען, וועלכע וועלען זי פעראכטען. נייז. זי וויל זיין דארט, וואו מען האט זיך ליב: זי האט זיך שוין גענוג אנגעליטען און זי וויל זיך מעהר ניט פערלאזען אויף שוואכע האפנונגען: נאך מעהר, זי איז אויך אבגעפרעמד פון איהר פריהערדיגען לעבען, האט קיינמאל ניט געלערענט אן ערנסטע זאך און זי וועט בלויז ווערען בעליידיגט און אבגעלאכט גון איהרע בעלי־בתים; נייז. זי וויל איהרע זיכערע עקזיסטענץ בשום אופן ניט אויפגעבען!".

„פון דעם דאזיגען געשפרעך זענען מיר געקומען צו דער מיינונג, אז העכסט װארשיינליך איז דאס ניט איינער פון יענע פאלען, וואו מיר קאנען זיך אריינמישען. ניט קוקענדיג אויף איהר יוגענד מאכט דאס דאזיגע מיידעל אין געוויסע פרטים דעם איינדרוק פון א מענש מיט א פארטיגען און געזעצטען שכל: ערציהונגס־מיטלען אנצואווענדען האט אונז אויך אויסגעוויזען צו זיין שוין פון לאנג פערשפעטיגט."

ווי איך בין געוואר געווארען, האט דאס מיידעל ארויסגעוויזען די גרעסטע אונרוהיגקייט ווען מען האט איהר געזאגט, אז מען וועט זי ארויסנעהמען פון באָרדעל. כאראקטעריסטיש פאר די בעגריפען פון דער פראסטיטוציע איז אויך דעם מיידעל'ס רעליגיעזע פרומקייט און איהר טיפע פערערונג פאר דער בארדעל־האלטעריז.

מיר זעהען דעריבער, אז די פראסטיטוטקעס זענען א קאלעקציע פון פערשידענערליי אינדיווידועז; און הגם דורכשניטליך זענען זייערע רייהען צונויפגעשטעלט פון מיידלעך אהן א פונק פון בושה, רויה, געזונקען און אלקאהאליזירט, וואלט אבער געווען א טעות דערפון צו שליסען, אז אלע זענען שלעכט בירושה. א גרויסע צאל פון זיי איז טאקע פאטהאלאגיש און צווישען זיי געפינט מען א סך היסטערישע, נימפאמאנישע אדער אנדערע פסיכאפאטישע נאטורען. ווידער אנדערע האבען ניט קיין סמן פון א מאראלישען חוש, זענען נאריש, פויל, שווינדלעריש אדער זיי זענען דורך און דורך גלייכגילטיג צו זיך,

האנדעלט, זי האט ניט געהאט געננוג צו עסען און בייזוויליג האט מען צוריקגעהאלטען איהר ארימען פערדינסט".

„דאס מיידעל האט אויסגעזעהען בעשיידען און צוריקגעהאלטען און אין אלגעמיין האט זי געמאכט א גוטען איינדרוק: מיט אן ענטשלאסענקייט האט זי געקוקט אויף איהר צוקונפט, און איהר פראפעסיע, הגם זי האט צוגעגעבען אז זי איז אויסגעשלאסען פון דער געזעלשאפט, האט זי בעטראכט מיט ניט קיין קלענערען ערנסט ווי ווען זי וואלט געווען א געזעצליך סאנקציאנירטע און ערלויבטע בעשעפטיגונג. זי האט אונז פערזיכערט אז איהרע עלטערן, זייענדיג ארים און ניט קאנענדיג דורכקומען מיט זייערע פערדינסטען, האבען גארניט קעגע איהר וואס זי האט אויסגעקליבען די דאזיגע פראפעסיע; זי פערטראגט זיך מיט זיי זעהר גוט, שיקט זיי געלד, און די מוטער האט זי בעזוכט אין לינץ."

„כדי צו קריגען א ביכעל פון דער פאליציי, האט זי געמוזט האבען די צושטימונג פון איהרע עלטערן: די מוטער האט איהר געזאגט, אז אויב זי וועט נאר זיין „ערליך און פרום", וועט קיינער צו איהר גארניט האבען. זי האט זעהר געלויבט איהר „מאדאם" (די בארדעל־האלטערין) פאר איהר גוטער און ליבליכער בעהאנדלונג פון די מיידלעך וואס „וואוינען" ביי איהר: דאס הויז וואו זי שטעהט איין, זאגט זי, איז זעהר „פיין", אי בנוגע צו די געסט און צו דער בעהאנדלונג: דארט זענען בעשעפטיגט ארום צוועלף מיידלעך, עלטערע אדער נאך יונגערע פון איהר. אלע מיידלעך — א חוץ איין יתומה פון 16 יאהרען — טוען די דאזיגע „ארבייט" מיט דער צושטימונג פון זייערע עלטערן, און אסך פון זיי שיקען א היים זייער געלד. די זיכערע שטעלע, די גוטע בעהאנדלונג, קליידונג, נאהרונג און דער שעהנער פערדינסט — 120 ביז 240 קראנען א חודש — האבען, לויט איהרע ווערטער, פולשטענדיג צופרידענגעשטעלט אי זי און אי איהרע חבר'טעס. מיר זענען געווען גערירט פון איהר טיפער נאיוויטעט בעת זי האט געלויבט איהר „גוטע מאדאם", דערפאר וואס זי האלט אויף און בעהאנדעלט גוט צוויי מיידלעך, וועלכע זענען געווארען עלטער און קאנען שוין מעהר ניט פערדינען. זי האט אויך א בעשיצער, אבער זי האט זיך דערווייל ניט געהאט וואס צו בעקלאגען אויף איהם".

מחמת עס טרייבט אלע מיידלעך, וועלכע זענען מעהר אדער ווייניגער געניינט דערצו, אין די ארימס פון דער פראסטיטוציע. די פאלגענדע צאלען, וועלכע איך האב צו פערדאנקען הער דע מארסיעי, אין גענף, רעדען פאר זיך אליין.

80 פראצענט פון די פראסטיטוטקעס אין פאריז האבען א חוץ דער פראסטיטוציע נאך אן אנדערע בעשעפטיגונג.

אין דערזעלביגער שטאדט פערדינען דורכשניטליך אין די פאב־ריקען די מענער 4.20 פר., די פרויען 2.20 פר. פער טאג; אבער ביי הויז־ארבייטען פערדינען די מענער 2.10 פר. און די פרויען 1.10 פר. אדער אפילו נאר 90 סאנטים. היינט, ווי קאן א פרוי לעבען אויף אזא הונגער־לוין, נאך דערצו אין פאריז? ענטפער: מיט דער הילף פון דער פראסטיטוציע. אין לאנדאן, ניו־יארק א. אז. וו. איז נאך ערגער.

אריסטראקאטישע באָרדעלען. — דער פאלגענדער פאל איז דעם יאהרליכען באריכט פון דעם פעסטאלאצי־פעראיין אין וויען, ווייזט פונדעסטוועגען, אז אין די אריסטאקראטישע באָרדעלען איז דאס לעבען פון די פראסטיטוטקעס א סך בעסער. די פיינערע סחורה פאר די רייכע בעלי־גאוות פאדערט א בעסערע בעהאנדלונג.

„אין אקטאבער 1904 האט אונז דער טיראלער פעריין וואס זארגט פאר פערלאזענע קינדער צוגעשיקט די פאפירען פון דער 18 יאהריגער נ., א טיראלער מיידעל, וועלכעס געפינט זיך אין וויען אונטער דער אויפזיכט פון דער פאליציי. מען האט אונז אויפמערקזאם געמאכט אויף די יאהרען פון דעם מיידעל און אויף דער מאכטלאזיג־קייט פון איהר פאטער, זי אבצורייסען פון איהר איצטיגען לעבען. נעה־מענדיג אין בעטראכט איהר יוגענד, האט אונז געבעטען, פאר איהר צו זארגען און זעהען זי ארויפצופירען אויפ׳ן גלייכען וועג“.

„מירהאבען דעם דאזיגען פאל גענוי אונטערזוכט. דאס מיידעל קומט פון א דארף, פון א פאמיליע פון א סך קינדער און אין איהר 14טען יאהר האט זי אנגענומען א שטעלע אין אינסברוק. נאך דער שטעלע אין אינסברוק איז זי ביסלעכווייז ארייגעפאלען צו דער פראס־טיטוציע און איז איצט אלס פראסטיטוטקע פערשריבען אין וויען. מיר האבען מיט דעם מיידעל געהאט א פערזענליכען געשפרעך אין אונזער קאנצעלאריע בעת וועלכען זי האט אונז דערצעלט, אז אין איהר שטעלע אין אינסברוק האט זי פיל געליטען: מען האט זי שלעכט בע־

זיי אלע אין איין בעט, דעמאלט, פערשטעהט זיך, בלייבט איבער דער בושה ניט צופיל פלאץ. די קינדער זענע דירעקט די עדת פון זייערע עלטערנ'ס געשלעכטס־פערקער און פון דער פריהערסטער יו־גענד אן ווערען זיי געוואר פון דעם געשלעכטס־לעבען אויף דעם שמוציגסטען אופן. פערנאכלעסיגט און צוזאמענגעפאקט מיט אנדערע קינדער, די מייגסטע פון וועלכע זענען פונקט אזוי שלעכט ערצויגען ווי זיי אליין, לערנען זיי זיך אוים פון זייער סאמע יוגענד אן ניט בלויז די נידעריגסטע און שמוציגסטע זאכען, נאר אויך די אבנאר־מאלסטע און פאטהאלאגישסטע אויסוואוקסען פון דעם אונגעזונדען גע־שלעכטס־לעבען פון . . שטעדט. עס זענען פאראן שטעדט, וואו עס זע־נען פאראן גאנץ ווייניג פיערצען־יאהריגע פראלעטארישע מיידלעך וואס זענען נאך בתולות. דאס ווייס איך פון צופערלעסיגע קוועלען.

ווייטער ווערען די עלטערן געטריבען פון דער ארימקייט צו עקס־פלואטירען זייערע קינדער: היינט, וואס איז נאך בעקוועמער ווי זיי איבערצוגעבען אין באָרדעלען? אבער ניט בלויז אין דעם סאמע ארימסטען פראלעטאריאט: אויך צווישען די מיטעל־קלאסען פון דער בעפעלקערונג טרייבט די ארימקייט דירעקט צו דער פראסטיטוציע. אויך דא ווייזט זיך די ווירקונג פון דער אומ'רחמנות'דיגער עקספלו־טאציע: ביי געוויסע בעשעפטיגונגען, ביי וועלכע מען איז פריי אין די אבענדען, א שטייגער אין געוויסע קראמען א. ד.ג.ל., קריגען די מיידלעך א שרעקליך קליינעם לוין, מחמת צו די דאזיגע בעשעפטיגונגען האט די פראסטיטוציע א לייכטען צוטריט. עס איז א בעוואוסטער פאקט, אז צוליב דער גרויסער קאנקורענץ ביי זייער ארבייט, מוזען, א שטיי־גער, קראם־מיידלעך, שניידער־מיידלעך, מאדיסטינס א. אז. וו. זיך אפטמאל בעגנוגענען מיט דעם קלענסטען לוין, טיילמאל ממש מיט א הונגער־לוין: אז ווען זיי בעקלאגען זיך,גיט מען זיי, בפרט ווען זיי זענען נאך שעהן, אפטמאל גאנץ קלאר צו פערשטעהן, ווי אזוי זיי קאנען מיט זייער שעהנקייט לייכט פערגרעסערן זייערע פערדינסטען און, אז ניט איין מאן וואלט געווען גליקליך צו זיין זייער פריינד, און נאך אנדערע צארטע אנצוהערענישען. מיר האבען שוין דערמאנט, ווי אין געוויסע צווייפעלהאפטע גאסטהייזער ווערען די קעלנערינס דירעקט אויסגענוצט אלס א צוציהונג.אונטער אלע אומשטאנדען שפילט דעריבער דאס פראלעטארישע עלענד א געוואלדיגע ראלע דערפאר,

סך פעריינען פאַר דעם פערבעסערונג פון דער מאָראַל זיך אויף פער־נומען צו ראַטעווען געפאַלענע מיידלעך, ד. ה. באַרדעל־פּראָסטיטוט־קעס. אָבער בכלל זענען די רעזולטאַטען ווייט פון צו זיין צופרידענ־שטעלענדיג, און דאָס האָט מען לייכט געקאָנט ערוואַרטען. ווי מיר האָבען געזעהען, איז דאָס געהירן פון דער פרוי אַ סך שטאַרקער בע־הערשט פון די סעקסועלע אידעען און זייערע אויסשטראַלונגען איי־דער דאָס געהירן פון דעם מאַן. אַ חוץ דעם איז עס אויך וועניגער פּלאַסטיש, און עס ווערט לייכטער אַ שקלאַף צו דער געוואוינהייט און צו דער רוטין. דעריבער, אויב אַ פרוי איז פון קינדהייט אָן סיסטע־מאַטיש געפירט געוואָרען אויף קרומע סעקסועלע וועגען, און אַ חוץ דעם, אויב אַלע איהרע אידעען זענען פון אין דער פריה ביז שפּעט ביי נאַכט בלויז קאָנצענטרירט אויף אויסגעלאַסענקייט און געשלעכטס־פערקער, דעמאָלט איז שוין כמעט ווי ניט מעגליך זי צוריקצופירען צו אַן ארבייטזאַם לעבען און צו אַן ערפילונג פון ערנסטע סאָציאַלע פליכ־טען. זעלטענע אויסנאַהמען בעשטעטיגען אויך דאָ דעם כלל. אַ חוץ דעם דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז די געשלעכטליכע רייצונג ערשט וועקט אויף ביי דער פרוי דעם סעקסועלען בענער, וועלכער ווערט שפּעטער אַלץ מעהר פערשטאַרקט דורך דער פּראַקטיק און געוואוינ־הייט. פון דער אנדערער זייט מוז מען מודה זיין, אַז פרויען וועלכע זענען פויל, מיט אַ שוואַכען כאַראַקטער, וואָס ווערען לייכט בע־יינפלוסט, וואָס זענען קאָקעט און נימפאָמאַניש, זענען די לייכטסטע קרבנות צו ווערען פערפירט. און לסוף, די קראַפט וואָס טרייבט אַמ־שטאַרקסטען צו דער פּראָסטיטוציע אין און בלייבט די אָרימקייט. איך וויל ניט זיין סענטימענטאַל און לעגען דאָס גאַנצע געוויכט אויף דער וואויל בעקענטער טענה, צו ריהרען די הערצער, אַז אַן אָרימע פרוי פּראָסטיטואירט זיך, בכדי צו שטילען דעם הונגער פון איהרע קינדער אָדער איהר אייגענעם הונגער. אמת, דאָס קומט פאַר מיינסטענס ביי די אָריענטאַלישע אידען און צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט פון די גרויסע שטעדט, אָבער דאָס איז ניט מעהר ווי אַ יוצא מן הכלל. די אָרימקייט ווירקט אַ סך שטאַרקער אויף אַן אינדירעקטען אופן. קודם כל צווינגט זי דעם אָרימען פּראָלעטאַריער צו לעבען אין דער ערגסטער פּראָמיסקואיטעט. ווען פאָטער, מוטער און קינדער וואוינען, קאָכען און עסען אין איין חדר, און ניט בלויז דאָס, נאָר אָפטמאָל שלאָפען

גאַנצער באָרדעל־אינסטיטוציע, וועלכע צומישט זייערע בעגריפען פון מאָראַל. מען דריקט צו די אויגען שטעהענדיג פאַר דעם טיפען אבגרונד פון אויסגעלאסענקייט און פערברעכענס. די הורען־האַלטערס קיקען אויף זיך ווי אויף וויכטיגע פערזענליכקייטען און די מעהר אנגעזעהענע צווישען זיי האַבען ניט זעלטען דעם געוואַלדיגען כבוד צו טון א גמילות־חסד און אויך צו האַבען אלס געסט הויכע שטאַאטס־בעאַמטער און בערימטע פערהייראַטע פערזענליכקייטען. די פעולה דערפון איז גראַד דוקא ניט אזוי שווער צו טרעפען.

די פּראָסטיטוציע און די פּאָליציי. — דער פּאָליציי איז וואויל בעקענט, אז אין די באָרדעלען איז די פּראָסטיטוציע ניט בלויז פער־בינדען מיט שכרות, נאָר, אז די דאָזיגע הייזער זענען אין דערזעלביגער צייט אבגרונדען פון אלערליי פערברעכענס. פון איהר שטאַנדפונקט בעטראַכט אפילו די פּאָליציי געוויסע הורען־קנייפּעס און נידעריגע באָר־דעלען פאַר זעהר נוצליכע פלעצער וואו צו ענטדעקען פערברעכערס. דאָרט געפינט מען שפּיאָנען מכל המנים, פון דעם פּאָליציי־שפּיאָן, וועלכע שפּיאָנירט נאָך א פערברעכער או פלירטיוועט אין איין גאַנג מיט די פּראָסטיטוטקעס ביז צום געגען־שפּיאָן פון דעם פערברעכער און קופּלער, וועלכער היט ווידער דעם פּאָליציי־שפּיאָן. דאָרט קריגט די פערברעכער־וועלט פון איין זייט איהר נעניגקייט און מוטיגקייט און פון דער אנדערער זייט, צוליב איהר שוואַכקייט צו ווייב און אַלקאָהאָל, פאַלט זי דאָ אָמלייכסטען אריין אין דער נעץ. דאָרט בעגעגענען מיר יענע וואונדערבאַרע בעשעפענישען, וועלכע ציהען זייער חיונה היינט אלס רעגירונגס־שפּיאָנען, מאָרגען אלס פערברעכערס און איבערמאָרגען אלס באָרדעל־האַלטערס, און וועלכע דער אמאָליגער דייטשער מיניסטער פאָן פוטטקאַממער האָט מילד אנגערופען „ניכט־דזשענטעלמען“.

די פּסיכאָלאָגיע פון די פּראָסטיטוטקעס און די אורזאַך פון פּראָסטיטוציע.—די פּסיכאָלאָגיע פו די פּראָסטיטוטקעס איז א שווע־רער און קאָמפּליצירטער ענין. ווערליג דעם שטאַנדפונקט פון זייערע קריטיקער, ווערען זיי בעטראַכט אָדער אלס פרויען מיט שלעכטע, ניט פערבעסערליכע אינסטינקטען, אָדער אדרבה אלס קרבנות פון אונזער אונגערעכטער סאָציאַלער אָרדנונג. ביידע מיינונגען זענען איינזייטיג, און דעריבער אויף פאַלש. לשם קריסטליכע מענשען־ליבע האָבען א

בער־שטיבלעך, וועלכע זענען ניט קיין אנדערע זאך ווי נאר קליינע באר־דעלען, אין וועלכע די קעלנערינס זענען אין איין צייט אויך די פראס־טיטוטקעס. דאס אייגענע איז אויך אמת מכח א סך טואלעט און פריזיר־שעפער, ציגארקראמען און ענליכע קליינע ווינקעל־געשעפטען, ביי וועל־כע דער האנדעל מיט א וואסערען ס'איז אונשולדיגען ארטיקעל איז בלויז כדי צו פערדעקען די בארדעל־פראפעסיע. א אנצאל פון שאנטאן אדער קאבארעט־הייזער און פון ארומוואנדערענדיגע זינגער־ און ארטיסטען־גרופען, זענען אויך פערבונדען מיט בארדעלען און פראסטיטוציע. בעזונדערס טואלעט־און פריזיר־שעפער און ציגאר־קראמען, אבער אויך א רייה פון געוויסע פאפיר־קראמען א. אז. וו., פערדעקען האלב מיט זייער סחורה. אלערליי אנדערע שמוציגע ארטיקלען, א שטייגער פער־שידענע פאנאגראפישע בילדער, אדער זיי לעגען אויס אין זייערע שוי־פענסטער כל המינים בילדער פון האלב־נאקעטע פרויען, וועלכע זענען בלויז רייצמיטלען פון די בארדעלען און פון דער פראסטיטוציע בכלל, די דאזיגע אלע געגענשטאנדען האבען א בעזונדערע ווירקונג אויף דער יוגענד און דעריבער ווערען זיי מיט א בעזונדערען חשק פערשרייט צווישען די גרעסטע שילערס פון אלע שולען.

די צאל פון פראסטיטוטקעס. — די צאל פון פראסטיטוטקעס ווערט געשאצט אין בערלין אויף 30.000, אין פאריז אויף 40.000 און אין לאנדאן אויף 60,000 די דאזיגע צאלען ווייזען, אז בלויז א טייל פון די פרויען קאנען באמת זיין פסיכא־פאטהאלאגיש בירושה.

דאס געזאנטע דארף זיין גענוג, מחמת נאך אלעם האנדעלט זיך דא מכח זעהר בעקענטע זאכען. מען זעהט קלאר, ווי דאס געלד, ד. ה, די זשעדנעקייט, נוצט אויס פאר איהרע צוועקען אויף א סיסטעמאַ־טישען אופן אי דעם געשלעכטס־טריב פון די מענער און אי די ארימ־קייט, צוזאמען מיט דער שוואכקייט או אונפעהיגקייט בייצושטעהען דעם נסיון פון די פרויען. אין דער מינוט ווי דער שטאאט, דורך זיין ארגאניזירטע דולדונג, אנערקענט דאס רעכט צו עקזיסטירען פון אט דעם דאזיגען שרעקליכען זומפ, הויבט אויף די פריהער פערשעמטע און בעהאלטענע קארופציע איהר קאפ, ווערט וואס אמאל אלץ פרעכער און ציהט אריין אין איהר נעץ אפילו שטאאטליכע אינסטיטוציעס. קודם כל די פאליציי, אבער אויך די העכערע בעאמטער אין די דאק־טוירים ווערען קארופטירט קומענדיג אין א נאהנטע שייכות מיט דער

די פאטהאלאגישע פארערונגען פון מאזאכיסטען, סאדיסטען, פעטי־שיסטען א. אז. וו.. (זעה קאפיטעל 8). פער פירטע און פערלאזענע מיידלעך. אזוינע וואס האבען געהאט אונגעזעצליכע קינדער, זענען אלעמאל די לייכטסטע קרבנות פאר די שאקאלען פון דער פראסטיטוציע. אויב מען וועט צו אונז טענה'ען, אז די מיינסטע פראסטיטוטקעס זענען שלעכט פון קינדרוויייז אז, און צוליב זייער פוילקייט און לייכטזיניגקייט זענען זיי געניינגט צו דער דאזיגער פראפעסיע, דעמאלט וועלען מיר ענטפערען, אז לייכטזיניגקייט און דער חשק צו לאכען און שטיפען קאן בשום אופן ניט פערגליכען ווערען צו דער שוידערליכער און עקעלדיגער אבריכטונג און שקלאפעריי פון א פראסטיטוטקע אין א באָרדעל.

דער אלקאהאל איז די וויכטיגסטע טרייב־קראפט פון דער פראסטיטוציע. אהן איהם וואלט זי ניט געקאנט עקזיסטירען, לכל הפחות ניט אין איהר רויהער פארם: זי וואלט יעדענפאלס געווען אנשטענדיגער, ריינער און פרייער. די מיינסטע מיידלעך ווערען פערפירט ביי אלקאהאלישע ארגיעס און מיט דער כראנישער שכרות האלטען זיי זיך אויף אין זייער געזונקענקייט.

אין געוויסע שטעדט, צ. ב. אין האמבורג, האט מען געוואלט בעשאפען א מיטעל־וועג צווישען דער פריוואטער פראסטיטוציע און דעם באָרדעל, צווינגענדיג אלע פראסטיטוטקעס צו וואוינען אין געוויסע פאר זיי רעזערווירטע און אבגעגרעניצטע גאסען אדער הייזער, און זיי זאלען זיך לאזען איינשרייבען אין דער פאליציי. די זאך איז ניט געווארען בעסער, אבער די סקאנדאלען אין יענע גאסען זענען געווען שרעקליך. מען דארף אויך ניט פערגעסען, אז די בעלי־בתים און די פערוואלטערס פון אזוינע הייזער ווערען אין געוויסע פרטים מעהר אדער ווייניגער ענליך צו באָרדעל־אייגענטימערס. ווער עס פערדינגט זיין הויז פאר אזא צוועק, מוז שוין ממילא האבען א ניט איבעריג טיף געפיהל פון בושה און פליכט, מחמת צוליב דעם געשעפט קומט איהם אויס צו לעבען אויף די פערדינסטען פון דער פראסטיטוציע.

מיר האבען געערעדט מכח די שטאאטס־באָרדעלען. אבער א חוץ זיי וואקסען ווי ווילד גראז אן אנצאל פון געהיימע באָרדעלען מכל המנים וועלכע דער שטאאט איז נאך ווייניגער בכח צו פערביטען און בעקעמפען. מחמת די באָרדעל־פראפעסיע ווערט פון שטאאט גופא טאלערירט

וועלכע יעדער פונק געוויסען איז טויט, און מיט זייער גאנצער ארגא־ניזאציע פון פערפירונג, געפינען תמיד גענוג מיטלען און וועגען ווי אזוי צו דערגרייכען זייער ציל. באמת, עס לעגט זיך ניט אופ׳ן שכל, ווי אזוי דער שטאאט קאן פון איין זייט דאס באָרדעל־סיסטעם דולדען און ערלויבען, און פון דער אנדערער זייט איהם שטערען צו קריגען זיין נויטיגע סחורה. בלוט־יונגע מיידלעך זענען אי לייכטער צו פער־פירען און אי אויף זיי איז די נאכפראגע א גרעסערע. אין דעם קומענ־דיגען קאפּיטעל וועלען מיר זעהען, אז אין די דייטשע לענדער איז דער האנדעל מיט קעלנערינס כמעט ניט א סך בעסער איידער דער האנדעל מיט פראסטיטוטקעס.

די אבריכטונג פון די פראָסטיטוטקעס. — אפשר די אבשטוי־סענדיגסטע זייט פון דער באָרדעל־פראפעסיע איז דאס סיסטעמאטישע פערפירען און אבריכטען פ ן די מיידלעך. בכדי צו פערנארען דעם קרבן שפילט דא ראלע טיילמאל דאס געלד, אדער שעהנע קליידער, א פערשפּערכונג אויף א גוט בעצאלטער שטעלע און, פערנעהמענדיג ניט ק קליינעם פלאץ, די ציל־בעוואוסט אריינגעברענגטע בערוישונג מיט אלקאהאלישע געטראנקען. טייל פשוט׳ע מיידלעך, וועלכע האבען גערן ליב צו שפּאסען און לאכען. אבער וועלכע וועלען ניט געהען ווייטער, ו רען לייכט פערפירט אונטער דעם איינפלוס פון א גלאז וויין. אויב א קופלער אדער אויב איינעם פון זיינע אונטערהעלפערס, צ. ב. עפּעס א בעשיצער, איז געלונגען אויף דעם דאזיגען אופן צו פערפירען א מיידעל, דעמאלט, בענוצענדיג איהר בושה און שרעק צו ווערען ענט־דעקט, צוזאמען מיט אלערליי סטראשונקעס און די גאנצע קונסט צו פרעסען געלד, ווערט זי פערפירט אלץ ווייטער בארג אראב און פאר איהרע אויגען לאזט מען דורכשווענען שעהנע קליידער, א לייכט לע־בען, עסען און טרינקען, א גוטער לוין און נאך אנדערע רייצענדע זא־כען. ווען דאס מיידעל האט זיך שוין גוט צוגעוואוינט צום סעקסועלען פערקער, הויבט זיך אן די הויך־שול פון אויסגעלאסענקייט און זי ווערט סיסטעמאטיש אבגעריכט ווי אזוי דעם געשלעכטס־טריב פון די מענער אויף אלערליי אופנים צו רייצען און אויף אונאטירליך צו בעפרידיגען. דורך איהרע בעוועגונגען, שטעמען א. אז. וו. מוז זי ווייזען, אז זי פיהלט כלומרשט די העכסטע תאוה, זי מוז זיך אויסלערנען צו האבען א פערקער דורך איהר מויל א. אז וו., שוין אבגערעדט פון

מיידלעך. וועלכע געפינען זיך שוין אין באָרדעלען, צו קאָנען ארויס־שיקען נאָך אויסלאַנד.

די ווייסע שקלאַפעריי.—מיט די נאָר־וואָס בעשריבענע פאַקטען איז ענג פערבונדען דער מאָדערנער ווייבליכער שקלאַפען־האַנדעל בכלל. דער דערמאַנטער אופן, ווי אזוי די באָרדעלען בייטען זיך געגענזייטיג מיט זייער סחורה, איז בלויז איין טייל פון דער גאַנצער פראַגע. די עיקר־קונסט בעשטעהט דערין, פאַר די באָרדעלען צו קריגען גאַנץ יונגע מיידלעך, כמעט נאָך קינדער פון צוועלף ביז זעכצען יאָהרען. דאָס דאַזיגע איז אייגענטליך אין די מיינסטע שטאַאטען געזעצליך פערבאָטען: אָבער צו וואָס זענען דען דאָ די געזעצען, אויב ניט גע־בראָכען צו ווערען ? עס זענען דאָך דאָ אזויפיל מיטלען, אזוינע קינדער פריהער צו פערנאַרען מיט וואָסערער עס איז תרוץ, איידער זיי זענען נאָך גענוג זעלבסטשטענדיג זיך צו קאָנען ארויסדרעהען פו דעם דאַ־זיגען שוידערליכען לעבען. עס זענען דאָך דאָ אזויפיל שלעכטע, גע־זונקענע און הונגעריגע עלטערן, וועלכע וועלען גערן זייערע קינדער אָבגעבען פאַר געלד, ווען מען זאָגט זיי צו אין אַ היפּאָקריטישער אָבער דורכזיכטיגער שפּראַך, אַ גוטע שטעלע, פאַר וועלכער מען צאָלט אפילו פאָרויס. אויף מיינער אַ רייזע בין איך גופא איינמאָל געוועזען אַן עדות, ווי אזוי אַ מיידעל פון צוועלף יאָהרען איז אויף דעם דאַזינען אופן פערקויפט געוואָרען נאָך פּעטערסבורג. איך האָב זיך געווענדט צו אַ קאָנזול און צו אַן אַמבּאַסאַדאָר, בכדי אָבצוהאַלטען דאָס דאַזיגע פער־ברעכען, אָבער די גרויסע הערען האָבען בלויז געצויגען מיט די אַקסלען. מיט וואָס האָב איך געקאָנט די זאַך בעווייזען פאַר אַ געריכט ?! דאָס קינד האָט בעגלייט אַ פרוי, וועלכע האָט מיר הגב מודה געוועזען, אַז דאָ האַנדעלט זיך קענטיג ניט מכח קיין שום אַנדערע זאַך ווי נאָר וועגען דעם פערקויף פון דעם מיידעל צו דער פּראָסטיטוציע. זי אליין האָט בלויז געקראָגען דעם בעפעהל מיט דעם קינד צו פאָרען ביז וויען. אין דעם דאַזיגען פאַל האָב איך געפיהלט די אונמעכטיגקייט, אין וועל־כער אַ מענש געפינט זיך, אנטקעגען אזוינע פּאַסירונגען.

אין די לעצטע יאָהרען האָט זיך ענדליך פאָרמירט אַן אינטער־נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, כדי צו בעקעמפען די ווייסע שקלאַפעריי; איך זעה אָבער ניט, אַז דער פרויען־האַנדעל זאָל זיך קענטיג האָבען פער־קלענערט. די באָרדעל־האַלטערס, מיט דער הילף פון עלטערן, איז

סיפילים אין פאריז 12.2%, אין בריסעל 25%, אין פעטראגראד 33.5% און אין אנטווערפען 51.2%, בעת פון די פרייע פראסטיטוטקעס זע־גען קראנק געווארען אין פאריז בלויז 7%, אין בריסעל 9%, אין פעט־ראגראד 12% און אין אנטווערפען 7.7%.

עס ווערט אפטמאל אבגעלייקענט אז דאס בארדעל איז אין די מייסטע פאלען א געפענגניס, אבער דער דאזיגער פאקט איז שוין א סך מאל קלאר בעוויזען געווארען. דארט, א שטייגער אין פראנקרייך, וואו די פאליציי האט דאס רעכט צו ארעסטירען א פראסטיטוטקע ווען איהר גלוסט זיך, און ניט אזוי זעלטען דורך א טעות אויך אן אנ־שטענדיג מיידעל, און ארייגזעצען אין בארדעל, איז די זאך קלאר ווי דער טאג. לכל הפחות טרעפט דאס זעהר אפט. אחוץ די חובות, וועלכע מיר האבען פריהער דערמאנט, האבען די בארדעל־אייגענטימער נאך א סך אנדערע מיטלען מיט וועלכע זיי קאנען צוהאלטען די פראס־טיטוטקע. פאר אזא פערשטויסען מיידעל איז סיי ווי סיי שווער זיך צוריקצוזקערען צו א פריי און אנשטענדיג לעבען. צייגט אבער א מיידעל דאך ארויס א חשק צו פערלאזען דאס בארדעל, אדער לאזט זי נאר אויף זיך פאלען אזא חשד, האבען די בארדעלען אן אויסגעפריפט און ווירקזאם מיטעל ווי אזוי איהר צו פערטרייבען דעם חשק — דעם אינטערנאציאנאלען אויסטויש. א מיידעל וואס קען ניט די שפראך פון דעם לאנד, איז פערשטעהט זיך, נאך מעהר פערקויפט און אונפעהיג זיך צוו בעפרייען איידער א מיידעל וואס קאן יא די שפראך. אט פשוט דע־ריבער בייטען די בארדעלען פון פערשידענע לענדער אלעמאל אויס זייערע מיידלעך. מיט אלערליי פאלשע תרוצים. א שטייגער א כלומרשט גוטע שטעלע א. דגל., ווערען אויף דעם אופן עקספארטירט מיידלאך פון דער שווייץ נאך אונגארן, אונגארישע מיידלעך נאך דער שווייץ, דייטשע מיידלעך נאך פראנקרייך, פראנצויזישע מיידלעך נאך ענגלאנד, אייראפעישע מיידלעך נאך בוענאס־איירעס א. אז. וו. אויב מען האט צ. ב. א דייטש מיידעל מיט גליק שוין אריבערגעברענגט נאך בודאפעסט אדער גאר נאך בוענאס־איירעס, דעמאלט איז איהר שוין פערגאנגען דער גאנצער חשק צו אנטלויפען; ווייל וואס זאל זי דא טון — ארים און פרעמד אויף דער גאס? אלעמאל געפינט מען נאך גענונג ליגענס, אלערליי צוואנג־מיטלען, סטראשונקעס און תרוצים, כדי

מיר מוזען דערמאנען נאך איין געפאר פון די באָרדעלען. ווי עס איז בעקענט ווערט געלויבט זייער גוטע ארגאניזאציע, זייער ריינליכ־קייט, די מעדיצינישע אונטערזוכונג א. אז. וו. דערביי ווערט אבער פערגעסען די גרויסע געפאר פאר דער אריטמעטישער פערמעהרונג פון די איבערביימונגען אין דעם געשלעכטס־פערקער. בעת א פריוואט־פראס־טיטוטקע נעהמט אויף אין איין אבענד זעלטען מעהר ווי איין מאן און יעדענפאלס מוז זי ניט אויפנעהמען מעהר, איז אבער איטלי־כע פראסטיטוטקע אין א באָרדעל געצוואונגען אויפצונעה־מען אזויפיעל מענער פון וויפיעל זי ווערט נאר פערלאנגט ד. ה. וויפיל די „מוטער" בעשטימט. אויף דעם אופן קאן טרעפען, אז אזא מיידעל ווערט ממש בעלאגערט און מוז אין איין נאכט פון צוואנציג ביז דרייסיג מאל, און טיילמאל נאך אפטער, געשלעכטליך פערקערען מיט פערשידענע מענער, אויב מע קאן אזא מין עקעל איבערהויפט אנרופען געשלעכטס־פערקער. בעזונדערס ביי געוויסע געלעגענהייטען (די אנוועזענקייט פון א סך סאלדאטען, דאס פריי״ל. זען פון די מיליטער־רעקרוטען אין בריסעל א. דגל.) ווערען די באָרדעלען אזוי בעלאגערט אז איין מאן האט קוים צייט צו ענדיגען דעם פעריקער איידער אן אנדערער קומט באלד צו פערנעהמען זיין פלאץ. א פראנצויזישע אויסער־פארלאמענטארישע קאמיסיע צו רעגולירען די פראסטיטוציע האט פון דעם בירגער־מייס־טער פון דער שטאדט בארדא, מ. לאנדע, ערהאלטען א צושריפט מיט דעם פאלגענדען בעריכט: פון א סטאטיסטיק וועלכע ער האט גע־לאזט אויפנעהמען האט זיך ארויסגעשטעלט, אז צוליב א יום טוב פון זיינגערס, אויף וועלכען עס זענען אנגעפארען א סך נייע געסט אין שטאדט, האט איין פראסטיטוטקע איינמאל אין איין טאג געהאט א פעריקער מיט 82 (צוויי־און־אכציג) מענער. הער לאנדע לעגט צו: „די גרויסע געפאר פון די באָרדעלען בעשטעהט דערין, וואס די מייד־לעך זענען דארט אונגעהייער פיל בעשעפטיגט" — באמת, א קורצער און שארפער זאץ! עס איז איצט קלאר, אז אזוינע פאסירונגען פער־גרעסערען אהן אן ערך די געפאר צו ווערען אנגעשטעקט, מחמת עס איז געגוג איין אנגעשטעקטע פערזאן, כדי אנצושטעקען אונצעליגע אנדערע. פאקטיש האט בלאשקא סטאטיסטיש בעוויזען, אז פון די רעגולירטע פראסטיטוטקעס זענען יעדען יאהר קראנק געווארען אויף

גאסען־פרוי, בעת דער בארדעל־האלטער איז פשוט דער סיסטעמאטי־שער עקספלואטאטאר פון דער בארדעל־פראסטיטוטקע.

בארדעלען און בארדעל-האלטערס. — כלומרשט בכדי צו פערמיידען די געפארען פון דער גאסען־פראסטיטוציע, ווערען איינגע־פירט בארדעלען אדער פראסטיטוציאנס־הייזער. אזוינע זענען נאטיר־ליך פאראן פאר איטליכען בעזונדערען געשמאק, פאר די רייכע און פאר ארימע. געוועגליך ווערען זיי געפירט פון א כיטרער, עלטערער פרוי (קופלעריז, בארדעל־האלטערין, אויך ווערט זי גערופען הורען־מוטער אדער מומע), וועלכע ווערט ניט זעלטען אונטערשטיצט פון א „מאן". דער לעצטער איז אין אלע פרטים א מין „העכערער בעשיצער". היי־סען הייסט עס, אז די פראסטיטוטקעס לעבען אין דעם בארדעל פריי אלס איינוואוינער, באמת אבער זענען זיי ווי געפאנגענע אדער שקלא־פען. זיי קריגען א טייל פון דעם געלד וואס די קונדען בעצאלען אין בארדעל. איבער זיי האט די דעה בלויז די בעל־הבית׳טע, די קופלעריז. זיי קריגען גוט צו עסען, כדי זיי זאלען זיין פעט, און זיי טראגען קורצע, סעקסועל אויפרייצענדיגע קליידלעך. פאר די דאזיגע קליידער, פאר דעם עסען א. אז. וו., ווערט זיי מיט א קלוגער אויסרעכענונג גע־שטעלט די העכסטע פרייזען, מחמת די כיטרע „מוטער" פירט דעם חשבון מיינסטענס אזוי, אז די מיידלעך זאלען איהר אלעמאל בליי־בען שולדיג. אזוי ווי די מיידלעך זענען סיי ווי סיי אלס אויסוואור־פען פון דער געזעלשאפט ביז א הויכען סטאפעל אהן א געזעצליך רעכט, איז אויף דעם אופן פאר די „מוטערס" זעהר לייכט זיי צו האלטען אין דער פשוט׳ער שקלאפעריי. געוויס אפיציעל זענען זיי פריי, אבער זיי קאנען מיינסטענס ניט פערלאזען דאס בארדעל־הויז כל זמן זיי האבען ניט בעצאלט זייערע חובות.

עס מוז דא נאך דערמאנט ווערען, אז צווישען די פערשידענע קאטעגאריעס פון פראסטיטוטקעס, פריוואט־פראסטיטוטקעס, גאסען־פראסטיטוטקעס, פראסטיטוטקעס אין די בארדעלען און לארעטקעס אדער גריזעטקעס, קאן מען ניט אלעמאל געפינען א שארפע גרעניץ. עס ווענדעט זיך נאך דער געלעגענהייט אדער נויט אויב א מיידעל געהט אריבער פון איין קאטעגאריע אין דער אנדערער, דערביי וועל־רענדיג „געהעכערט" אדער, אדרבה, פאלענדיג נאך טיפער.

שטאאטליך רעגולירט, ווערען די דאזיגע אלע סארטען פון „פאנגען“ די קונדען, בעוואכט פון דער פאליציי; דאס ווערט נאר ערלויבט יע־נע פרויען, וועלכע זענען איינגעשריבען און האבען זייערע בילעטען.

אט דא קומט אריין די טעטיגקייט פון דעם „בעשיצער“. ער האט אז אויג אויף די קליענטען אין דער היים פון די פראסטיטוטקעס. אין פאל א מאן וויל ניט בעצאלען אדער בעצאלט ניט גענוג, אדער אין פאל ער סטראשעט אדער ווערט געפערליך, קריגט ער א גרינדליכען „מאסאזש“ פון דעם בעשיצער און טיילמאל ווערען אויך פערשוואונדען זיינע קליידער אדער זיינע ממתקים. דער בעשיצער איז אויך דער פראסטעטוטקע׳ס שפיאן און ער פערהיט זי קעגען דער פאליציי. ער העלפט אויך אויף ז י י ן שטייגער צו קריגען קליענטען. ער קומט איהר אויך צונוץ אויף אנדערע אופנים, בעזונדערס אלס א גע־זעצליכער מאן, בכדי צו פערגרינגערען איהר סאציאלען שטאנד. בפרט פאר אן אויסלענדישער פראסטיטוטקע אדער בארדעל־האלטערין, וועל־כע שטעהען אלעמאל אין דער געפאר צו ווערען אויסגעוויזען, איז אזא „מאן“ מיט בירגערליכע רעכטען גאר א בעקוועמע זאך. דער בעשיצער איז מיינסטענס איינער פון די נידעריגסטע אויסוואורפען, א פוילענצער וועלכער ווערט אין גאנצען אויפגעהאלטען פון זיין „פרוי“. אנדערע בעשיצערס זענען בערימט צוליב זייער סעקסועלע פאטענץ און זיי זענען אין דערזעלביגער צייט די אמת׳ע ליבהאבערס פון די פראסטיטוטקעס, וועלכע לאזען זיך פון זיי פשוט בערויבען און מיט זיך טון וואס זיי ווילען. בעת זיי האבען א פערקער מיט אנדערע מענער פאקטיש אהן דעם קלענסטען גענוס, און כדי זיי צו בעפרידיגען מאכען זיי בלויז אן אנשטעל פון תאוה־געפיהלען דורך בעוועגונגען, דורך אטעמען און מינעס, גיבען זיי זיך איבער צו זייע־רע בעשיצערס אדער ליבהאבערס מיט דער ברענעדיגסטער ליבע. לפחות טרעפט דאס זעהר אפט. אז די בעשיצערס געהערען בכלל צו דעם נידעריגסטען סארט מענשען וואס מען קאן זיך נאר פארשטעלען, אז אפטמאל געהערען זיי צו דעם טיף פון פערברעכער, איז איבריג צו זאגען. יענע, וועלכע זענען גוט בעקענט מיט דער פראסטיטוציע דערקלערען, אז אהן דעם קלאס פון בעשיצער וואלט די פראסטיטוציע אין אונזערע שטעדט ניט געווען דורכפירבאר. דער בעשיצער איז אין איין צייט דער פריינד, דער היטער און דער אויסניצער פון דער

יענע וועלכע זענען כמעט טעגליכע בעזוכערם פון פראסטיטוטקעס. איטליכס מאל זיך לאזען אונטערזוכען פון א דאקטאר, וועלכעס וועט זיי פאסטען מעהר צייט און געלד איידער דער בארדעל־בעזוך גופא! שטעלט זיך נאר ווייטער פאר די דאקטוירים, בעת די בארדעלען ווע־רען טיילמאל ממש בעלאגערט פון „מחנות", אט אזוי גרוים איז די שפע! יא, עס איז פאראן א „גאונות" וואס קאן נאר בליהען אין נע־ווויסע ביוראקראטישע קעפ.

בעת א פולשטענדיג אונאבהענגיגע פריוואטע פראסטיטוטקע, וועלכע, צוליב דער אייגענער דעה איבער איהר פערזאן, פערמאגט זי נאך מיינסטענס א געפיהל פו מענשליכקייט און א געוויסע מאס בושה, און וועלכע נעהמט בכלל אויף בלויז א בעשרענקטע צאל מענער און אויך אזוינע וועלכע זי אליין קאן וועהלען, ווערט זי אבער דורך דעם פאליציי־בילעט אפיציעל ארייגעווארפען אין א קלאס פון די נידע־ריגסטע אויסווארפען פון דער געזעלשאפט, וואו זי פערלירט כמעט דעם רעשט פון איהר בושה. אין דעם געוועגליכען בארדעל ערשט וועט פערלוירען איהר לעצטער פונק פון מענשליכקייט.

קאטעגאריעס פון דער פראסטיטוציע. בעשיצערס. — אין דער פריוואטער פראסטיטוציע קאן מען מערקען פערשידענע שטאפלען. איין קלאס פון פראסטיטוטקעס, וועלכע איז וועניגער נידעריג פון אנדערע, זוכט די מענער אויף עפענטליכע בעלער, אין קאפע־הייזער אדער אין אנדערע צוו דייטינגע פלעצער: ווי שוין געזאגט, האבען די דאזיגע פראסטיטוטקעס אן אנצאל פון דערוויילינגע בעקענטע, צו וועלכע זיי פערקויפען זיך. די נידעריגערע און די געוועגליכע פארם פון ד״ר פריוואט־פראסטיטוציע איז די אזוי־גערופענע גאסען־פראסטיטו־ציע. געוועגליך ביי נאכט, אבער טיילמאל אויך אין העלען טאג, שפא־צירען די דאזיגע גאסען־פרויען, אויסגעפוצט אזוי, אז איטליכער זאל זיי זעהען, אין געוויסע גוט בעקענטע און לעבעדיגע גאסען, און ירך פערשידענע צייכענס, בליקען, א. אז. וו., לאזען זיי זיך דערקע־נען, ביז זיי קריגען א מאן וועלכער געהט מיט זיי א היים. דאס איז בקצור די מעטאדע, וועלכע ווערט אנגעווענדט אין כמעט אלע שטעדט. אנדערע פראסטיטוטקעס שטעלען זיך אוועק ביים פענסטער פון זייער וואוינונג, בכדי אויף דעם אופן צו פאנגען די פאריבערגעהענ־דיגע מענער. אין אלע יענע לענדער וואו די פראסטיטוציע ווערט

שפּיטאַל פּראַקטיקע דריקט מען צו אַן אויג; מען היילט בלויז די געשווירען וועלכע מען קאָן אַנזעהען, מען וואַרט ביז די שטאַרקסטע גאָנאָרעישע אויספלוסען שטעלען זיך אָב און מען לאָזט די פרויען ווייטער לויפען. אַ חוץ דעם ווערט די אונטערזוכונג געמאַכט על רגל אחת, מחמת ווען מען וואָלט געוואָלט איטליכע פּראָסטיטוטקע אַלע אַכט טעג אונטער־זוכען פון קאָפּ ביז די פיס, וואָלטען ניט די באַרדעלען, ניט די פּראָס־טיטוטקעס און ניט זייערע דאָקטוירים געקאָנט עקזיסטירען.

איוואַן בלאָך אַליין שרייבט: „אַט אַזוי, בעת עס איז קלאָר אַז יעדע דריטע פּראָסטיטוטקע האָט אַ טריפּער, איז אין בערלין אין 1889 ווי עס הייסט ערשט ביי דער 200טער, און אין 1884 אפילו ערשט ביי דער 1873טער אונטערזוכונג קאָנסטאַטירט געוואָרען איין (1) טריפּער־פאַל!!“ שוין ביי דער בערימטער „דייטשער גרינדליכקייט“ איז אַט דאָס די צופערלעסיגקייט און די גאַראַנטיע פון דער מעדיצי־נישער אונטערזוכונג פון די פּראָסטיטוטקעס! עס איז מיר אַ פרייד דאָ צו זאָגען, אַז די ספּעציאַליסטען פאַר ווענערישע קראַנקהייטען (בלאַשקאָ, י. בלאָך און אַנדערע) זענען ענדליך אויך געקומען צו דער דאָזיגער איבערצייגונג, די ריכטיגקייט פון וועלכער זיי איז, שוין זינט יאָהרען בעוויזען געוואָרען פון ניט פּראָפעסיאָנעלע מענשען אַנ־שליסענדיג זיך אַן פרוי באַטלער׳ס אַבאָליציאָניסטישער בעוועגונג. איך גופא האָב מיט די שטאַרקסטע בעווייזע ענערגיש פערטראָטען דעם אַבאָליציאָניסטישען שטאַנדפּונקט געגען קאַפּאַזי׳ן, אויף דעם שטאָק־האָלמער קאָנגרעס אין 1890, און אין 1896 האָב איך צוזאַמען מיט באָאָס־יעגהער אויפגעהויבען די פאָלקס־בעוועגונג, וועלכע האָט גע־פירט צו דער אָבשאַפונג פון באַרדעלען און צו דער איינפירונג פון אַ פּאַסענדיג געזעץ געגען דעם באַרדעל־האַנדעל אין דעם צוריכער קאַנטאָן.

מען האָט פאָרגעשלאַגען אַ זעהר ראַדיקאַלען, אָבער אין דערזעל־ביגער צייט אַן אַבסאָלוט אוטאָפּיסטישען פּלאַן. יעדען מאַן, וועלכער געהט צו אַ פּראָסטיטוטקע, איטליכס מאָל פריהער צו לאָזען אונטער־זוכען פון אַ דאָקטאָר! אמת, דאָס וואָלט געווען דאָס איינציגע מיטעל, בכדי צו פערהיטען די אַנשטעקונג פון די באַרדעל־מיידלעך. אָבער לאָמיר זיך בדרך אגב פאָרשטעלען אַט אַזאַ מין פּלאַן אין דער פּראַק־טיקע! שטעלט זיך נאָר פאַר יענע כראָנישע תושבים פון באַרדעלען.

מיט אלע צווייגען פון דעם געשעפט און זי וועט זיכער אלעס ווייטער פירען אויף דעם זעלביגען ערליכען וועג.

איך מיין, אז די דאזיגע ביידע ביישפילען פון מענשליכען נאַי־וויטעט אדער פון דער מענשליכער אונבעוואוסטער געפאלענקייט, דאר־פען זיין גענוג צו כאראקטעריזירען די מאראל פון דעם סיסטעם. אין זיין נאוועלע "La Maison Tellier" האט גי דע מאפאססאן אויף א מייסטערהאפטען אופן געשילדערט די פסיכאלאגיע פון די פראסטיטוטקעס, דער בארדעל־האלטערין און זייערע קליענטען.

פון די אויבען געברענגטע אורזאכען זעהען מיר אז פון איין זייט קאן מען זיך אבסאלוט ניט פערלאזען אויף דער מעדיצינישער בע־האנדלונג פון די פראסטיטוטקעס, און פון דער אנדערער זייט, אדרבה, גיט זי נאך די מענער א פאלש געפיהל פון זיכערקייט, א געפיהל אין וועלכען זיי זענען לייִדער שוין צופיל גרייט זיך צו לאזען איינדרעמ־לען, כדי זיך שפעטער אריינצוווארפען אין די ארימט פון דער פראס־טיטוציע. דער צוועק פון די דאזיגע מעדיצינישע וויזיטען איז דאך, כדי קראנקע פראסטיטוטקעס אבצוזונדערן, פון דער צירקולאציע און זיי צו צווינגען זיך צו בעהאנדלען אין א שפיטאל. אבער ווער עס איז בעקענט מיט די פאקטען ווייסט, ווי ווייניג דאס ווערט דער־גרייכט. אין א רעלאטיוו קורצער צייט ווערען כמעט אלע פראסטיטו־אירטע אנגעשטעקט. פון איין זייט, האבען די פראסטיטואירטע גופא, אזוי גוט ווי דער בארדעל־האלטער, אן אינטערעס ווי ווייט מעגליך צו פערקירצען די צייט אין שפיטאל; און פון דער אנדערער זייט, לעבט דער בארדעל־דאקטאר טיילווייז אויף דעם געלד פון די דאזיגע מענשען, וועלכע ער מוז דעריבער מעהר אדער ווייניגער שוינען. אויף אזא אופן פערפלאנטערט זיך א פראבלעם, וועלכעס איז כמעט ניט מעגליך צו לע־זען מחמת די בעהאנדלונג פו אזוינע קראנקע אין זעהר א פערצווייגענע און איהר ערפאלג איז אויך א קנאפ צופערלעסיגער. א געוויסענהאפטער, האלענדישער דאקטאר, כאנפלורי וואן איסזשעלשטיין, וועלכער האט געוואלט ערליך דורכפירען די אבזונדערונג פון אלע אנגעשטעקטע פראסטיטוטקעס, איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז ער האט כמעט אלע מיידלעך פו די בארדעל־הייזער געדארפט פערשיקען פאר א לענגערער צייט אין שפיטאל. דאס האט ארויסגערופען אז אמת'ע רעוואלוציע, און זיין לעבען איז געווען אין א סכנה. אפילו אין דער געוועהנליכער

נעו אלץ בעגריפען, וועלכע האבען א כמעט ניט אונטערבראכענע רייה פון איבערגענג. כל זמן דער שטאאט טאלערירט די פראסטיטוציע און די באַרדעלען, מוז ער זיך דורך זיינע אפיציעלע ארגאנען אריינלאזען אין פערהאנדלונגען מיט פראסטעטוטקעס און באַרדעל־האלטערס, אויף דעם אופן אנערקענט ער זיי. פאר זיין בעמיהונג מוז דערנאך דער שטאאט קריגען בעצאלט. און דעריבער איז די פעולה, אז פראסטיטוטקעס און באַרדעל־בעלי־בתים מוזען דורך געלדער פאר ערלויבנישען און פריי־ווילעגיעס דעם שטאאט און זיינע דאקטוירים בעצאלען זייער חוב.

עס איז דא א שפריכווארט „ווער עס צאלט, האט די דעה". דא דארף דאס דאזיגע שפריכווארט ניט גענומען ווערען אות־באות, אבער פונדעסטוועגען זאגט דער וואס צאלט אלעמאל א איינפלוס אויף דעם וואס קריגט בעצאלט, און אויף דעם סמך פיהלען זיך די באַרדעל־האל־טערס און די פרויען מיט די בילעטען, אזוי־צוזאגען אלס א מין שטאאטליכע איסטיטוציע, א פאקט וועלכער הויבט אויף זייער שטאנד ניט בלויז אין זייערע אייגענע אויגען נאר אין די אויגען פון דער נארישער מאסע. אויף וויפיל די דאזיגע פאקטישע ארגאניזאציע פון א געזונקענער, סאציאלער אבנארמאליטעט צומישט די מוחות אין נאַ־רישע קעפ, וועל איך בעווייזען מיט צוויי ביישפילען:

א נער פון מיינע בעקענטע האט זיך פערנומען מיט דער בע־קעמפונג פון דער שטאאטליכער רעגולאציע פון דער פראסטיטוציע. ניט פערשטעהענדיג דעם גאנצע עסק, קומט איינמאל צו איהם א פרוי און בעקלאגט זיך ביטער איבער דעם לייכטזיניגען און צולאזענעם לעבען פו זאיהר טאכטער, און פרעגט איהם צום סוף, אויב ער קאן איהר ניט העלפען זי אריינצוגעבען אין א באַרדעל וואס ווערט קאנטראַ־לירט פון דעם שטאאט: ווענינגסטענס וואלט דאס געווען א שטאאט־ליכע אינסטיטוציע וואו אלעס ווערט רעגולירט מיט דער גרעסטער אָרד־נונג !

אין פאריז קומט איינמאל אן אלטע קופלערין צום פאליציי־פרעפעקט און בעט איהם, צו טראנספערירען די קאנצעסיע פון איהר באַרדעל צו איהר ניינצעהן־יאהריגער טאכטער. איהר הויז, זאגט זי, ווערט געפירט ערליך, אין א לאיאלען און רעליגיעזען גייסט: איהר טאכטער איז זעהר געראטען, קלוג און פעהיג, זי איז גרינדליך בעקענט

דעם קויפליכען געשלעכטס־גענוס. דערמאנט זיך צ. ב. אין דעם פאל פון יענעם מאן (קאפיטעל 4), וועלכער האט אין א משך פון פינף יאהרען געהאט א פערקער מיט 2000 פרויען און ער איז געווען אנ־געשטעקט. אויב דער דאזיגער פאל איז אן אויסנאהם, זענען אבער פא־ראן זעהר א סך ענליכע פאלען אין א קלענערער מאס. היינט, ווי קאנען די הורען זיין געזונד ? אין פערגלייך איז די פאליגאמיע פון שלמה המלך מיט זיינע 1000 ווייבער, כמעט געווען א מילדע זאך. יעדענפאלס אבער נים געפערליך. אין דער פאליגאמיע פון אונזערע געלד־קעניגען אין די כלומרשט מאנאגאמישע קריסטליכע שטאאטען, זאל מען דע־ריבער אביסעל אריינבליקען.

אלזא דערזעהענדיג די געפאר פון די וועגערישע קראנקהייטען, האבען די דאקטוירים פון נאפאלעאן'ס צייט איינגעפירט דאס סיס־טעם צו רעגולירען די פראסטיטוציע, מיט דער גוטער אבזיכט אב־צושאפען אדער לכל הפחות צו פערקלענערען איהר געפאר, מחמת זיי האבען פערשטאנען, אז די פראסטיטוציע אלס אזוינע צו אונטער־דריקען, איז אונמעגליך. דאס סיסטעם בעשטעהט דערין, אז די פאליציי האט די פליכט אויפצוזוכען איטליכע פרוי וואס פראסטיטואירט זיך און זיי צווינגען צו דער אזוי־גערופענער איינשרייבונג. זיי קריגען א בילעט און זענען פערפליכט זיך צו מעלדען צו א מעדיצינישער אונטערזוכונג איין־אדער צוויי־מאל א וואך אדער אלע 14 טעג, אניט ווערען זיי ארעסטירט און בעשטראפט. א חוץ דעם, בכדי צו פער־איינפאכען דאס סיסטעם, פלאנעווען מיינסטענס די רעגולאציע די הורען איינצוקווארטירען געמיינשאפטליך אונטער דער פירונג פון א קופלער אדער א קופלערין אין די אזוי־גערופענע באררעלען אדער הורען־הייזער, וועלכע ווערען שפעטער מעדיציניש־געגעלמעסיג קאנ־טראלירט. אין דער טעאריע, פערשטעהט זיך, דארף דאס באררעל נים זיין דוקא א שטאאטליכע אינסטיטוציע; מען נוצט דעריבער בנוגע דעם באררעל און די פרויען מיט די בילעטען, דאס ווארט „דול־דונג" און מען וויל דערמיט אויסטייטשען, אז מען לאזט זיי צו, נים חלילה אלס א וואוילטעטיגע איינריכטונג, נאר אלס אן איבעל וועל־כען מען טאלערירט. אבער דער דאזיגער אונטערשיד האלט זיך אין דער לופטען. דולדען, טאלערירען, ערלויבען, ארגאניזירען, גוט־הייסען, און דערנאך פערטייטיגען, אונטערשטיצען און רעקאמענדירען זעך־

שוין אליין אנגעשטעקט, דעמאלט כפל'ט זיך איטליכס מאל די אינ־פעקציאנס־געפאר, מחמת אזוי ווי די דאזיגע פרוי פערקערט אלץ ווייטער מיט נייע מענער, וועלען די מיינסטע פון זיי ווידער פון איהר ווערען אנגעשטעקט. אויף דער דאזיגער פשוט'ער אריטמעטישער וואהרהייט האט מען זיך ליידער זעהר וועניג אומגעקוקט: בעת מען האט זיך בלויז פערנומען מיט איהרע פאלגען. מיר מוזען דא נעהמען אין בעטראכט, אז די פולשטענדיגע היילונג פון סיפיליס איז זעהר שווער פעסטצושטעלען בלי ספק; אז די דאזיגע קראנקהייט איז אהן א שעור אנשטעקענדיג, לפחות אין די ערשטע צוויי יאהרען פון איהר ענטוויקלונג און, אז זי איז פערשפרייט אין דעם גאנצען ארגאניזם און אויך אין בלוט, אזוי, אז ניט בלויז קאנען אנשטעקען גרויסע דרויסענדיגע געשווירען וועלכע מען קאן זעהען, נאר אויך קליינע בעהאלטענע וואונדען אין די שליימהויטען, אין דער שייד, אין מויל א. אז. וו. מען מוז אויך אין זין האבען, אז די גאנארעע (דער טריפער) איז וועניגער שמערצליך ביי דער פרוי, און אויך ביים מאן הערט זי אויף צו זיין שמערצליך, ווען די קראנקהייט ווערט כראניש, וואס דאס טרעפט אזוי אפט; אז איהרע אנשטעקענדיגע מיקראבען (די גאנאקאקען) זענען ביי דער בעהאנדלונג זעהר שווער צו דערגרייכען, ליגענדיג בעהאלטען אין אלע קליינע פעלבעלעך און ווינקעלעך אין די שליימהויטען פון די געשלעכטס־ארגאנען און, אז ביי דער פרוי דרינגען זיי אפטמאל אריין ביז אין דער געבערמוטער און, אז דעמאלט איז אויך די קראנקהייט אונמעגליך אדער כמעט אונמעגליך צו קורירען.

ווייטער, אויב מען געדענקט נאך, אז די ווייבליכע געשלעכטס־ארגאנען פארמירען טיפע, פערשטעקטע פאלבען, וועלכע, טראץ אלע מאדערנע אינסטרומענטען און טראץ אלע אנשטרענגונגען, זענען טיילווייז כמעט ווי אונמעגליך פ ו ל ש ט ע נ ד י ג צו ענטזא־מינירען, אז אויך דאס מויל פון די פראסטיטוטקעס איז אפטמאל וועגעריש אנגעשטעקט געווארען צוליב די מאוס'ע און אונאטריליכע מאניפולאציעס אין דער פראסטיטוציע או, אז איבערהויפט קיין איין אבר פון איהר לייב קען ניט גוט־זאגען געגען אנשטעקונג, דעמאלט וועט מען אהן מיה בעגרייפען וואסערע אונגעהייערע אינפעק־ציאנס־געפארען עס ליגען בעהאלטען אין דעם דאזיגען זומפ פון

מעל 6). מיר ווילען דא ניט שרייבען איהר געשיכטע: פאר אונזער צוועק איז פולשטענדיג גענוג צו זיין בעקענט מיט דער מאדערנער פראסטיטוציע. מיר ווילען אבער בלויז בעמערקען, אז ביי א סך פרימיטיווע פעלקער און ביי א סך יונגע פראגרעסיווע נאציעס, וועלכע זענען נאך געווען סעקסועל ניט פערדארבען, האט די פראסטיטוציע, נעבען דעם נארמאלען געשלעכטס־פערקער, קוים אדער ביז צו א גאנץ שוואכען גראד זיך געקאנט ענטוויקלען. פאר איהר היינטיגער פארם פון ארגאניזאציע קומט הויפטזעכליך א דאנק נאפאלעאן I. פונקט ווי זיין גאנצע געזעצגעבונג בנוגע דער היראט און דעם געשלעכטס־פערקער, איז זי אויך א לעבעדיגער אויסדרוק פון זיינע כללים ווי אזוי צו בעהאנדלען די פרויען: די אונטערדריקונג פון דער פרוי, די פעראכטונג פון זייערע רעכטען און די דערנידערונג פון דער פרוי צו דעם שטאפעל פון א גענוס־מיטעל פאר דעם מאן, און צו א מאשין פאר פארטפלאנצונג.

**די ארגאניזאציע פון דער פראסטיטוציע.** — מיר האבען נאר־וואס געזעהען די סאציאלע בעדינגען אונטער וועלכע עס ענטוויקעלט זיך נאטירליכערווייז די ארגאניזאציע פון דער פראסטיטוציע, מיט איהרע בעשיצערס און באדרעל־האלטערס (קופלערס): א דאנק דער מעדיצינישער וויסענשאפט, קומט צו נאך א פאקטאר. אין קאפיטעל 8 האבען מיר בעהאנדעלט די ווענערישע קראנקהייטען. אזוי גיך ווי דאס דאזיגע געשלעכטס פו דער מענשהייט איז וואס אמאל געניער דערקענט געווארען, איז אויך אלץ מעהר און מעהר געווארען קלאר זיין נאהענט שייכות מיט דער פראסטיטוציע. די אנשטעקענדיגע באצילען פון סיפיליס און גאנארעע געפינען זיך געוועהנליך אין די מענליכע געשלעכטס־ארגאנען און אין דער שייד און אין דעם אורין־קאנאל פון דער פרוי. יעדער געשלעכטס־פערקער צווישען אן אנגעשטעקטען און א געזונדען קאן דעם לעצטען אנשטעקען. דעריבער פערשטעהט זיך אויף א גאנץ קלארען אופן, אז די געפאר פון דער פערשפרייטונג פון דער דאזיגער אנשטעקונג פערגרעסערט זיך מיט דער צאל פון די געשלעכטליכע איבערבייטונגען. ווען א שטייגער א פרוי פערקויפט זיך סיסטעמאטיש צו אלע מענער וועלכע ביטען זיך נאר אן, איז, פערשטעהט זיך די ווארשיינליכקייט אונגעהייער גרויס, אז זי וועט באלד פון איינעם ווערען אנגעשטעקט. איז זי אבער

אייגענטליך פערשאכערט געווארען. דערפאר אבער שאכערען היינט די הייראטס־קאנדידאטען גופא אפשר נאך מעהר.

## 3. די פראסטיטוציע און די בארדעל־האלטערס.

ווי מיר האבען געזעהען אין קאפיטעל 6, איז די פראסטיטוציע שוין זעהר אן אלטע אינסטיטוציע און אלס א סמן פון רעגענעראציע געפינען מיר זי ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער. דארט, וואו די פרוי איז א סחורה, וועלכע מען קויפט און פערקויפט, איז קיין וואונדער ניט, אז געוויסע נידעריג געזונקענע פרויען זענען געקומען אויף דעם געדאנק אריינצונעהמען, ווען זיי קאנען, דעם גאנצען האנדעל אין זייערע אייגענע הענד, ד. ה. צו פערקויפען דעם גענוס פון זייער רייץ צו די מענער, אנשטאט זיך איבערצוגעבען אלס א געגענשטאנד וועלכעס מען קויפט און בעזיצט אויף א פערהייראטען אופן. אבער אזוי ווי דער מאן איז דער שטארקערער, קומט איהם אויס אפטמאל זעהר לייכט אין די נאך נידעריגע, בארבארישע קולטור־שטאפלען, אויך דאס דאזיגע געשעפט צו מאנאפאליזירען פאר זיך, און די פרויען, וועלכע געפינען זיך אונטער זייער הערשונג אריינצופירען אין דער פראסטיטוציע. מיר האבען געזעהען ווי אויף אזא אופן האבען עלטערן זייערע טעכטער, און מענער זייערע פרויען איבערגעגעבען צו דער פראסטעטוציע.

אין אונזער מאדערנער ציוויליזאציע, איז די פרוי וואס פראסטיטואיוט זיך צוליב דערזעלביגער אורזאך שטענדיג אין א געפאר, צו ווערען ברוטאל מיסברויכט און ניט קריגען בעצאלט. בעזונדערס ווען מען נעהמט אין בעטראכט די צוויפעלהאפטע קוואליטעט פון זייערע קונדען. עס איז דעריבער גאנץ נאטירליך, אז זי זאל זוכען מיטלען בכדי צו בעשיצען איהר האנדעל. זי נעהמט זיך דערפאר אלס א שיצונג א מאן, א געליבטען, וועלכער קריגט פון איהר בעצאלט (א בעשיצער), אדער זי פערדינגט זיך צו די געשעפטס־לייט, וועלכע ציהען א נוצען פון דער פראסטעטוציע — די בארדעל־אייגענטימער. טיילמאל שפילען דער געזעצליכער מאן, די מוטער אדער פאטער פון דעם מיידעל די ראלע פון דעם בעשיצער אדער פון דעם בארדעלגיס. אט אזוי זענען געווען און זענען נאך איצט די בעשיצערס און קופלערס (בארדעלניקעס, די אייביגע בעגלייטער פון דער פארסטיטוציע

די פראסטיטוציע האט שוין געבליהט אין אלטערטום און אין מיטעלאלטער, בעזונדערס אבער נאך די קרייצצוגען (זעה קאפי־

כאַפּען אין איהר נעץ א רייכען מאַן. מיינסטענס אָבער מאַכט מען חשבונות אויף ביידע זייטען, מען ספּעקולירט אויף ירושות און מען בע־שווינדעלט זיך געגענזייטיג. דאָס רוב זענען עס די מענער, וואָס מאַ־כען אָפּטמאָל דעם חשבון פּונקט פאַלש, אויסזוכענדיג זיך א פּרוי פון אַזוי־פיל און אַזוי־פיל געלד, מחמת זיי אונטערשאַצען דעם קלענערען ווערט פון איהרע כאַראַקטער־אייגענשאַפטען. עס איז א פאַקט, אַז ריי־כע לייט זוכען זייערע ניט געראַטענע קינדער חתונה צו מאַכען דורך א גרויסען נדן מיט בראַווע אָבער אָרימערע מענשען.

ניט בלויז ביי די גרויסע און רייכע עקזיסטירט די געלד־הייראַט, נאָר מיר געפינען זי טאָג־טעגליך אויך ביי די קליינע, צווישען פאָלק, ביי די פּויערים און אַרבייטער, און איבעראַל האָט זי איהר שעדליכע ווירקונג. צוליב א קליינער סומע פון עטליכע הונדערט מאַרק אָדער פראַנק, וועלכע א דינסט־מיידעל האָט שווער און ביטער פערהאַרעוועט און אָבגעשפּאָרט, האָט מען אָפּטמאָל מיט איהר חתונה, און שפּעטער פערלאָזט, נאָכדעם ווי דער זויבערער „מאַן" האָט דאָס געלד פער־שווענדעט. טיילמאָל קאָן דער געלד־אָבמאַך זיין אַן ערליכער און די ליבע קאָן שפּעטער אויך נאָכהינקען, בעזונדערס דעמאָלט ווען איין אָדער ביידע צדדים האָבען אין זייערע ספּעקולאַציעס ניט נאָר אריינ־גערעכענט דאָס געלט אַליין, נאָר אויך דעם כאַראַקטער, די געזונדקייט א. אַז. וו.

בכדי ניט אריינצופאַלען אין באַנאַלע בעהויפּטונגען, וועלען מיר דער ענין פון דער געלד־הייראַט, וועלכער, הגם, איז שוין אַרויף אַלערליי אופנים אויסגעדראָשען געוואָרען אין מאָדערנע ראָמאַנען און אין מאָ־דערנע געשפּרעכען, ווייטער ניט בעהאַנדעלט באריכות; מיר ווילען בלויז שליסען מיט דער קורצער בעמערקונג, אַז די געלד־הייראַט עפענט מיר און טויער פאַר כל המינים היפּאָקריטסטוועס, שווינדעל און מאוס'ע בעהאַנדלונגען. ניט מיט אומרעכט האָט מען זי אָנגערופען די העכערע, אריסטאָקראַטישע פאָרם פון פּראָסטיטוציע. בשום אופן זאָג איך אָבער ניט, אַז די געלד־הייראַט איז היינט מעהר פערשפּרייט איידער פאַר־צייטענס. די גרעסערע וואַהל־פרייהייט פון די יונגע מענשען איז היינט־צוטאָג א געזונד גליכג.ויכט. די קינדער זענען פריהער א סך מעהר איידער איצט פון זייערע עלטערן מיט געוואַלט פערהייראַט געוואָרען.

בעסערער געזעלשאפט. אפילו יעדער קעלנער אין א האטעל, יעדעס משרת־אינגעל, קוקט מיט אן אנגעבלאזענער געריננשאצונג צו איהם אראב: ער ווערט בעטראכט פאר „ניט פיין", פאר א קמצן, פאר א טפש, וועלכער דארף זיצען אין א משוגעים־הויז. מען קאן דעריבער בלויז ביז צו א געוויסען שטאפעל און מיט דער גרעסטער פארזיכטיג־קייט ווירקען אנטקעגען דער מאכט פון אונזערע מאדערנע געלד־מנהגים און, גראד ביי דער הייראט ווערט די זאך אמשווערסטען און מען מוז זיין אמפארזיכטיגסטען. א געבילדעטער מאן, אבער אהן געלד, וועלכער וויל צ. ב. חתונה האבען אלס סטודענט, בכדי אויסצומיידען די פראס־טיטוציע אדער אנדערע פערדארבענקייטען, וועלכער איז צופריעדען מיט זיין פרוי צו לעבען אין איין צימער און האבען בלויז די סאמע נויטיגסטע זאכען, וועט שווערליך קאנען געפינען א געבילדעט מיידעל, וועלכעס זאל וועלען דערויף איינגעהען. אלצדינג מוז געהען לויט דער איינגעפירטער מאדע און „לויט דעם שטאנד", און דעריבער ווערט די הייראט אין די מייסטע פאלען געמאכט אונמעגליך. פון דעסטוועגען קאן דערזעלביגער סטודענט ניט פערהייראטערהייט לעבען צוזאמען מיט א גריזעט, מחמת ביי אזא צוזאמענלעבען ווערט יא צוגעלאזט די דער־מאנטע איינפאכקייט. אבער פארוואס קאנען ניט דיזעלביגע לעבענס־מיטלען, וועלכע זענען גענוג פאר אן אונפעהייראט צוזאמענלעבען, זיין גענוג פאר א פערהייראט צוזאמענלעבען? מיט דער דאזינער פראַ־גע וויל איך דא בלויז אנרירען אן ענין צו וועלכען מיר וועלען שפעטער צוריקקומען. און אין דערזעלביגער צייט וויל איך אויפמערקזאם מא־כען אויף דער מכה, וועלכע פער'סם'ט דאס געשלעכטס־לעבען פון אונ־זער מאדערנער צייט.

אונטער געלד־הייראט ווערט פערשטאנען די הייראט, דער יסוד פון וועלכער איז ניט קיין ליבע, נאר א געלד־אויסרעכענונג. אבער דאס בלויזע געלד קומט ניט אלעמאל אליין אין בעטראכט. שטאנד, נאמען און בעקוועמליכקייט האבען אפטמאל א חלק אין דעם חשבון, און דער־מאלט זענען פאראן אלערליי שטאפלען. איינמאל האט חתונה אן אב־געקומענער אדעלמאן מיט א טאכטער פון א רייכען סוחר, בכדי ווידער צו ווערען רייך, בעת דער שטאלץ פון דעם מיידעל אין דער ארעליגער טיטעל. אן אנדער מאל וועט א קאקעטקע דורך א געשיקט פלירטען מאכען אז אנשטעל פון א ליבע, וועלכע זי פיהלט ניט, בכדי אריינצו־

ערליי טענות מכח צוועק און תכלית, ווייזט אזוי קלאָר, ווי טיף דאָס קניען פאַר דעם גאָלדענע - קאַלב און די קלאַסען־פאָרורטיילען האָבען פון דאַרבען אונזערע מידות און מינהגים. פשוט ניט זייענדיג רייך קאָן מען מעהר ניט דינען זיין פאַטערלאַנד אלס אָפיציר און, הייראַטען, ניט פערקויפענדיג זיך צו אַ רייכער פרוי פון אַ געוויסען שטאַנד. מיט אַנ־דערע ווערטער, אלס אָפיציר טאָר מען ניט חתונה האָבען לויט זייגע אייגענע ליבעס־געפיהלען און נייגונגען, כיבא מען בעזיצט צופעליג אַ געוויס פערמעגען. אמת, עס זענען פאַראַן אָפיצירען וועלכע הייראַ־טען אויס ליבע, אָבער בכדי צו קריגען די ערלויבניש צו הייראַטען, פער־לאַנגט מען ניט נאָר אַ געוויס פערמעגען אָדער הכנסה, נאָר די פרוי מוז אויך האָבען אַ געוויסען יחוס און בילדונג: אויב דאָס פערמעגען איז גרויס, איז מען ניט אזוי האַרב בנוגע צו דער בילדונג. די פרוי פון אַן אָפיציר מוז קומען צו די אָפיציר־בעלער, זי מוז זיין אַנוועזענד ביי אַלע אָפיציעלע איינלאַדונגען א. אז. וו.. זי טאָר עפענטליך ניט אַנ־פירען קיין שום פשוט'ע געשעפטען, יאָ, אפילו איהרע עלטערען טאָרען ניט האָבען קיין קראָמען. איינע פון מיינע נאָהענטע פערוואַנדטע האָט איז אַ דייטשער שטאָדט געהערט אַ מוטער זאָגען צו אַ טאָכטער, וועל־כע האָט זיך ניט געקאָנט ענטשליסען צו הייראַטען אַ געוויסען מאַן וועמען זי איז געפעלען: „אויב דו ווילסט איהם ניט. דאַן לאָז איהם געהען: מיר ווילען דיך ניט צווינגען: מיר זענען גענוג רייך. אויב דו ווערסט שפעטער ווערען הייראַטען, קאָנען מיר פאַר דיר נאָך אַלעמאָל קויפען אַן אָפיציר".

ביי דער טיראַניי פון דער אזוי־גערופענער קלאַסען־הייראַט, שפּילט היינט כמעט אַלעמאָל נאָר דאָר געלד די ערשטע ראָלע. פריהער האָבען יחוס און אַן אַדעלשטאַנד געגאָלטען פאַר אַלעס. זיי האָבען געברענגט מאַכט און פערמעגען. היינט־צוטאָג, ווי עס איז בעקאַנט, האָט דאָס געלד פערנומען זייער פלאַץ, און מען קאָן זאָגען, אַז געלד אַליין שטעלט מיט זיך פאַר די גאַנצע מאַכט. ווען אַ מענש רעוואָלטירט קאָנסעקווענט און ענערגיש אַנטקעגען דעם, וועלענדיג זיך צוריקקערען צו די פשוט'ע און בעשיידענע מנהגים פון אַמאָל, ווען ער טראָגט איינפאַכע קליידער, אַרבייט מיט זיינע הענד, עסט מיט זיינע דינערס ב איין טיש אָהער ווען ער בעגעהט זיך אין גאַנצען אָהן דינערס, ווערט ער פעראַכט און ער ווערט ניט אויפגענומען אין דער אזוי־גערופענער

## 2. די געלד-הייראַט.

די געלד־הייראַט איז די מאָדערנע פאָרם (די נאָכפאָלגעריז) פון דער קויף־הייראַט. פאַרצייטענס האָט מען זיך געקויפט אַ פרוי און פערקויפט אַ טאָכטער: היינט פערקויפט מען זיך צו אַ פרוי און מען קויפט זיך אַן איידעם. אמת, דער עסק איז היינט מעהר ניט אַזוי שלעכט, מחמת דאָס שייכות צווישען דער קויפעריז און דעם געקויפטען איז ניט מעהר ווי דאָס שייכות צווישען אַן אייגענטימער און אַ סחורה וועלכע מען בעזיצט. פונדעסטוועגען פירט דער היינטיגער געלד־שאַכער אין דער הייראַט צו די שמוציגסטע ספּעקולאַציעס און זשעדנעקייט. די דאָזיגע זאַכען זענען איטליכען אַזוי גוט בעקענט, אַז עס איז ניט נויטיג זיך דאָ לאַנג צו פערנעהמען מיט זיי. אנשטאָט ליבע, כאַראַקטער, פעהיגקייט, האַרמאָניע פון די געפיהלען און אַ גייסטיגע און קערפּערליכע געזונדקייט, איז דער אויסקוק אויף געלד דער אַנהויב און דער סוף פון דעם חשבון אין דער הייראַט. דאָס געלד פערבלענד די מיינסטע מענשען אַזוי ווייט, אַז זיי ווערען פשוט בלינד און זיי זעהען ניט, אַז אַ קערפּערליכע און גייסטיגע גראַטעגקייט און געזונדקייט פון אַ פרוי איז אַ קאַפּיטאַל וועלכעס איז אַ סך זיכערער איידער די ווערט־פּאַפּירען וועלכע זי האָט ליגען אין דער באַנק און וועלכע צורינען ווי וואַסער ווען די קינדער זענען קראַנק בירושה אָדער ווען זיי ווערען שלעכט ערצויגען. אָט אויף אַזאַ אופן טרעפט כסדר דאָס אונגליק, מחמת אי צוליב דער אונוויסענקייט פון די ירושה־געזעצען און אי צוליב דער געלד־גיריגקייט ווערט בעשאַפען אַ דור פון דעגענעראַטען. אדרבה, מענשען געזונדע און פעהיגע בלייבען אָפטמאָל ניט פערהייראַט און קינדערלאָז, ווייל זיי האָבען ניט קיין געלד. זיי ווערען פון קאַפּיטאַל עקספּלואַטירט אלס אַרבייטער און זיי ווערט שווער פאַרטצופלאַנצען זייער ראַסע.

אַ כאַראַקטעריסטישער און פּרינציפּיעלער סימן פון דער דאָזיגער איינפיר געפינען מיר אין דער דייטשער אַרמעע, וואו אָפיצירען, וועלכע קומען פון אַן אָרימען שטאַנד, טאָרען ניט חתונה האָבען מיט אַ פרוי אויב זי האָט ניט אַ געוויס פערמעגען אָדער עפּעס אַן הכנסה, מחמת פרוי און פאַמיליע מוזען זיך פירען „לויט דעם שטאַנד". דער דאָזיגער איינפיר, וועלכען מען פּריפט צו רעכטפערטיגען מיט כל־

שוועדער צו ערציהען אַן איינפּאַכע, ערנסטע, געזונדע און אויסגעניכ־
טערטע פאַמיליע. מענער און פרויען, בעזונדערס אָבער די לעצטע,
שטרענגען אַן אַלע זייערע כחות די אַנדערע איבערצושרייען מיט זייער
צירונג און מיט זייערע מלבושים, מיט זייערע רייכע און בעקוועמע
וואוינונגען, מיט זייערע תענוגים און וואוילטאָג, מיט זייער ברייטקייט,
מיט זייערע סעודות, אָבער מעהר פון אַלעם מיט זייער גלאַנץ און
פּראַכט. אַט אַזוי ווערט אַ ים פון מענשליכער אַרבייט פערלוירען אויף
צאַצקעס און צירונגען; די פּעולה דערפון איז, אַז אַ קולטור, וועלכע האָט
אַ דאַנק דער וויסענשאַפט און דער טעכניק ווייט איבערגעיאָגט אַלע
פריהערדיגע קולטורען מיט איהרע פּראָדוקציאָנס־מיטלען פאַר די לע־
בענס־נויטען פון דער מענשהייט, ווייזט טראָצדעם ניט בלויז אַן איבער־
פלוס פון דער ברייטסטער עשירות פון איין זייט און אַ ביטערע נויט
און אָרימקייט פון דער אַנדערער זייט, נאָר צוליב „שפּאָרזאַמקייט" האָט
מען וואָס ווייטער אַלץ וועניגער חתונה און מען האָט וועניגער קינדער.
אַ חוץ דעם ווערט דער נאָכקומענדיגער דור פון אונזער געזעלשאַפט דע־
גענערירט דורך אַ פערקערטער צוכטוואַהל, דורך דעם געברויך פון נאַר־
קאָטישע מיטלען (אַלקאָהאָל) און דורך דעם איינזייטיגען און קרענקלי־
כען לעבען וואָס זיי פירען. אמת, זייער דרויסענדיג אויסזעהן, אַ דאַנק
דער גוטער פלעגע און זאָטקייט, פערדעקט די דאָזיגע דעגענעראַציע.
אָבער דערפאַר וואַרפט זיך אין אויג זייער כסדר וואַקסענדיגע נער־
וועזיטעט. זיי ווערען צוגעוואוינט צו אַ סך קינסטליכע בעדערפענישען
מיט דער פּעולה אַז זיי פערלאַנגען מיינסטענס פון דער געזעלשאַפט
אַ סך מעהר איידער זיי ברענגען נוצען פאַר איהר: בעת דער היפּוך
דאַרף זיין דער כלל ביי איטליכען יחיד פון דער געזעלשאַפט. אַלס אַ
בעזונדערס שלעכטען צייכען וויל איך דאָ דערמאָנען דאָס גאַרניט־טון,
דאָס פוסט־און־פּאַסעווען פון די פרויען אין נאָרד־אַמעריקאַ.

איצט לאָמיר זעהען די שעדליכע פאָלגען פון דעם דאָזיגען צו־
שטאַנד פאַר דעם געשלעכטס־לעבען פון אונזערע מאָדערנע קולטור־
מענשען. זיי זענען דרייערליי: 1.) די געלד־הייראַט, 2.) די פּראָסטי־
טוציע און די באַרדעל־האַלטערס, און צווישען די צוויי 3)די בעצאַלטע
קעבס־ווייבעריי און מעטרעסען.

אויף דעם דאזיגען פשוט'ען יסוד, וועלכער ווערט היינט־צוטאג אזוי קלאר בעלויכטען פון דער עטהנאלאגיע און פון דער געשיכטע, האט זיך ענטוויקעלט דער גאנצער האנדעל מיט דער ליבע, אדער בעסער מיט דעם געשלעכטס־גענוס. מיר האבען שוין גערעדט מכח דעם נוצען וואס די פאליגאמישע בארבארען האבען געצויגען פון דעם וואס זיי האבען פערמאגט א סך פרויען און קינדער, און ווי צוליב דעם זענען פרויען און קינדער געקויפט און פערקויפט געווארען ווי א סחורה. די דאזיגע צושטאנדען האבען א שטארקע ענליכקייט צו דעם האנדעל מיט שקלאפען און זיי זענען מיט איהם ביז א הויכען שטאפעל ענג פערבונדען. צום גליק האט אונזער איצטיגע מאדערנע קולטור אבגעשאפט יענע בארבארישע צושטאנדען. דערפאר האט דאס געלד ניט קיין פיל בעסערען איינפלוס אויף אונזער מאדערנעם געשלעכטס־לעבען. ווי מיר האבען געזעהען אין קאפיטעל 6, ווערען די פרוי און די קינדער, א דאנק דעם קאמפליצירטען און פערפיינערטען לעבען פון דער מאדערנער צייט, אלץ מעהר און מעהר לוקסוס־געגענשטאנדען און זיי הערען אויף צו זיין א קוואל פון עשירות ווי אין די אלטע צייטען. אין דעם זענען שולדיג צוויי אורזאכן. פון איין זייט האט א פרייערער און מעהר מענשליכער בעגריף מכח דעם סאציאלען שטאנד פון פרויען און קינדער כסדר פערגרעסערט זייערע רעכטען: אלץ ווייניגער און ווייניגער קאן זיי דער מאן עקספלואטירען, אזוי ווי ער האט דאס געטון אין דער צייט פון פאטריארכיזם. אדרבה, דער פאמיליען־פאטער טראגט דעם חוב אויפצוהאלטען ווייב און קינדער און ער זארגט פאר די קינדער'ס גוטע ערציהונג. אמת, ביי ארימע איז דאס אויסנוצען פון ווייב און קינדער נאך אלץ גאנץ שטארק פערשפרייט; אבער ביי די רייכע און געבילדעטע קלאסען איז דער צושטאנד מייגסטענס א פערקערטער. מיט דער אויסרעכענונג זיין פאמיליע צו מאכען גליקליך און אנגעזעהען, ווערט זי אפטמאל פון פאטער ערצויגען אזוי ווייט אין לוקסוס און אין פוילענצען, אז עס ברענגט איהר דעם גרעסטען שאדען. א חוץ דעם איז די פעולה פון דער פערפיינערונג, אדער בעסער פון דער ראפינירטקייט פון דעם מאדערנעם לעבען און זיינע פערגעניגענס, א מין ווייבקיים, א ווייבליכקייט פון די אויפפירונגען. זי כאפט ארום די גאנצע מענשליכע געזעלשאפט און ווערט דעגענערירט ביז אזא שטאפעל אין א מין יאגען זיך נאך פראכט און גלאנץ, אז וואס ווייטער ווערט אלץ

בויט אויף אַן איסטינקט, ביי וועלכער אַ שטאַרקערער מין רויבט צו די פּופּעז פון אַן אַנדערען שוואַכערען מין. ווען זיי בריהען זיך אויס פון די פּופּען, אַרבייטען די דאָזיגע שקלאַפען אינסטינקטיוו פאר זייערע רויבער. מיר זעהען, ווי אין די ניט פּולקאָמענע געזעלשאַפטען פון זויג-חיות (ביי מעלה גרות, ביי געוויסע סאָרטען אַפען), נעהמען איבער די אַלטע זכרים, טיילמאָל אויך די מעהר געוואַגטע נקבות (צ. ב. ביי קיה) די פירונג פון דער נאַנצער טשערעדע. ביי זיי אַבער געהט עס ניט אין אַ פּערזענליך פערמאַגען פון געגענשטאַנדען און פון לעבעדיגע בעשעפענישען, מחמת די דאָזיגע חיות זענען דערוויילע נאָך ניט דערנאַנגען דעם ווערט פון די דאָזיגע זאַכען.

פונדעסטוועגען געפינען מיר שוין סמנים פון אַ פּערזענליכען בעזיץ ביי חיות וואָס לעבען פאַר זיך און אַבגעזונדערט, יענע צ. ב. וועלכע בעטראַכטען אַלס פּריוואַט-אייגענטום די נעסט און אַלעס אַרום דער נעסט, מיט דעם פּראַוויאַנט און אַפילו מיט דער אַרומיגער געגענד. נאָך קלאָרער ענטוויקעלט זעהען מיר דעם אינסטינקט פון דעם קאָלעקטיווען בעזיץ פון אייגענטום ביי בינען, וועספּען און בעזונדערס ביי די מוראַזשקעס, וועלכע בעטראַכטען אָפּטמאָל די ביימער מיט אַלע אינסעקטען אויף איהם, אַלס אַ טייל פון זייער נעסט און וועלכע ווערען פון זיי קאָנסעקווענטערווייז פערטייטיגט.

דער מענש ערשט, אַזוי גיך ווי ער איז אַרויף אויף אַ געוויסען קולטורשטאַפּעל, האָט אינדיווידועל בעגריפען דעם נוצען, ניט בלויז וועלכען ער קאָן ציהען פון דעם וואָס ער וועט פערמאַגען דאָס לאַנד און די אַרבייטס-פּראָדוקטען, נאָר אויך דעם נוצען וואָס ער קאָן ציהען פון אַנדערע מענשען, פון זייער אַרבייט. דער שטאַרקערער טייל פון די מענשען, דער מאַן, האָט באַלד פערשטאַנען דעם דאָזיגען נוצען פון אייגענטום צו פערבינדען מיט דער בעפרידיגונג פון זיין געשלעכטס-טריב, מאַכענדיג דאָס שוואַכערע, ווייבליכע געשלעכט אַלץ מעהר און מעהר אַבהענגיג פון זיין מאַכט און זי אויסגענוצט. אויף אַזאַ סדר איז די פרוי געוואָרען אַ סחורה צום פערקויפען און אויסבייטען אויף אַנדערע נויטיגע זאַכען. אַ סחורה, וועלכע, אַ חוץ וואָס זי איז אַ מיטעל דעם קויפער צו בעפרידיגען זיין געשלעכטס-טריב, איז זי אין דערזעלבינער צייט אַ ווערטפולער שקלאַף און אַרבייטער אַזוי גוט ווי אַ בעשאַפעריז פון קינדער, אַ נייער קוואַל פון אַרבייטס-כחות.

# קאפיטעל X.

## די סעקסועלע פראגע און איהר שייכות צום געלד אדער פריוואט־אייגענטהום. געלד־הייראט, פראס־טיטוציע, די באָרדעל־פראָפעסיע, קאקאָטקעס און מעטרעסען (דאָס בעצאָלטע קאָנקובינאט).

### 1. אלגעמיינע בעמערקונגען.

אין קאפיטעל 6 האבען מיר שטודירט די היסטארישע ענטוויקלונג פון דער מענשליכער הייראט אלס א פארטזעצונג פון דער פילאגעניע, און מיר האבען געזעהען, אז די קויף־הייראט און די פאליגאמיע זענען א מין צווישען־שטופע, און אין דערזעלביגער צייט א פערקרימונג אדער א פערבלאנדזעניש פון דער ציוויליזאציע, וועלכע מען דארף בעטראכטען אלס פועל יוצא פון דער ענטוויקלונג פון מענשליכע געזעלשאפטען און פון דער געבורט פון פריוואט־אייגענטום. באמת, ווען אזא גייסטיג הויך ענטוויקעלט בעשעפעניש ווי דער מענש, אין וועמען דער אינדיווידואליזם צוזאמען מיט דעם אינסטינקט פאר דער בעשאפונג און פאר דעם וואוילזיין פון אן אייגענער פאמיליע איז אזוי טיף איינגעווארצעלט, ווערט פון דער נויט געצוואונגען צו לעבען אין א געזעלשאפט מיט אנדערע מענשען, קומט נויטיגערווייז, צוליב דער פילזייטיגקייט און דער געוואלדיגער אינדיווידועלער פערשידענקייט פון זייער געהירן־ענטוויקלונג, דערצו, אז איינציגע יחידים, וועלכע זענען העכער ענטוויקעלט און מעהר פעהיג, זאלען זוכען גובר צו זיין און צו עקספלואטירען די שוואכערע און וועניגער בעגאבטע פאר זייער אייגענער טובה וועגען און פאר דער טובה פון זייערע פאמיליעס. סמנים פון די דאזיגע שטריכען זעהען מיר ביי חיות. מיר זעהען ווי די אלטע, אזוי־גערופענע רויב־בינען פערנעהמען פאר זיך די פרוכט פון דער ארבייט פון אנדערע בינען. מיר זעהען ווי די מוראזשקעס פראקטיצירען א געוויסע פארם פון שקלאפעריי, הגם גע־

טורבאציע. נאר איך כמעט פולשטענדיג צו קורירען די נערוועזע אויס־געמאטערטקייט פון דעם מיידעל, אזוי אז זי האט צוריקגעקראגען איהר ארבייטס־פעהיגקייט און ווידער געקאנט אנהויבען ארבייטען.

אנווענדענדיג אביסעל טאקט לאזען זיך אזוינע פאציענטען היפ־נאטיזירען אין דער געגענווארט פון אנדערע מענשען; ס'איז אבלל פון וועלכען מען זאל קיינמאל ניט אבווייכען. היינט, הגב, ווען מען אין א סך פאלען אנווענדען דעם פסיך־אנאליז, אויב מען קאן מיט דעם היפנאטיזם אליין ניט דערגרייכען צום ציל (זעה קאפיטעל 8).

ווי איך האב שוין געזאגט, קאן איך דא ניט בעהאנדלען מיט מעהר גענויאיגקייט דאס דאזיגע אויסערגעוועהנליךברייטע פעלד — דאס שייכות פון דער סוגעסציע צו דעם געשלעכטס־טריב און צו דער ליבע אבער דאס געזאגטע דארף זיין גענוג, דער לעזער זאל דעם גאנ־צען עניין גענוג קלאר פערשטעהען, אז עס זאל איהם מאכען נאכדענ־קען און, אז ער זאל אין א קאנקרעטען פאל קאנען דערקענען די וויר־קונג פון דער סוגעסציע.

וועדזער און עראָטישער פאַנטאַזיע. ראַסזעלביגע איז אויף דער פאַל צ. ב. מיט דער אימפּאָטענץ, מיט דעם אָנאַניזם, מיט דער סעקסועלער נייגונג צו חיות (סאָדאָמיע) א. דגל.

אָבער טאַקע די נאָר־וואָס דערמאָנטע פאַקטען ווייזען אונז קלאָר און שאַרף, ווי פון דער אַנדערער זייט קאָן די סוגעסציע האָבען אַ היילענדיגע אָדער לכל הפחות אַ מילדערענדיגע ווירקונג אויף אַבנאָר־מאַליטעטען פון דעם געשלעכטס־לעבען. פּונקט אַזוי גוט איז זי אים־שטאַנד דעם געשלעכטס־טריב צו בערוהיגען אָדער איהם צוריק אַרויפ־פירען אויף דעם גלייכען וועג, אויב זיין פּערווערזיע איז ניט געקומען בירושה. צו אַפטע זאַמען־אויספלוסען, אָנאַניסטישע געוואוינהייטען און פּערווערזע נייגונגען קאָן מען כמעט אַלעמאָל ביז אַ הויכען שטאַפּעל מילדערען און ניט זעלטען אינגאַנצען קורירען. דערביי מוז איך אָבער זאָגען, אַז דאָס געלינגען צו פּערטרייבען דורך אַ סוגעסציע אַ פּער־ווערזיע, דער יסוד פון וועלכער איז פון תמיד אָן געווען מיינסטענס אַ בירושה'דיגע דיספּאָזיציע, גיט אונז ניט קיין רעכט צוצולאָזען, ווער שמועס'ט שוין פון צורעדען, צו אַ הייראַט: ווייל אין די דאָזיגע פאַ־לען איז דער ערפאָלג פון דער היילונג אַלעמאָל ניט מעהר ווי רעלאַ־טיוו (זעה אויבען). אויף וויפיל עס ווענדט זיך אין דעם גוטען ווילען און אין דער פאַרזיכטיגקייט פון דעם היפּנאָטיסט, וועט אילוסטרירען דער פאָלגענדער אָהן ספק זעהר קאָמפּליצירטער פאַל, וועלכען איך האָב בעהאַנדעלט :

אַ יונג, שעהן און אַנשטענדיג מיידעל האָט געליטען פון אַ שרעק־ליכער סעקסועלער אויפרעגונג. זי האָט ניט נאָר ניט געקאָנט גובר זיין דאָס מאַסטורבירען, נאָר אין שלאָף האָט זי געהאַט עראָטישע חלומות, אַז מענער און חיות האָבען אַנגערירט איהרע געשלעכטס־אָרגאַנען, אַז זי איז געווען שרעקליך אויפגערעגט און, אַז זי האָט פול־שטענדיגע אָרגאַזמען, פּונקט ווי בעת אַ געשלעכטס־פערקער. עס איז קלאָר, אַז אין אַזאַ פאַל איז אַ סוגעסטיווע בעהאַנדלונג, וועלכע דאַרף געטון ווערען פון אַ מאַן, איינע פון די שווערסטע און קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמען. פונדעסטוועגען איז מיר געלונגען, דורך אַ צוגעפּאַסטער מינדליכער סוגעסציע, און מיט דער הילף פון אַ לאָקאַל בערוהיגונגס־מיטעל (אַ מאַגנעט) וועלכעס נאַטירליך האָט נאָר געזאָלט און געקאָנט האָבען אַ סוגעסטיווע ווירקונג, ניט בלויז צו אונטערדריקען די מאַס־

רויש דויערט: שפּעטער, ווי מיר האָבען געזעהען, נעהמט דער שפּיל אפּטמאָל אַן פּונקט אַ פערקערטע ריכטונג.

די סוגעסציע אין דער קונסט. — די סוגעסציע האָט ניט בלויז אַ ווירקונג אויף די סעקסועלע געפיהלען אַליין, נאָר זי נעהמט ארום דאָס גאַנצע נשמה־לעבען. זי האָט אַ געוואַלדיגען און אונווידערשטעהליכען איינפלוס אין דער עסטעטיק און אין דער קונסט, וועלכע איז די אורזאַך פון די אַלע זיך בייטענדיגע בעגייסטערונגען פון דער מאָדע. דער דורכשניטליכער און געוועהנליכער קינסטלער איז אַן אמת'ער שקלאַף פון די עסטעטישע סוגעסציעס וואָס זענען אין דער מאָדע, און דער דורכשניטליכער מענש, וועלכער קומט זיין דער מבין אויף דער קונסט, ער איז ערשט פולשטענדיג אונטער זייער מאַכט. געוויסע אימפּרעסיאָניסטען איז למשל געלונגען איינצורעדען דעם עולם, אַז גראָזען און בלעטער האָבען אַ קאָבאַלט־בלויען קאָליר, אַט פּונקט ווי זיי האָבען געמאָלט זייערע בילדער, און נאָך ענליכע פערזעהענישען.

די סוגעסציע אין סעקסועלע אַבנאָרמאַליטעטען. — מיר ווילען פריהער דאָ דעם לעזער אָנווייזען אויף דעם, וואָס מיר האָבען געזאָגט אין קאַפּיטעל 8 מכח די סעקסועלע אבנאָרמאַליטעטען און פערווערזיעס, די אורזאַך פון וועלכע זענען געווען סוגעסציעס, אוטאָ־סוגעסציעס און פּאַטאָגענע ווירקונגען. פון יענעם ווערט קלאָר, אַז ביי זעהר סוגעסטיבלע אָדער היסטערישע מענשען קאָן דער געשלעכטס־טריב בכלל בעיינפלוסט ווערען אויף אַלע אופנים. בעזונדערס אָבער קאָן ער לייכט פערפירט ווערען אויף קרומע וועגען דורך יענע איינדרוקען אויף די חושים, וועלכע רופען ארויס פערווערזע פאָרשטעלונגען. צום ביישפּיל, אַן עראָטישע פאַנטאַזיע פון אַ זעהר עמפּינדליך, בעזונדערס פון אַ היסטעריש אינגעל, ווען זי ווערט אינדירעקט אויפגערעגט דורך דעם עראָטיזם פון אַן אַנדער אינגעל, קאָן אפילו דאָס דאָזיגע אינגעל לייכט מאַכען פאַר דעם ציל פון זיין געשלעכטליכען אַפּעטיט. אַט אויף אַזאַ אופן קאָן דורך סוגעסציע בעשאַפען ווערען אַ האָמאָ־סעקסועלע נייגונג, וועלכע קאָן ביסלעכוויוז ווייטער ענטוויקעלט ווערען דורך אַ געגענזייטיגען אָנאַניזם, פּעדעראַסטיע א. ד.גל. דער משך פון דער דאָזיגער נייגונג העננט מייסטענס אָב פון דער מאַכט מיט וועלכער דער געשלעכטס־טריב איז סוגעסטיוו אויפגערעגט געוואָרען פון אַ פער־

א פּרעסער גענומען זיך צו זיינס עפּעס א נעזוכט און געליבט מאכל. אמת, איך בין מודה, אז דאָס איז טאַקע זעהר ווייניג פּאָעטיש, אבער דערפאר איז עס מעהר מענשליך און נאָך מעהר מענליך: אבער א סך פרוייען ווערען אויך אָט אזוינע פּרעסערס. אין דעם דאָזיגען גאַנ־צען סעקסועלען שפּיל, פערשטעהט זיך, געפינען מיר גאַר־גאר ווייניג פּאָעזיע פון ליבעס־רויש. דאָס איז ניט מעהר קיין ליבע, נאר דער סאַמע פּשוט׳סטער געשלעכטליכער גענוס, וועלכען מען האָט צוגע־פּאַסט צו די איבריגע פּראָסטע און טרוקענע זאכען צו וועלכע מען האָט גרויס חשק, ווי א שטייגער געלד, יחוס, געשעפט א. אז. וו. ווען פּאָעטישע בעלי־חלומות און מאראל־פּרעדיגער זענען אויף מיר אין כעס און שרייען, אז דאָס איז די פּראָסטיטוציע פון דער ליבע, וועל איך מו־זען פּראָטעסטירען. כל זמן דער סעקסועלער גענוס איז ניט קיין סחורה, וועלכע מען קאָן קויפען, האַנדעלט עס זיך ניט מכח פּראָסטיטוציע. נאָך אלעם האָט דער מענש א רעכט אויף א געוויסע אנגענעמע בעפרי־דיגונג פון זיין געשלעכטס־טריב, אפילו אָהן געהויבענע שטימונגען און התפעלות, פּונקט ווי ער האָט א רעכט צו בעפרידיגען זיין הונגער און דורשט מיט געשמאַקע מאכלים, כל זמן ער טוט נאר קיינעם ניט קיין שאַדען. אבער איך זאָג נאָך אמאָל, אז דער גאַנצער עסק האָט גאַרניט צו טון מיט דעם ליבעס־רויש. דער לעצטער איז א געוואַלדיגע אויפ־טרייסלונג, א „מיט זיך רייסען“ פון דער גאַנצער נשמה, פון די הויפּט שטראָמען פון דעם גרויסען געהירן דורך א סוגעסציאָנס־ווירקונג גע־ווענליך מיט, אבער טיילמאָל אויך אָהן דער הילף פון דעם געשלעכטס־טריב.

דער ליבעס־רויש האָט נאַטירליך אַלערליי גראַדען סיי אין שטאַרק־קייט און סיי אין קוואַליטעט, ווענדליג די מענשען וועלכע שטעהען אונ־טער זיין איינפלוס. ער קאָן ברויזען און רייסען ווי א שטורימווינד, און ער קאָן ווי א זעפיר גלעטען און מורמלען; ביי אן אידעאלער נאַטור קאָן ער בעריהרען די פיינסטע און צערטליכסטע סטרונעס פון די מענש־ליכע געפיהלען, בעת א נידעריגער, נאַרישער און אומגעלומפּערטער מענש קאָן פּונקט ווי אן אָקס טראַמפּלען אין דער בלאָטע. זיינע פּאַר־מען האָבען מיר שוין געשילדערט אין א פריהערדיג קאַפּיטעל. ער טרייבט דעם פערליבטען צו די איבער־געטריבענסטע ליבעס־אויסדרוקען, וועלכע זענען אָפטמאָל דוקא נאַריש און האָבען א האָפט כל זמן דער

איהם, און ניט קוקענדיג אויף דער פרייה און ענטציקונג, וועלכע בע־גלייטען איהם, מוזען מיר דאך מודה זיין, אז דער אונקאנטראלירטער ליבעס־רויש, מיט זיינע אילוזארישע סוגעסציעס, ברענגט מעהר גיפט איידער גליק אין דעם מענשליכען לעבען. איך וועל פריפען דעם ענין צו דערקלערען נאך דייטליכער. ווען צוויי מענשען מיט ערעלע כא־ראקטערס, האבען זיך גענוג דערקענט, נאכדעם ווי זיי האבען ערליך און גרינדליך אויפגעדעקט זייערע געגענזייטיגע געפיהלען, און אין דערזועלבינער צייט צוריקגעדרענגט דאס ריין לײדענשאפטליכע אין זיי־ער געשלעכטס־בעגער און אבגעשאצט דאס לעצטע, אויף וויפיל עס איז מעגליך, מיט אן אביעקטיווער רוהיגקייט, בכדי אויף אזא אופן, אויף ווי ווייט עס לאזט זיך, שכל'דיג צו ווערען איבערצייגט און קאנען האפען אויף א דויערהאפט און גליקליך צוזאמענלעבען, דעמאלט ערשט דארפען זיי זיך אהן א געפאר לאזען טראגען פון דעם ליבעס־רויש. דאס, וואס דער ליבעס־רויש ווייזט איטליכען צד אין די אויגען פון דעם אנדערען צד אין דעם אידעאלסטען ליכט, וועט דעמאלט נאר צו־נוץ קומען בכדי די סימפאטיע־געפיהלען וואס מעהר צו פערשטארקען און מאכען דויערען פאר דעם גאנצען לעבען. אבער פון דער אנדערער זייט קאנען אויך האבען צוויי קיהלע אויסגערעכענטע עגאאיסטען, אפילו ווען זיי האבען א שטארקע ליבידא סעקסואליס, אבער וועלכע בלייבט בעשרענקט אויף א חיה'שען אינסטינקט, און וועלכע זארגען זיך קנאפ־וואס מכח שכל'דיגקייט און אינטעלעקט, א רעלאטיוו גליקליך צו־זאמענלעבען וועלכעס איז פשוט געבויט אויף א רוהיגער קאנווענציא־נעלער אויסרעכענונג. א צוזאמענלעבען ביי וועלכען די סוגעסציע פון דעם ליבעס־רויש שפילט גאר קיין שום אדער א גאנץ קליינע ראלע. איך מוז זאגען, אז די לעצטע פאלען זענען די אפטסטע.

די שעהנע ליטעראטור, וועלכע האט מיינסטענס איהר חיות אין דער שילדערונג פון וואונדערבארע ראמאנטישע געפיהלען און וועלכע ווייזט א בעזונדערען חשק פאר סענזאציאנעלע, אויסערגעוועהנליכע, אפטמאל פאטהאלאגישע סיטואציעס, מאכט אונז ניט זעלטען פערגע־סען, אז אפשר די מיינסטע דורכשניטליכע מענשען זענען גאר ווייניג עמפינדליך און מסוגל פאר א סוגעסטיווען ליבעס־רויש, און בערעכענט. מיט א גאנץ קיהלע הארץ און מיט א רוהיג געמיהט, גיבען זיי זיך איבער צו זייערע סעקסועלע געפיהלען אויף אזא אופן, ווי א שטייגער

שפילט די בעקענטע ראלע פון א פערפירער: וואו (אויב די שמוציגע געלד־מאטיווען זענען ניט די איינציגע אורזאך פון דער פערפירונג) ער לאזט מיטשפילען זיין אייגענע ליבידא סעקסואליס, אבער ער איז דערביי פארזיכטיג און אויסגערעכענט, אז זי זאל ניט גובר־זיין זיין געהירן, ד. ה. זי זאל ניט ארומכאפען זיין גאנצע נשמה, דארט וואו ער בענוצט זיין סעקסועלען אפעטיט אלס א מיטהעלפער אין זיין פערפיר־ארבייט. אין אזא פאל קאן מען זאגען, אז איינער איז דער פערפירער און דער אנדערער איז דער פערפירטער. דער פערפירער שפילט דא די ראלע פון דעם היפנאטיסט, וועלכער סוגערירט, בעת דער פערפירטער, אויב ער גיט זיך גאר ניט איבער אוים מורא, שוואכקייט אדער גוטמוטינקייט, איז דער היפנאטיזירטער. אמת דער פערפירער געפינט זיך אויך מיינסטענס מעהר אדער וועניגער אונטער אן עראטישען איינפלוס, אבער קיינמאל ניט אינגאנצען. פערקערט אבער, דער פערפירטער ווערט פולשטענדיג זיין געגענשטאנד און געפינט זיך כמעט אין אלע פרטים אונטער זיין מאכט. זיין דענקען און פיהלען, זיין ווילען, אלעס בעוועגט זיך ווערליג די אימפולסטען וועלכע דער פערפירער בעיינפלוסט, און צו דער דאזיגער מאכט איז דער לעצטער דערגאנגען מיינסטענס מיט דער הילף פון דער ליבידא סעקסואליס און איהר סוגעסטיווער קראפט. פונדעסטוועגען זענען אויך דא פאלען, וואו די ליבע און דאס זיך־איבערגעבען ווערט בעשאפען דיין סוגעסטיוו און אהן א געשלעכטליכען אפעטיט. דאס זענען גראד יענע פאלען, וועלכע דאס געזעץ זעהט ניט און וועלכע די יוריסטען פערשטעהען ניט. אין געוועהנליכען לעבען שפילט בכלל דער מאן די ראלע פון דעם היפנאטיסט, וועלכער פערפירט: דאס איז אבער אבסאלוט ניט אלעמאל אמת. דער רוימישער טריומוויר אנטאניוס, וועלכער איז געפאלען צו די פים פון קלעאפאטרא און זיך אונטערגעווארפען צו איהר פאנטאפעל־הערשאפט, איז אהן ספק געווען היפנאטיזירט. אזוינע אנטאניוס' בעגעגענען מיר נאך היינט צומאג אויף שריט און טריט, אבער זיי שטעלען מיט זיך ניט פאר גיט קיין נארמאליטעט און ניט קיין כלל.

די נאר־וואס געשילדערטע ראלע פון דער סוגעסציע אין דער ליבע נעהמט ארום א ברייטען שטח און דערקלערט ביז א הויכען שטאפעל אלע אילוזיעס און פערבלענדענישען פון דעם ליבעס־רויש. ניט וועלענדיג זיך צופיל פערזינדיגען קעגען דער קונסט, וועלכע בעזינגט

דער ליבעס-רויש. — לאָמיר איצט פערגלייכען די דאָזיגע ערשיינונגען מיט די ערשיינונגען פון דעם געווענליכען לעבען, וועלכע מען רופט בקצור דער ל י ב ע ס - ר ו י ש. די ענליכקייט וואַרפט זיך אין די אויגען. עס בעגעגענען זיך אַ מאַן און אַ פרוי און זיי געפעלען זיך. די געגענזייטיגע ווירקונג פון זייערע בליקען, זייערע ווערטער און בערירונגען, בקצור פון דעם גאַנצער מעכאַניזם פון זייערע חושים און גייסט וועקען בייביידע גלייך סימפּאַטיע-געפיהלען און אַ סעקסועלען בעגער וועלכע ווידער פון זייער זייט פערשטאַרקען זיך געגענזייטיג. דער געשלעכטס-בעגער פערצירט און בעשעהנט איטליכע האַנדלונג און דאָס גאַנצע אויסזעהן פון דעם געליבטען אָביעקט מיט אַן אייביגען ליכט-קרייז פון גלאַנץ און פּראַכט, און די דאָזיגע ליכט-שטראַלען וועלבע שטראַמען פון די סעקסועלע געפיהלען פערשטאַרקען ווידער פון זייער זייט די געפיהלען פון סימפּאַטיע; און פערקערט, די סימפּאַטיע געפיהלען פערשטאַרקען דעם סעקסועלען בעגער. דורך ג ע ג ע נ - ז י י ט י ג ע ס ו ג ע ס צ י ע ס וואַקסט און וואַקסט דער דאָזיגער שנעע-באַל און ער קאָן דערגרייכען יענע הויך, וועלכע איז בעקענט אונטער דעם נאָמען „מ ש ו ג ע פ ע ר ל י ב ט“. אָבער דער גאַנצער שפּיל איז אַ געגענזייטיגע פערבלענדעניש. וואָס שטורעמדיגער, נאַרישער, ניט בערעכענט און ניט צוגעגרייט עס איז אַזאַ ליבע, און וואָס ווענינגער די פערליבטע זענען בעקאַנט מיט זייערע געגענזייטיגע כאַראַקטערס, אַלץ מעהר האַלט זי זיך אויף אילוזיעס. וועלכע ווערען צוזאַמענפאַלען ווי אַ קאַרטען-שטיבעל אַזוי גיך ווי די צוויי פערליבטע וועלען זיך אָנהויבען אויסניכטערען: אַט אַזוי קומען גלייכגילטיגקייט, עקעל און אפילו האַס באַלד נאָך דער „ליבע“. דאָ קאָן מען קלאָר דערקענען דאָס סוגעסטיווע עלעמענט אין דער ליבע. אַט פונקט ווי אַ היפּנאָזירטער קאָן מיט דעם גרעסטען אַפּעטיט אָראָבשלינגען אַ רויהע קאַרטאָפעל און גלויבען, אַז ער עסט אַ פּאָמעראַנץ, אַט פונקט אַזוי קאָן אַ משוגע פערליבטער מאַן האַלטען פאַר אַ געטין דאָס מאוס'סטע און ערגסטע מיידעל, אָדער אַ משוגע פערליבט מיידעל קאָן זעהען דאָס אידעאַל פון דער מענליכער קראַפט און ריטערליכקייט אין אַ געזונקענעם דאָן זשואַן און מאוס'ען עגאָיסט.

אָבער די קרובה'שאַפט ווייזט זיך נאָך שאַרפער דאָרט, וואו דער ליבעס-רויש געפינט זיך בלויז אויף איין זייט, בעת די אַנדערע זייט

צו פערוואַנדלען אין אַ גלייכקייט, מחמת דאָס וואָלט געווען בעצם פאַלש. ליבע און סוגעסציע זענען לגמרי ניט איין און דיזעלביגע זאַך. צום גליק קאָנען די מיינסטע קראַנקע, נאַטירליך אַזוי ווייט ווי זיי זענען היילבאַר, גובר זיין זייער קרענקליכען, צושטאַנד און ווערען געהיילט דורך דער אויפוועקונג פון אַ שוואַכען גראַד סימפּאַטיע און דורך דער פעריינגטער אַנשטרענגונג פון דעם היפּנאָטיסט און דעם היפּנאָטיזירטען אַהן דערביי זאָל זיך ענטוויקלען עפּעס אַנדערש ווי בלויז אַ געפיהל פון פריינדשאַפט און דאַנקבאַרקייט צום היפּנאָטיסט. פון דער צווייטער זייט אָבער קאָנען צוויי מענשען זיין געגענזייטיג סעקסועל שטאַרק פערליבט, און פון דעסטוועגען זאָל איינער דעם אַנדערען אַבסאָלוט ניט אימשטאַנד זיין צו היפּנאָטיזירען; דאָס טרעפט מיינסטענס דעמאָלט, ווען צוויי מענשען (צ.ב. אַ פּאַרפאָלק) קענען זיך גענוי זינט אַ סך יאָהרען, אָדער ווען צוויי העכערע אינטעליגענטען, זייענדיג ניט צופיל אָבהענגיג פון דער ליבידאָ סעקסואַליס, ד. ה. פון זייער סעקסועלען פערקער, קומען זיך גייסטיג אַנטקעגען. איך מוז דעם דאָזיגען פאַקט אַבסאָלוט פעסטשטעלען, בכדי מיינע בעהויפּטונגען זאָלען ניט שלעכט פערטייטשט ווערען דורך פאַלשע און האַסטיגע כללים. פערקערט אָבער, ווען אַ מענש מיט אַ שטאַרק אַסאָציאירט געהירן סוגערירט סימפּאַטיע-געפיהלען אַ שוואַכער געהירן פון דעם צווייטען געשלעכטס און אויף אַ געשיקטען אופן וועקט ער מיט זיי די ליבידאָ סעקסואַליס, קאָן ער דורך דעם ארויסרופען אַ סוגערירטע ליבע, וועלכע זאָל זיין ענליך צו דעם נאַטירליכען ליבעס-רויש, פּונקט ווי איין איי איז ענליך צום אַנדערען. אויב די סוגעסטיווע ווירקונג ווערט שפּעטער אָבגעשוואַכט אָדער צושטערט דורך דער צייט, אָדער דורך דער ענדערונג, אַז דער היפּנאָטיסט האָט מיסברויכט זיין מאַכט אָדער האָט בעגאַנגען אַ שווינדעל, קומט דעמאָלט דער היפּנאָזירטער צום שכל. די ענטוישונג, דער וועהטאָג און די חרטה קאָנען אפילו די איצטיגע ליבע פערוואַנדלען אין אַ האַס, אָדער עס ציגט זיך אַז אַ כאַראַקטעריסטישער קאַמף צווישען דער ליבידאָ און די אילוזיע פון אַן אָבגענאַרטער ליבע, אַ קאַמף וועלכער ווערט אויסגעניצט אלס דער טראַגישער מאָמענט פון דער געוועהנליכער מענשליכער ליבע אין דער גרעסטער צאָל ראָמאַנען און דראַמעס.

גראדען, און מען מוז זיך שטארק אבהיטען כדי ניט צו דאגמאטיזירען די דאזיגע ערשיינונג, מחמת, אויב דער היפנאטיסט איז זעהר געשיקט און ער קאן פארזיכטיג בעהאלטען זיין סוגעסטיווע אבזיכט, דעמאלט קאן דאס סוביעקטיווע געפיהל פון א פערמדען צוואנג אבסאלוט פעהלען, ד׳ ה. עס קומט ניט צום בעוואוסטזיין; אויב אבער פערקערט, ער איז ניט געשיקט און די היפנאטיזירטע פערזאן איז היסטעריש, דעמאלט קאן זיך ביסלעכווייז די ליבע פערוואנדלען אין א האס, ווי עס טרעפט אפט ביי אזוינע קראנקע, און זי קאן שפעטער דורך אוטאסוגעסציע זיך דערמאנען אין איהר פריהערדיגער ליבע אלס אין א קינסטליכען ליבעס-צוואנג און זייענדיג אין דעם איבערצייגט, מאלען פאנטאסטישע פאסירונגען פונקט ווי זיי וואלען געווען אמת; בעת זי איז געווען פשוט פערליבט אויף דעם אופן פון היסטעריקער.

בעצם אנדערש מוז מען אבער קוקען אויף יענע פאלען, וואו א היפנאטיסט ברענגט אריין א היפנאזירטע פרוי אין א צושטאנד פון א טיפען סאמנאמבוליזם, און דערנאך מיסברויכט ער זי אהן איהר וויסען. דא איז דער קרבן אינגאנצען אהן א ווילען, און קאן זיך ניט פערטייטיגען. די דאזיגע פאלען זענען אבער א סך לייכטער צו אורטיילען, בעזונדערס פון דעם געזעצליכען שטאנדפונקט.

פאר אונז זענען אבער וויכטיגער די ערשטע פאלען. די ליבעס־אויסשטראלונגען וועלכע די ליבידא סעקסואליס רופט ארויס, ווירקען צוריק אויף דער ליבידא און פערשטארקען זי; זיי וועקען אויף געפיהלען פון א געגענזייטיגער סימפאטיע און זיי ווירקען פונקט ווי מאגנעטישע כחות, וועלכע ציהען זיך געגענזייטיג צו. מיר האבען אבער נאר־וואס געזעהען, אז די ווירקונג פון א סוגעסציע הענגט אב פון דעם פאקט, וואס מען איז גובר די שטארק אסאציאירטע אונטער־בעוואוסטע קענען־פארשטעלונגען, און פון דער אנדערער זייט, זענען מיר אויך דערגאנגען די קרובה׳שאפט צווישען די סעקסועלע געפיהלען און די געפיהלען פון סימפאטיע: די לעצטע זענען דאך, טיילווייז דירעקט און טיילווייז אינדירעקט, די פילאגענעטישע אויסוואוקסען פון די ערשטע. פון דער דאזיגער איינפאכער נעבענאנאנדער־שטעלונג פון די פאקטען זעהט מען וואסערע געוואלדיגע קרובה־שאפט עס איז פאראן צווישען סוגעסציע און ליבע. איך זאג *קרובה־שאפט*: יא, מיר מוזען זיך שטארק היטען בכדי די דאזיגע קרובה־שאפט דאגמאטיש ניט

ראַנעסע, וועלכע מען האָט געשלעכטליך אויפגערעגט דורך היפּנאַטיזם, אין אריינגעפאַלען אין דער ליבעס-נעץ פון איינעם מיט דעם נאָמען טשינסקי. אין דער באַראָנעסע האָט זיך אויפגעוועקט אַ מין סוגעריר-טע ליבע, קענען וועלכער איהר שכל האָט זיך מעהר אָדער ווייניגער גע-ווערט, בעת דער היפּנאָטיסט, וועלכער איז געווען פערליבט איבער די אויערען, האָט גאָר פערלוירען דעם שכל. אין אַזוינע פאַלען קאָן מען זאָגען, אַז די סוגעסציע פערשטאַרקט נאָר יענע אמת מענשליכע גע-פיהלען, וועלכע מיר געפינען אין אַלע ליבעס-געשיכטען פון טאָג-טעג-ליכען לעבען. צווישען דער נאָרמאַלער און דער סוגערירטער ליבע גע-פינט זיך אַ ים פון שאַטירונגען, שטאַפּלען און איבערגאַנג, וועלכע מאַ-כען אונמעגליך אַנצואווייזען די גרעניץ וואָס טיילט זיי פאַרנאַנדער.

אַ היפּנאָטיסט קאָן מיסברויכען זיין סוגעסטיווע מאַכט, בכדי אויסצוניצען די אַרויסגערופענע ליבע פון דעם היפּנאָטיזירטען. איך האָב בעהאַנדעלט אַ פאַל, וואו אַן אַלטע, מאוסנע ספּיריטואַליסטקע האָט היפּנאָטיזירט אַ יונגען, רייכען מאַן און אַזוי וויים געקראָגען די מאַכט איבער איהם, אַז ער האָט פערלאָזט די פאַמיליע און מיט איהר געהייראַט. פּונקט ווי ביי דעם טשינסקי פאַל, איז דאָ דער מיסברויך געלעגען אויף דער האַנד. דער דאָזיגער פאַל איז אָבער געווען נאָך ערגער, מחמת ביי דער אַלטער פרוי איז עס געווען אַ פּשוט'ע געלד ספּעקולאַציע און בכדי נאָך דער התונה, ניט צו פערלירען איהר סוגעס-טיווע ווירקונג, האָט זי גופא איהר יונגען מאַן בעזאָרגט מיט יונגע מיידלעך; דאָ איז דעריבער געווען אַ ריינע געלד ספּעקולאַציע, בעת טשינסקי איז אַליין אויך געפאַנגען געוואָרען אין דער נעץ.

בכלל קאָן מען זאָגען, אַז דאָרט, וואו די אורזאַך פון אַ ליבעס-רויש איז אַן אבזיכט. יכע פרעמדע סוגעסציע, פיהלט דער סוגעסטיוו פערליבטער אַ געפיהל פון געצוואונגענקייט, אַ געפיהל וועלכעס ער קאָן שפּעטער, ווען עס קומט ענדליך צו אַ פערהער, שילדערען אויף אַ זעהר כאַראַקטעריסטישען אופן. אין זיין איך פיהלט ער אַ מין דאָפּעלט-קייט. ער מערקט, אַז די רייצונג פון זיין געשלעכטס-טריב און זיין לי-בע טראָגען אויף זיך אַ געצוואונגענעם עפּעס, קענען וואָס ער זוכט זיך צו ווערען. געוויס, דאָס דאָזיגע זיך-ווערען קומט אָבער מייסטענס ערשט שפּעטער, ווען די סימפּאַטישע ווירקונג פון דער סוגעסציע הויבט אָן ביסלעכווייז צו פערשווינדען. דאָ אויך זענען דאָ אַלערליי נואַנצען און

די צייט האבען ביסלעכווייז געקאנט די פרוי צוריקברענגען צו איהר גלייכגעוויכט.

די דאזיגע ביידע ביישפילען זענען זעהר לעהררייך. די סוגעס־ציע קאן בעקעמפען מעכטיגע געפילען נאר דעמאלט, ווען זי וועקט אויף, אויף א געשיקטען אופן ביסלעכווייז אנדערע סימפאטיע־געפיהלען, וועלכע ווערען שטארקער און שטארקער און אזוי ארום איבערוועלטיגען זיי די פריהערדיגע געפיהלען. דאס ברענגט אונז צו א קאמפליצירטער און שווערער פראגע.

בכדי סוגעסטיוו צו ווירקען אויף אנדערע מענשען, מוז מען ביי זיי קודם כל זעהען די סוגערירטע פארשטעלונג צו פערקניפען מיט סימפאטיע־געפיהלען און אין זיי אויפוועקען דעם איינדרוק, אז צו דעם ציל, צו וועלכען מען וויל דערגרייכען, שטרעבען זיי ניט אויף דער קאמאנדא פון דעם היפנאטיסט, נאר, אז אין זיך גופא איז דער ציל אדער ווינשענסווערט און אנגענעם אדער לכל הפחות א נויטיגקייט צו וועלכער מען מוז זיך אונטערווארפען. אין די געפיהלען פון דעם וואס גיט זיך איבער אין די הענד פון דעם זיגער, ליגט, בעזונדערס ביי דער פרוי, אויך א מין געפיהל פון א הנאה. ביי דער פרוי, אבער אויך ביי דעם האמא־סעקסועלען מאן, פערקניפט זיך אפטמאל אזא געפיהל מיט פאסיווע סעקסועלע ליבעס־געפיהלען. דער דאקטאר וואס היפנא־טיזירט מוז דעריבער ביים היפנאטיזירען אויפוועקען סימפאטיע־גע־פיהלען, בכדי מיט זייער הילף צו קאנען בעקעמפען דעם פעהלער, וועלכען מען זוכט צו פערטרייבען. בכלל ליגט דערין קיין שום געפאר, אויב צווישען דעם היפנאטיסט און דעם היפנאטיזירטען איז ניט פא־ראן א געשלעכטליכע אנציהונג; אויב צ. ב. איין נארמאלער מאן היפ־נאטיזירט אן אנדערען נארמאלען מאן, איין נארמאלע פרוי היפנאטי־זירט אן אנדערע נארמאלע פרוי, אדער אויך אויב איין האמא־סעק־סועלער מאן היפאנטיזירט א האמא־סעקסועלע פרוי. אניט ליגט דערין א געפאר אויפצואוועקען סעקסועלע געפיהלען, פון וועלכע מען קאן זיך שפעטער ניט אזוי לייכט בעפרייען, אויב מען ווענדט ניט אן די נויטיגע פארזיכטיגקייט. די דאזיגע סעקסועלע געפיהלען קאנען נוגע זיין דעם היפנאטיזירטען אזוי גוט ווי דעם היפנאטיסט און קאנען זיך ענדיגען מיט די טראגישסטע ליבעס־געשיכטען. אזוינע ליבעס־געשיכטען האבען זיך צ. ב. אבגעשפילט אין דעם טשינסקי פאל, וואו א היסטערישע בא־

אַ פעהיגער שוישפּילער האָט זיך פערליבט אין אַ היסטערישער פערהייראַטער פרוי. די דאָזיגע פרוי האָט ניט בלויז אָבגעגאַרט איהר מאַן אַליין, נאָר אויך דעם שוישפּילער און אַנדערע. דער שוישפּילער האָט דאָס אַלעס געוואוסט און מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין שכל האָט ער זיך געראַנגעלט און זיך געריסען צו בעפרייען פון דער מאַכט פון דער דאָזיגער סירענע. אָבער די אָנציהונגס־קראַפט פון דער דאָזיגער פרוי איז געווען אַזוי געוואַלדיג, אַז קיין שום זאַך האָט ניט געהאָלפען און ער איז אַלץ געפאַלען פאַר איהר. אין זיין פערצווייפלונג איז ער געקומען צו מיר און מיך געבעטען, פון איהם צו פערטרייבען די דאָזיגע ליבע מיט היפּנאָטיזם. איך האָב באַלד געזעהען די שווער־קייט פון דער גאַנצער זאַך, אָבער איך האָב, הגם אָהן האָפענונג, אָנגע־ווענדעט מיין גאַנצע מיה איהם צו העלפען. מיינע סוגעסציעס, טראָצ־דעם וואָס זיי זענען געווען אין אַ האַרמאָניע מיט זיין שכל, זענען אָבער פולשטענדיג געשלאָגען געוואָרען פון דער קראַפט פון זיינע סעק־סועלע געפיהלען, וועלכע האָבען איהם געצויגען צו דער היסטערישער פערפירערין: איך האָב אַבסאָלוט גאָרניט אויסגעפירט.

אַ זעהר געבילדעטע, ניט פערהייראַטע פרוי האָט זיך אַזוי הייס פערליבט אין אַ יונגען מאַן, אויך אַ זעהר געבילדעטען, אַז זי איז פון איהר ליבע פּשוט פערצערט געוואָרען, זי איז געוואָרען מאָגער, זי האָט פאַרלוירען איהר אַפּעטיט און איהר שלאָף א. אַז. וו. אָבער מיט איהר שכל און לאָגיק איז זי געווען איבערצייגט, נאָכדעם ווי זי האָט גע־האַט מיט איהר געליבטען עטליכע אויפגערעגטע געשפּרעכען, אַז זייע־רעביידענס כאַראַקטערס פּאַסען זיך ניט צוזאַמען און, אַז נאָך דער חתונה וועלען מוזען אויסברעכען אַלערליי מחלוקות צוליב זייער זיך ניט קאָנען פערטראָגען. זי האָט דעריבער געקעמפט מיט איהר גאַנצער ענערגיע און איז אויך געקומען צו מיר אין איהר פערצווייפלונג, כדי אַז זאָל איהר ליבע פערטרייבען דורך היפּנאָטיזם. געדענקענדיג מיין פריהער דערמאָנטען דורכפאַל, בין איך צוגעטרעטען צו מיין נייער אויפגאַבע מיט ניט איבריג גרויסע האָפנונגען. איך האָב אָבער אָנגע־וואָרט מיין גאַנצע קונסט צו דערגרייכען דעם געווינשטען ציעל. אָבער מיין פּיאַסקאַ איז געווען פּונקט אַזוי גרויס ווי ביים שוישפּילער. מיר האָבען ענדליך געמוזט אויפגעבען די גאַנצע זאַך, נאָר די שיידונג און

געגענשטאַנדען אָדער דורך הערען געוויסע קלאַנגען, אַז צ. ב. דער אַנ־בליק פון מלבושים וואָס געהערען צו אַ געליבטער פרוי, קאָנען זיין געגוג אַרויסצורופען אַן ערעקציע; אַז דער ריח פון אַ שפּייז, מיט וועל־כען מען האָט זיך פריהער פערדאָרבען דעם מאָגען, קאַן אַרויסרופען אַן איבעלקייט. — אַז מען האָט דאָס איין זין, מוז מען צווגעבען, אַז צווישען דער אוטאָ־סוגעסציע און דער פרעמד־סוגעסציע איז פאַראַן אַ גאַנצע רייהע איבערגענג, אין דער פאָרם פון סוגעסציעס וואָס קומען פון געגענשטאַנדען און אין דער פאָרם פון ניט בעאַבזיכטיגטע פרעמד־סו־געסציעס, איבערגענג וועלכע פערווישען די גרעניץ. דער בעגריף פון דער אייגענטליכער, געוואָלטער און אַבזיכטליכער פרעמד־סוגעסציע שליסט אין זיך איין דעם בערעכענטען און געפּלאַנטען ענטשלוס צו בעיינפלוסען אַן אַנדערען דורך אַ סוגעסציע; דאָס איז דאָס איינציגע קריטעריום. אויב דער וואָס סוגערירט אַבזיכטליך, האָט דערביי אין זין די טובה (טיילמאָל די היילונג) פון דעם סוגערירטען, אָדער אדרבה ער מיינט איהם צו טון שלעכטס דערמיט אָדער איהם צו מאַכען פאַר זיין ווערקצייג, איז אַ גאַנץ אַנדערע פראַגע.

**סימפּאַטיע. ליבע און סוגעסציע.** — דער עיקר איז פאַר אונז וויכטיג דער פאַקט, אַז ביי דער ווירקונג פון דער סוגעסציע שטיצט מען זיך אַמשטאַרקסטען אויף די געפיהלען פון צוטרויען און סימפּאַטיע, וועלכע מען וועקט אויף ביים סוגערירטען. אפילו ווען ער ווערט פון דעם היפּנאָטיסט בעשווינדעלט, קאַן ער זיך פונדעסטוועגען נאָך אַלץ איבערגעבען, כל זמן ער האָט נאָך דעם שווינדעל ניט דערקענט און מעהר פון אַלעס, גיט ד ע ר פ י ה ל ט. דאָ מוז מען זיך אָפּ־שטעלען אויף אַ געוויסען פונקט. אַ מענש קאָן אַ געוויסע זאַך קלאָר און שאַרף בענעמען מיט זיין שכל און לאָגיק; ער קאָן זעהען דעם שאָדען פון דער זאַך, ער קאַן אפילו די דאָזיגע זאַך פערשילטען אין זיינע געדאַנקען, און טראָצדעם ציהען איהם אונטער־בעוואוסטע, אינ־סטינקטיווע סימפּאַטיע־געפיהלען צו אַט דער דאָזיגער זאַך אָדער דעם דאָזיגען עפּעס, פּונקט ווי עס ציהט אַ שמעטערלינג צום פייער, אָדער ווי עס ציהט דעם גריכישען ים־פאָרער צו אַ סירענע. די פאָלגענדע צוויי ביישפּילען וועלען דעם דאָזיגען פונקט אַמבעסטען אילוסטרירען און אין איין צייט אונז אויף צופירען צום סאַמע תוך פון אונזער ענין:

טער צייט די מאָדנע אויף א דאָגמאַטישען אופן צו מאַכען א פּרינ־ציפּיעלען חלוק צווישען סוגעסציע איז א וואַכינגען צושטאַנד און היפּ־נאָטיזם, א חלוק וועלכער איז געבויט אויף דעם פּשוט'ן ניט פער־שטעהען פון דער גאַנצער רייה ערשיינונגען. איך וויל בעטאָנען נאָך אמאָל און איך זאָג, אז וואַך־סוגעסציע און היפּנאָטיזם זענען איין און דיזעלבינע זאַך, דאָס הייסט, זיי אונטערשיידען זיך בלויז דורך דער סוגעסציע פון דער אמנעזיע, אָדער פון דעם סוביעקטיווען געפיהל פון שלאָף: אָדער אויב מען וויל בעסער, דורך דער סוביעקטיווער ערינערונג פון שלאָף להיפוך דער ערינערונג, אז מען איז געווען וואַך. אבער די ראַזינע ביידע ערינערונגען קאָנען גוגע זיין פּונקט איין און דעמזעל־בינען צושטאַנד!

אונטער אוטאָ־סוגעסציע מיינט מען די ווירקונגען פון ספּאָנטאַן אויפגעכאַפּטע סוגעסציעס — ד. ה. ווירקונגען וועלכע ווערען ניט ארויסגערופען דורך דעם איינפלוס פון אנדערע מענשען — אבער וועל־כע זענען גלייך צו די ווירקונגען פון א פרעמדער, דרויסענדיגער סו־געסציע. אז אוטאָ־סוגעסציע ענטשטעהט דערפאַר, מחמת עפּעס א גע־דאַנק אָדער א געפיהל בעהערשט מיט א געוואַלדיגער מאַכט אונזער געהירן, איבערוועלטיגט אלע אסאָציאירטע געגען־כחות — אלע גע־גען־געדאַנקען — און פּונקט ווי די סוגעסציע רופט זי ארויס געוואַל־דיגע ווירקונגען ערגיץ וואו אין נערווען־סיסטעם, נאַטירליך אין גע־איז אפּטמאָל געגוג צו פירען צו שלאָפלאָזינקייט. די בלויזע פאָרשטע־לונג, אז מען איז סעקסועל אימפּאָטענט, קאָן פּלוצלונג פירען צו דעם ווייך־ווערען פון דעם פּענים, שטערען די ערעקציעס און דורך דעם מאַכען אונמעגליך א געשלעכטס־פערקער. די פאָרשטעלונג פון געני־צען רופט ארויס דאָס געניצען, די פאָרשטעלונג פון געשלעכטס־פער־קער רופט ארויס ערעקציעס און טיילמאָל אויף געפיהלען פון תאוה: די פאָרשטעלונג פון בושה — דאָס רויט־ווערען, די פאָרשטעלונג פון שרעק — דאָס בלאַס־ווערען, די פאָרשטעלונג פון רחמנות — טרערען און וויינען.

ווען מען האָט אבער אין זין, אז אפּטמאָל, צ. ב. ווען א מענש געניצט, סוגערירט ער אונבעוואוסט דעם אנדערען מענש אויך צו געניצען: אָדער אז מען קאָן ווערען סוגערירט דורך דעם אנבליק פון

צען, אז עס וועט איהם שמארצען זיין שטערן. בעת ער דערפיהלט דאס בייסען ווערט ער זעהר פערוואונדערט, ניט קאנענדיג פערשטעהען ווי אזוי פון מיין נביאה האט זיך פערווירקליכט אן אמת געפיהל פון בייסען. פון איצט אן גלויבט ער אין מיין מאכט איבער איהם, ד. ה. זיין געהירן ווערט אנטקעגען מיינע ווערטער מעהר נאכגעביג, מעהר צוגענגליך: איבערצייגענדיג זיך אין דעם ווערט פון מיינע נביאות, שטעלט זיין געהירן ארויס אנטקעגען מיר ווייניגער ווידערשטאנד: עס איז קיין חלוק ניט אויב די נביאה איז נוגע די ווירקונגען פון זיינע געפיהלען אדער זיינע בעוועגונגען (טיילמאל אויך זיין בלוט־בעוועגונג, ווי ביים ווערען רויט אדער בלאס בעת מען סוגערירט די מענסטרוא־ציע א. אז. וו.), אט אזוי ווערט ער אנטקעגען מיר, ווי מען דריקט זיך אויס, אלץ מעהר סוגעסטיבעל, ד. ה. זיין געהירן געוואוינט זיך צו פאלגען מיינע איינגעגעבענע סוגעסציעס און עס לאזט זיי ד י ס־ס א צ י א י ר ע ן זיין טעטיגקייט. דער דאזיגער ג ל ו י ב ע ן, דאס דאזיגע ז י ך ל א ז ע ן ב ע י י נ פ ל ו ס ע ן" דורך סוגערירטע פארשטעלונגען, שטעקט אן זעהר לייכט דורך א ביישפיל. ווען ב ווערט מיט ערפאלג סוגערירט פון א, און אויב דערביי זענען געווען אנוועזענד ג, ד, ה, ו און ז און דאס אלעס צוגעזעהען, וועלען זיי א סך לייכטער סוגערירט ווערען פון א; און אזוי ווייטער. דערין ליגט דער שליסעל פון דער מאסען־סוגעסציע.

עס איז קיין חלוק ניט אויב אין דעם היפנאטישען צו־שטאנד איז פאראן אמאל מעהר אדער ווייניגער דאס סוביעקטיווע געפיהל פון שלאף. דאס דאזיגע געפיהל איז אבהענגיג דאס רוב נאר פון דעם זיין אדער פון דעם ניט זיין פון א מעהר אדער ווע־ניגער שטארקער אמנעזיע נאך דער ערוואכונג. (אמנעזיע מיינט ערי־נערונגסלאזיגקייט). אבער די אמנעזיע הענגט נאר אב פון דעם אפט־מאל צופעליגען און ניט וויכטיגען איבעררייס פון דער קייט פון זכרונות אין בעוואוסטזיין. ביי די מעהר סוגעסטיבלע היפנאטיזירטע מענשען, ביי די אזוי־גערופענע סאמנאבוליסטען, קאן מען מיט איין סוגערירט ווארט, ווי מען וויל, אדער די אמנעזיע אראבדריקען אדער זי אויפהויבען, ד. ה. מען קאן סוגערירען, ווי מען וויל, אדער די פער־געסענקייט אדער די ערינערונג. איך מוז בעטאנען דעם דאזיגען פונקט, מחמת, ווי שוין געזאגט, צווישען די דאקטוירים הערשט אין דער לעצ־

צו דעם צוועק מוז ער אַלעס בענוצען: אסאָציאַציעס, וועלכע ער האָט
געשיקט ארויסגערופען, אנגענעמע אָדער, אדרבה, עקעלדיגע געפיה־
לען, ליידענשאַפטען, ענטשלוסען, א. אז. וו. קיין שום זאך איז ניט
בכח אזוי שטארק צו פּאַראַליזירען די ווירקונג פון א סוגעסציע, איי־
דער שוין עקזיסטירענדיגע ליידענשאַפטען, געפיהלען און נייגונגען,
וועלכע ווירקען אנטקעגען איהר, ניט קוקענדיג צי זיי קומען פון מורא,
פערצווייפלונג, האַס, טרויריגקייט, פרייד, ליבע אָדער אויפרעגונג בכלל;
דאַסזעלביגע געהירן, וועלכעס קאַן זעהר לייכט אויפנעהמען אלערליי
סוגעסציעס, וועט אבער ניט אויפנעהמען א בעשטימטע סוגעסציע דער־
פאַר, מחמת עס פיהלט א טיפע סימפּאַטיע פאַר איהר היפוך. בכלל
וועט זיין אומזיסט די מיה א פערליבט מיידעל צו סוגערירען האַס און
פיינדשאַפט צו איהר געליבטען, מחמת דאַס סעקסועלע ליבעס-געפיהל
איז א סך שטארקער איידער די ווירקונג פון דער פרעמדער סוגעסציע.

ווי מיר האָבען ערשט אויבען אין אונזער פערגלייך אנגעוויזען,
בלייבט איבער פון יעדער געלונגענער סוגועסציע א טיפע שפור אין
געהירן. די סוגעסציע האָט דורכגעבראָכען אלע שטערונגען און בעז
שאַפען א שוואונג-באַן, וועלכע וועט זיין אין דער צוקונפט א סך לייכז
טער צו ברענגען אין בעוועגונג (צו עקפּאַרירען). אט דעריבער איז
ביים אנהויב נויטיג אזא גרויסע רוהיגקייט פון געהירן בכדי צו עפענע
א וועג פאַר א סוגעסציע, בעת שפּעטער קאַן מען די ווירקונגען פון
די פריהער שוין געלונגענע סוגעסציעס ארויסרופען טיילמאָל אפילו
בעת א שטאַרקער אויפרעגונג און אין דער מיט פון אן אסאָציאירטער
טעטיגקייט פון געהירן. א פרוי, וועלכע איך האָב שוין פריהער היפּ־
נאָטיזירט. איז איינמאָל פלוצלונג געקומען צו מיר אין דער טיפסטער
פערצווייפלונג, מיט געדאַנקען פון זעלבסטמאָרד, צוליב דעם שרעקלי־
כען טויט פון איהר מוטער און שוועסטער אין א פייער. מיר איז
געלונגען זי צו היפּנאָטיזירען און זי באַלד אזוי ווייט צו בערוהיגען, אז
פון איהר גאַנצער פאַמיליע איז זי געווען די איינציגע וואָס האָט אלעס
רוהיג און קאַלט בעטראַכט און אַלעס געברענגט אין אָרדנונג.

דאַס כאַראַקטעריסטישע פון א סוגעסטיווער פאַרשטעלונג איז,
וואָס זי שניידט דורך די א ו נ ט ע ר - ב ע ו ו א ו ס ט ע ווע־
גען, אזוי, אז איהר ווירקונג בעווייזט זיך אונערוואַרטעט און פערוואונ־
דערענדיג אין אונזער בעוואוסטזיין. צום ביישפּיל, איך סוגעריר עמי־

אויפטרעטען: טאמער האט ער ניט שוין פון פריהער א בעזונדערס נרוי־
סע מאכט איבער דעם געהירן (דעם עולם), דורך ערינערונגען וועלכע
ער קאן פון דאס נייע אבפרישען און דורך דעם פערשטארקען זיין וויר־
קונג, וועט ער ווערען מיטגעריסען, ד. ה. זיין ווירקונג וועט ביז א הוי־
כען שטאפעל ווערען דערשטיקט. ווידער דאס רוהענדיגע אדער גאר
דרעמלענדיגע, ד. ה. דאס שוואך אסאציאירטע און ניט אקטיווע גע־
הירן, איז, פערקערט, גענליכען צו דעם רוהיג שטעהענדיגען עולם. דא
קאן א פארשטעלונג, אפילו ווען זי איז ניי און האט נאך ניט קיין שום
ווארצלען אין געדעכניש, פון דער מאסע טיפער אריינדרינגען, אויפ־
ברעכען נייע וועגען און ארויסרופען בעזונדערס בעוועגונגען אין איהר
דענקען. טאמער האט זי אבער, זאג איך נאך אמאל, פריהער שוין
די מאסע (ד. ה. די מאסע פון די אסאציאירטע געהירן־טעטיגקייטען)
אפטמאל מיט זיך מיטגעריסען, אזוי, אז די דאזיגע מאסע איז דע־
ריבער געוואוינט איהר נאכצופאלגען, דעמאלט וועט די פארשטעלונג
אפשר זיין בכח זיך צו לאזען הערען אין דער סאמע מיט פון דער
אויפרעגונג.

איך וויל דא דערמאנען דעם לעזער וואס עס איז געזאגט געווארען
אין קאפיטעל 1, מכח דער מנעמע. סעמאן'ס מנעמע־טעאריע מאכט
אויך קלאר דעם דאזיגען ענין. איך האף אז דער לעזער האט אויך פער־
שטאנען דעם פערגלייך וועלכען איך האב דא געמאכט.

ערשטע ארבייט פון דעם מענש, וועלכער וויל דעם אנדערען
סוגערירען, ד. ה. היפנאטיזירען, איז, אויף א געשיקטען אופן קודם
כל, אריינברענגען דאס געהירן פון דעם וועמען מען דארף היפנאטי־
זירען אין א צושטאנד פון א רעלאטיווער רוהיגקייט, בכדי דערמיט
צו צוגרייטען א גינסטיג פעלד, וואס זאל קאנען אויפנעהמען סוגע־
רירענדע פארשטעלונגען. דערנאך זוכט ער דורך צוגרייטענדיגע סו־
געסציעס אלץ מעהר צו פערשטארקען דעם רוהיגען דרעמעל אדער
שלאף־ענליכען צושטאנד, בכדי אויף דעם אופן אבצושוואכען די טע־
טיגקייט פון די אויבען דערמאנטע שטראמען פון דער אונטער־בע־
וואוסטער אסאציאציע. ענדליך בעטאנט ער אויף דעם שטארקסטען
אופן, אויף אן אופן וועלכער שליסט מאמענטאן אויס יעדען ווידער־
שפרוך, יענע סוגעסציע (ד. ה. יענעם געדאנק), די ווירקונג פון וועל־
כען ער וויל ארויסרופען אין דעם געהירן פון דעם היפנאטיזירטען.

פּערנעהמען א. אז. וו. און דעריבער האט זי בשעת־מעשה איבערגע־וועלטיגט די אנדערע אונטער־בעוואוסטע אסאָציאציעס.

פון דעם דאָזיגען איינפאכען קליינעם משל זעהען מיר, אז פּאַק־טיש ווערען אַלע דריי פּאַרשטעלונגען „פרוי, רייזע און קופערט" א סך מעהר אורזאַכליך בעשטימט אונטער דעם איינפלוס פון אונטער־בעוואוסטע געפיהלען, אידעען און שוין פון פריהער געפאסטע ענטשלו־סען, איידער זיי בעשטימען זיך איינע די אנדערע, הגם אין מיין בע־וואוסטזיין לייכטען זיי אויף אין איין רייה איינע נאָך דער אנדערער. אבער די דאָזיגע אונטער־בעוואוסטע טעטיגקייטען גופא זענען ווידער דאָס פּראָדוקט פון אַנדערע קאָמפּליצירטע, נאָך פריהער פּאַרוים־געגאַנגענע און פּערשיידענע טעטיגקייטען פון מיין געהירן.

מיר ווילען דעם ענין מאַכען נאָך אביסעל מעהר קאָנקרעט און מעהר פּערשטענדליך דורך א פּערגלייך. א מענש געפינט זיך צווישען א גרויסען, געדיכטען און געהענדיגען עולם. ער רופט עפּעס אויס זעהר הויך, כדי אויף זיך צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון דער מאַסע. זיין שטים ווערט געהערט בלויז פון די נאָהענסטע ארום איהם; ווייטער פּערהאַלט זי זיך און ווערט פּערלוירען אין דעם אויפגערעגטען עולם. אין געטומעל ווערט דער דאָזיגער מענש קעגען זיין ווילען מיט־געריסען אין יענער ריכטונג, וואו דער עולם דרענגט זיך אַמשטאַרקסטען. זיין ווידערשטאַנד איז אומזיסט. אבער ווען דער עולם וואָלט געשטאַנען שטיל און רוהיג, וואָלט דער דאָזיגער מענש זיך געקאָנט לאָזען הע־רען, ער וואָלט אפשר געקאָנט זיך דורכשטופּען דורך דער מאַסע און טיילמאָל זי אינגאַנצען אָדער טיילווייז מיטרייסען מיט דער קראַפט פון זיין שטים און זיינע ווערטער. ענליך צו דעם איז די ווירקונג פון אן איינצעלנעם געדאַנק, וועדליג אין א וואָסער געהירן ער ווערט ארויסגערופען; אין א טעטיגען, אויפגעוועקטען און שטאַרק אַסאָציאירטען געהירן אָדער, אדרבה, אין א געהירן וואָס רוהט און דרעמעלט. דאָס שטאַרק אסאָ־ציאירטע און אויפגעוועקטע געהירן קאָן געגליכען ווערען צו דעם אויפגערעגטען עולם. וועלכער אין זיין געדרענג רייסט ער אַלעס מיט מיט זיך. אין דעם דאָזיגען פּאַל מעג דער איינציגער געדאַנק (פּונקט ווי דער איינציגער מענש) ווי הויך ניט שרייען, ד. ה. ווי שטאַרק ניט

*וואוסטזיין*”. אבער פונדעסטוועגן זענען זיי אויך אן אַזוי־גערופענעם *אסאַציאטיווען* אופן פערבונדען מיט יענעם געדאַנק ד. ה. זיי זענען מיט טויזענד שטראָמען פון אַ דרעמלענדיגען אונטער־בעוואוסטער געהירן־דינאַמיק אין די צעלען און פעדים פון דעם געהירן. פערקניפּט מיט דעם געדאַנק „רייזע”, און טאַקע דערפאַר רופען זיי ארויס דעם דאַזיגען געדאַנק און ציהען אויף איהם מיין אויפמערקזאַמקייט; אין דערזעלביגער צייט אַבער שוואַכען זיי אַב, צוליב זייערע פערשידענערליי ווירקונגען, די קראַפט פון דעם ריינעם רייזע־געפיהל און פערהינדערען אויך, אַז אַלע מעגליכע מעהר דירעקטע געפיהלען און פאַרשטעלונגען, וועלכע שטעהען אין שייכות מיט דעם געדאַנק „רייזע”, זאָלען ניט קריגען די אויבערמאַכט.

דאָס, וואָס ערשיינט אַזוי בליצשנעל אין מיין בעוואוסטזיין, איז אַ נעבעלדיגע און אַלגעמיינע פאַרשטעלונג פון מיין רייזע, אַ פאַרשטעלונג וועלכע דאָס וואָרט „רייזע” סימבאַליזירט. די ווערטער פון דער שפּראַך זענען עס, וועלכע גיבען מיר די מעגליכקייט קאָמפּליצירטע און אַלגעמיינע אידעען צוזאַמענצופאַסען אין אַזאַ אַבגעקירצטער און דעפיניטיווער פאָרם. דעריבער, איז אין דער אמת'ן דער דאַזיגער בליץ אין מיין געהירן — „רייזע” — וועלכער פאָלגט נאָך דעם געדאַנק וועגען מיין פרוי, אויף קיין פאַל ניט ארויסגערופען געוואָרען פון דעם דאַזיגען געדאַנק אַליין: דער עיקר איז ער אַוועקגעשטעלט געוואָרען פאַר דעם ליכט פון דעם אויבער־בעוואוסטזיין, און אויך בעשטימט זיין קוואַליטעט, דורך דער טעטיגקייט פון די צאָלרייכע אונטער־בעוואוסטע שטראָמען. אין דערזעלביגער צייט אַבער בעשטימען ביז אַ הויכען שטאַפּעל די דאַזיגע אונטערבעוואוסטע שטראָמען, אַהן מיין וויסען, דעם כאַראַקטער פון דעם פאָלגענדיגען געדאַנק, דעם געדאַנק „קופערט”, וועגען וועלכען עס דאַכט זיך, אַז ער איז אויפגעוועקט געוואָרען בלויז פון דעם געדאַנק „רייזע” אַליין. דער געדאַנק „רייזע” האָט פונקט אַזוי גוט געקאָנט אויפוועקען אַנדערע געדאַנקען, צ. ב. די פאַרשטעלונג וועגען די בעקענטע וואָס איך וועל בעגעגענען, די פאַרשטעלונגען וועגען דער שטאָדט וואו אהין איך פאָר א. אז. וו. וואָס עפּעס גראָד דעם געדאַנק וועגען קופערט? פּשוט, מחמת אונטער־בעוואוסט האָט אין מיין געהירן שטאַרק געאַרבייט די זאָרג מכח די זאַכען, וועלכע איך מוז מיטנעהמען, מכח דעם פּלאַץ, וואָס זיי וועלען

מיטפּאָרען), און דער געדאַנק וועגען קופּערט ווערט ווידער אויפ־געוועקט פון דעם געדאַנק וועגען דער רייזע, און אויף דעם ראַזיגען אופן אויך פערורזאַכט. מען מוז אָבער באַלד מערקען, אז דאָס נאָכ־פאָלגען פון אונזערע בעוואוסטע געדאַנגען קאָנען בשום אופן ניט דערקלערט ווערען אויף אַזאַ פּשוט'ן סדר, מחמת אַ סך מאָל קומען אויף אַרויף אַזוינע פאָרשטעלונגען, וועלכע האָבען ניט קיין שום לאָגישע פערבינדונג מיט די פאָרשטעלונגען פאַר זיי, און וועלכע ק אָ נ ע ן גאָר איינגאַנצען ניט פערורזאַכט ווערען דורך זיי, און אויך ניט דורך דרויסענדיגע אויפנעהמונגען, פון די חושים. ניט קענענדיג אונזער גע־הירן און ניט פערשטעהענדיג זיין טעטיגקייט, האָט מען געגלויבט אין דער עקזיסטענץ פון אַ פריי־שוועבענדיגען געדאַנק און אין אַ פרייען ווילען, וועלכע, זייענדיג אונאָבהענגיג פון דעם קאַוזאַליטעטס־געזעץ (אַז יעדע ערשיינונג איז אַ פּועל יוצא פון אַ פריהערדיגער ערשיינונג, וועלכע האָט זי פערורזאַכט), זענען זיי פריי פאַר זיך און בעהערשען אונזער גייסטיג לעבען. די דאָזיגע מיינונג איז אָבער געבויט אויף אונ־וויסענהייט.

לאָמיר זיך צוריקקערען צו אונזער משל: פאַרוואָס רופט אַרויס דער געדאַנק וועגען מיין פרוי גראָד דעם געדאַנק וועגען דער רייזע? ער האָט פונקט אַזוי גוט געקאָנט אויפוועקען (עקספּאָרירען) אַנדערע געדאַנקען. בכדי עס זאָל זיך אויפכאַפּען דער געדאַנק „רייזע“ ווירקט איז דער אמת'ן אַ גרויסע צאָל אַנדערע אונטער־בעוואוסטע געדאַנ־קען, ד. ה. אונטער־בעוואוסטע טעטיגקייטען פון מיין גרויס געהירן. די דאָזיגע רייזע איז דאָך שוין געווען מיין ענטשלוס, אַ ענטשלוס, צו וועלכען איך בין געקומען נאָך פריהער פאַר מיין געדאַנק „רייזע“ אין יענעם מאָמענט, און דער דאָזיגער ענטשלוס האָט איבערגעלאָזט אונטער־בעוואוסטע דרעמלענדיגע איינדרוקען (ענגראַמען) אין מיין גע־הירן: צום ביישפּיל, דעם דאַטום פון דער אָברייזע, די צייט ווי לאַנג די רייזע וועט דויערען, איהר ציל און איהר צוועק, די זאָרג פאַר דער בעל־הבית'ישקייט בעת אונזער אָבוועזענקייט, די זאַכען וואָס מען דאַרף מיטנעהמען, די רייזע־הוצאות א. אז. וו., אַ. אז. וו. בעת דער קור־ציגקער רגע, וועו די פאָרשטעלונג „רייזע“, צווישען דער פאָרשטעלונג „פרוי“ און דער פאָרשטעלונג „קופּערט“, בליצט אויף אין מיין בע־וואוסטזיין, קומען מיר די דאָזיגע אַלע געדאַנקען ניט „צ ו ם ב ע־

ווירקונג, כדי פאר דעם לעזער קלאָר צו מאַכען איהר שייכות צו די סעקסועלע געפיהלען.

די סענסאציע בעשטעהט אין דער ווירקונג פון אידעען און פאָר־שטעלונגען אויף דער טעטיגקייט פון אונזער געהירן בכלל, און אויף איינצעלנע פון די געהירן־טעטיגקייטען בפרט. איטליכע פאָרשטעלונג, וואָס ערשיינט אין אונזער בעוואוסטזיין, איז אין דערזעלביגער צייט א געהירן־טעטיגקייט. דאָס שייכות פון דעם שפיל צווישען אונזערע בעוואוסטע פאָרשטעלונגען (אונזער רייהע פון געדאַנקען) און אונזער אזוי־גערופענע אונבעוואוסטע געהירן־טעטיגקייט, וועל איך בעלייכטען מיט א ביישפיל. צוליב אורזאכען, די דערקלערונג פון וועלכע וואָלט מיך צו ווייט אוועקגעפירט (זעה מיין בוך איבער היפּנאָטיזם), רוף איך „אונטער־בעוואוסט" אלעס דאָס, וואָס ווערט געוועהנליך גערופען אונבעוואוסט, מחמת איך האַלט, אז העכסט וואַרשיינליך — איך זאָג ניט אָהן ספק — איז ניט פאַראַן קיין שום אונבעוואוסטעס אין אונזער נערווען־טעטיגקייט, און דאָס, וואָס אונז שיינט צו זיין אונ־בעוואוסט, איז אויך ניט אונבעוואוסט, הגם בעגלייט פון אן ענטשפּרע־כענדער אונטערגעאָרדנעטער אינטראָספּעקציע (ד. ה. פון א בעוואוסט־זיין). געווים, זי ווערט מיינסטענס ניט בעמערקט פון אונז מיט אונזער אויבערשטען געוועהנליכען בעוואוסטזיין, וועלכעס איז פערבונדען מיט דער אַפּערצעפּציע (אויפמערקזאַמקייט). אבער דערפאר האָבען מיר א סך בעאָבאַכטונגען, בעזונדערס א דאַנק דעם היפּנאָטיזם, וועלכע בעווייזען דורך פערגלייכונגען די עקזיסטענץ פון געהירן־טעטיגקייטען פון אן אונטער־בעוואוסטזיין, וועלכעס שיינט בלויז צו זיין אונבע־וואוסט.

צום ביישפּיל, איך דענק פון מיין פרוי. דער דאָזיגער געדאַנק וועקט באַלד אויף א צווייטען געדאַנק, וועגען א רייזע, וועלכע איך האָב ברעה אָנצוהויבען אין אכט טעג ארום. און די פאָרשטעלונג מכח דער רייזע וועקט ווידער אויף דעם געדאַנק וועגען א קופערט, וועלכען איך וועל דאַרפען האָבען. כמעט אזוי שנעל ווי א בליץ פאָלגט נאָך איין געדאַנק דעם אנדערען: 1.) וועגען מיין פרוי, 2.) וועגען מיין רייזע, 3.) וועגען דעם קופערט. ווערליג עס ווייזט אויס, און אויך לויט דער סכאָלאַסטישער לעהרע, ווערט דער געדאַנק וועגען מיין רייזע אויפגעוועקט פון דעם געדאַנק וועגען מיין פרוי (וועלכע דאַרף

# קאפיטעל IX.

## די ראָלע פון היפנאָטיזם אין געשלעכטס־לעבען.
## דער ליבעס־דרויש.

די דערקלערונג פון דעם פענאמען פון סוגעסציע אדער היפנאטיזם, וועלכע איז געגעבען געווארען פון ליבול און בערנהיים איז געוועזען אן אמת'ע וויסענשאפטליכע ענטפּלעקונג פאר דער מענשליכער פּסיכאָ־לאָגיע. צום בעדויערען איז זי געבליבען מיספערשטאנען אי פון דער גרויסער מאסע און אי פון דער גרעסטער צאָל דאקטוירים און יוריסטען. היינט נאך זעהט מען מיינסטענס אין דעם גאנצען ענין, אדער כשוף און סודות, אדער אבערגלויבען, שארלאטאניזם און שווינ־דעל. דאס איז די פּעולה פון דער אונפעהיגקייט פון די מיינסטע מענשען צו דענקען אויף א פּסיכאָלאָגישען און פילאזאפישען אופן, זיך גופא ריכטיג צו בעאבאכטען און צו ווערען קלאר מכח דעם שייכות צווישען אונזער נשמה און אונזער געהירן־טעטיגקייט.

איך מוז דא ווארענען געגען דעם אפטען טעות פון א סך היינטיגע דאקטוירים, וועלכע, ניט פערשטעהענדיג דעם היפנאטיזם, שטעלען זיי איהם אוועק אלס א היפוך צו דער פּסיכאטהעראפּיע און צו דער סוגעסציע אין א וואכיגען צושטאנד. היפנאטיזם און סוגעסציע אין א וואכיגען צושטאנד זענען איין און דיזעלביגע זאך. אבער דאס וואס יענע דאקטוירים (צ. ב. דובאיז) האלטען פאר סוגעסציע, איז ניט מעהר ווי א כאאס פון ווערטער, א קאריקאטור צונויפגעשטעלט פון שלעכט פערשטאנענע פּסיכאָלאָגישע ערשיינונגען. ווי מיר האבען גע־זעהען, זענען די פּאטאגענע ווירקונגען און דער פּסיך־אנאליז בלויז בעזונדערע קאפּיטלען פון דער סוגעסציאנס־לעהרע (אוטא־סוגעסציע) און פּסיכאטהעראפּיע.

איך פּערוף זיך דא אויף מיין בוך: „דער היפּנאטיזם און די סוגעסטיווע פּסיכאטהעראפּיע“ (פיפטע אויפלאגע 1907, שטוטגארט). מחמת דא קאן איך דעם ענין ניט בעהאנדלען באריכות. פונדעסטוועגען וועל איך פּריפען צו דערקלערען דעם תמצית פון דער היפּנאטישער

## קאפיטעל XIII.



## קאפיטעל XIV.



## קאפיטעל XV.



## קאפיטעל XVI.



## קאפיטעל XVII.



## קאפיטעל XVIII.



## קאפיטעל XIX.

# אינהאַלט:

זייט

## קאַפּיטעל IX.



## קאַפּיטעל X.



## קאַפּיטעל XI.



## קאַפּיטעל XII.

# די געשלעכטס־פראגע

## א וויסענשאפטליכע, פסיכאלאגישע, היגיענישע און סאציאלאגישע פארשונג

— פון —

## אוגוסט פארעל

דאקטאר פון פילאזאפיע, געוועזענער פראפעסאר פון פסיכאט־ריע און דירעקטאר פון משוגעים־אנשטאלט אין צוריך, שווייץ.

איבערזעצט לויט דער ענגלישער אויסגאבע

— פון —

דר. ד. בארוכסאן

צווייטער באנד

פארלאג זעלבסט־בילדונג

1920

